ד"ר מאַקס ווײַנרײַך

# בילדער פון דער יידישער ליטעראַטורגעשיכטע

## פון די אָנהייבן ביז מענדעלע מוכר־ספרים

מיט 12 רעפּראָדוקציעס
אויף באַזונדערע בלעטער

ווילנע / 1928

פאַרלאַג „טאָמאָר" פון יוסף קאַמערמאַכער

אין דעם דאָזיקן בוך וויל איך ד ע ר ו ו י י ז ן, אַז אונדזער אַלט־יידישע ליטעראַטור איז ניט קיין אַלטוואַרג הויל פאַר ספּעציאַליסטן; און איך וויל פועלן לויט מיינע כּוחות, אַז זי זאָל ווערן אַ לעבעדיק אייגנס פון אונדזער גאַנצן ציבור.

מיר זיינען שוין היינט גאָר אַנדערע ווי אונדזערע אָבות, וואָס האָבן יענע ליטעראַטור געשאַפן. אונדזער באַציִונג צו דער דרויסנדיקער וועלט: מיר פאַלן שוין מער ניט אַראָפּ פאַר דעם שררה, עס וואַקסן דורות וואָס ווילן — און ווערן! — זיין מענטשן מיט מענטשן צוגלייך. אונדזערע אינעווייניקסטע פאַר־העלטענישן: די מאַנסבילן זיצן שוין ניט גאַנצענע טעג ביי דער תּורה, די פרויען ווילן זיך שוין מער ניט באַנוגענען מיט דער ראָלע פון פוסבענקעלעך אין גן־עדן. אָבער צי איז מיגלעך, אַז אַ באַוואוסטזיניקער מענטש זאָל ניט וועלן וויסן ווי אַזוי זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס האָבן געלעבט? ווי אַזוי זיי האָבן געקלאָגט און געפרייט זיך (קלאָג איז געווען אַ סך מער ווי פרייד), ווי אַזוי זיי האָבן זיך געוויילט מיט קלאַנג און וואָרט און שפּיל? דאָס איז ניט קיין ענין פאַר נייגעריקע; דאָס איז אַ פראַגע פון דערקענען זיך אַליין. וואָ־רים סיי אַ יחיד סיי אַ קיבוץ קען מען פאַרשטיין נאָר דורך דער סביבה, פון וואַנען זיי זיינען אַרויסגעוואַקסן.

די יידישע ליטעראַטור איז אין אַ גרויסער מאָס אַ שליסל צו אונדזער לעבן אין לעצטן האַלבן יאָרטויזנט. געוויס אין אַ גרעסערער מאָס איידער די העב־רעִישע ליטעראַטור. אין העברעיִש האָט געלעבט אַ לפי־ערך קליינע שיכט בייסטיקע קצינים, און אין יידיש די מאַסע. ס'איז געווען צרהדיק געלעבט — אַ ייד זאָגט: ווי זי לעבט, אַזאַ פּנים האָט זי! — אָבער ווען דאָס פּנים איז באַדעקט מיט קנייטשן, איז ניט שייך צו זיין ברוגז אויפן שפּיגל.

הייסט עס: די עלטערע יידישע ליטעראַטור מוז אינטערעסירן יעטווידן אינטעליגענטן מענטשן. און זי ק ע ן פאַראינטערעסירן אויך. עס זיינען פאַראַן מניעות כּלערליי, בשעת מיר גייען צו צו אונדזער ליטעראַרישער ירושה: מניעות פון שפּראַך, פון סטיל, פון פאָרם, פון אינהאַלט. אָבער ווען מען נעמט זיך די מי און מען טיפט זיך אַריין, ווערט מען באַלוינט: ווייל נאָך אַלעמען מעג מען זאָגן מיט אַ ריינעם געוויסן, אַז די יידישע ליטעראַטור פון פאַר־

גאַנגענע יאָרהונדערטער איז געווען גענוג פֿילפֿאַרביק און האָט זיך צייטנווייז גאַנץ פֿיין געקענט ווייזן אַנטקעגן לייטן.

אין דעם בוך וועט דער לייענער געפֿינען די פֿאַקטן און די ראַיות.

*

אַ סך מער פֿאַקטן ווי ראַיות. כמעט אין אַלע קאַפּיטלעך, וואָס ווערן דאָ געדרוקט, איז מיר געגאַנגען דער עיקר אין שילדערן, ניט אין אַרויסדרינגען. דאָס שער־בלאַט גופֿא פֿון דעם בוך זאָגט שוין עדות, אַז איך פֿאַרמעסט זיך דאָ ניט אויף קיין געבונדענער געשיכטע פֿון דער יידישער ליטעראַטור. איך גיי נאָך אַלץ מיט דעם גאַנג וואָס מיט פֿינף יאָר צוריק, בעת איך האָב אין דער הקדמה צו מיינע „שטאַפּלען" (בערלין 1923) געשריבן: „לעת־עתּה האַלטן מיר נאָך ביים צונויפֿטראָגן די ציגל". אמת, גראָד די לעצטע פֿינף יאָר זיינען געווען זייער פּרוכפּערדיקע אין אונדזער וויסנשאַפֿט און האָבן געגעבן אַ סך וויכטיקע פּרט־פֿאָרשונגען; אָבער די צייט פֿון סינטעטישע, כּולל־דיקע ווערק איז, לויט מיין געפֿיל און פֿאַרשטאַנד, נאָך ניט געקומען. צו פֿיל וואָלט נאָך היינט אויסגעקומען צו פֿאַרלאָזן זיך אויף חריפֿות און קאָמבינאַציע, ווייל צו פֿיל פֿעלדער פֿון אונדזער אַלטער ליטעראַטור זיינען נאָך ערשט אָקאָרשט אָנגעריירט געוואָרן פֿון דעם פֿאָרשערס אַקעראייזן. לויט מיין אָפּשאַץ זיינען מאָנאָגראַפֿישע אַרבעטן ביי היינטיקן טאָג דער פֿאַסיקסטער וועג.

אין דעם איצטיקן בוך זיינען צונויפֿגענומען עטיודן, וואָס זיינען געשריבן אין די יאָרן 1922—1927[1]. דריי קאַפּיטלעך (X, XIII, XIV) ווערן דאָ געדרוקט צום ערשטן מאָל. אָבער אויך יענע עטיודן, וואָס זיינען שוין יאָ געווען פֿאַרעפֿנטלעכט, האָבן דאָ באַקומען גאָר אַן אַנדער אויסזען. איך האָב זיי איבערגעאַרבעט ניט נאָר סטיליסטיש, נאָר אויך אין תּוך, צוגעשריבן צו זיי גאַנצע אָפּשניטן און אַנדערשוואו ווידער מקצר געווען, כ'האָב אָנגעוויזן די ביי־ליטעראַטור; חוץ דעם האָב איך אומעטום פֿאַרגרעסערט דעם עלעמענט אויסצוגן, וועלכע איך האָב געמוזט מצמצם זיין ביים שרייבן ניט פֿאַר קיין פֿאַך־צייטשריפֿטן. מיט אַנדערע ווערטער: עס זיינען אַרויסגעקומען שיִר ניט ניי־ע אַרבעטן. איך האָב זיי צעשטעלט לויטן כראָנאָלאָגישן סדר, און דער לייענער וועט באַקומען פֿון זיי, אַזוי פֿאַרהאָף איך, אַ פֿאָרשטעלונג וועגן דער אָרגאַנישער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער ליטעראַטור[2].

דאָס ערשטע קאַפּיטל: „ווי אַזוי איז אויפֿגעקומען און אויסגעוואַקסן די יידישע שפּראַך?" דאַרף געבן די נייטיקע גרונטבאַגריפֿן וועגן דעם שפּראַכיקן לבוש פֿון אונדזער ליטעראַרישן שאַפֿן.

---

[1] זיי זיינען געווען געדרוקט: אין פֿאָרווערטס, צוקונפֿט, ליטעראַרישע בלעטער, צייטשריפֿט, וואַרשעווער שריפֿטן, אַמעריקאַנער פּנקס.

[2] וועגן אַ פּאָר אַ געוויסן שרייבער אָדער ענין איז ניט אָפּגעגעבן קיין ספּעציעל קאַפּיטל, דאַרף מען אים זוכן אין דעם זוכצעטל II („רשימה פֿון נעמען און זאַכן").

*

אין מיינע באַריכטן וועגן די אַלט-יידישע ווערק איז ניטאָ כמעט גאָרניט וואָס זאָל זיין געגעבן לויט ידיעות פון דער צווייטער האַנט. דאָס מזל האָט מיר געדינט, און איך האָב אין משך פון די יאָרן געהאַט די מיג-לעכקייט צו אַרבעטן (וואו לענגער, וואו קירצער) כמעט אין אַלע יידיש-ביבליאָטעקן פון איירָאָפּע. איך שטרייך אונטער די אויטאָפּסיע ניט פון באַרים וועגן, נאָר ווייל איך בין זיכער, אַז דאָס האָט משפיע געווען אויף דעם שטייגער שרייבן און שילדערן.

אַלע אינסטיטוציעס און פּערזאָנען, וואָס זיינען מיר בייגעשטאַנען אין מיין אַרבעט, זאָג איך דאָ אַ האַרציקן דאַנק. איך קען זיי ניט פורש-בשמם זיין; איך האָב מורא, אַז איך וואָלט פאַרזען אַ סך. עס איז מיר אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט מענטשן פון די פאַרשיידנסטע געזעלשאַפטלעכע ריכ-טונגען און סימפּאַטיעס, אָבער אַלעמאָל האָט מכריע געווען דער וויסנשאַפט-לעכער אינטערעס. עס איז בנאמנות אַ טרייסט אין אונדזער האַרטער צייט, וואָס כאָטש אויפן געביט פון וויסנשאַפט קען מען רעדן מיט דער האָפענונג, אַז מען וועט טרעפן מיט די רייד צו יענעמס אויער.

ווילנע, דעצעמבער 15, 1927.

מ. ווײַנרײַך

# אינהאַלט

# רשימה פון די פאַרקירצונגען

אאז"וו: און אזוי ווייטער.

אה"ד: אַלטהויכדייטש.

א"וו: און ווייטערדיקע.

אמסט׳: אַמסטערדאַם.

אמער׳ פנקס: פנקס, א פערטליאָריקער זשורנאַל פאַר יידישער ליטעראַטורגעשיכטע, שפּראַכפאָרשונג, פאָלקלאָר און ביבליאָגראַפיע. ארויסגעגעבן פון דעם יידישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט, אַמעריקאַנער סעקציע. באַנד I, העפט 1—2, יולי־דעצעמבער 1927.

באסין: אַנטאָלאָגיע פינף הונדערט יאָהר אידישע פּאָעזיע, געזאַמלט און צונויפגעשטעלט [!] פון מ. באסין. פאָרוואָרט און ־ינגוויסטישע אָנמערקונגען פון ב. באָראָכאָוו. [צוויי בענד.] צווייטע פאַרבעסערטע אויפלאַגע. פאַרלאַג „דאָס בוך" [ניו־יאָרק, 1917].

באָראָכאָוו [מיט א נומער]: ב. באָראָכאָוו, „ביבליאָטייק פונ'ם יידישן פילאָלאָג", אין [ש. ניגערס] „דער פנקס", ווילנע 1913.

בן־יעקב: אוצר־הספרים, ווילנע 1880.

בערנשטיין: יודישע שפּריכווערטער, וואַרשע—פראַנקפורט 1908.

גידעמאַן: Geschichte des Erziehungswesens und der Cultur der abend-ländischen Juden von Dr. M. Güdemann, III, Wien 1888.

גידעמאַן ייד׳: מ. גידעמאַן, אידישע קולטור־געשיכטע אין מיטלאַלטער. אידיש — נחום שטיף. „כלל־פאַרלאַג", בערלין 1922.

גרינבוים: Jüdischdeutsche Chrestomathie von Dr. Max Grünbaum. Leipzig, F. A. Brockhaus, 1882.

דצ"וו: דאָס ציטירטע ווערק.

יידל"יט [מיט א נומער]: Jüdisch-Deutsche Literatur von M. Steinschneider, Serapeum 1848, 1849, 1864, 1866, 1869 [זע ז׳ 44 פון דעם איצטיקן בוך].

יידפ"יל: יידישע פילאָלאָגיע, צווייחודשדיקע בלעטער פאַר שפּראַכוויסנשאַפט, ליטעראַטור־פאָרשונג און עטנאָגראַפיע, באַנד I, 1924 [מער ניט ארויס]. וואַרשע 1924—1926.

ייוו"א: יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט.

JE: Jewish Encyclopedia, New York I—XII.

JQR: Jewish Quarterly Review, London—New York.

## פארקירצונגען

לאנדוי־בוך: שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט ב׳ I, פילאָלאָגישע סעריע I. לאַנדוי־בוך. ד״ר אַלפרעד לאַנדוי צו זיין 75טן געבוירנסטאָג דעם 25 נאָוועמבער 1295 פון זיינע גוטע־פריינט און תּלמידים. ב. קלעצקין, ווילנע 1926.

לעקסער: Mittelhochdeutsches Handwörterbuch von M. Lexer, I—III, 1872.

מגוו״י (אָדער MGWJ): Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums, Breslau.

מה״ד: מיטלהויכדייטש.

נה״ד: נייהויכדייטש.

פנקס I: דער פנקס, יאָהרבוך פאַר דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור און שפראַך, פאַר פאָלקלאָר, קריטיק און ביבליאָגראַפיע. ערשטער יאָהרגאַנג — תּרע״ב. רעדאַקטירט פון ש. ניגער. ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין, תּרע״ג

פפד״מ: פראַנקפורט־מאַין.

פרנה״ד: פריניייהויכדייטש.

צייטשריפט I: צייטשריפט, בוך I. אַרויסגעגעבן פון אינסטיטוט פאַר ווייסרוסלענדישע קולטור. מינסק 1926.

קאַט׳ באָדל׳: M. Steinschneider, Catalogus librorum hebraeorum in Bibliotheca Bodleiana I—II. Berlin 1852—1860.

שולמאַן: אלעזר שולמאַן. שפת יהודית־אשכנזית וספרותה. מקץ המאה הט״ו עד קץ שנות המאה הי״ח. ריגע 1913.

שטאַפּלען: שטאַפּלען, פיר עטיודן צו דער יידישער שפראַכפאָרשונג און ליטעראַטור־געשיכטע פון ד״ר מאַקס ווײַנרייך. „וואָסטאָק״, בערלין 1923.

שטערק־לייצמאַן: Die Jüdisch-Deutschen Bibelübersetzungen von den Anfängen bis zum Ausgang des 18 Jh. von W. Staerk und A. Leitzmann. J. Kauffmann, Frankfurt a. Main, 1923.

שמעללער: Bayerisches Wörterbuch von J. A. Schmeller I—II München 1872—1878.

ש״ש: שטיינשניידער.

# I. אַריינפיר: איבערבליק איבער דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך

## 1

איינער אַ דייטש־יידישער געלערנטער דערציילט, אַז ווען ער איז גע־ווען מיט אַ פּאָר צענדליגג יאָר צוריק אין אַ גאַליציאַנער שטעטל און געפרעגט ביי אַ חדר־יינגל, אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך משה רבינו האָט גערעדט, האָט דער חדר־יינגל אים גאַנץ ערנצט געענטפערט: אין דערוואָכן יידיש, און אום שבת לשון־קודש. פאַר דעם יינגל איז גאָר קיין קשיה ניט געווען פון וואַנען עס נעמט זיך יידיש. אָבער פון די וואָס ווייסן, אַז דער יינגל האָט געהאַט אַ שטיקל טעות, קומט אויס אָפט צו הערן אַ פראַגע: ווי אַזוי איז טאַקע גע־קומען צו יידן אַ ליטעראַטור אויף יידיש? מיר ווייסן דאָך, אַז אין ארץ־ישראל האָבן יידן קיין יידיש ניט גערעדט!

געוויס האָבן יידן, ווען זיי זיינען געזעסן אין ארץ־ישראל מיט אַן איי־גענער מלוכה פאַרן חורבן פון בית־המקדש, קיין יידיש ניט גערעדט. אָבער די לעצטע פּאָר הונדערט יאָר פון זייער נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט האָבן זיי שוין קיין העברעיִש אויך ניט גערעדט. זיי האָבן שוין דעמאָלט אָנגעהויבן רעדן אַ צווייטע שפּראַך. די שפּראַך פון בוך און פון דער רעליגיע איז גע־בליבן לשון־קודש, די שפּראַך פון לעבן איז געוואָרן אַראַמיש, דאָס וואָס דאָס פאָלק רופט איצט תרגום־לשון. אַראַמיש איז געווען די שפּראַך פון אַ קרובישן שבט („ארם־נהרים" ווערט אָפט דערמאָנט אין תנ"ך), וואָס איז אפילו געווען נאָענט צו העברעיִש אַזוי ווי ענגליש צו דייטש אַ שטייגער אָדער ווי פּויליש צו רוסיש, נאָר ס'איז פאָרט געווען אַ באַזונדער שפּראַך, אַ שפּראַך פון אַ מעכטיקער שכנישער מדינה, וואָס האָט אַרויסגעשטופּט דאָס העברעיִש פון טעגלעכן לעבן. מיר ווייסן ניט גענוי ווען דאָס איז פאָרגעקומען, און געוויס האָט דאָס געדויערט לאַנג: אין די פאַרוואָרפענע ווינקלען פון ארץ־ישראל האָט מען נאָך גערעדט העברעיִש, ווען אין די שטעט האָט שוין געהערשט

די אַראַמישע שפּראַך. יעדנפאַל האָט זיך דער איבערגאַנג אָנגעהויבן באַלד נאָכן גלות בבל.

ווען די יידישע פירער האָבן געזען, אַז דער עולם האָט אויפגעהערט פאַרשטיין דעם תנ״ך אין זיין אָריגינעלער שפּראַך, האָבן זיי דעריבער געמאַכט אַ „תרגום״ (אַן איבערזעצונג) און אים פאַרהייליקט.

אייניקע מיינען אַפילו, אַז עזרא אַליין האָט דאָס איינגעפירט באַלד ביים אָנהייב פון צווייטן בית־המקדש, נאָר דאָס איז ניט זיכער. אָבער עס איז איינגעפירט געוואָרן, אַז יעדער ייד זאָל אַלע שבת די סדרה צוויי מאָל אויף לשון־קודש (דאָס איז פון פּרינציפּ וועגן, צוליב דער קדושה), און איינמאָל אויף אַראַמיש, כּדי דער ייד זאָל טאַקע פאַרשטיין אויך וואָס ער האָט געלערנט. היינט איז די אַראַמישע שפּראַך לאַנג פאַרגעסן, מען קאָן דאָס אַ סך וויניקער נאָך ווי העברעיִש, און ווען אַ ייד וויל זאָגן: וואָס רעדסטו אַזעלכע אומפאַרשטענדלעכע רייד, דריקט ער דאָס אויס אַזוי: „וואָס רעדסטו עפּעס אויף תרגום־לשון?״ אָבער די רעליגיע איז קאָנסערוואַטיוו, זי האַלט זיך ביי איר פאָרם און קלערט ניט וועגן דעם עיקר פון דער זאַך. לויט דער כּוונה פון די וואָס האָבן אַמאָל אַרויסגעגעבן דעם געזעץ: „שנים מקרא ואחד תרגום״ (צוויי מאָל אין העברעיש און איין מאָל אין דער איבערזעצונג) וואָלטן פרומע יידן געדאַרפט איצט זאָגן די סדרה אַלע שבת אויף יידיש, כּדי די־יעניקע וואָס פאַרשטייען ניט העברעיִש זאָלן וויסן וואָס אין תנ״ך ;שטייט. נאָר פּרוּווט דאָס פאָרלייגן אַ פרומען יידן און זאָגן אים, אַז דאָס האָט געמיינט דער פּסוק!

אָבער דאָס איז נאָר פאַרבייגייענדיק, אויף צו ווייזן, אַז יידן האָבן שוין וויניקסטנס מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק אויפגעהערט רעדן העברעיש, און וויפיל שפּראַכן זיי האָבן ניט איבערגעביטן פאַר דער צייט, האָבן זיי קיינמאָל ניט אָנגעהויבן צו רעדן העברעיש איבעראַנייס. צום גרעסטן טייל פלעגן זיי איבערנעמען די לאַנדשפּראַך. נאָכדעם ווי אַראַמיש איז געווען ביי זיי כּמעט טויזנט יאָר, האָט זיך ביי יידן איינגעבירגערט די אַראַבישע שפּראַך, ווען די אַראַבישע מלוכה האָט זיך אויסגעשפּרייט אין אַזיע, אַפריקע און איראָפּע. שפּעטער, אין שפּאַניע, האָבן אַ טייל יידן אָנגענומען די שפּאַנישע שפּראַך. און אַזוי איז אויך געווען מיט דייטשלאַנד: ווען יידן זיינען אהער אַראָפּגעקומען, האָבן זיי איבערגענומען די שפּראַך פון זייערע קריסטלעכע שכנים.



הייסט עס, אויב מיר ווילן באַקומען אַ השגה וועגן דעם, ווי אַזוי יידיש איז אויפגעקומען און אויסגעוואַקסן, דאַרפן מיר פריער פאַר אַלץ קלאָר מאַכן, וואָס פאַר אַ שייכות עס איז צווישן אונדזער שפּראַך און דער שפּראַך פון די דייטשן.

עס איז גאָרניט אַזוי גרינג צו געבן דערויף אַן ענטפער. ווען מיר גע־

מען נאָר דאָס היינטיקע דייטש און דאָס היינטיקע ייִדיש, וועלן מיר זיך גאָרניט קענען אַ רוק טון פון אָרט. נאָך מיט אַ יאָר דרייהונדערט צוריק האָט געלעבט אין באַזעל דער פּראָפעסאָר יאָהאַן בוקסטאָרף, איינער פון די גרעסטע קענער פון העברעיִש צווישן קריסטן. אָט דער פּראָפעסאָר האָט אָנגעשריבן 1609 אַ העברעיִשע גראַמאַטיק (אויף לאַטיין, ווי ס'האָט זיך געפירט יענע צייטן) און צוגעגעבן דערצו אַ קאַפּיטל וועגן ייִדיש[1]. גיט ער דאָרטן אַ כאַראַקטעריסטיק פון אונדזער שפּראַך, וואָס ווייזט, אַז זי איז שוין דעמאָלט אויך איינגאַנצן געשטאַנען אויף די אייגענע פיס. ער דערציילט, אַז ייִדן רעדן דייטש געמישט מיט העברעיִש: „אַ מיאוס קינד", „דאָס פלייש איז ניט כשר"; זיי געבן צו צו העברעיִשע וואָרצלען דייטשע ענדונגען: שחטן, גזלענען, דרשענען, עזותקייט. בוקסטאָרף האָט אַפילו באַמערקט, אַז די „מער געבילדעטע" ייִדן פלייסן זיך צו רעדן „ריין דייטש"—הייסט עס, די קרענק פון דייטשמעריש איז שוין אויך אַלט מער ווי דריי הונדערט יאָר.

מיר זעען אַלזאָ, אַז מיר מוזן זיך אַראָפּלאָזן אין דער טיפעניש פון די יאָרהונדערטער, אויסגראָבן רעשטן פון דער אַלטער שפּראַך — ערשט דעמאָלט קענען מיר פאַרשטיין אַ סך זאַכן, וואָס זיינען איצטער פאַר אונדז אַ רעטעניש. די איבעראַנדערשונגען אין אַ שפּראַך, דאַרף מען געדענקען, קומען פאָר גאַנץ פּאַמעלעך. אָפּטמאָל באַמערקט מען זיי גאָרניט בשעת־מעשה. אָפּטמאָל נעמען זיי זיך פון דער קינדערשפּראַך, ווייל ווען אַ קינד הייבט אָן רעדן איז ביי אים רעכט צו זאָגן „דער טאַטע האָט געזיצט" אָנשטאָט „איז געזעסן", און עס געדויערט גאַנץ לאַנג ביז וואַנען דאָס קינד כאַפּט די אַלע פיינע אונטערשיידן. אַמאָל אָבער בלייבן גערעכט די קינדער, און אַ נייער דור רעדט שוין אַנדערש ווי דער פריערדיקער. טיילמאָל טרעפט, אַז עס גייט אַריין אין דער מאָדע אַרויסצורעדן געוויסע ווערטער אויף דעם שטייגער פון אויסלענדער, פּונקט אַזוי ווי מען לאָזט זיך פירן צייטנווייז פון די אויסלענדער אין דער מאָדע פון בגדים. אָט אַזוי בייט זיך צוביסלעך די שפּראַך. פון איין טאָג צום צווייטן, פון איין יאָר צום צווייטן איז דוכט זיך קיין גרויסער אונטערשייד ניטאָ (אַזוי ווי עלטערן, וואָס זעען זייער קינד אַלע טאָג, באַמערקן ניט ווי עס וואַקסט אונטער); נעמט מען אָבער אַ מהלך פון אַ וואָסערע פופציק אָדער הונדערט יאָר, איז שוין דער אונטערשייד אַ גרויסער.

שטעלט זיך פאָר אַ בוים מיט צווייגן, וואָס גייען זיך פונאַנדער אין אַלע זייטן. ווען איר וועט אָפּהאַקן נאָר די שפּיץ־צווייגן, וועט מען ניט קענען וויסן, ווי אַלט דער צווייג איז און פון וועלכן אָרט אין בוים ער וואַקסט. דאָס אייגענע איז מיט דייטש און ייִדיש. ווילן מיר וויסן זייער באַציִונג צווישן

---

1 דאָס בוך הייסט Thesaurus grammaticus linguae sanctae hebraicae (באַראַכאָוו נומ׳ 6). גענויער וועגן בוקסטאָרפן זע מיין אַרבעט: „די ייִדישע שפּראַכפאָרשונג אין 17 י״ה" (צייטשריפט II, 1927).

זיך, דאַרפן מיר נאָכגיין נאָך איטלעכער שפּראַך אַלץ ווייטער פון שפּיץ, אַלץ נעענטער צום וואָרצל, ביז וואַנען מיר וועלן זיך אָנשטויסן אין דעם אָרט, פון וואַנען ביידע זייַנען אַרויסגעוואַקסן. דאָס איז ניט קיין ספּעציעלער וועג צו דערגיין די געשיכטע פון יידיש; אַלע לשונות פאָרשט מען מיט דעם גאַנג. דייטש און ענגליש למשל וואַקסן אויך פון איין שורש; איז אויב איר ווילט דעם שורש אויסגעפינען, דאַרפט איר זיך אַרייַנגראָבן אַלץ טיפער אין דער פאַרגאַנגענהייט, ביז וואַנען איר דערזעט ביידנס שותּפותדיקן וואָרצל.

2

דאָס הייַנטיקע וויסנשאַפטלעכע שטודיום פון פילאָלאָגיע איז אַלט סך־הכּל אַ הונדערט יאָר; פריער האָט מען געבלאָנדזשעט אין דער פינצטער. הייַנט איז נאָך אויך זייער וויַיט פון דעם, אַז מען זאָל זיין קלאָר אינעם לעבן און אין די געזעצן פון אַלע 1000 (און אפשר 1500) לשונות, וואָס ווידמענען זיך אויף דער ווייַסער וועלט. נאָר זייער אַ סך האָט מען שוין פונדעסטוועגן אויפגעטאָן. מען ווייסט שוין איצטער די קרובהשאַפט צווישן פיל שפּראַכן, און אַ סך שפּראַך־פאַמיליעס האָט מען שוין טאַקע גרונטיק אויסגעפאָרשט. די שפּראַכן, וואָס באַלאַנגען צו איין פאַמיליע, זייַנען צווישן זיך אויך פאַרשיידן, נאָר פונדעסטוועגן זייַנען זיי איינס צו דאָס אַנדערע נעענטער, איידער צו אַ שפּראַך פון אַן אַנדער גרופּע. פאַראַן אַ סעמיטישע פאַמיליע, וואָס נעמט אַרום העברעיִש, אַראַמיש, אַראַביש אאַז״וו; פאַראַן אַ גרופּע אינדאָ־כינעזישע לשונות; פאַראַן אַ מאַלאַיִשע גרופּע; און פאַראַן די אינדאָ־אייראָפּעיִשע[1] פאַמיליע, וואָס אינטערעסירט אונדז אַם־מערסטן, וואָרים צו דער משפּחה באַלאַנגען די שפּראַכן פונעם ווייַט־גרעסטן טייל איינוואוינער פון אייראָפּע און אַמעריקע.

אין אַזיע זייַנען אויך פאַראַן צענדליגער מיליאָנען מענטשן, וואָס רעדן אויף פאַרשיידענע אינדאָ־אייראָפּעישע שפּראַכן (אינדיער, פּערסער אאַז״וו); נאָר זיי וועלן מיר איצטער לאָזן אין אַ זייט. ביי די אינדאָ־אייראָפּעער פון אייראָפּע קען מען אויסטיילן דריי גרויסע גרופּעס: סלאַוון, ראָמאַנער און גער־

1 מיט דעם נאָמען מיינט מען צו זאָגן, אַז די שפּראַכן פאַרנעמען דעם גאַנצן שטח פון אינדיע ביז אייראָפּע. די דייטשן ניצן אָנשטאָט דעם דעם טערמין „אינדאָגערמאַניש״; נאָר עס איז ניטאָ פאַר אונדז קיין גרונד נאָכצוגיין נאָך זיי.

מען באַגעגנט אויך אַמאָל פאַר דעם צווייַג דעם נאָמען „אַריער״, „אַרישע שפּראַך־פאַמיליע״, און אויף דעם סמך טיילן די ראַסן־אַנטיסעמיטן איין די באַפעלקערונג פון די אייראָפּעישע לענדער אין „אַריער״ (ניט־יידן) און „סעמיטן״ (יידן). די הייַנטיקע וויסנשאַפט פאַרשטייט אָבער אונטערן נאָמען אַריער בלויז דעם אַזיאַטישן אָפּצווייַג פון די אינדאָ־אייראָפּעער, די שפּראַכן פון איראַן און פאָדער־אינדיע.

מאַנער. סלאַווען זייַנען די רוסן, אוקראַיִנער, ווייסרוסן, פּאָליאַקן, טשעכן, סערבן, בולגאַרער; ראָמאַנער זייַנען די פראַנצויזן[1], די שפּאַניער, די פּאָרטוגאַלער, די איטאַליענער; גערמאַנער זייַנען די דייטשן, די האָלענדער, די ענגלענדער, די שוועדן, די דענער, די נאָרוועגיער.

טייל געלערנטע האַלטן, אַז פאַרצייטנס זייַנען אַלע אינדאָ־אייראָפּעיִשע פעלקער געווען איין פאָלק און האָבן גערעדט אויף איין לשון; דערנאָך האָט זיך אָט דאָס פאָלק פונאַנדערגעטיילט אויף עטלעכע צווייַגן (סלאַווען, גערמאַנער, ראָמאַנער אאַז״וו), און דערנאָך האָבן זיך די צווייַגן ווייטער צעשפּאָלטן. אַנדערע לייקענען דאָס און זאָגן, אַז פון אַלעמאָל זייַנען געווען אַ סך קרובישע אינדאָ־אייראָפּעיִשע שפּראַכן. נאָך האָט די וויסנשאַפט ניט געפּסקנט, ווער עס איז גערעכט; נאָר אַפילו די וואָס מיינען, אַז עס איז יאָ אַמאָל געווען אַ שותּפישע שפּראַך, קענען אויך ניט זאָגן, ווען עס איז פאָרגעקומען די צעשפּאַלטונג. יעדנפאַל, אין יענער צייט פון וועלכער עס זייַנען דאָ געשריפטסן — און דאָס איז שוין אויך שיינע עטלעכע טויזנט יאָר — געפינען מיר שוין זעלבשטענדיקע לשונות. וואָס פריער איז געווען, איז דערווייַלע אַ סוד[2].

אַ סך מער ווייסן מיר וועגן דער געשיכטע פון די אייַנציקע שפּראַכן. לאָמיר נעמען די גערמאַנישע גרופּע. אין איר גופא זייַנען אויך פאַראַן אַזוינע, וואָס קערן זיך אָן נעענטערע קרובים. דייטש מיט ענגליש אַ שטייגער זייַנען נעענטער, איידער דייטש מיט שוועדיש. פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? ווייל מיט אָנדערטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק האָבן די דענער, שוועדן און נאָרוועגיער גערעדט אויף איין שפּראַך (צפון־גערמאַניש), און די שבטים, פון וועלכע עס וואַקסן די הייַנטיקע דייטשן מיט די הייַנטיקע ענגלענדער, האָבן אויך געהאַט איין שפּראַך (מערב־גערמאַניש). שפּעטער האָט מען זיך צעשיידט, עס זייַנען פאָרגעקומען גרויסע איבעראַנדערשונגען. די צוויי שבטים פון די אַנגלען און סאַקסן, וואָס זייַנען פריער געזעסן אין הייַנטיקן צפונדיקן דייטשלאַנד, האָבן אויסגעוואַנדערט אויפן אינדזל ענגלאַנד, און פון זיי איז שפּעטער אַרויסגעקומען דאָס ענגלישע פאָלק (נאָך הייַנט רופט מען דעריבער די ענגלענדער

---

1 ריכטיקער וועט זיין צו זאָגן, אַז די פראַנצויזישע שפּראַך איז אַ ראָמאַנישע (ד״ה זי שטאַמט פון דער רוימישער, פון דער לאַטייַנישער שפּראַך); די פראַנצויזן גופא זייַנען אַ מישפאָלק פון קעלטן (אָדער גאַליער) און גערמאַנער (פראַנקן). ווען די רוימער האָבן אייַנגענומען גאַליע, האָט זיך זייער שפּראַך דאָ אויך גענומען אויסשפּרייטן; אין 5טן י״ה נ״ק זייַנען שוין די קעלטישע לשונות אינגאַנצן געווען אַרויסגעשטופּט. מיט אַנדערע ווערטער, זייער ראָמאַנישע שפּראַך איז פאַר די פראַנצויזן אויך אַ „גלות־שפּראַך", אַ שפּראַך וואָס זייערע אונטערדריקער האָבן זיי אויפגעצוואונגען איבערגעוואַלד.

2 זע וועגן דער אינדאָ־אייראָפּעיִשער פּראָבלעם:
Schrader, Die Indogermanen. Leipzig 1919.

און אַמעריקאַנער: „די אַנגלאָ־סאַקסישע ראַסע“). ביי די שבטים ווידער, וואָס זיינען געבליבן אויפן אייראָפּעיִשן קאָנטינענט, ביי די דייטשן, האָבן זיך אויך וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגעטיילט צוויי פאַרשיידענע גרופּעס מיט צוויי פאַרשיידענע דיאַלעקטן: נידערדייטש (אין צפון־דייטשלאַנד) און אייבערדייטש (אין דרום־דייטשלאַנד). צווישן דיביידע איז נאָך אויסגעוואַקסן אַ קאָמפּראָמיס־גרופּע מיטלדייטש (אין מיטל־דייטשלאַנד), וואָס איז מיט טייל סימנים ענלעך צו דרום און מיט אַנדערע ווידער צו צפון.

פון נידער־דייטש האָט זיך שפּעטער אָפּגעצווייגט האָלענדיש און געוואָרן אַ שפּראַך פאַר זיך. נאָך ביז היינטיקן טאָג פילט זיך שטאַרק אין דער שפּראַך פון צפון־דייטשלאַנד די שכנות מיט ענגליש, וואָס שטאַמט דאָך אויך פון דעם לאַנד. למשל, אין נידערדייטש זאָגט מען ניט besser (ווי אין הויכדייטש און אין יידיש), נאָר better (ענגליש אויך אַזוי); הויכדייטש machen איז נידערדייטש maken (ענגליש make); הויכדייטש Apfel (עפּל) איז נידערדייטש apel (ענגליש apple).

פון נידערדייטש איז אַריין גאַנץ ווייניק אין דער היינטיקער ליטעראַרישער דייטשער שפּראַך. זי איז אויפגעבויט צום גרעסטן טייל אויפן פונדאַמענט פון אייבערדייטש און מיטלדייטש, וואָס מען רופט צוזאַמען הויכדייטש. (הויכדייטש באַשטייט אַליין אויך פון אַ צענדלינג באַזונדערע רעדענישן: ביייעריש, שוואַביש, טירינגיש, פרענקיש אאַז״וו). דעריבער פאַרנעמט מען זיך דער עיקר מיט הויכדייטש, ווען מען לערנט די געשיכטע פון דער דייטשער שפּראַך. פאַראַן פּאַטריאָטן פון צפון־דייטשלאַנד, וואָס האָבן אויף דעם פאַריבל, נאָר מיר יידן מעגן גראָד זיין דערפון צופרידן; ווייל אַזוי ווי ענגליש איז אַ נאָענטער קרוב מיט נידערדייטש, אַזוי איז אונדזער יידיש אַ לייבלעכער קרוב מיט הויכדייטש, ד״ה מיט די דיאַלעקטן פון דרום־דייטשלאַנד און פון מיטל־דייטשלאַנד.

פונקט ווי מען צעטיילט די געשיכטע פון דער מענטשהייט אויף אַלטערטום, מיטלעלטער און נייע צייט, אַזוי האָבן די דייטשע גראַמאַטיקער איינגעטיילט די געשיכטע פון זייער לשון אויך אין דריי תקופות:

אַלטהויכדייטש (פאַרקירצט ahd, יידיש אה״ד) פון אַן ערך 750 ביז 1100 נאָך קריסטוסן;[1]

---

[1] פון דער דייטשער שפּראַך זיינען צו אונדז ניט דערגאַנגען קיין געשריפטסן, וואָס זאָלן זיין עלטער ווי דאָס יאָר 750; פון אַנדערע גערמאַנישע שפּראַכן יאָ. ס'האָבן זיך אויפגעהיט למשל רעשטן פון אַ ביבל־איבערזעצונג (די וואַנגעליומס און פראַגמענטן פון נחמיה), וועלכע ס'האָט געמאַכט אין דער גאָטישער שפּראַך דער בישוף וואולפילאַ סוף פערטן י״ה.

אַ פּאָפּולער בוך צו דער געשיכטע פון דער דייטשער שפּראַך איז:
Friedrich Kluge, Deutsche Sprachgeschichte. Leipzig 1920.



דאָס ערשטע זייטל פון אַ פירוש אויף משלי מיט יידישע גלאָסעס, XV — XVI י"ה

(כ"י האמבורג ש"ש נומ' 318) צו ז 12



דאָס לעצטע זײַטל פֿון אַ גלאָסאַר צו תורה,
געשריבן 1513 אַלעסאַנדריע, איטאַליע

(כ״י האַמבורג ש״ש נומ׳ 60)

מיטלהויכדייטש (פאַרקירצט .mhd, יידיש: מה״ד) פון אַן ערך 1100 ביז 1500;

נייהויכדייטש (פאַרקירצט .nhd, יידיש: נה״ד) פון 1500 ביז היינט. דאָס לעצטע יאָרהונדערט פון מה״ד רופט מען שפּעט־מיטלהויכ־דייטש (שפּמה״ד).

דאָס ערשטע יאָרהונדערט פון נה״ד—פרי־נייהויכדייטש (פרנה״ד).

די אַלע איינטיילונגען באַטייטן ניט געוויינטלעך, אַז די תקופות פון אַ שפּראַך דערגייען ביז אַ געווסן יאָר און דאָרטן האַקן זיי זיך איבער ראַפּטום. מיט שפּראַך־געשיכטע איז אַזוי ווי מיט געשיכטע בכלל: די אַנטוויקלונג איז געגאַנגען פּאַמעלעך, צו־ביסלעך (פּונקט ווי היינט הערט אויך די שפּראַך ניט אויף קיין איין מינוט צו אַנטוויקלען זיך און צו בייטן זיך), און די געלערנטע האָבן נאָר פון באַקוועמקייט־וועגן אויסגעקלערט די שאַרפע גרענעצן.

וואָס מער מיר גייען אַוועק אויף צוריק אין די געשריפטסן פון פאַר־גאַנגענע צייטן, אַלץ פרעמדער און אומפאַרשטענדלעכער ווערט די אַלטע דייטשע שפּראַך. יעדער איינער וועט זאָגן, אַז געטע איז דער גרעסטער דייטשער דיכטער; נאָר ביי געטען (וואָס איז געשטאָרבן מיט עטלעכע און 90 יאָר צוריק, אין 1832) געפינען זיך שוין אויך איינציקע ווערטער און אויס־דריקן, וואָס קלינגען משונה פאַר אַ היינטיקן דייטש. געטע שרייבט למשל אַמאָל Seiger, itzo, וואָס היינט זאָגט מען אויף דעם Uhr און jetzt. אַ שרייבער פון פאַר 300 יאָרן קען מען נאָך פאַרשטיין פאַר נויט, נאָר דער היינטיקער דייטש געפינט שוין אין אים גאָר קיין טעם ניט; און אַ בוך פון פאַר 400 יאָרן קען שוין אַפילו אַ דייטש אויך אָן אַ ווערטערבוך ניט לייענען. אַז ער פאַרגראָבט זיך נאָך טיפער, העלפט אים שוין קיין ווערטערבוך אויך ניט; ער דאַרף שוין לערנען גראַמאַטיק, גלייך ווי עס וואָלט געווען פאַר אים אַ פרעמד לשון.

פּונקט דאָס אייגענע איז מיט יעדער אַנדער שפּראַך. איר קענט רעדן ענגליש ווי אַ וואַסער, נאָר שעקספּירן וועט איר ניט פאַרשטיין, אויב איר וועט זיך ניט לערנען ספּעציעל; און וועגן עלטערע צייטן פון ענגליש איז שוין אָפּגערעדט. געבוירענע ענגלענדער האָרעווען אָפּ יאָרן אין די אוניווער־סיטעטן, אויב זיי ווילן לייענען און פאַרשטיין די אַלט־ענגלישע ליטעראַטור.

## 3

איצטער[א], אַז מיר האָבן זיך שוין מיט די אַלגעמיינע זאַכן אָפּגעפּאַרטיקט, קענען מיר זיך נעמען צו אונדזער עצם טעמע.

---

א סך ווייסנשאַפטלעכער, האָרב געשריבן:

Otto Behaghel, Geschichte der deutschen Sprache. Strassburg 1911.

ווי אַלט איז יידיש? דאָס איז די ערשטע פראַגע, וואָס שווימט ביי אונדז אַרויף.

ביי די דייטש-יידישע געלערנטע אין גאַנצן 19טן יאָרהונדערט איז דער ענטפער געווען אַ קלאָרער: יידן האָבן אַלעמאָל זינט זיי זיינען געקומען קיין דייטשלאַנד (און יידישע קאָלאָניעס זיינען שוין דאָ געווען, זאָגט מען, מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק), גערעדט אויף דער זעלביקער שפּראַך, ווי די אַלטגעזעסענע באַפעלקערונג. יידן האָבן אויך דורכגעמאַכט די אַנטוויקלונג פון מערב-גערמאַניש צו אַלטהויכדייטש, פון אַלטהויכדייטש צו מיטלהויכדייטש, פון מיטלהויכדייטש צו נייהויכדייטש. ווען יידן האָבן אויסגעוואַנדערט פון דייטש-לאַנד קיין פּוילן, אוקראַינע און ליטע, האָבן זיי מיטגענומען אַהין די דייטשע שפּראַך און „אָפּגעהיט זי ווי אַ הייליקייט" (גרעץ). טאָמער האָט זיך יידיש דערנאָך דערווייטערט פון דייטש און איז „פאַרדאָרבן" געוואָרן, זיינען אין דעם שולדיק צוויי זאַכן: ערשטנס די רדיפות, וואָס האָבן אָפּגעשטופּט די יידן פון דער דייטשער קולטור, און צווייטנס די פּוילישע יידן, וואָס האָבן ניט גע-קענט קיין דייטש און צעקאַליעטשעט די ריינע שפּראַך פון זייערע דייטשע „גלויבנס-ברידער".

אַזוי האַלט ניט איין מענטש און ניט צוויי, נאָר אַ גאַנצער דור „חכמי ישראל", אָנהייבנדיק פון צונצן און ענדיקנדיק מיט גרעצן און שטיינשניידערן און גידעמאַנען. פונדעסטוועגן איז דאָס אַ פאַלשער קוק.

געוויס האָבן די יידן אין מזרח-אייראָפּע איבערגעאַנדערשט די שפּראַך, וואָס איז צו זיי געקומען פון דייטשלאַנד; אָבער וואָסער שפּראַך בלייבט עס איבער אָן שום בייט, ווען זי וואַנדערט אַוועק אויף הונדערטער מייל און רייסט זיך אָפּ פון איר מוטערלאַנד? דאָס איז מעגלעך נאָר אין איין פאַל: די שפּראַך שטאַרבט אַוועק. און אויב עמעצער רופט ביי אונדז „פאַרדאַרבונג" דאָס וואָס ער רופט ביי די ענגלענדער און פראַנצויזן „אַנטוויקלונג", איז דאָס נאָר אַ סימן, אַז ער האָט ניט קיין אַכטונג צו זיך אַליין.

געוויס וואָלט זיך ביי יידן ניט אויסגעפורעמט קיין באַזונדער לשון, ווען זיי וואָלטן אויף אַ ברעקל ניט געווען אָפּגעשיידט פון זייערע קריסטלעכע שכנים. אָבער ניט דווקא די רדיפות און גזרות זיינען אין דעם שולדיק. מען דאַרף ניט מאָלן די זאַך אַזוי, אַז יידן האָבן זיך געריסן מיט אַלע כוחות „זיך צונויפצוגיסן" און די בייזע יידן-פיינט האָבן ניט געלאָזן. ניין, יידן האָט גע-צויגן איינס צום אַנדערן, עס איז אַלעמאָל געווען ביי זיי אַ שטרעבונג צו באַשאַפן אַן אייגענעם שטייגער לעבן, אַן אייגענע סביבה[1], — און אָט די

---

[1] פאַר אַן אַנאַלאָגיע קען מען ברענגען פון דער נייסטער צייט די געשיכטע פון די יידישע ישובים אין לאָנדאָן און ניו-יאָרק. ווען יידן האָבן אַהין אימיגרירט, איז ניט געווען קיין שום צוואַנג בנוגע אויסקלייבן דעם וואוינאָרט. פונדעסטוועגן האָבן יידן זיך געצויגן איינס צום צווייטן, און אַזוי זיינען אויפגעקומען די גוואַלדיקע יידישע קוואַרטאַלן: די איסט-סייד (מזרח-זייט) אין ניו-יאָרק און ווייטשעפּעל אין לאָנדאָן.

באַזונדערע סביבה האָט געמאַכט אויסוואַקסן אַ באַזונדערע יידישע שפּראַך. תּחילת איז עס געווען ניט דאָס אייגענע, וואָס אונדזער היינטיק לשון. ס׳זיינען געווען אין דעם אַ סך ווערטער און פאָרמען, וואָס מיר ניצן שוין היינט ניט; אָבער ווען מיר קוקן זיך איין אַ ביסעלע נעענטער, דערקענען מיר, אַז דאָס איז דער עלטערזיידע פון אונדזער יידיש.

אונדזער אַלטע יידישע ליטעראַטור איז נאָך קנאַפּ וואָס אויסגעפאָרשט געוואָרן, און ספּעציעל פון דער שפּראַכיקער זייט נאָך ווייניקער. אָבער איינס מעגן מיר שוין איצטער זאָגן אויף זיכער: אין די יידישע קהילות פון דרום-דייטשלאַנד, ביים ריין, אין צפון-איטאַליע האָבן יידן שוין געהאַט אַן אייגנאַרטיק לשון נאָך איידער זיי האָבן אָנגעזעצן אין די אויגן אַ פּוילישן ייד.

איינס איז יאָ ריכטיק: כּל-זמן די הויפּט-טרעגער פון יידיש זיינען געווען די *דייטשע* יידן, האָט די יידישע שפּראַך אין אַ געוויסער מאָס אויך אָנטיילגענומען אין דער אַנטוויקלונג פון דייטש. שפּעטער, ווען דער שווערפּונקט פון די יידישע יידן האָט זיך אַריבערגערוקט קיין מזרח, האָט זיך אונדזער לשון באַפרייט פון דער דייטשער ווירקונג. אָט דאָס ברענגט אונדז דערצו, אַז מיר קענען אויסמאַרקירן דעם *ערשטן גרענעץ* אין דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך: *ביז* דעם פּונקט, וואו מיר האָבן זיך עמאַנסיפּירט פון דייטש, און *נאָך* דעם פּונקט[1].

4

וועגן דער עלטסטער תּקופה פון יידיש, וואָס איך רוף אָן „טייטש-יידיש" אָדער *אַלט-יידיש*, איז פאַראַן ווייניק וואָס צו זאָגן. ווען זי הייבט זיך אָן, ווייסן מיר ניט. ביזן יאָר 1000 האָבן מיר אַפילו ניט קיין שום עדות, וואָס זאָל אונדז דערציילן עפּעס וועגן דער אומגאַנג-שפּראַך פון יידן. די ליטעראַטור אונדזערע איז אין יענע צייטן געווען כּמעט דורכאויס אַ העברעישע, און זי האָט פאַרצייכנט נאָר גזרות, נעמען פון די גרויסע לומדים, פּירושים אויף אַ האַרבער גמרא; דאָס גאַנצע אינעווייניקסטע לעבן פון פאָלק איז פאַרדעקט מיט אַ געדיכטן שלייער, גלייך ווי יידן וואָלטן געווען מיט מלאָכים גלייך, ווי זיי וואָלטן ניט געהאַנדלט און ניט געאַרבעט, ניט געגעסן און ניט געהוליעט, ניט ליב געהאַט און ניט געזונגען קיין וויגלידער פאַר זייערע קינדער. ניטאָ קיין שום באַריכטן ניט וועגן דער שפּראַך און ניט בכלל וועגן קולטור-געשיכטע; מיר מוזן זיך שאַצן גליקלעך, אויב מיר געפינען ערגעץ-וואו אַן אָנצוהערעניש.

---

[1] איך חזר איבער נאָך אַמאָל, אַז די תּקופות דאַרף מען ניט פאַרשטיין צו מעכאַניש: צווישן אַלע שפּראַכיקע פּעריאָדן איז שטענדיק פאַראַן אַן איבערגאַנג-צייט, וואו די אַלטע ווערטער און פאָרמען פירן מלחמה מיט די נייע, ביז וואַנען די נייע נעמען איין די קריג.

דעם ערשטן גערוס, אַז די יידן אין דייטשלאַנד האָבן גערעדט דייטש, ברענגט אונדז אפשר[1] רש״י, וואָס האָט געלעבט פון 1040 ביז 1105. רש״י איז געווען אַ פראַנצויזישער ייד, און דעריבער פאַרטייטשט ער דאָס רוב ווערטער אויף פראַנצויזיש[2]; נאָר אַנדערע ווערטער ברענגט ער „בלשון אשכנז״, אַ סימן, אַז פאַר דייטשע יידן האָט מען דאָס געדאַרפט האָבן[3]. ר׳ אליעזר בן נתן פון מאַינץ (12 י״ה) ברענגט אויך עטלעכע ווערטער; ביי ר׳ מאיר פון ראָטנבורג (מהר״ם, 13 י״ה) באַגעגנט זיך צום ערשטן מאָל דאָס וואָרט „יאָרצייט״[4]. פון 14טן און 15טן יאָרהונדערט זיינען שוין פאַראַן צו עטלעכע כתב-ידן, וואו מיר געפינען פיל צענדליקער העברעיִשע אָדער אַראַמישע ווערטער איבערגעזעצט „בלשון אשכנז״. פון דערזעלבער צייט האָבן מיר שוין ניט נאָר איינציקע גלאָסעס, נאָר אויך סיסטעמאַטישע זאַמלונגען פון גלאָסעס (מען רופט דאָס „גלאָסאַרן״).

געשריבן זיינען די אַלע טייטש-ווערטער מיט העברעיִשע אותיות; יידן פלעגן שרייבן אַ ל ע אַנטליִענע שפּראַכן מיט דעם העברעישן אַלף-בית: אַראַמיש, אַראַביש, שפּאַניש, פּראַנצויזיש[5]. אָבער אָט דאָס העברעישע „אַנטון״ מאַכט נאָך שווערער צו דערקענען, אויף וויפל די ווערטער, וואָס האָבן געקלונגען ביי יידן אין מויל, גייען זיך פונאַנדער מיטן מיטלהויכדייטש, וואָס די דייטשן האָבן דאַן גערעדט. חוץ דעם זיינען דאָך דאָס א י י נ צ י ק ע ו ו ע ר ט ע ר, און דער כאַראַקטער פון אַ שפּראַך אַנטפּלעקט זיך ערשט אין גאַנצע זאַצן. און אַפילו צו די איינציקע ווערטער האָבן אונדזערע פאָרשער זיך אויך

---

[1] זה הערה 3.

[2] געוויינטלעך איז דאָס ניט די הייגטיקע שפּראַך, נאָר אַלטפראַנצויזיש. אַזעלכע איינציקע טייטשווערטער אין אַן אַנדערשפּראַכיקן טעקסט רופט מען ג ל אָ ס ע ס. רש״יס אַלטפראַנצויזישע גלאָסעס זיינען אַן אוצר פאַר אַלע געלערנטע, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער געשיכטע פון דער פראַנצויזישער שפּראַך.

[3] לעצטנס האָט מען אָבער גענומען צווייפלען אין דעם, צי די „טייטשע״ (אַלט-יידישע) גלאָסעס אין רש״י שטאַמען טאַקע פון רש״ין אַליין. די מעשה איז, וואָס אַלע רש״י-טעקסטן וועלכע זיינען צו אונדז דערגאַנגען זיינען מיט אַ פּאָר יאָרהונדערטער ייִנגער; קען דאָך זייער געמאָלט זיין, אַז די ט י י ט ש ע גלאָסעס זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן אין די כתב-ידן דורך וועלכע עס איז שפּעטערדיקע איבערשרייבער.

[4] לכתחילה איז דאָס אַן אויסדריק אויך פון דער קריסטלעך-קלויסטערשער טערמינאָלאָגיע; נאָר אין דער דייטשער שפּראַך איז דאָס וואָרט אָפּגעשטאָרבן אין דער פריִנייהויכדייטשער צייט, ביי אונדז איז עס פאַרבליבן.

[5] אייגנטלעך איז דער אַלף-בית וועלכן מיר נוצן היינט ניט דער אַלט-העברעישער, נאָר דער אַ ש ו ר י ש ע ר (כתיב אשורי). די אַלט-העברעישע שריפט איז אַרויסגעשטופּט געוואָרן ביי יידן אין דער צייט צווישן דעם ערשטן און צווייטן חורבן, צוזאַמען מיט דעם ווי די אַראַמישע שפּראַך האָט זיך אויסגעשפּרייט אויפן חשבון פון דער העברעאישער.

ניט צוגעקוקט ווי ס׳געהער צו זיין. אַ שווערע אַרבעט איז דאָס טאַקע. די אַלטע מאַנוסקריפּטן, וואו מען דאַרף אַמאָל זוכן עטלעכע שעה, ביז וואַנען מען שטויסט זיך אָן אויף אַ יידיש וואָרט, ליגן באַהאַלטן בחדרי־חדרים אין די ביבליאָטעקן פון אָקספאָרד, לאָנדאָן, מינכען אאַז״וו, און זעלטן ווער עס אינטערעסירט זיך מיט זיי. די געציילטע דייטש־יידישע געלערנטע, וואָס האָבן יאָ אָוועקגעגעבן אויף דעם זייער צייט, זיינען שוין לכתחילה געווען זיכער, אַז דאָס איז דייטש, און זיי האָבן געזוכט אַ באַשטעטיקונג פאַר זייער שיטה[1]. עס וועט נאָך מוזן קומען דער גרויסער פאָרשער, וואָס קען יידיש, וואָס קען העברעיש, וואָס קען די געשיכטע פון דער דייטשער שפּראַך — און ער זאָל נאָך אַמאָל אַריינגעמען אין די הענט דעם גאַנצן מאַטעריאַל און אַרומקוקן אים פון אונדזער יידישן שטאַנדפּונקט. יעמאָלט וועט זיך געוויס אויפעפענען פאַר אונדז גאָר אַ ניי בילד.

אָבער דאָס מעגן מיר שוין זאָגן היינט: אינגאַנצן דייטש איז דאָס שוין יעמאָלט אויך ניט געווען. מיר געפינען שוין אין די עלטסטע מאַנוסקריפּטן דעם אַריבערגאַנג פון a צו o, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן היינטיקן יידיש און פאַר טייל דייטשע דיאַלעקטן, אָבער ניט פאַר דער דייטשער ליטעראַטור־שפּראַך: האָר (מיטן o) אָנשטאָט האַר (דייטש Haar), אָבלאָט (=oblot נה״ד Oblate[2]. מיר האָבן דעם פּאָדערטראַף דער־ (למשל, דערפילן) אַ סך קאָנסעקווענטער, איידער אין די דייטשע געשריפטן פון יענער צייט. מיר האָבן דאָ אונדזערע גוט באַקאַנטע יידישע ווערטער, וואָס זיינען פון ליטעראַרישן דייטש שוין לאַנג פאַרשוואונדן געוואָרן: פרעגלען, פּוטערפאַס; און נאָך עפּעס וויכטיקערס: מיר האָבן דאָ אַזעלכע ווערטער, וואָס זיינען אין דייטש קיינמאָל ניט געווען און אין יידיש האָבן זיי זיך אויפגעהיט ביז היינטיקן טאָג.

לאָמיר נעמען עטלעכע ביישפּילן.

מיר קענען זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס העברעיִשע וואָרט „מלך" האָבן יידן אַריינגעפירט צו זיך און עס גענומען ניצן צוגלייך מיט „קיניג". טאָמער דאַרפט איר אָבער אַ וואָרט, וואָס זאָל אויסדריקן דאָס וואָס דער קיניג טוט? אין העברעיש דינט דאָס אייגענע וואָרט: „ימלוך" — ער וועט זיין אַ קיניג. אויף דייטש קענט איר ניט געפינען קיין צייטוואָרט פון דעמזעלביקן וואָרצל; איר מוזט זאָגן: „ער וועט הערשן", אָדער: „ער וועט רעגירן", קומט אויס

---

[1] אַם בולטסטן זעען מיר דאָס אַרויס ביי אַזאַ מין גרויסן געלערנטן ווי יוסף פּערלעס אין זיינע Beiträge zur Geschichte der hebräischen und aramäischen Studien. München 1884.

[2] אין דער עלטערער ליטעראַטור אונדזערער ווערט דער o אויסגעדריקט זייער אָפט ניט דורך א, נאָר דורך ו; ס׳שטייט אַלזאָ געשריבן: הור, אובלוט. — בכלל וועגן דעם אַלט־יידישן אויסלייג זע שטאַפלען ז׳ 108—114 און מיין נאָטיץ אין ״יד״פיל ז׳ 94—95.

ניט פּינקטלעך איבערגעזעצט דער העברעישער טעקסט. האָבן זיך יידן אַן עצה געגעבן און געשאַפן אַן אייגן וואָרט: „ימלוך — ער וועט קיניגן" און עס איז שוין געווען רעכט.

אין אַ גלאָסע, וואָס שטאַמט פון 13טן י"ה, שטייט אויף יחזקאל כז, יז („ופנג ודבש ושמן"): „*פנג באשכנז פַּלְמְשָׁא*. פּערלעס[1] מיינט, אַז דאָס איז אַ גרייז און ס'האָט געדאַרפט שטיין „פלשמא" = באַלזאַם. דאָס *קאָן* אָבער ניט זיין קיין גרייז, וואָרים נאָר פון דעם וואָרט „פּאַלמעס" קאָן אַרויסקומען אונדזער הייגטיק וואָרט „פּאַלמעסן". פּאַלמעסן האָט טאַקע אַמאָל באַטייט „באַלזאַמירן", און „פּאַלמעס" נעמט זיך טאַקע פון „באַלזאַם", אָבער ס'איז ניט קיין גרייז אין שרייבן, נאָר אַ וואָרט פאַר זיך.

נאָך אייגנאַרטיקער איז דאָס וואָרט „שטירדעס" אָדער „סטערדיש", וואָס באַגעגנט זיך נאָך היינט אין קורלאַנד, אין ווילנע, אויך אין גאַליציע און וואָלין. דער פּשט איז: בייז, פאַרעקשנט, איינגעגעסן[2]. אין קיין שום דייטשן דיאַלעקט איז עס, דוכט זיך, ניטאָ; נאָר אָט איז אין דער מינכענער מלוכה-ביבליאָטעק פאַראַן אַ העברעישער מאַנוסקריפּט, וואָס איז צונויפגעשטעלט אין 13טן י"ה (באַראָכאָוו נומ' 68), וואו דער פּסוק ירמיה מט, טז ווערט איבערגעזעצט אַזוי: „תפלצתך — דיין שטורדשקייט" (אין לוטערס דייטשער איבערזעצונג שטייט Trotz; בליצעס יידישע איבערזעצונג, וואָס איז אַרויס אין אַמסטערדאַם 1679, שרייבט: „דיין האָפּירט", וואָס דערפון איז אונדזער וואָרט „האָפּערדיק", שטאָלץ). הייסט עס, מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ וואָרט, וואָס איז שוין צום ווייניקסטן 700 יאָר אַ תושב אין דער שפּראַך פון יידן.

אָט די פּאָר געציילטע ביישפּילן ווייזן אונדז שוין, מיט וואָס פאַר אַ וועג מיר דאַרפן גיין, און זיי לערנען אונדז, אַז *די ערשטע אָנהייבן פון אונדזער שפּראַך דאַרפן מיר זוכן ניט נענטער, ווי מיט אַ יאָר 700 — 800 צוריק*.

## 5

דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער, ווען מען זאָל דאָס פאָרמולירן לויט די תקופות פון דער דייטשער שפּראַך, אַז יידן האָבן נאָך אין דער מיטלהויכדייטשער צייט געהאַט אַ לשון, וואָס איז ניט געווען קיין „ריין דייטש". מען וויל דאָס אָפּפרעגן, ווייל עס האָבן זיך אויפגעהיט פון 13טן יאָרהונדערט לידער פון אַ יידישן פּאָעט זיסקינד פון טרימבערג, וואָס די פילאָלאָגן געפינען ניט אין זיין לשון קיין שום יידישע סימנים. נאָר דאָס איז פּונקט דאָס אייגענע, ווי ווען אַ כינעזער וואָלט היינט באַקומען אין האַנט אַריין אַ זאַמלונג פון

[1] דצ"וו, ז' 151.

[2] פגל' שטאַפּלען ז' 237 א"וו.

פרוגס רוסישע לידער און באַשלאָסן אויף דעם סמך, אַז אַלע מזרח־יידן רעדן רוסיש.

אַז דאָס לשון פון יידן האָט נאָך אין מיטלעלטער פאַרמאָגט אַ געוויסן גראַד אייגנאַרטיקייט קען מען פעסטשטעלן אַפילו אויפן טעאָרעטישן וועג. בשעת יידן האָבן איבערגענומען די דייטשע שפּראַך, האָבן זיי שוין די העברעישע שפּראַך געהאַט ביי זיך לאַנגע דורות; און עס איז קיין כפק ניט, אַז אַ ביסל העברעישע עלעמענטן, איבערהויפּט אַזוינע וואָס האָבן אַ שייכות צום רעליגיעזן און קהילה־לעבן, זיינען געווען אויך אין אומגאַנג. ווייטער האָבן יענע יידן, וואָס זיינען געקומען קיין דייטשלאַנד פון פראַנקרייך, איטאַליע, שפּאַניע, מיטגעבראַכט מיט זיך אויך ראָמאַנישע ווערטער, און אַ רעשט פון אָט די פאַר־דייטשע עלעמענטן איז פאַרבליבן אין אונדזער יידיש ביז היינטיקן טאָג. אָט זיינען עטלעכע אַזעלכע יידישע ווערטער פון די ראָמאַנישע שפּראַכן, וואָס וועגן טייל פון זיי ווייסן מיר אויף געוויס, אַז זיי זיינען אין דייטש קיינמאָל ניט געווען אָדער ניט געווען אין דער פאָרם ווי אין יידיש: בענטשן (די לאַטייניש גרונט־פאָרם איז benedicere); אָרן[1] (נאָך היינט אין געברויך ביי די דייטשע יידן; דער טייטש איז דאַווענען); פּלאַנכענען (וויינען; נאָך היינט אין טייל דיאַלעקטן אונדזערע, למשל אין קורלאַנד, אין ווילנע); מילגרוים, טשאָלנט (איטאַליעניש scaldato; אין די עלטערע יידישע שריפטן הייסט עס טאַקע „שאלט", און אַזוי, Schalet, שרייבט עס אויך היינריך היינע); פּילצל (מיידל; אָפט אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור); פּאָסט (באַטייט אין דער ליטעראַטור פון 16טן יאָרהונדערט: מאָלצייט); דערטורנען (איבערהזרן; אין דער עלטערער ליטעראַטור); ברייען (פאַרבעטן); ווירע[2]. דאָס צעטל קען מען פאַרגרעסערן. אַהער באַלאַנגען אויך די נעמען שפּרינצע, יענטל, אַנשל אאַז״וו, וואָס קלינגען היינט אַזוי עכט־יידישלעך[3]. די יידישלעכקייט איז מסתמא אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס די ווערטער זיינען אַזוי אַלט און היימיש אין אונדזער קאָלעקטיוון באַוואוסטזיין.

מען מוז אָבער גיין נאָך ווייטער און זאָגן, אַז אַפילו די דייטשע עלעמענטן אין דעם אַלטן יידיש זיינען אויך ניט געווען ריין־דייטש. אַ נייע שפּראַך נעמט מען דאָך איבער ניט אַזוי ווי מען טוט אָן אַ נייע פּאָר

---

[1] וועגן דעם אָפּשטאַם פון דעם וואָרט זע פ. פּערלעס אין JQR 1923, ז׳ 85—86.

[2] וועגן ווירע זע מיין באַטיק אין יידיפיל ז׳ 55.

[3] איך רעד דאָ אומעטום וועגן ראָמאַניש סתם און ניט וועגן די איינציקע ראָמאַנישע שפּראַכן, ווייל דער אָפּשטאַם פון די ראָמאַנישע עלעמענטן אין יידיש איז נאָך ניט גענוג אויפגעקלערט; אגב זיינען די ראָמאַנישע שפּראַכן אין יענע צייטן (פּונקט ווי די גערמאַנישע און די סלאַווישע) געווען אַ סך נעענטער צווישן זיך איידער היינט.

לאַטשן. לאָמיר זיך פריער פאָרשטעלן איין טיפּ איינוואַנדערונג און שפּראַך־איבערנעמונג. איין ייד ר׳ ישראל, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן פון זיין פּוילישן קליינשטעטל, קומט צו פאָרן אַדאַנק געוויסע אומשטאַנדן ערגעץ־וואו אין דעם אַמעריקאַנער שטאַט אַריזאָנאַ, וואו קיין יידן, לאָמיר זאָגן, זיינען גאָר ניטאָ. וועט ער זיך געוויס נעמען לערנען ענגליש מיט אימפּעט. ער וועט מאַכן גרייזן, ווייל ניט ווילנדיק וועט ער אַריבערטראָגן יענע יידישע אויסדרוקן, וואָס ער האָט אין קאָפּ, אויף ענגלישע ווערטער, וועט דאָס אויסקומען קאָמיש. אָבער דער ייד אונדזערער וועט זיין דורכאויס צווישן יענקיס, וועט זיין אויער אין אַ לפי־ערך קורצער צייט צוגעוויינט ווערן צום קלאַנג פון דעם אַמעריקאַנער ענגליש, און אויב ער איז אַן אינטעליגענטער מאַן, וועט ניט לאַנג נעמען ביז וואַנען ער וועט זיך אויסלערנען ענגליש אינגאַנצן קאָרעקט.

איצט מאָלט זיך אָבער אויס אַ צווייטן פאַל פון איינוואַנדערונג. ניט ר׳ ישראל דער שניידער ווערט פאַרוואָגלט פון קאָלושין קיין אַריזאָנאַ, נאָר צוואַנציק טויזנט יידן קומען אָן אין איין חודש אין ניו־יאָרק, וואו זיי געפינען שוין אַ גרויסע יידישע קהילה. דאָ איז אויך פאַראַן דער צוואַנג פון לערנען ענגליש, און מען וועט טאַקע לערנען. אָבער אויב מען איז שטענדיק צווישן אייגענע, איז אַפילו ווען מען רעדט צווישן זיך דורך ענגליש, חזרט מען זיך אָליין איין די אייגענע גרייזן. צי מאַכט דער ייד אין ענגליש נאָר צופעליקע גרייזן? עס קענען זיין צופעליקע אויך, אָבער אַ גרויסער טייל פעלערן, וואָס יידן מאַכן אין ענגליש, זיינען ניט קיין צופעליקייטן, נאָר דאָס זיינען גרייזן וואָס נעמען זיך פון יידיש און וואָס ווערן פאַראייביקט צוליב דעם, וואָס יידן ווייקן זיך כסדר צווישן אייגענע. אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, דער פּראָפעסער פון די באַוואוסטע ווערטערביכער, האָט אַמאָל געדרוקט אַ גאַנצע סעריע אַרטיקלען וועגן די יידישע גרייזן אין ענגליש[1].

איצט מוזן מיר זיך דערמאָנען וואָס עס איז פריער געזאָגט געוואָרן וועגן „פאַרדאַרבונג" און אַנטוויקלונג. עס קומט אָן אַ געוויסע צייט, ווען גרייזן הערן אויף צו זיין גרייזן און ווערן אייגנטימלעכקייטן. קיין שפּראַך שטייט ניט אויף איין אָרט, אַפילו ווען זי פאַלט ניט אַריין אין פרעמדע מיילער, דאָס הייסט ווען די דרויסנדיקע איינפלוסן זיינען ניט קיין גרויסע. איצטער נעמט אָבער דעם ביישפּיל מיט די יידן. קיין דייטשלאַנד האָבן זיי זיך אַריינגעלאָזן אין גאַנץ קענטיקע מאַסן. איידער זיי זיינען אַהין געקומען, האָבן זיי פאַרשטייט זיך קיין דייטש ניט גערעדט: זיי האָבן גערעדט פאַרשיידענע לשונות פון די לענדער פון וואַנען זיי זיינען געקומען, און תורה האָבן זיי אַלע געלערנט פון דעם לשון־קודשדיקן טעקסט, גמרא פון גמרא־לשון. זיי האָבן זיך דאָס גענומען רעדן דייטש. זיי פלעגן זיך באַגעגענען גאַנץ גענוג

1 אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס", מאַי — יוני 1921.

מיט ניט-יידן אויך, אַניט וואָלטן זיי דאָך זייער שפּראַך ניט איבערגענומען (און אין אַלגעמיין איז די פּאָלקומע אָפּגעשלאָסנקייט פון יידן אין מיטלעלטער, ווי מיר וועלן זען ווייטער, אַן אויסגעטראַכטע זאַך), אָבער מיט די „גוים" האָט מען זיך געזען צוליב געשעפט אַ שעה אין טאָג, און דאָס אויך ניט אַלע, און צווישן אייגענע איז מען געווען שטענדיק, פון פרי ביז שפּעט, פון וויג ביזן קבר. אַלזאָ האָט דאָס „דייטש" פון די יידן געמוזט אָנהייבן זיך אונטער-שיידן פון דעם „דייטש" פון די ניט-יידן[1].

# 6

דאָס יאָ: רעדנדיק אויף זייער ספּעציפישן לשון, האָבן יידן פונדעסט-וועגן אייגטיילגענומען אין דער אַלגעמיינער שפּראַכיקער אַנטוויקלונג פון דייטשלאַנד. אין דעם יאָרהונדערט אַן ערך פון 1450 ביז 1550 האָט די דייטשע שפּראַך דורכגעמאַכט אַ גוואַלדיקע איבערקערעניש, וואָס מיר וועלן זי באַלד אַרומרעדן אַ ביסל גענויער; עס איז פאָרגעקומען דער אַריבערגאַנג פון מיטל-הויכדייטש צו נייהויכדייטש (אָט די ערשטע צייט פון דער נייהויכדייטשער שפּראַך רופט מען, ווי שוין דערמאָנט, „פרינייהויכדייטש"). דאָס לשון פון די יידן האָט אויך מיטגעמאַכט די איבערקערעניש. דע-ריבער מעגן מיר זאָגן: די עלטסטע תקופה פון אונדזער יידיש (טייטש-יידיש אָדער אַלט-יידיש, ווי מיר האָבן עס אָנגערופן) פאַלט אויס אין דער צייט פון מיטלהויכדייטש, אין דער ערשטער העלפט פון אונדזער יאָרטויזנט; אָבער איר היינטיקן גרונטגעשטאַלט האָט אונדזער שפּראַך באַקומען ערשט אין דער פרינייהויכדייטשער צייט, אין דעם יאָרהונדערט צווישן 1450 און 1550. דאָ הייבט זיך אָן די צווייטע תקופה פון אונדזער שפּראַך-געשיכטע, און זי ציט זיך אַ וואָסערע 200 יאָר.

---

[1] דאָס וואָס יידן האָבן גערופן זייער לשון „טייטש", „לשון אשכנז", „עברי-טייטש", „יידיש-טייטש" אאז"וו האָט קיין שום שייכות ניט צו דער פראַגע וועגן דער אייגנאַרטיקייט פון אונדזער שפּראַך אין פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער. פרעגט היינטיקן טאָג ביי דער באָבען, וואָס פאַר אַ ספר זי לייענט דאָס מיט אַזאַ חשק, וועט זי אייך ענטפערן: „דעם טייטש-חומש", כאָטש אַ דייטש וועט דאָרט ניט פאַרשטיין קיין וואָרט אויף אַ רפואה; און מיר אַליין רעדן דאָך אויך וועגן „פאַרטייטשן", מיר פרעגן „וואָס טייטש". — צו דעם דאָזיקן פאַקט האָבן מיר אַ פולקומע אַנאַלאָגיע ביי די האָלענדער. זיי רופן זייער שפּראַך „נידערלענדיש" (nederlandsch), נאָר אויף ענגליש הייסט זי dutch = דייטש. דאָס איז אַ ירושה פון דער מיטל-נידערלענדישער צייט (13—16 י"ה), ווען די האָלענדער גופא האָבן גערופן זייער לשון duutsch, dietsch.

אגב האָט ג. שטיף אויפגעוויזן אין זיין אַרבעט „לשון אשכנז — טייטש — לשוננו — יידיש — אונדזער שפּראַך", „יד"פיל" ז' 336 — 388, אַז אויך דער נאָמען „יידיש" איז שוין געווען אין 16טן און 17 י"ה.

אין וואָס דריקט זיך אויס דער איבערגאַנג פון מיטלהויכדייטש צו נײַ-הויכדייטש, און ממילא דער איבערגאַנג פון אַלט-יידיש צו אונדזער צווייטן פּעריאָד?

א) די לאַנגע אײנפאַכע וואָקאַלן î און û זיינען געוואָרן טאָפּל-קלאַנגען (דיפטאָנגען): ei און au. מה"ד mîn און hûs (דאָס דעכל אויפן אות איז אַ סימן, אַז דער וואָקאַל איז לאַנג) איז געוואָרן נה"ד mein און haus.

יידיש האָט אויך דורכגעמאַכט דעם בייט. אין גאַנץ אַלטע יידישע שריפטן געפינען מיר נאָך „איזן" (=אײַזן), „וין" (=ווײַן), „מול" (=מויל), אָבער היינט האָבן מיר דורכאויס: אײַזן, ווײַן, מײַן, הויז, מויל[1].

ב) די טאָפּל-קלאַנגען ie און uo, וואָס זיינען געווען אין מה"ד, זיינען אין נה"ד געוואָרן פּשוטע לאַנגע וואָקאַלן i און u. מה"ד liebe (וואָס מען פלעגט טאַקע אַרויסריידן לי—ע—בע) איז געוואָרן lîbe (מען שרייבט נאָך היינט אין דייטש אויך ע"פּ טראַדיציע אַן e, נאָר ער איז שטום), איז buoch געוואָרן bûch.

דעם זעלביקן איבערגאַנג געפינען מיר אין יידיש אויך[2].

ג) קורצע וואָקאַלן זיינען אין אָפענע טראַפן[3] געוואָרן לאַנגע: מה"ד săgen (דאָס העקל איז אַ סימן פון קורצקייט) איז געוואָרן נה"ד sâgen,

---

[1] דאָ דאַרף אָבער באַטאָנט ווערן איין זאַך. אין דער נה"ד ליטעראַטורשפּראַך האָבן זיך צונויפגעגאָסן קלאַנגען, וואָס זיינען אין מה"ד געווען פאַרשיידן; יידיש האָט אויפגעהיט די דיפערענץ. לאָמיר נעמען אַזוינע ביישפילן (ביי די יידישע ווערטער גיב איך איבערן פּאַסיקל די ליטוויש-אוקראַינער, אונטער אים — די פּוילישע אויסשפּראַך):

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| יידיש | er r$\frac{aj}{\hat{a}}$st | z$\frac{aj}{\hat{a}}$n | kl$\frac{ej}{ai}$n | kl$\frac{ej}{ai}$d |
| מה"ד | er rîzet | sîn | kleines | kleid |
| נה"ד | er reisst | sein | kleines | kleid |

מיר זעען דאָ, אַז דער מה"ד î האָט אין יידיש געגעבן ai (â), דער מה"ד ei — ej (aj), אין דער צייט, וואָס אין נה"ד האָבן זיך ביידע מה"ד קלאַנגען î און ei צונויפגעגאָסן אין איין קלאַנג ei (אויסשפּראַך aj). דאָס מיינט צו זאָגן, אַז יידיש האָט אויפגעהיט אין זיין קלאַנגען-סיסטעם אַן עלטערן שפּראַכשטאַנד, איידער די היינטיקע דייטשע ליטעראַטורשפּראַך. — דאָס אייגענע לאָזט זיך גרינג אויפווייזן אויך בנוגע אונדזערע וי-קלאַנגען; זע שטאַפּלען ז' 200 — 202.

[2] אויך אין היינטיקן פּוילישן יידיש געפינען מיר אַזאַ טאָפּלקלאַנגיקייט אין דער אויספּראַך ווי bî — ech און ענלעכע. אָבער דאָס איז מסתמא אַ דערשיינונג פון אַן אַנדער קאַטעגאָריע, וואָ־ים מיר האָבן אָט די „קלאַנגענשפּאַלטונג" אויך אין אַזוינע ווערטער ווי wue (=וואָס) וואו ס'איז אין דער מה"ד צייט געווען אַ בפירושע a-שרייבונג, דאָס הייסט אַן איינפאַכער קלאַנג.

[3] אָפענע טראַפן רופן זיך אַזוינע וואָס ענדיקן זיך אויף אַ וואָקאַל.

מה״ד tăge (טעג) איז געוואָרן נה״ד tâge (און שפּעטער איז שוין ע״פ אַנאַ־לאָגיע מיט tâgen, tâges, tâge געוואָרן tâg אויך, הגם אין דעם לעצטן וואָרט שטייט a אין אַ געשלאָסענעם טראַף).

יידיש האָט אויך געהאַט אַן אָנטייל אין דעם פּראָצעס. מיר האָבן פריער געזען, אַז דער â פון מיטלהויכדייטשע טעקסטן ווערט שוין אין די עלטסטע יידישע געשריפטסן זייער אָפט איבערגעגעבן דורך ו (=o; דערמאָנט זיך אונדזערע ביישפּילן: האָר, אָבלאָט). אָבער היינט האָבן מיר אין ליטווישן יידיש אַן o (אין פּויליש־אוקראַיִנישן אַן u) ניט נאָר אָנשטאָט די מיטלהויכ־דייטשע לאַנגע a[1], נאָר אויך אין יענע פאַלן, וואו דער a איז לאַנג געוואָרן ערשט אין דער פריִיהויכדייטשער צייט, אַ שטייגער: טאָג, זאָגן, טראָגן, מאָגען, שאָבן, שאָלעכץ אאַז״וו. פאַרקערט, וואו אין ניִיהויכדייטש איז געבליבן דער מה״ד קורצער a, האָבן מיר אין יידיש אויך a: זאַך, פאַלן, פאַסן אאַז״וו. אַ סימן, אַז ביז וואַנען עס איז אין דייטש געגאַנגען דער בייט פון ă אויף â, איז יידיש נאָך געווען אַ טייל פון דעם דייטשן שפּראַך־אָרגאַניזם.

אַזעלכע פאַקטן לאָזן זיך מערן, מען קען זיי געפינען ניט נאָר אין דער קלאַנגען־סיסטעם, נאָר אויך אין אַלע אַנדערע טיילן פון דער גראַמאַטיק. נאָר איך רעכן, אַז עס קלעקט, ווייל דער גרונט־געדאַנק איז קלאָר: ביז דער ערשטער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט איז יידיש געווען ענג פאַרקניפּט מיט דער דייטשער שפּראַך. מען קען דאָס צוגלייכן צו אַ קינד אין דער מוטערס לייב: ס׳איז נאָך אַ טייל פון דער מוטערס קערפּער, ס׳איז נאָך איין סיסטעם פון בלוט־געפעסן, נאָר פונדעסטוועגן איז שוין אויסגעוואַקסן אַ קערפּער פאַר זיך, וואָס וועט אָנהייבן אינגיכן זיין זעלבשטענדיק לעבן.

אין 16טן יאָרהונדערט איז שוין די געבורט פון יידיש אַ פאַקט. נאָך איז אונדזער שפּראַך — לאָמיר מאָלן ווייטער דאָס בילד פון אַ מוטער מיט אַ קינד — קליין, זי לערנט זיך ערשט גיין, זי האַלט זיך נאָך לעבן דער מוטער. ערשט פּאַוואָליע־פּאַוואָליע וואַקסט זי אונטער, זי נעמט שטעלן זיכערע טריט, זי לאָזט זיך אַוועק אין דער פרעמד, און דאָרטן ווערט זי אַ לייט: די אמתע בליִונג פון יידיש איז פאָרגעקומען ניט אין דער דייטשער היים, נאָר אין די סלאַווישע לענדער.

## 7

אויב מיר האָבן אָנגערופן דעם ערשטן פּעריאָד פון אונדזער שפּראַך

---

[1] אין אַזעלכע מה״ד ווערטער ווי jâmer, nâter האָט יידיש o (u) יאָמער, [פּ־פּער־] נאָטער, כאָטש נה״ד האָט דאָ געקירצט דעם a (Jammer, Natter); יידיש איז דאָ [illegible] געבליבן געטריי דעם עלטערן קלאַנגיקן געשטאַלט.

אַלט־יידיש (אָדער טייטש־יידיש), און אונדזער היינטיק לשון וועלן מיר רופן *ניי־יידיש*, קאָן מען דעם מיטלסטן פעריאָד אָנרופן *מיטל־יידיש*. דער נאָמען איז גאַנץ צוגעפּאַסט, דוכט מיר, ווייל דאָס איז אין אַ געוויסער מאָס אַ צייט פון איבערגאַנג. דאָס *קערנדל* פון דער אַנטוויקלונג אין שוין געווען פריער אין ערשטן פעריאָד; איצטער, אין די צוויי הונדערט יאָר פון אָנהייב 16טן ביזן 18טן יאָרהונדערט, שפּרייטן זיך פונאַנדער, וואָס ווייטער אַלץ ברייטער, יענע טענדענצן, וואָס האָבן געווירקט אין לשון פון די יידן שוין פון אָנהייב אָן און האָבן ענדלעך געבראַכט צום מאָדערנעם געשטאַלט פון אונדזער שפּראַך.

דריי סימנים זיינען פאַראַן, וואָס זיינען נאָך היינטיקן טאָג כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער יידיש אין קעגנזאַץ צו דייטש: א) אַוועקגיין פון דעם דייטשן דיאַלעקט, ב) די „איינקאָרפּאָרירונג" פון העברעיִשע עלעמענטן, זייער צונויפוואַקסן זיך מיט די דייטשע טיילן פון אונדזער שפּראַך; ג) די „לייווערטער" פון אַנדערע שפּראַכן. דאָס זיינען אַזוינע עיקרדיקע דערשיינונגען, אַז מיר מוזן זיך אויף אַ ווײַלע אָפּשטעלן דערביי.

א) יעדער איינער ווייסט, אַז די דייטשע ליטעראַרישע שפּראַך פון די געבילדעטע איז ניט דאָס אייגענע ווי די דיאַלעקטן, אויף וועלכע עס רעדט דער ברייטער עולם אין דייטשלאַנד. אַנטקעגן דער איין ליטעראַרישער שפּראַך זיינען פאַראַן עטלעכע צענדלינג דיאַלעקטישע גרופּעס, און ווען אַ פּויער פון דרום־בייערן באַגעגנט זיך מיט אַ פּויער פון האָלשטיין, קענען זיי זיך ניט צונויפרעדן. אונדזער יידיש איז אַרויסגעוואַקסן, פאַרשטייט זיך, ניט פון דער ליטעראַרישער שפּראַך (וואָס איז אַגב גאָר יינגער איידער יידיש, ווי מיר האָבן דאָס געזען ביים ענין î און ei — סך־הכל אַ 400 יאָר אַלט), נאָר פון די גערעדטע דיאַלעקטן, ווייל יידן האָבן איבערגענומען די דייטשע שפּראַך ניט פון ליטעראַטור און ניט פון גראַמאַטיקעס, נאָר פון זייערע לעבעדיקע שכנים. דעריבער איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס מיר געפינען אין טייל דייטשע דיאַלעקטן די זעלביקע ווערטער, ווי אין יידיש. אין גרויסע טיילן מזרח־דייטשלאַנד זאָגט מען ניט Kopf נאָר kop; אין גאַנץ דרום־דייטשלאַנד זאָגט מען ניט Stube נאָר štub; אין בייערן קענט איר הערן: enker tiš, אָנשטאָט euer tisch, פּונקט ווי ביי אונדז אין וואַרשע; אָנשטאָט blüt וועט איר blut געפינען אין עלזאַס. אָבער פון די דייטשע געגנטן, וואָס זיינען דאָ אויסגערעכנט, קען מען שוין אַרויסזען דעם גרויסן כלל: ניטאָ קיין *איין* דייטשער דיאַלעקט, וואָס זאָל זיין איינגאַנצן געגליכן צו אונדזער יידיש אָדער אַפילו צו וועלכן עס איז פון אונדזערע דיאַלעקטן (פּויליש־יידיש, ליטוויש־יידיש, אוקראַיניש־יידיש אאַז"וו). אין דער יידישער שפּראַך און אין יעדן איינציקן פון אונדזערע דיאַלעקטן האָבן זיך באַהאַלטן די *פאַרשיידנסטע עלעמענטן* פון *פאַרשיידענע דייטשע דיאַלעקטן*. עס לייגט זיך דאָך אויפן שכל: ווען די יידן פון דייטשלאַנד האָבן עמיגרירט קיין מזרח־

אייראָפּע, האָבן זיי זיך ניט געקענט באַזעצן אַזוי, אַז אין פּוילן זאָלן זיצן נאָר די יידן פון בייערן, און אַלע יידן פון עלזאַס זאָלן אַוועק קיין ליטע. עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרמישונג, גלייך ווי מען נעמט פאַרשיידענע פאַרבן און מען מישט זיי צונויף אין איין טאָפּ; און פון דער פאַרמישונג זיינען דערנאָך אַרויסגעוואַקסן נייע פאַרזיכדיקע קאָמבינאַציעס, אונדזערע היינטיקע יידישע דיאַלעקטן[1].

בנוגע מזרח-אייראָפּע איז דאָס קלאָר. אָבער עס קען קיין ספק ניט זיין, אַז אַזאַ מין צונויפמישונג פון פאַרשיידענע דייטשע דיאַלעקטישע סימנים, דאָס הייסט אַן עמאַנסיפּאַציע פונעם אָרטיקן דייטשן דיאַלעקט, איז פאָרגעקומען שוין אין דייטשלאַנד גופא. און געשען איז דאָס יעדנפאַל ניט שפּעטער, ווי אין דער מיטל-יידישער צייט, וועגן וועלכער מיר רעדן אַצונד[2] (פון דער אַלט-יידישער צייט האָבן מיר נאָך דערווייל צו ווייניק מאַטעריאַל, קענען מיר ניט געבן קיין קלאָרן ענטפער).

יידן זיינען געווען אַ סך באַוועגלעכער, איידער די קריסטן — טייל קענען זייער ווילן און אָפּטמאָל מיט זייער אייגענעם ווילן. קלייבנדיק זיך פון וואָרמס ביים ריין קיין ווין פלעגט דער ייד מיטנעמען מיט זיך, אַליין וועגן דעם ניט קלערנדיק, זיין פריערדיק לשון: דעם באַזונדערן רייניש ניגון ביים רעדן, די ספּעציפישע ווערטער און פאָרמען. דעם וואָרמסער יידנס קינדער, וואָס האָבן געשטיפט און געלערנט אין חדר אינאיינעם מיטן אַלטגעזעסענעם ווינער קליינוואַרג, האָבן שוין געמישט ביידע לשונות: עס האָט זיך אויסגעפלאָכטן ביי זיי דעם טאַטנס שפּראַכיקע ירושה מיט דעם, וואָס זיי האָבן איבערגענומען אין דער נייער היים. איצטער שטעלט זיך פאָר, אַז אַזאַ אויסמישונג איז פאָרגעקומען ניט איינמאָל און ניט צענמאָל, נאָר דער שמעלצטאָפּ האָט געקאָכט כסדר, אָן אויפהער; עס האָבן זיך איבערגעטראָגן גאַנצע קהילות, ס'האָבן זיך איבערגערוקט פּאָליטישע גרענעצן; האָט זיך געמוזט איבעררייסן דער פעסטער צוזאַמענבונד צווישן דעם דיאַלעקט פון די בייערישע דייטשן און דעם לשון פון די געוועזענע בייערישע יידן. צווישן די צעוואָרפענע יידישע קהילות האָט זיך אָבער יאָ געהאַלטן אַ צוזאַמענבונד—איז באַשאַפן געוואָרן אַ געוויסע איינהייטלעכקייט פון דער יידישער שפּראַך. אין יידיש האָבן זיך טאַקע אויסגעפורעמט פאַרשיידענע דיאַלעקטן, נאָר יעדערער פון זיי איז אַ סך נעענטער צו אַלע אַנדערע, איידער צו וועלכן עס איז דיאַלעקט פון דער דייטשער שפּראַך. ס'איז אַן אונטערשייד ווי פון ברידער ביז שוועסטערקינדער.

אָט דאָס פטור ווערן דעם דייטשן דיאַלעקט, וואָס ווייטער אַלץ מער,

---

[1] ד"ר אַלפרעד לאַנדוי איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט דאָס אויפגעוויזן אין זיין גערימטער אַרבעט: Das Deminutivum der galizisch-jüdischen Mundart (געדרוקט 1894 אין נאַגלס Deutsche Mundarten I 1).

[2] אויף עטלעכע ביישפּילן אַזעלכע האָב איך אָנגעוויזן אין שטאַפּלען ז' 86 און 136.

איז איינער פון די הויפט=שטראָמען אין דער אַנטוויקלונג פון יידיש. האָט אין האָט דערמיט גייט בכלל אַ באַפרייונג פון די דייטשע פענטעס אין פּרט פון וואָרטשטעלונג, פאָרמען און קלאַנגען. ביסלעכווייז ווערט אַרויסגעשטופּט דער אימפּערפעקט (ניט „ער גינג״, נאָר „ער איז געגאַנגען״)[1], דער פּשוטער קאָניוקטיוו (מען זאָגט שוין ניט: „ער ברעכט״, נאָר „ער מעכט געבראַכט״ און שפּעטער: „ער וואָלט געבראַכט״) און אַנדערע פאָרמען, וואָס זייבען שוין הייבט ניטאָ, נאָר אין אונדזער עלטערער ליטעראַטור געפינט מען זיי. צו= ביסלען ווערט בטל דער איבערקלאַנג, און מען נעמט זאָגן „גרין״ אָנשטאָט grün, „בייז״ אָנשטאָט bös(e)[2].

ב) דער צווייטער גרונט=פּראָצעס אין דעם וואוקס פון אונדזער שפּראַך איז דער ז י װ ו ג פ ו ן ד ײ ט ש מ י ט ה ע ב ר ע י ִ ש. העב= רעישע ו ו ע ר ט ע ר האָבן יידן געוויס געניצט אין זייער דייטש נאָך אין די ערשטע צייטן פון זייער קומען קיין דייטשלאַנד, טייל פון דער רעליגיעזער ספערע (שבת, תּפילה, טלית, ציצית, תּפילין, גמרא, חומש, רבֿ, שמש אאַז״וו), טייל, כּדי די אַרומיקע זאָלן ניט פאַרשטיין (אַזוי ווי מען זאָגט נאָך הייבט: „דער אָדון וויל אין יד אַריין״ אָדער ווי דער ייד רופט זיך אָפּ צו מאָטל פּייסע דעם חזנס: „דַבר נישט אויף דיין אָחיו!״). אָבער העברעיִשע ווערטער קען מען אַריינמישן אין ענגליש, אין רוסיש און אין דייטש, און עס ווערט נאָך ניט דערפון קיין יידישע שפּראַך. אַ סך וויכטיקער איידער „מתּנה״ אָנשטאָט

---

[1] נאָך אין 16טן י״ה איז דער אימפּערפעקט שטאַרק פאַרטראָטן אין אונדזער ליטע= ראַטור; אין 17טן ווערט ער פּאַמעלעך פאַרשוואונדן. כּדי צו פאַרשטיין דעם פּראָצעס דאַרף מען זיך דערמאָנען, אַז גאַנץ דרום=דייטשלאַנד האָט ניט דעם אימפּערפעקט אין די דיאַלעקטן; און היות אין דער אויספאָרעמונג פון יידיש איז צפון=דייטשלאַנד באַטייליקט אַ סך שוואַכער ווי דרום=דייטשלאַנד, איז קיין חידוש ניט, וואָס אין דעם קאַמף צווישן „גינג״ און „איז געגאַנגען״ האָט גובר געווען דאָס צווייטע. פון וואַנען אָבער קומט די שפע אימפּערפעקטן אין 16טן י״ה? לויט מיין מיינונג איז דאָס אַ רעזולטאַט פון דער דייטש=ליטעראַרישער השפּעה, וואָס האָט אַלעמאָל, ביז אין 19טן י״ה אַריין, שטאַרק געדריקט אויף אונדזער ליטעראַטור.

לויט די קאַרטעס פון דעם דייטשן שפּראַך=אַטלאַס (וועגן דער דאָזיקער אין איר מין איינציקער אונטערנעמונג זע שטאַפּלען ז׳ 33) קאָן מען זען בולט, אַז עלזאַס, שוואַבן, בייערן האָבן אינגאַנצן פאַרלוירן אַזאַ פאָרם ווי war און זאָגן אָנשטאָט דעם דורכאויס bin gewesen אאַז״וו. דער אונטערגאַנג פון אימפּערפעקט האָט זיך אָנגעהויבן אין דייטש אין דער צווייטער העלפט פון 15טן י״ה און איז געגאַנגען פון דרום אויף צפון.

[2] בוקסטאָרף שרייבט (אָנהייב 17טן י״ה): „עס איז אַ גרייז צו ניצן פאַר eu — יי, פאַר ö — ע אָדער א אָדער ו און פאַר ü אַ פּשוטן י״. אַ סימן, אַז אַזעלכע „גרייזן״ (פון שטאַנדפּונקט פון דייטש) האָט ער אָפט באַגעגנט, וויבאַלד ער האָט געפונען פאַר נייטיק וועגן דעם ספּעציעל צו דערמאָנען.

„געשאַנק“ און „דאגה“ אָנשטאָט „זאָרג“ איז געווען די מערקווערדיקע פ אַ ר ש מ ע ל צ ו נ ג פון דייטשע און העברעיִשע עלעמענטן. „קדוש“ קען נאָך זיין העברעיש, „זיין“ קען זיין דייטש אויך; אָבער „מקדש זיין“ קען זיין נאָר יידיש. „אסר“ איז אַ העברעיִשער שורש און ־ן איז אַ דייטשע ענדונג; נאָר „אַסרן“ איז פּאָרט דורכאויס יידיש; „דרשה־געשאַנק“, „פּסחדיק“ באַשטייען פון דייטשע און העברעיִשע טיילן, נאָר אַזוינע ווערטער זיינען ניטאָ און קענען ניט זיין ניט אין דייטש און ניט אין וועלכער עס איז אַנדערער שפּראַך.

ג) עס בלייבט נאָך איבער דער ד ר י ט ע ר שטראָם, וואָס האָט געטריבן פאָרויס די אַנטוויקלונג פון יידיש: די שפּראַך ווערט דורכגעדרונגען מיט ו ו ע ר ט ע ר און פ אָ ר מ ע ן, וואָס ז י י נ ע ן נ י ט ד י י ט ש און נ י ט ה ע ב ר ע יִ ש. קודם־כל גייען דאָ די שוין פריער באַהאַנדלטע לייווערטער פון די ר אָ מ אַ נ י ש ע שפּראַכן. טייל פון זיי זיינען ביי אונדז געבליבן און האָבן נאָך אַפילו צובאַקומען אַ ספּעציעלן יידישלעכן חן (ווער ווייס זיך דאָס אָנשטויסן, אַז י ע נ ט ע איז די ראָמאַנישע gentile, די וואוילגעבוירענע?); אַנדערע זיינען פאַרפאַלן געוואָרן מיט די יאָרן. נאָר דערפאַר זיינען צוגעקומען נייע ווערטער, דאָסמאָל שוין ניט פון די ראָמאַנישע שפּראַכן, נאָר פון ס ל אַ ו ו י ש ע. ווידער אַמאָל זיינען דאָס ווערטער, וואָס זיינען טיילווייז אַריין אין דער דייטשער שפּראַך אויך: ק ר ע ט ש מ ע[1], כריין (אין אונדזער עלטערע ליטעראַטור און אין די מזרח־דייטשע דיאַלעקטן הייסט עס „ק ר י י ן“), ג ר ע נ ע ץ, א ו ג ע ר ק ע, ב י י ט ש אאַז״וו. אָבער ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אַן אַ שיעור מער ווערטער, וואָס שטאַמען פון סלאַוויש, זיינען כאַראַקטעריסטיש ספּעציעל פאַר יידיש. אַזעלכע ווערטער, ווי נ ע ב ע ך[2], כ אָ ט ש זיינען אין דער מיטל־יידישער צייט געווען היימיש צווישן אַלע דייטשע יידן. אין אַ פּעקל פּריוואַטע בריוו, וואָס פּראָגער יידן האָבן געשריבן קיין ווין צו זייערע דאָרטיקע קרובים אין 1619, געפינען זיך די ווערטער: מ ע נ ט ל י ק, ס ע ר ד ע ק ל, פּ אָ מ נ י ג ל (אַן אָנדענקל), ז אַ פּ י ס.

וואָס ווייטער יידיש רוקט זיך אָפּ פון דייטש, אַלץ מער פאַרברייטערט זיך דער איינפלוס פון סלאַוויש. עס קומען צו אי נייע ווערטער (לאָפּעטע,

---

1 די „קרעטשמע“ איז געקומען צו אונדז ניט פון פּויליש אָדער רוסיש (ווייל דאַן וואָלט עס געהייסן קאָרטשמע, קאַרטשמע לויט корчма, karczma), נאָר פון טשעכיש krčma.

2 דער אויסדרוק איז שוין פאַראַן אין דעם פּאַריזער און האַמבורגער כתב־ידן פון שמואל־בוך, אין דער ערשטער געדרוקטער אויסגאַבע פון דעם ווערק (1544), אין מנחם אָלדענדאָרפס סדר־נשים, געשריבן 1505 (כ״י אין קעימברידזש), אין אליה בחורס „פּאַריז און וויענע“ אאַז״וו. — שטאַמען שטאַמט עס פון טשעכיש neboh̷ý; די עטימאָלאָגיע, nie bei euch, וואָס ווערט געבראַכט צייטנווייז, איז ניט מער ווי אַ משכּילישער אייגנטייטש פון דער קאַטעגאָריע „פּרטי־כּל“ (פּראָטאָקאָל) אָדער „דלוג־רב“ (טעלעגראַף).

קאָפּעטע, סטאַרען זיך אַאַז״וו)׳ אי גראַמאַטישע פאָרמען. מיר קענען היינט זאָגן: גאָטעניו, לערערקע, ריוּוטשע, בחורעץ, כּלבוניק — אַלץ ווערטער מיט סלאַווישע ענדונגען. ס׳ווערן אויך געשאַפן מאַסן נייע ווערטער און ווענדונגען לויט סלאַווישע מוסטערן, דאָס וואָס די שפּראַך־וויסנשאַפט רופט אָן „לייווערטער לויטן פשט״: פאַרוואָס, אַזוי ווי׳, וואָס אַמאָל מער, צוואַנציק צוויי, אַ זייטיקער, אויסגעהאַלטן (קאָנסעקווענט); אונטערלויפן (צולויפן נאָענט צו עמעצן), אונטערזאָגן, דערזאָגן, איבערשלאָגן, איבערבעטן.[1]

נאָר דאָ האָבן מיר פאַרלאָפן אַ ביסעלע דעם וועג. דאָס דאָזיקע אַריינדרינגען פון סלאַוויש איז שוין פאָרגעקומען טיילווייז אין דער דריטער תקופה פון יידיש, וואָס מיר האָבן נאָך היינט: אין דער ניי־יידישער צייט.

## 8

אין די יאָרהונדערטער פון דעם מיטל־יידישן שפּראַך־פּעריאָד האָט זיך די טעריטאָריע, וואו מען האָט גערעדט יידיש, אומגעהייער פאַרגרעסערט. אין ביימען און מערן, אין פּוילן און ליטע, אין אוקראַינע און ניירוסלאַנד ביז אַראָפּ צום שוואַרצן ים האָבן יידן געלאָזט הערן זייער שפּראַך. אויף מערב האָט מען גערעדט יידיש ביז טיף אין פראַנקרייך אַריין. אין צפון־איטאַליע זיינען געזעסן אין אַ היפּשער צאָל „דייטשע״, ד״ה יידישע יידן, וואָס האָבן נאָך אין 16טן י״ה געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראַטור. אין סקאַנדינאַוויע האָט מען גערעדט יידיש; דער באַוואוסטער דענישער דראַמען־שרייבער האָלבערג, וואָס האָט געלעבט אין מיטן 18טן יאָרהונדערט, לייגט אַריין אין מויל פון זיינע יידישע פאַרשוינען גאַנצע זאַצן יידיש. האָלאַנד איז נאָך דער גזרת־כמעלניצקי באַזעצט געוואָרן פון גרויסע מאַסן מזרח־יידן, וואָס האָבן גערעדט געווייינטלעך יידיש און אויפגעבויט דאָ גרויסע דרוקן מיט הונדערטער נייע און איבערגעדרוקטע ווערק: אַמסטערדאַמער אויסגאַבעס האָבן געהאַט אַ שם. ניט אומזיסט דערציילט דער קריסטלעכער פּראָפעסאָר קריזאַנדער, אַ גרויסער קענער פון אונדזער שפּראַך, אין 1750: יידן באַרימען זיך, אַז מיט יידיש קען מען אויספאָרן די גאַנצע וועלט.[2] עס איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע און וייט־פאַרצווייגטע ליטעראַטור; שרייבער פון ליטווישע שטעטלעך פלעגן אַרויסגעבן זייערע ווערק אין האָלאַנד; קראָקע

1 ספּעציעל וועגן די סלאַווישע השפּעות ביי דער פורעמונג פון יידישע צייטווערטער האָט געשריבן ד״ר אַלפרעד לאַנדוי אין די פילאָלאָגישע שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, באַנד II, ז״ז 199—214. וועגן די אַנדערע געביטן דאַרף נאָך ערשט ד״ר לאַנדוי פאַרעפנטלעכן זיין רייכן מאַטעריאַל.

2 אין זיין חיבור „Unterricht vom Nutzen des Judenteutschen״, 1750, ז׳ 27.

און פּראָג, פראַנקפורט=מאַין און פראַנקפורט=אָדער זיינען געוואָרן גרויסע צענטערס פון יידישער ביכער=פּראָדוקציע.

אין אָט דער מיטל=יידישער צייט קומט פאָר אַ פּראָצעס, וואָס האָט זייער אַ גרויסן באַטייט פאַר דעם ווייטערדיקן גורל פון אונדזער שפּראַך: יידיש אין מזרח=אייראָפּע נעמט זיך וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער אונטערשיידן פון דעם מערב=אייראָפּעישן יידיש. אויף געוויסע אונטערשיידן צווישן דעם יידיש אין דייטשלאַנד און אין די סלאַווישע לענדער האָט אָנגעוויזן נאָך בוקסטאָרף. יוסף מאַרשן, וואָס האָט 1710 אַרויסגעגעבן אַן איבערזעצונג פון עטלעכע דעקאַמעראָן=געשיכטעס באַקאַטשיאָס, פאַרענטפערט זיך אין דער הקדמה: „עש איז אויך און מיגליך [=אוממיגלעך] דש מיר דאש טייטש פאר איין אידר מן [=יעדער מאַן, איטלעכער] טייטליך גינוג קענ״ן בישרייבן; דען איין איטליכי מדינה האָט איין ביזונדר טייטש לשון, וואול [=וואויל] צו פר שטין [=פאַרשטיין] אונטר אונז יהודים...״ משה זרח איידליץ, וואָס האָט 1775 אַרויסגעגעבן אין פּראָג אַן אויספירלעכע מאַטעמאַטיק אין העברעיש און יידיש אונטערן נאָמען „מלאכת מחשבת״, שרייבט שוין אין דעם העברעישן פאָרוואָרט בפירוש: „און אויך די טייטשע שפּראַך וואָס איז אָנגענומען ביי אונדזער פאָלק, איז ניט די אייגענע ביי די יידן פון די פּוילישע לענדער און פון דייטשלאַנד, און ס׳זיינען כמעט ווי צוויי באַזונדערע לשונות״.

*

צום סוף פון דער מיטל=יידישער צייט, אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה, הייבט זיך אָן אַ שווערער קריזיס פאַר דער יידישער שפּראַך, וואָס ברענגט סוף כל סוף דערצו, אַז יידיש ווערט אַרויסגעשטופּט פון מערב=אייראָפּע[1]. דייטשע יידן האָבן פאַמעלעך גענומען רעדן דייטש[2] (כאָטש אין אַ מער פאַרוואָרפענעם ווינקל פון דייטשלאַנד קען מען נאָך היינט הערן ביי יידן זייער אַ מאָדנעם דייטשן לשון. די שיינע יידישע קהילות אין ביימען און מערן

---

1 יידישע דיאַלעקטן אין מערב=אייראָפּע האָבן זיך אויפגעהיט אין ע ל ז א ס (פּגל׳ די אַרבעט פון עמאַנועל ווייל [Weill]: Le yidisch alsacien-lorrain, פּאַריז 1921), אין א ו נ ג א ר ן און ה אָ ל א נ ד (זע די הערה 2, ז׳ 26).

2 פון דער אַנדערער זייט זיינען אָבער אַ שפּאָר ביסל יידישע ווערטער אריינגעדרונגען אין דער דייטשער שפּראַך: meschugge, mies (מיאוס), Moos (מעות), schofel (שפל), Pleite (פליטה, מיטן ספּעציעלן פּשט באַנקראָט), Stuss (שטות) אאַז״וו שטייען שוין היינט אין אַ דייטשן ווערטערבוך. נאָך מער יידישע ווערטער זיינען פאַראַן אין די דיאַלעקטן פון יענע געגנדן, וואו יידן לעבן אָדער האָבן געלעבט אין אַ גרעסערער צאָל. — פאַר אַ קוריאָז זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן דאָס „דייטשע״ Pleitegeier. אין דער צייט פון דער אינפלאַציע (1919—1923), ווען איבער דייטשלאַנד איז געהאַנגען די סכנה פון מלוכה=באַנקראָט, האָט מען אין די דייטשע בלעטער געקענט זען אַן אילוסטראַציע, ווי אַ גרויסער

זיינען אָפּגעשטאָרבן, און דאָס יידיש אין זיי איז פאַרדאַרט געוואָרן. אין אַמ־סטערדאַם האָבן זיך נאָך אויפגעהיט ביי יידן אַ סך גוטע יידישע ווערטער (אין 1915 איז אַרויס אויף האָלענדיש אַ גאַנץ בוך: „יידיש אין די נידערלאַנדן"[1], נאָר אין אַלגעמיין רעדן שוין יידן דאָרטן די שפּראַך פון לאַנד[2]. מיט איין וואָרט: די יידישע שפּראַך איז שוין ניט קיין לעבעדיקער כוח אין מערב־אייראָפּע, הגם אינגאַנצן איז זי נאָך ניט אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ליכטיקער שיין (דאָס ווייזט אונדז אַגב, אַז קיין שום שפּראַך קען ניט פאַרשוואונדן ווערן אי־בער נאַכט).

נאָר פאַר דעם אָנווער פון די מערב־אייראָפּעיִשע ישובים (ווער ווייסט, צי זיינען דאָרט געווען צוויי מאָל הונדערט טויזנט יידן אַרום און אַרום?) האָט אונדז אָבער דאָס מזל אָפּגעצאָלט מיט פּראָצענט. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז זינט 1800 איז די צאָל יידן אויף דער וועלט אויסגעוואַקסן כמעט אין פינפן. אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט האָט זיך פאַר די מזרחדיקע יידן אויפגעעפנט „קאָלומבוסעס מדינה". פאַר יידן, און ממילא פאַר יידיש. עס איז אויסגעוואַקסן פון זיך אַליין, אָן פויקן און טרומייטן, אָן פּאָנדן און וועלט־קאָנגרעסן, אַ נייער שטאַרקער פיל־מיליאָניקער ישוב פון יידישע יידן, מיט אַ שטאָט, וואָס האָט אין זיך מער יידן, איידער פאַרצייטנס די גאַנצע יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל. אָנשטאָט אַמסטערדאַם האָבן מיר באַקומען ניו־יאָרק. ס'וואָלט אפשר געלוינט צו מאַכן דעם בייט, אַפילו ווען די געשיכטע זאָל געווען ביי אונדז פרעגן אַ דעה.

פאַרוואָס איז יידיש אויסגעגאַנגען אין מערב־אייראָפּע? אַנדערע וואַרפן אַרויף די שולד אויף משה מענדלסאָנען און די משכילים. אָבער דאָס איז אַן איינרעדעניש; אַ היסטאָרישע דערשיינונג ווערט נישט באַשאַפן פון אַ גרופּע מענטשן. אַנדערע ווידער זאָגן: די אייראָפּעיִשע קולטור האָט שוין אַזאַ טבע, אַז זי טייט אָפּ יידיש; האָבן יידן זיך צוגערירט צו קולטור, האָט געמוזט

---

רויבפויגל שפּרייט אויס זיינע פליגל אויף בערלין; אונטער דעם איז געשטאַנען: Der Pleitegeier. די דייטשן, ביי וועלכע איך האָב זיך נאָכגעפרעגט, האָבן דאָס אויסגע־טייטשט אַזוי, אַז דער Geier וויל דאָס איינשלינגען דייטשלאַנד אַזוי ווי ער כאַפּט הינער און קאַטשקעס. אין דער אמתן איז דער אָפּשטאַם פון דעם וואָרט גאָר אַן אַנדערער: Pleite gehen (=גיין פליטה) איז דער טעכנישער טערמין פאַר אָנזעצן; Pleitegeier (לויט דער יידישער אויסשפּראַך אָנשטאָט דעם הויכדייטשן Pleitegeher) איז מערניט ווי דאָס הויפּטוואָרט דערפון, =אָנזעצער. די אידעען־פאַרבינדונג מיט דעם רויבפויגל איז שוין אַ שפּעטערדיקע זאַך, אויסגעוואַקסן אויפן באַזיס פון פאָלקסעטימאָלאָגיע.

[1] זע שטאַפּלען ז' 50 א"וו.

[2] פּראָפ' היינריך לעוו גיט איבער אין די „טאָגעשינאָ־בלעטער" (דייטש), I ז' 252, אַז אין דעם שטעטל Borkülo אין האָלאַנד רעדט מען נאָך אַ לעבעדיק יידיש. עס וואָלט כדאַי געווען אויסצופאָרשן בפרטיות אָט דאָס לעצטע רעשטל פון אַ פאַרגאַנגענער צייט.

אומקומען זייער שפּראַך. אָבער דאָס הייסט אָפּפּטרן אַ גרויסע פּראָבלעם מיט אַ פּוסטער פראַזע. עס דאַרפן נאָך ערשט אויסגעפאָרשט ווערן די סיבות און די אומשטאַנדן, פאַרוואָס און ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען דער אונטערגאַנג פון יידיש אין די מערבדיקע לענדער. און ווער עס וויל אָפּלערנען פון דער געשיכטע פון יידיש אין מערב-אייראָפּע וואָס עס וועט ווערן מיט יידיש ביי אונדז, דער דאַרף נאָך פריער דערוויזן, אַז די פאַרהעלטענישן פון לעבן זיינען די אייגענע ביי אונדז היינט און אין דייטשלאַנד פון פאַר 150 יאָר.

אָבער דאָס צו דערוויזן איז אַזוי ווי צו שפּאַלטן דעם ים-סוף. די לעבנספאַרהעלטענישן פאַר יידן אין מזרח-אייראָפּע זיינען גאָר אַנדערע איידער אין דער תּקופה פון דער נאַציאָנאַלער דעגענעראַציע ביי די מערבדיקע יידן. דאָרטן זיינען געווען קליינטשינקע הייפעלעך, ביי אונדז זיינען מיר אָנזיכטיקע מאַסן, וואָס ליגן אַרויף זייער שטעמפּל אויף פיל הונדערטער שטעט. דאָרטן זיינען יידן געווען צום גרעסטן טייל מיטל-קלאַס, פאַרמיטלער, מיר זיינען אין אַ גרויסער (און כּסדר וואַקסנדיקער) מאָס אַרבעטנדיקע און פּראָדוקטיווע שיכטן. דאָרטן זיינען יידן געזעסן פאַריתומטע צווישן גרויסע איינהייטלעכע נאַציעס (דייטשן, פראַנצויזן, איטאַליענער), אין מזרח-אייראָפּע וואוינען מיר כּמעט דורכאויס אויף נאַציאָנאַל-געמישטע טעריטאָריעס. דאָרטן האָבן זיך קעגן דער אַסימילאַציע געשטעלט בלויז קאָנסערוואַטיווע, אָפּגעשטאַנענע גרופּקעלעך אָרטאָדאָקסן, ביי אונדז זיינען דווקא די פּראָגרעסיווסטע טיילן, דער אַרבעטער-קלאַס און די ברייטע פאָלקסמאַסן, די טרעגער פון דער נייער יידישער קולטור.

די געשיכטע ווייזט אונדז פאַרשיידענע פאַקטן. אָט זיינען אומגעקומען אַזעלכע גרויסע און מעכטיקע צווייגן פון דער גערמאַנישער שפּראַך, ווי גאָטיש, וואַנדאַליש אאַז"וו; אָט ווייסן מיר, אַז די סלאַווישע שפּראַכן אין מיטל-אייראָפּע האָבן אַמאָל געגרייכט ביז אויף יענער זייט עלבע; צי וועט עמעצער פּסקנען אויף דעם סמך, אַז די גערמאַנישע און סלאַווישע שפּראַכן זיינען פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג? נאָר ביי אונדז געפינען זיך נאָך אַלץ האַלבע נביאים, וואָס לערנען זיך גלאַט אַזוי אָפּ אַ גזרה-שווה, ניט אַנאַליזירנדיק די באַדינגונגען און די מיגלעכקייטן.

9

אַלזאָ די דריטע, די נייע תּקופה פון יידיש הייבט זיך אָן אין 18טן יאָרהונדערט. אין דער ליטעראַטור אַליין פון יענער צייט איז דאָס ניט אַזוי קענטיק, וואָרים ווען עס אַרבעט זיך אויס אַ געוויסער שאַבלאָן, שרייבן שוין די שרייבער אויפן אַלטן שטייגער, כאָטש רעדן רעדט מען שוין לאַנג אַזוי ניט. נאָר מיר האָבן די בעסטע ראַיות: עס!זאָגן עדות מענטשן, וואָס האָבן יעמאָלט געלעבט. זיי נעמען שפּירן, אַז די שפּראַך האָט זיך געביטן. אָט

גייט אַרויס 1790 אַ יידישער „ספר רפואות" פון ד"ר משה מאַרקוזע, דער־מאָנט דאָרטן אַ רב אין דער הסכמה אַלס אַ באַזונדער שבח, אַז דער מחבר האָט געשריבן זיין ווערק „אין אַ ריינער שפּראַך, אין אַ שפּראַך, וואָס מיר אַלע רעדן אויף איר". דאָס הייסט: דער גרעסטער טייל ביכער איז דאַן גע־ווען געשריבן מיט אַ געקינצלטן, פאַרעלטערטן לשון. אָבער נאָך מער: בי־כער, וואָס זיינען שוין געווען וויפל מאָל געדרוקט, הערן אויף צו באַפרידיקן, ווייל די שפּראַך זייערע איז אַן אַלטפרענקישע. אין 1799 איז אַרויס אין דירנפורט, פּרייסן, אַ נייע אויסגאַבע פונעם פּאָפּולערן „יוסיפון"; געפינט דער אַרויסגעבער פאַר נייטיק אָנצוזאָגן דעם עולם אויפן שער־בלאַט האַלב־דייטש־מעריש: „ווייל נון דש [=דאָס] ספר יוסיפון שוינד [=שוין] כמה פעמים גי־דרוקט וואָרדן איז אין איין לשון וואָס ניט אַלי פר שטין [=פאַרשטייען] אלזו הבן [=האָבן] מיר דיזן יוסיפון אין פר בעסרונג גבראַכט, כדי דז איטליכער זיין פר גניגן [=פאַרגניגן] פאָל קאָמען הבן זאָל". נאָך מער כאַראַקטעריסטיש איז די נייע באַאַרבעטונג פונעם יידישן „מעשה־בוך" (די ערשטע באַקאַנטע אויסגאַבע איז געדרוקט אין באַזעל, 1602), וואָס איז אַרויס אין זשאָלקיעוו (גאַליציע) אין 1800. אין דער הקדמה, וואָס איז געשריבן אויף העברעיש, זאָגט דער באַאַרבעטער אליעזר פּאַוויר אַזוי: „אָט דער ספר איז געווען גע־דרוקט אין אַזאַ מין דייטש [בלשון אשכנז], וואָס מען האָט גענוצט אין דייטש־לאַנד, און דער ווייט גרעסטער טייל פון אונדזערע לאַנדסלייט היינט ווייסן ניט און פאַרשטייען ניט דעם תּוך פון דער דערציילונג. זיינען געקומען צו מיר אַ סך מענטשן און געבעטן, איך זאָל דעם ספר איבערזעצן אין אַ גרינגער און ריינער שפּראַך; האָב איך געטאָן זייער ווילן... כדי אַלע זאָלן פאַרשטיין, מאַנסבילן, פרויען און קינדער"[2].

אמת, דעם שרייבער, וואָס האָט דאָ אַזוי קלאָר פאָרמולירט זיין אויפ־גאַבע, האָט זיך אויך ניט איינגעגעבן אינגאַנצן צו פאַרווירקלעכן זיין פאַר־לאַנג: אין זיינע ווערק פילט מען נאָך אויך אין אַ היפּשער מאָס די שליטה פונעם טראַדיציאָנעלן דייטשמעריש ליטעראַרישן און סטיליסטישן שאַבלאָן פון דער מיטל־יידישער צייט. נאָר פונדעסטוועגן קען מען זאָגן, אַז אויפן שוועל פון 19טן יאָרהונדערט איז שוין געווען געווים אין גאַנג די היינטיקע יידישע שפּראַך. דאָס הייסט ניט, אַז זי איז פון יעמאָלט אָן געשטאַנען אויף איין אָרט — אַז אָך און ווי וואָלט געווען צו איר! פאַרטיק איז געווען אין 18טן י"ה נאָר די רויע פורעם פון דער שפּראַך, איר אויסזען און איר קלאַנג. נאָך דעם גרויסן שטופּ, וואָס דאָס חסידות האָט געגעבן, איז יידיש אין פאַרלויף פון 19טן י"ה געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ רייכער, שענער און פאַרביקער. פריער די השכלה, דערנאָך די אַרבעטער־באַוועגונג האָבן אַרויסגעפירט די

[1] זע נח פּרילוצקיס זאַמלביכער II (1917), ז' 1—56.

[2] דאָס אייגענע אויך אין אַן אויסגאַבע פון דער „בבא־מעשה" יענע צייטן, זע קאַפּ' VIII.

ייִדישע שפּראַך פון שולהויף און בכלל פון געטאָ, אַרויסגעפירט די ייִדישע שפּראַך אין דער ברייטער וועלט אַריין און די ברייטע וועלט אַריינגעפירט אין דער ייִדישער שפּראַך. די גרויסע וועלט האָט געגעבן דעם ייִדן אָן אַ שיעור נייע באַגריפן, און ממילא דער ייִדישער שפּראַך — אַ ים נייע ווערטער, ווענדונגען און אויסדריקן. די ייִדישע ליטעראַטור האָט געגעבן אייביקע בילדער פון אַלטן שטעטל, נאָר זי איז דערביי ניט געבליבן: זי פלייסט זיך שוין היינט אויסצודריקן די שטראָמיקייט פון דער שטאָט, דעם אימפעט פונעם וואָלקן־קראַצער און דאָס געוויג פון די ווייצן־פעלדער אין דעם ייִדישן דאָרף. די ייִדישע שול, וואו עס לערנען זיך שוין איצטער הונדערטער טויזנטער קינדער איבער אַלע עקן וועלט, האָט אינגאַנצן „אויסגעמענטשלט" די ייִדישע שפּראַך, געמאַכט זי פאַר אַן אינסטרומענט פון דער הייִנטוועלטיקער וויסנשאַפט.

דערמאָנט זיך, וואו ייִדיש האָט געהאַלטן געזעלשאַפטלעך און וויסנשאַפטלעך מיט דרייסיק יאָר צוריק און וואו מיר האַלטן שוין היינט. וואָס פאַר אַ שפּראַך נאָך האָט דערגרייכט צו אַזאַ מדרגה אין אַזאַ קורצער צייט און ביי אַזוינע אומגינציקע באַדינגונגען?

לאָמיר זיך ניט נאַרן: ייִדיש איז נאָך גענוג אָרעם. אָבער פאַראַן אַן אָרעמקייט, וואָס מאַכט אַפּהענטיק, און פאַראַן אַן אָרעמקייט, וואָס גיט צו חשק צו אַרבעטן און צו גיין פאָרויס.

# II. יידישע ביכער=זאַמלונגען און ביכער=באַשרייבער

## 1

אויב מען זאָל אַראָפּרעכענען די גרויסע יידישע ביבליאָטעקן פון אַמעריקע און נעמען אין אַכט מערביט אייראָפּע, וועט ביי קיינעם קיין ספק ניט זיין, אַז די רייכסטע יידישע ביכער=זאַמלונג געפינט זיך אין דער אָקספאָרדער אוניווערסיטעטישער ביבליאָטעק. אַנדערש רופט מען זי „די באָדלעיאַנע“ (Bibliotheca Bodleiana, Bodleian Library) נאָכן גרויסן נדבן טאָמאַס באָדלעי, וואָס האָט געלעבט מיט אַ יאָר דרייהונדערט צוריק.

אָקספאָרד איז איינע פון די וויכטיקסטע אוניווערסיטעטישע שטעט אין ענגלאַנד; מען מעג זאָגן, אַז איר נאָמען קלינגט איבער דער וועלט. אָבער די יידישע באַפעלקערונג דאָרט פאַרמאָגט אַפילו ניט קיין האַלבן הונדערט נפשות, שוין מיט די געקומענע אורחים און מיט די אָנגעפאָרענע סטודענטן און מיט די זויגקינדער. שטענדיקע יידישע „באַלעבאַטים“ וואָס מען רופט זיינען דאָ אין 1926 געווען פינף. מיט אַ דור פריער זיינען געווען אַ ביסל מער, אָבער קיין גרעסערע יידישע קהילה איז דאָ קיינמאָל ניט געווען. טאָ פון וואַנען נעמט זיך עס, וואָס אַלע פאָרשער פון דער יידישער (און דאָס אייגענע פון דער העברעיִשער) ליטעראַטור מוזן קומען אַהער קיין ענגלאַנד, אין דער רויִקער, ניט נערוועיִשער, עכט=„גויאישער“ שטאָט, אויב זיי ווילן עפּעס אויפטון אין זייער פאַך?

דאָ האָט מיטגעהאָלפן ניט קיין יידישער זכות, נאָר דאָס גויִישע מזל פון דעם רייכן ענגלאַנד.

עס איז געווען מיט אַ יאָר צוויי הונדערט צוריק אין פּראָג אַ גרויסער יידישער רב, וואָס איז צום סוף פון זיין לעבן באַשטימט געוואָרן דורכן קייסער קאַרל IV פאַר אייבער=רב איבער גאַנץ טשעכיע. געהייסן האָט ער ר׳ דוד אָפּענהיימער (1736—1664). אין יענער צייט איז נאָך פּראָג געווען אַ לעבעדיקע יידישע קהילה — ניט אַזוי ווי היינט, ווען זי איז בלויז אַ שטאָט פון אַ יידישן מוזעאום און אַ יידישן בית=עולם: עס איז געווען דאָרט אַ גרויסע ישיבה, וואו טאַקע דער ר׳ דוד איז געווען ראָש=ישיבה; געווען דרוקערייען, קלויזן, חברות. אַפילו אַ יידישער טעאַטער פלעגט שפּילן צייטנווייז. אָט דער ר׳ דוד

אָפּענהיימער איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון ביכער, און ווייל ער איז געווען זייער רייך, פלעגט ער קויפן אַלץ וואָס מען פלעגט דרוקן, ניט צו רעכענען זיך מיט דעם צי ס'איז גוט אָדער שלעכט. זיין רייכקייט איז גע-וואַקסן ניט פון דער ישיבה חלילה (פון תורה אַליין האָט מען ביי יידן קיינ-מאָל קיין געלט ניט געמאַכט), נאָר פון זיין משפחה. זיינער אַ פעטער, שמואל אָפּענהיים, איז געווען הויף-באַנקיר ביי דער דינאַסטיע האַבסבורגער, און ער פלעגט שטיצן ר' דודס ליבהאָבעריי ניט בלויז מיט מטבע, נאָר אויך מיט עפּעס וויכטיקערס: ער פלעגט מיטגיין מיט דער עסטרייכישער אַרמיי אויף אירע קריגסצוגן, פלעגט ער ברענגען אַהיים מאָסן מאַנוסקריפּטן, וואָס ער פלעגט ספּעציעל איינקויפן. אויף אַזאַ אופן איז ביי ר' דודן אויסגעוואַקסן אַ גוואַלדיק גרויסע ביבליאָטעק פאַר די באַגריפן פון יענער צייט — איבער פיר-טויזנט געדרוקטע בענד און קנאַפּע אַכטהונדערט מאַנוסקריפּטן.

דער אייבער-רב איז בכלל געווען אַ פּראָגרעסיווער מענטש, מיט אַ פאַרשטאַנד פאַר דער צייט און פאַר דער געזעלשאַפט. מיר ווייסן אַ שטייגער, אַז אין 1720 האָבן די בחורים פון זיין ישיבה אויפגעפירט עפנטלעך אין טע-אַטער די געשיכטע וועגן אסתּרן מיט אַחשוורושן, און ניט אין דער פּרימיטי-ווער פאָרם, ווי ביז דאַן, נאָר איבערגעבויט אין אַן אמתן טעאַטער-שטיק פון יענער צייט, מיט געזאַנג, מיט אַן אָרקעסטער, מיט לאַנגע מאָנאָלאָגן. עס איז ניט באַוואוסט, צי איז דער ראש-ישיבה אַליין אויך געווען אויף דער פאָרשטעלונג, אָבער יעדנפאַלס האָט ער ניט געקענט פּאָרקומען אָן זיין איינ-שטימונג. געוויס האָט ער זיך געטראַכט: איינמאָל לעבט מען נאָר אויף דער וועלט, און פּורים איז נאָר איינמאָל אין יאָר: זאָל זיך די יוגנט ווײלן! און אויך מיט זיין גרויסער ביכער-זאַמלונג האָט ער געהאַט אַ פּלאַן, וואָס מיר ריכטן זיך גאָרניט צו טרעפן ביי אַ יידישן למדן פון יענער צייט: ער האָט זי געוואָלט פאַרוואַנדלען אין אַן ע פ נ ט ל ע כ ע ר ביבליאָטעק, וואָס אַלע לערנער זאָלן קענען ניצן. נאָר איין סכנה איז געווען: אַז די רעגירונג וועט ניט לאָזן, אָדער נאָך ערגער, זי וועט קאָנפיסקירן אַ טייל פון די ספרים. אין ר' דוד אָפּענהיימערס קאָלעקציע זיינען געווען פאַרווערטע אויסגאַבעס פון תלמוד און בכלל די גאַנצע פּאָלעמישע ליטעראַטור, וואָס יידן האָבן אין פאַרשיידענע צייטן געדרוקט אין דעם פרייען אַמסטערדאַם (אָדער אַנדערשוואו באַהאַלטענערהייט) קעגן דעם קריסטנטום. האָט ער מורא געהאַט און ניט אָן אַ טעם, אַז ווען מען זאָל געבן אַ ברייטערן עולם אַ צוטריט צו דעם מין ליטעראַטור, וועט שוין די רעגירונג אויפהערן צו מאַכן זיך ניט וויסנדיק און אַרויפלייגן איר לאַפּע אויף אַלע אוצרות וואָס זיינען אויפגעקליבן געוואָרן מיט אַזאַ שווערער מי.

בכדי דאָס אויסצומיידן, האָט דוד אָפּענהיימער אַוועקגעשיקט זיין גאַנצע ביבליאָטעק קיין האַנאָווער, אונטער דער השגחה פון זיין שווער בערענדס. דאָ זיינען די ביכער געלעגן פאַרשטויבט און פאַרשלאָסן, אומצוטריטלעך פאַר

ווי'ער באזיצער גופא. נאר ווען-ניט-ווען פלעגט א מבין אויסבעטן א דערלויבעניש אריינצוקוקן אהין, א שטייגער דער האמבורגער פאסטאר יאהאן קריסטאף וואלף, וואס האט (אין א גרויסער מאס אויפן סמך פון אפענהיימערס זאמלונגען) צונויפגעשטעלט א גוואלדיק גרויסע העברעיש-יידישע ביבליאגראפיע פון געדרוקטע און געשריבענע ביכער, פיר גראבע בענד[1].

ווען דוד אפענהיימער איז אוועקגעשטארבן, איז די ביבליאטעק אריבער בירושה צו זיינע קינדער. אבער דער צווייטער דור איז שוין ניט געווען אזוי איינגעטאן אין דעם ענין ספרים, ווי דער אלטער פראגער רב, און ענדלעך האט זיין זון יוסף גאר פארזעצט די גאנצע ביבליאטעק און אויסגעליען דערויף מזומן געלט פופציק טויזנט מארק. ווען ס'איז געקומען די צייט צו באצאלן, האט ער ניט געהאט. דער מלווה האט ניט געוואלט הערן פון קיין הכמות, ארויפגעלייגט אן ארעסט אויף דער גאנצער זאמלונג און געהייסן פארקויפן זי אויף א ליציטאציע. די סומע איז געווען א נישטיקע אין פארגלייך מיטן ווערט פון דער זאך, א צוויי טויזנט פונט אינגאנצן, אבער דייטשלאנד איז דאן געווען ארעם (ס'איז געווען באלד נאך די מלחמות מיט נאפאלעאנען), האט זיך ניט געפונען קיין קונה. דא האט זיך אונטערגערוקט די ביבליאטעק אין אקספארד: זי האט געגעבן די געפאדערטע סומע, און אלע ביכער און מאנוסקריפטן פון דעם פראגער רב זיינען אריבער צו איר. אין א יאר צען ארום האט דער דייטש-יידישער געלערנטער פ. לעבערעכט שוין געוויינט מיט ביטערע טרערן, וואס דייטשלאנד האט אזוינס ארויסגעלאזן פון דער האנט[2].

אט דאס איז די געשיכטע פון דער העברעיש-יידישער אפטיילונג אין דער „באדלעיאנע". א ביסל פון דעם מין איז שוין געווען (ביז אפענהיימערס קאלעקציע); נאך עטלעכע זאמלונגען, גרעסערע און קלענערע, זיינען צוגעקויפט געווארן שפעטער[3]; אבער דער עיקר פאר יעדן יידישן ליטעראטור-פארשער איז טאקע דוד אפענהיימערס ירושה, וואס האט פארבלאנדזשעט אהער אויפן פייכטן אינדזל פון דער יידישער גאס אין פראג.

2

שוין דאס אליין איז א גרויסער וואונדער, וואס צווישן די טראדיציאנעלע יידן פון אמאליקן געטא האט זיך געפונען א מענטש, וואס אים האט

---

[1] Bibliotheca Hebraea, 1715—1733. דער דערקלערנדיקער טעקסט איז אינגאנצן אין לאטיין (באראכאוו נומ׳ 29).

[2] אין Literaturblatt des Orients, באנד V.

[3] למשל די קאלעקציע פון חיים מיכל (מיכאעל) אין האמבורג (צוגעקויפט 1848), וואס איז באשטאנען פון 860 כתבֿ-ידן; די העכער 5000 דרוקווערק, וואס זיינען געבליבן נאך מיכאעלן, האט אפגעקויפט דער בריטישער מוזעום.

אינטערעסירט נים נאָר דער גאָטספאַרכטיקער אינהאַלט פון די ביכער, נאָר אויך די ביכער גופא. יעדע געדרוקטע זאַך איז אים געווען ליב און טייער, אַט דעם מערקווערדיקן ראָש־ישיבה. ער האָט געהאַט אָפּמאַכן מיט טייל דרוקערייען, אַז זיי זאָלן אים צושטעלן די עקזעמפּלאַרן פון אַלץ וואָס זיי דרוקן, און דערביי פלעגט ער אריינשטעלן צו זיך אין ביכער־שאַנק נים בלויז אַ נייע אויסגאַבע פון גמרא אָדער אַ פרומען דרוש־ספר, נאָר אויך אַ גאַנץ וועלטלעכע דערציילונג, וואָס הייבט וואָלטן מיר געזאָגט, אַז זי האָט אין זיך עלעמענטן פון פּאָרנאָגראַפיע.

און נאָך אַ צווייטע זאַך וואַרפט זיך אין די אויגן, ווייל מיר זיינען נים געוויינט צו זען דאָס יענע צייטן: אָפּענהיימער האָט זיך אינטערעסירט נים בלויז מיט העברעישער ליטעראַטור, נאָר אויך מיט מאַנוסקריפּטן, ביכלעך און ביכער אין יידיש.

אַ למדן זאָל זיך פאַרנעמען מיט „טייטשע" ביכלעך? אַלט געווען איז שוין דאָן די יידישע ליטעראַטור געוויס ביי פירהונדערט יאָר, עס זיינען שוין געווען אָפּגעדרוקט עטלעכע הונדערט זאַכן און מאַנוסקריפּטן אָנגעשריבן נאָך אַ סך מער, אָבער דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס מען האָט דאָס פאַר קיין ליטעראַטור נים געהאַלטן. דער קוק אויף ספרים איז געווען דער אייגענער ווי דער קוק אויף מענטשן. מען האָט געשאַצט דעם מענטשן נים אַזוי שטאַרק לויט זיין פּאָזיציע אויף דער וועלט ווי לויט דעם חלק עולם־הבא וואָס ער גרייט זיך אָן. דער תורה־לערנער איז דער עיקר: אין זיין זכות שטייט די וועלט. וואָס מער תורה, אַלץ מער יחסן. דער עם־הארץ, אַפילו ווען ער האָט זיך דערשלאָגן צו וואוילשטאַנד, שפּירט פּאַרט, אַז יענער איז העכער פאַר אים, און טאָמער קען ער אַליין מער נים אָביאָגן דאָס וואָס ער האָט פאַר־זאַמט, קויפט ער זיך כאָטש פאַר זיין טאָכטער אַן איידעם אַ קענער און לאָזט לערנען זיינע זין אין ישיבה. ערגעצוואו אַ וואַסערפירער, אַ בעל־עגלה, אַ קצב איז גאָר טעמפּ אין די קליינע פּינטעלעך; אָבער אויך ער גייט הערן דעם שיעור, און ווען דער מגיד דערציילט שבת פאַר שלש־סעודות וועגן מצוות און עבירות, וועגן גיהנום און גן־עדן, וועגן בית־המקדש און וועגן גלות־בבל, טרעפט ער נים אָן אויף קיין פאַרשטאָפּטע קעפּ: אייגער ווייסט מער, דער צווייטער ווייניקער, אָבער עס איז קיינער נישטאָ צווישן די צוהערער, פאַר וועמען דאָס זאָל זיין אינגאַנצן פרעמד. יעדער אייגער האָט ווען עס איז אריינגעקוקט אין אַ ספר און זעט פאַר די אויגן דעם אידעאַל פון אַ למדן, צו וועלכן ער שטרעבט זיין גאַנצן לעבן, כאָטש ער זעט קלאָר, אַז ער וועט אים קיינמאָל נים דערגרייכן.

פאַר דעם לערנער איז אָבער דער עם־הארץ אַ האַלבער מענטש. די גייסטיקע אַריסטאָקראַטיע קוקט מיט ביטול אויף די „פּראָסטע" חי־וקימס, און די „געמיינע" ווייסן, אַז זיי האָבן טאַקע גאָר אַ קנאַפּע ווערדע. ביידע צוזאַ־

מען ווידער קוקן מיט אמתער פאַראַכטונג אויף דער צווייטער העלפט פון יידישן פאָלק, אויף די ווײַבער. מילא, דער מאַנסביל, אויב גאָט האָט אים געשטראָפט מיט ווינציק תורה, קען ער כאָטש גיין פּאָרויס, ער קען לערנען אַ גאַנץ לעבן. הײַנט האָט ער דאָך אויף זיך דעם גאַנצן יאָך פון יידישקייט, ער איז מקיים די מצוות, האָט ער אויך איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אַ חלק אין עולם־הבא. אָבער די יידענע מישטיינס געזאָגט? ניט נאָר וואָס זי קען ניט לערנען, זי טאָר ניט לערנען, די גמרא האָט דאָס שטרענג פאַרווערט. זי קען פון די מצוות אויך ניט געניסן, וואָרים סך־הכּל האָט גאָט איר געגעבן דריי מצוות אָנשטאָט די מאַנסבילשע זעקסהונדערט און דרײַצן. געוויס זײַנען פאַראַן פרומע ווײַבער און פאַרשייטע, און די פאַרשייטע וועלן געשטראָפט און געפּייניקט ווערן אין „דער שוואַרצער באָד“ פון גיהנום; אָבער אַפילו די פרומסטע קען ניט דערגרייכן צו קיין העכערן גראַד ווי צו זײַן אין גן־עדן אַ פוסבענקעלע פאַר איר מאַן.

דער למדן האָט זיך געהאַט זײַנע ספרים אין לשון־קודש. יידישע ביכלעך (אָדער, ווי מען האָט זיי דעמאָלט צום גרעסטן טייל גערופן, „טייטשע ביכלעך“) זײַנען געווען בלויז פאַר באַשעפענישן פון צווייטן סאָרט: פאַר ווײַבער און מיידלעך. אַמאָל באַמערקט מען נאָך: „פאַר ווײַבער און פאַר מאַנסבילן וואָס זײַנען אַזוי ווי ווײַבער, דאָס הייסט זיי קענען ניט לערנען“[1]. טאָ וואָס פאַר אַ ממשות האָבן שוין געקענט האָבן אַזעלכע ביכלעך? געלייענט האָט מען זיי מיט חשק, אָבער אַ ביסל שעמעוודיק; און די לומדים, וואָס האָבן געשריבן אַזוינע ביכלעך — אַמאָל כּדי מזכּה צו זײַן די וואָס קענען ניט קיין לשון־קודש און אַמאָל סתּם צוליב פּרנסה — האָבן זיך אין דער הקדמה אַלעמאָל פאַרענטפערט, פאַרוואָס זיי שרײַבן אויף „טייטש“.

ווײַבאַלד אַזוי איז שוין קיין וואונדער ניט, אַז עס זײַנען ניט געווען קיין בעלנים צו היטן און צו זאַמלען אַזוינע ביכלעך. די שרײַבער פון פאַרגאַנגענע צײַטן דערמאָנען וועגן אַ גאַנצער ריי יידישע ביכלעך, וואָס פון זיי האָט זיך קיין איין עקזעמפּלאַר ניט אויפגעהיט. מען האָט זיי געלייענט און גענוצט אַזוי לאַנג, ביז וואַנען זיי זײַנען זיך צעפאַלן אויף פּיץ־פּיצלעך. נאָך צום אָנהייב 17טן יאָרהונדערט שרײַבט אַ קריסטלעכער געלערנטער, וואַגענזייל, אַז יידישע ביכער זײַנען אַלעמאָל צעריסן. טאָמער האָבן זיך יאָ אויפגעהיט יידישע ביכער, איז דאָס צום גרעסטן טייל אין קריסטלעכע הענט, אין ביבליאָטעקן און בײַ פּריוואַטע פּערזאָנען.

דוד אָפּענהיימער איז געווען אפשר דער איינציקער, אָבער יעדנפאַלס פון די געציילטע יידן־לומדים, וואָס האָט געזאַמלט אויך יידישע ביכער און

---

[1] זע למשל דעם אַריינפיר צום „בראַנטשפּיגל“, באַזעל 1602. וועגן דעם ספרפּגלי׳ מ. עריקס „בלעטלעך צו דער געשיכטע פון דער עלטערער יידישער ליטעראַטור“, צײַטשריפט I (1926) ז׳ 173 א״וו. זע אויך צינבערג, פילאָלאָגישע שריפטן פון ייוו״א II ז. 67—106.

ביכלעך און זיי אויך געלאָזט בינדן אין לעדער און פאַרמעט. אָט דערפאַר איז אַזוי גרויס אונדזער דאַנק צו אים, אָט דערפאַר איז אונז אַזוי טייער די באָדלעיאַנע, וואָס היט געטריי זיין ירושה. אַ שאָד נאָר, וואָס זי איז אַזוי ווייט פון יענע ערטער, וואו עס זיצן די קולטור־יורשים פון דעם יעמאָלטיקן פּראָגער יידנטום. אַ יידיש ביכל קען דאָ אַמאָל אָפּשטיין צענדליגער יאָר אויף אַ פּאָליצע, ביז וואַנען עס קומט עמעצער און בעט, מען זאָל דאָס אים ווייזן. אין ווילנע און אין וואַרשע ווידער, וואו מען אינטערעסירט זיך מער מיט דעם מין אַלטע ליטעראַטור, וועט איר זי אומזיסט זוכן. אָבער פאַרפאַלן, אין דעם איז דאָך שוין ניט אָקספאָרד שולדיק, וואָס פוילישע און ליטווישע יידן האָבן ניט געהאַט קיין פאַרשטאַנד פאַר זאַמלען אַליין און אויך ניט גע־האַט קיין געלט אָפּצוקויפן אָפּענהיימערס ביבליאָטעק. איבעריקנס, אפשר האָט מען אין מזרח־אייראָפּע אויך געזאַמלט, נאָר עס זיינען געווען געוויג גזרות, אָנפאַלן און אויפגעלאָפן, וואו דער כעס פון די רויבער פלעגט זיך ווענדן אויך קעגן יידישע ספרים (און זיי האָבן צווישן יידיש און לשון־קודש קיין אונטערשייד ניט געמאַכט). ביי הייַנטיקן טאָג האָבן מיר יעדנפאַלס אין אַ וואַרשע אָדער ווילנע גאַנץ שוואַכע קאָלעקציעס פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, און ווער עס וויל זי פאָרשן, וועט זיך אַלעמאָל מוזן אַראָפּלאָזן אַהער אין דער טיף־ענגלישער שטאָט, וואו סטודענטן זיינען נאָך מחויב צו גיין אויף די לעקציעס אין די פירעקעדיקע היטלען פון מיטלעלטער און וואו איר קענט נאָך זען די גראָבע מויער, וואָס הינטער איר האָט זיך קאַרל דער ערשטער אין דער צייט פון דער ענגלישער רעוואָלוציע, מיט דריי הונדערט יאָר צוריק, פאַרטיידיקט קעגן די רעוואָלוציאָנערן.

3

אָבער פון וואַנען ווייסן מיר אַזוי גענוי פון דוד אָפּענהיימערס אוצרות נאָך איידער מיר האָבן זיי געזען?

דאָס האָבן מיר צו פאַרדאַנקען זיינעם אַ לאַנדסמאַן, מאָריץ (משה) שטיינשניידערן, וואָס האָט אונדז וועגן דעם דערציילט אין זיין קאַ־טאַלאָג.

עס קען זיך דוכטן אין פלוג, אַז צונויפשטעלן אַ קאַטאַלאָג פון אַ ביב־ליאָטעק איז גאָר אַ גרינגע זאַך: מען דאַרף נאָר קענען לייענען וואָס אויף די שער־בלעטער שטייט און פאַרשרייבן דאָס. אָבער דאָס איז זייער אַ גרויסער טעות. מען דאַרף זיין אַ מבין אויף ביכער בכלל. די דרוקער פון דער על־טערער צייט האָבן ניט געשריבן אַלצדינג אַזוי אויספירלעך. אַמאָל פעלט דאָס יאָר, אַמאָל איז קיין זאַך ניט אָנגעוויזן און מען דאַרף זיך אָנשטויסן וועגן אַלץ. אַ קענער וועט אייך קענען זאָגן, ווען ער זעט אַ ביכל, אַז אַזעלכע אותיות האָט מען גענוצט, כאָפּ איך אָן, נאָר אין פּראָג און נאָר אין דער ערשטער העלפט 17טן יאָרהונדערט. אויף אַ צווייטן ביכל איז פאַראַן אַ ווי־

ניעטע אָדער אַ בילדל, וואָס געפינט זיך אויך אויף אַנדערע ביכער, און אויף יענע איז גראָד אָנגעשריבן דער אָרט און די צייט פון דרוק. ביי אַ דריטן בוך ווידער קען מען זיך בשום־אופן ניט קליגן צו דערגיין עפּעס מיט דעם וועג, נאָר דערפאַר איז פאַראַן אַן אַנדער עצה: ערגעצוואו אין אַ צווייטן בוך איז דערמאָנט דער נאָמען פון דעם ווערק וואָס אינטערעסירט אונדז. אויב מיר ווייסן וועגן יענעם צווייטן בוך, אַז עס איז אַרויסגעגאַנגען אין יאָר 1650, וועלן מיר וועגן אונדזער ווערק שוין וויסן, אַז עס איז יעדנפאַלס געדרוקט געוואָרן ביז יאָר 1650. אָט אַזוי מוז מען קאָמבינירן און פאַרגלייכן כדי צו דערגיין אַ טאָלק.

ביי כתב־ידן מוז מען ווייטער זוכן אַנדערע וועגן. אַ קענער וועט אייך באַלד זאָגן, צי איז דער כתב פון אַ שפּאַנישן, אַ דייטשן אָדער אַן איטאַליעניש ייִדן. לויט דעם סאָרט אותיות, צי זעט דער לאַנגער ף און דער לאַנגער ץ אויס אַזוי אָדער אַנדערש, קען מען אַמאָל באַשטימען, צי איז די האַנטשריפט מיט אַ הונדערט יאָר עלטער אָדער ייִנגער. זייער אָפט קען מען דערקענען לויטן פּאַפּיר. אַמאָליקע צייטן זיינען ניט געווען אַזוי פיל פּאַפּיר־פאַבריקן ווי הייַנט, און יעטווידערע פלעגט אַרויסלאָזן איר פּאַפּיר מיט אַ געוויסער וואַסער־מאַרקע (אַזוי ווי מען געפינט דאָס נאָך הייַנט אויף די בעסערע סאָרטן). אויב די האַמבורגער ביבליאָטעק פאַרמאָגט אַ מאַנוסקריפּט, הייסט דאָס נאָך ניט, אַז ער איז אין האַמבורג געשריבן געוואָרן. ווען איך זע, אַז ער איז געשריבן אויף אַ פּאַפּיר מיט אַ מאַרקע פון אַ ווענעציאַנער פאַבריק, וואָס האָט געאַרבעט פון 1500 ביז 1530, איז דאָס בלויז אַן אָנצוהערעניש, אַז דאָס געשריפטס שטאַמט פון ווענעציע, אָבער פאַר געוויס מעג איך שוין זאָגן וועגן דער צייט, אַז ביז 1500 איז דאָס ניט געשריבן געוואָרן. עס קען זיין, אַז גראָד אין די יאָרן ווען די פּאַפּיר־פאַבריק האָט געאַרבעט, און עס קען אויך זיין, אַז מען האָט געהיט דאָס פּאַפּיר און געשריבן אויף דעם שפּעטער; דאָ דאַרף שוין באַשליסן די שפּראַך, דער כתב און אַנדערע סימנים.

ווען מען נעמט אַריין אין האַנט אַן אַלטן מאַנוסקריפּט אָדער בוך, ווייסט מען פריער קיינמאָל ניט, מיט וועלכן וועג מען וועט באַשטימען די צייט און דעם אָרט פון זיין אָפּשטאַם. מען דאַרף האָבן אין זינען אַלע מעטאָדעס און אָנווענדן די וואָס איז גראָד אויפן אָרט. מיט אַנדערע ווערטער, מען דאַרף האָבן צוויי זאַכן: ערשטנס דעם געבוירענעם חוש, צווייטנס די גרויסע פּראַקטיק.

מאָריץ שטיינשניידער האָט געהאַט די ביידע מעלות, דערצו נאָך אַ רייכע בילדונג און אייראָפּעיִשע וויסנשאַפטן, אין העברעיש און אין אַראַביש, — איז ער געוואָרן דער גרעסטער ייִדישער ביבליאָגראַף, וואָס האָט ווען געלעבט. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1816 אין אַ קליינעם שטעטל פּראָסניץ אין מערן (הייַנט איז דאָס טשעכאָסלאָוואַקיע). זיין פאָטער איז געווען אַ למדן, האָט ער אַליין געלערנט מיטן זון; אָבער ער איז אויך געווען אַ משכיל,

האָט ער דעם זון צו זעקס יאָר אָפּגעגעבן אין דער דייטשער פֿאָלקסשול, וואָס אין יענע צייטן איז דאָס געווען גאָר אַ גרויסע נייס ביי יידן. און אַזוי זיינען אין שטיינשניידערס שפּעטערדיקער בילדונג אויך געגאַנגען האַנט ביי האַנט יידישקייט און אַלגעמיינע וויסנשאַפטן: אין פּראָג איז ער געווען גלייכצייטיק אין ישיבה און אין גימנאַזיע.

ווען ער איז אַרויס פון דער מיטלשול, האָט אים גענומען ציען קיין בערלין צו לערנען זיך ביי די דאָרטיקע פּראָפעסאָרן. אָבער עס איז געווען די צייט פאַר דער רעוואָלוציע פון 1848, די פּרייסישע רעגירונג איז געווען אַ רעאַקציאָנערע און האָט ניט אַריינגעלאָזן קיין פרעמדע יידן, אַפילו סטודענטן אויך ניט. שטיינשניידער איז דעריבער אָנגעקומען אין לייפּציגער אוני-ווערסיטעט. שפּעטער איז ער אָבער פאָרט אַריבער אין בערלין, און דאָ האָט ער אָפּגעלעבט זיין לאַנגן לעבן. ער איז אַלט געוואָרן 91 יאָר, און עס איז אים באַשערט געווען אויף דער עלטער די פרישקייט פון דער יוגנט: ביז מיט דריי וואָכן פאַר זיין טויט האָט ער נאָך אַלץ געאַרבעט און געאַרבעט.

דאָס איז געווען אַ מענטש מיט אַ שטרענגער וויסנשאַפטלעכער קריטיק, וועלכער איז אימשטאַנד געווען אָפּצווידמען יאָרן אויף אויסצוגעפינען אַ קליינעם פּרט, ווייל ביי אים איז ניט געווען דער מין קליינקייט. ער האָט אַלע-מאָל מיט אומצופרידנקייט און אומווילן געקוקט אויף גרעצן, וואָס האָט זיך אונ-טערגענומען צו שרייבן אַ פולדיקע געשיכטע פון יידישן פאָלק אין דער צייט ווען אַזויפיל הונדערטער דאָקומענטן פון דער יידישער געשיכטע ליגן נאָך ניט-אויסגעפאָרשטע.

הייַנט ווייסן מיר, אַז אין דעם דאָזיקן שטרייט פון די צוויי גרויסע מענטשן זיינען ביידע געווען גערעכט: שטיינשניידער איז געווען דער מער פאָרזיכטיקער, דער מער פּינקטלעכער, און ער האָט טאַקע געפּאַקט גרעצן ביי אַ סך גרייזן. אָבער דערפאַר האָט אונדז גרעץ געגעבן דאָס גרויסע בילד, ער האָט פאַר גאַנצע דורות יידן געוויזן דעם שפּיגל פון זייער געשיכטע, אין דער צייט וואָס דער גרעסערער קענער, שטיינשניידער, האָט סוף כל סוף אי-בערגעלאָזן מער ניט ווי איינציקע ציגל פון וועלכע עס בויען און וועלן נאָך לאַנג בויען זיינע נאָכקומער[1].

אָט דעס געלערנטן האָט מען אין 1850 פאַרבעטן קיין אָקספאָרד, ער זאָל צונויפשטעלן אַ קאַטאַלאָג פון דער העברעיִשער אָפּטיילונג, און ער האָט דאָס געטאָן אַכט יאָר נאָכאַנאַנד: 1860 איז דער קאַטאַלאָג געווען פאַרטיק[2]. געוויינטלעך איז ער ניט די גאַנצע צייט געזעסן אין אָקספאָרד: ער האָט זיך

---

[1] זע וועגן שטיינשניידערס יידיש-אַרבעטן באָראָכאָווס „ביבליאָטייק" נומ' 242—257; אויך אין „שטאַפּלען" אין פאַרשיידענע ערטער לויטן זוכצעטל.

[2] באָראָכאָוו נומ' 297.—ניט נאָר דער טיטול, נאָר אויך דער גאַנצער טעקסט פון דעם גראַנדיעזן ווערק איז געשריבן אין לאַטיין. פון דעם קאַטאַלאָג זיינען געדרוקט געוואָרן בלויז

דאָ געמאַכט נאָטיצן אין משך פון פיר זומערס, און באַאַרבעט האָט ער שוין דאָס אין בערלין. ער האָט ניט נאָר פאַרצייכנט אַלע ביכער, נאָר אויך צוגע-געבן וועגן יעדן מחבר ביאָגראַפישע ידיעות און וואו מען קען געפינען גע-נויערס; פון יעדן בוך כמעט ברענגט ער די ערשטע פּאָר שורות אָדער אַ קורצן אינהאַלט. אָן דעם קאַטאַלאָג קען זיך היינט קיין ליטעראַטור-פאָרשער ניט רירן פון אָרט.

פאַרשטייט זיך, אַז דער וויטגרעסטער טייל ביכער אין זיין קאַטאַלאָג זיינען העברעיִשע, אָנהייבנדיק פון די הונדערטער אויסגאַבעס פון תנ"ך און גמרא און ענדיקנדיק מיט דער גאַנצער שפּעטערדיקער ליטעראַטור, וועלכע איז אויך צום וויטגרעסטן טייל אַ רעליגיעזע. אָבער עס זיינען פאַראַן שיינע עטלעכע הונדערט יידישע נומערן, און כאָטש זיי האָבן שטיינשניידערן אינ-טערעסירט אַ סך ווייניקער, האָט ער וועגן זיי אויך געגעבן זייער פיל וויכ-טיקע אינפאָרמאַציעס.

שטיינשניידערס קאַטאַלאָג נעמט אַרום בלויז די געדרוקטע ביכער; פאַר די האַנטשריפטן איז אין דער באָדלעיאַנע פאַראַן אַ באַזונדערער קאַטאַ-לאָג, שוין ניט אַזוי טיף באַאַרבעט, פון דעם געוועזענעם ביבליאָטעקער ניי-בויער און דעם איצטיקן ביבליאָטעק-דירעקטאָר דאָקטאָר קאָולעיי. הייסט עס מען קען זיך מאַכן אַ בילד פון דעם וואָס איז פאַראַן נאָך איידער מען קומט אַהער. דער קאַטאַלאָג קען ניט פאַרבייטן דאָס בוך גופא, פונקט ווי אַ פּראָגראַם אָדער אַפילו אַ רעצענזיע וועגן אַ פּיעסע קאָן ניט פאַרשפּאָרן אַליין צו גיין אין טעאַטער; אָבער אָן דעם קאַטאַלאָג וואָלט מען געהאַט אַ פּנים פון יענעם צוזעער, וואָס קומט אין טעאַטער און ביז וואַנען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף ווייסט ער ניט וואָס מען וועט שפּילן.

## 4

די באָדלעיאַנע איז די וויכטיקסטע, אָבער ניט די איינציקע ביבליאָטעק, וואו די אוצרות פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט ווערן אויפגעהיט. און ווען מיר זאָלן האָבן נאָר זי, וואָלטן מיר געוואוסט אַ סך ווייניקער וועגן דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור איידער מיר ווייסן היינט. מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן בקיצור אויף עטלעכע ביכער-זאַמלונגען און כאַראַקטעריזירן אין אַ פּאָר ווערטער

---

300 עקזעמפּלאַרן, איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס ער איז באַלד געוואָרן אַ יקר-המציאות. היינט צאָלט מען פאַר אים (אויב מען קען אים בכלל באַקומען) 50 פונט.

[1] באָראָכאָוו 300—301. — ד"ר קאָולעי (Cowley) האָט מיר דערציילט פרילינג 1926, אַז ער גרייט איצט אַ נייעם קאַטאַלאָג פון דער גאַנצער העבראַיקאַ-אָפּטיילונג, דאָס הייסט אויך פון די געדרוקטע ווערק (קירצער ווי שטיינשניידערס), וואָס דאַרף פאַרטיק ווערן במשך אַ פּאָר יאָר. אַהין וועלן פאַרשטייט זיך אַריינגיין אויך די נייע איינשאַפונגען פון דער ביבליאָטעק וואָס נאָך שטיינשניידערן.

יעדערערס באַטייט און ווערט פאַר אונדז. דערביי וועט אונדז ווידעראַמאָל אויסקומען צו באַגעגענען זיך מיט שטיינשניידערן, וואָרים דער אָקספאָרדער קאַטאַלאָג איז בלויז זיין גרעסטער, אָבער ווייט ניט זיין איינציקער אויפטו אַפילו אויפן פעלד פון ביבליאָגראַפיע. וועגן אַנדערע געביטן פון פאָרשונג איז שוין אָפגערעדט; ער האָט זיך באמת אויפגעשטעלט אין זיינע שריפטן אַ מאָמענט לדורות, און יעטווידער שורה זיינע טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון זיין חריפות און זיין בקיאות[1].

א) אַחוץ מיט אָקספאָרד קאָן זיך ענגלאַנד באַרימען נאָך מיט אַ צווייטער גרעסערער יידיש־ביבליאָטעק; זי געפינט זיך אין דעם בריטישן מוזעום אין לאָנדאָן. וועגן דעם British Museum גופא איז ניט דאָ דער אָרט צו רעדן; זי איז אַן אינסטיטוציע אַן איינציקע אין איר מין איבער דער גאַנצער וועלט, און אויך איר ביבליאָטעק איז איינע פון די גרעסטע אין אַלע פינף וועלט־טיילן. וועגן דער יידישער קאָלעקציע (זי איז אַ טייל פון דער אָריענטאַלישער אָפטיילונג) לאָזט זיך זאָגן, אַז להיפוך צו דער באָדלעיאַנע פאַרמאָגט זי אַ סך מער ביכער פון 18טן און פון 19טן י״ה, אין דער צייט וואָס אָקספאָרדער זאַמלונגען דערגייען אייגנטלעך נאָר ביז 1750 און שפּעטערדיקע זאַכן קען מען דאָ געפינען נאָר בתור אויסנאַם. די פאָלקסליטעראַטור פון 19טן י״ה איז אין בריטישן מוזעום גוט פאַרטראָטן, דערין ניט ווייניק זעלטענע זאַכן: מענדל לעפינס משלי־איבערזעצונג (1817)[2], חייקל הורוויצעס קאָלומבוס אאַז״וו. אומפאַרבייטלעך זיינען די זאַמלונגען פון בריטישן מוזעום פאַר דעם וואָס וויל שטודירן דעם אָנהייב פון דער יידישער פרעסע אין ענגלאַנד, ספּעציעל פון דער סאָציאַליסטישער. אָבער אויך פון דער אַלטער ליטעראַטור אונדזערער געפינען זיך דאָ היפּש ווערטיקע זאַכן, צווישן זיי עטלעכע אַזוינע וואָס אַפילו די באָדלעיאַנע באַזיצט ניט: אַ שטייגער די ערשטע אויסגאַבע פון שמואל־בוך און מלכים־בוך (אויגסבורג, 1543—1544), דאָס ערשטע געדרוקטע מעשה־בוך (1602).

דער קאַטאַלאָג פון דער העברעישער אָפּטיילונג (וואוהין ס'גייען אַריין אויך די יידישע ווערק) איז אַרויסגעגעבן אין צוויי טיילן, 1867 און 1894 דורך י. צעדנערן (באַראָכאָוו נומ׳ 307): Catalogue of the Hebrew Books in the Library of the British Museum.

---

[1] נאָך שטיינשניידערס טויט אין 1907 האָבן ד״ר אַלעקסאַנדער מאַרקס און ד״ר ה. מאַלטער געזאָלט אַרויסגעבן אַ פולע זאַמלונג פון ש״ס שריפטן אין 12 בענד; דערין זיינען אויך פּראָיעקטירט געווען 2 בענד וועגן יידיש (זע שטאַפּלען ז׳ 40 הערה). ביז איצטער איז אָבער אַרויס בלויז דער ערשטער באַנד (1926), און וועגן די אויסזיכטן אויף ווייטער זיינען קיין מיטטיילונגען ניטאָ.

[2] אויך דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט פאַרמאָגט אַן עקזעמפּלאַר פון דעם דאָזיקן יקר־המציאות.

באַזונדער דאַרף דערמאָנט ווערן די אָפּטיילונג כּתבֿ-ידן אין בריטישן מוזעום באַשריבן אין אַ דרייבענדיקן קאַטאַלאָג פֿון G. Margouliouth „Catalogue of Hebrew and Samaritan Manuscripts in the British Museum" (1893, 1899, 1915): (I און II באַראָכאָוו נומ׳ 308; III איז אַרויס שוין נאָך באַראָכאָווס „ביבליאָטייק").

ב) וועגן דער דריטער וויכטיקער יידישער ביכער-שטאַט אין ענגלאַנד, וועגן קעימברידזש, גיט צו וויסן אַ ספּעציעל קאַפּיטל VII אין דעם בוך.

ג) צוויי אויסגעצייכנטע יידישע ביכערזאַמלונגען פֿאַרמאָגט אַמסטערדאַם. אויפֿן ערשטן אָרט גייט די „ראָזענטאַליאַנאַ" (לויטן נאָמען פֿון איר גרינדער באַראָן ראָזענטאַל), וואָס איז היינט אַ טייל פֿון דער אַמסטערדאַמער אוניווערסיטעטישער ביבליאָטעק. פֿאַראַן אַ גוטער און אויספֿירלעכער קאַטאַלאָג, צונויפֿגעשטעלט פֿון דעם אַמאָליקן ביבליאָטעקער מ. רוסט (Roest)[1]. פֿון אַלע אַנטיקן וועל איך דאָ דערמאָנען בלויז דריי. פֿון די דרוקן: דעם איינציקן אויפֿגעהיטן עקזעמפּלאַר פֿון דער „מגילת-ווינץ" — אויסגאַבע פֿון 1648[2] און די „אחשורוש-שפּיל גלייך איינער אָפּערע" פֿון 1718; פֿון די מאַנוסקריפּטן — אַן אויסגעצייכנטן עקזעמפּלאַר פֿון „ר׳ הענעך אָדער וואָס טוט מען דערמיט".

ד) די צווייטע אַמסטערדאַמער יידיש-זאַמלונג געפֿינט זיך אין דער „Livraria Montezinos", וואָס איז נאָכן טויט פֿון איר גרינדער מאָנטעסינאָס אַריבער צום טעאָלאָגישן סעמינאַר פֿון דער פּאָרטוגעזיש-יידישער קהילה. דאָ איז פֿאַראַן אַ היפּשע צאָל יקר-המציאותן (למשל די אָריגינאַל-אויסגאַבע פֿון מכירת-יוסף, וועלכע איז איבערגעדרוקט ביי שודטן), אָבער איין שטיק שטייגט אַריבער אַלע אַנדערע: דאָס איז דער אוניקום פֿון די „קוראַנטן", פֿון דער ערשטער אונדז באַוואוסטער יידישער צייטונג, וועלכע איז 1686—1687 אַרויסגעגאַנגען אין אַמסטערדאַם צוויי מאָל אַ וואָך.

קיין געדרוקטער קאַטאַלאָג פֿון דער זאַמלונג איז ניטאָ.

ה) די פּאַריזער נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק איז ניט איבעריקס רייך אין דער צאָל יידישע מאַנוסקריפּטן און ביכער, אָבער דערפֿאַר מעג זי זיך באַרימען מיט דער איכות פֿון איר פֿאַרמעגן. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז דאָ איז פֿאַראַן דער איינציקער פֿולשטענדיקער כּתבֿ-יד פֿון שמואל-בוך, אַ כּתבֿ-יד פֿון בבֿא-בוך, וואָס שטאַמט מסתּמא נאָך פֿון 16טן י״ה, זייער אַ וויכטיקע

---

[1] ניט פֿאַרצייכנט ביי באַראָכאָוו. דער פֿולער טיטל:

Catalog der Hebraica und Judaica aus der L. Rosenthalschen Bibliothek. Amsterdam 1875.

[2] איך וויל דאָ פֿאַרריכטן דעם טעות וואָס האָט זיך אריינגעכאַפּט אין די „שטאַפּלען" ז׳ 153: פֿון דער ערשטער אויפֿלאַגע פֿון דער פּאָעמע (האַנוי אָדער באַזעל, בערך 1616) איז קיין איין עקזעמפּלאַר ניט אויפֿגעהיט.

מנהגים־האַנטשריפט אאַז״וו. צווישן די געדרוקטע ביכער אין פּאַריז איז פאַראַן אַן עקזעמפּלאַר פון דער תורה־איבערזעצונג אויגסבורג, 1544.

דער קאַטאַלאָג פון די פּאַריזער כּתבֿ־ידן (בּאַראַכאָוו נומ׳ 311) איז שטאַרק פאַרעלטערט (ער שטאַמט פון 1866); קיין קאַטאַלאָג פון די געדרוקטע ביכער אין יידיש און העברעיש איז נאָך בכלל ניט פּובליקירט.

ו) אויך די אוניווערסיטעטישע ביבליאָטעק אין באַזעל איז פון דעם מין, וואָס אונדזערע אַמאָליקע מחברים פלעגן רעקאָמענדירן ווי „מעט הכמות ורב האיכות". די ביכער קומען אַהער פון פּראָפעסאָר בוקסטאָרפס ירושה. זייער צאָל דערגרייכט עטלעכע צענדליגג, אָבער זיי זיינען אַלע אָפּגעקליבענע, איינע אין איינע: די ערשטע אויסגאַבע פון מעשה־בוך (באַזעל 1602); דער ערשטער „יוסיפון" (ציריך 1546); דאָס ערשטע „ספר היראה" (ציריך 1546); דער ערשטער יידישער „דניאל" (באַזעל 1557), מעשה דוד בימי פרס" (באַזעל בערך 1600), „סבוב ר׳ פתחיה" (פּראָג 1600) אאַז״וו.

פאַראַן אויך עטלעכע יידישע מאַנוסקריפּטן[1].

ז) וועגן דער ביבליאָטעק אין פּאַרמע, וואָס שטאַמט (אויף וויפיל זי איז שייך צו יידיש) פון פּראָפעסאָר דע־ראָסיס באַזיץ, ווערט דערציילט אין קאַפּיטל VI פון דעם בוך.

ח) וועגן די יידישע ביכערזאַמלונגען אין עסטרייך זיינען קיין גענויע ידיעות ניט פּובליקירט און קיין אייגענע אָבסערוואַציעס וועגן זיי קאָן איך אויך ניט געבן. פון שטיינשניידערס הערות אין דעם באָדלעיאַנע־קאַטאַלאָג ווערן מיר געוואויר, אַז ער האָט אין דער ווינער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק (יעמאָלט האָט זי נאָך געהייסן קייזערלעך־קיניגלעכע) אָפּגעזוכט פאַרשיידענע יקר־המציאותן, וואָס זיינען אפילו אין אָקספאָרד ניטאָ. — לויט אַ פּריוואַטער מיטטיילונג פון ד״ר ב. וואַכשטיין האָט דער דאָזיקער אָנגעזעענער געלערנטער בדעה אַרויסצוגעבן בקרוב אַ פולן קאַטאַלאָג פון די ווינער יידיש־אוצרות, וואָס וועט אַרומנעמען סיי די נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק, סיי די יידישע קהילה־ביבליאָטעק און מסתמא אויך פאַרשיידענע קלענערע זאַמלונגען.

ט) די גרעסטע צאָל וויכטיקע יידיש־ביבליאָטעקן פאַרמאָגט דייטשלאַנד. אויפן ערשטן אָרט מעג מסתמא אַוועקגעשטעלט ווערן די האַמבורגער שטאָטישע און אוניווערסיטעטישע ביבליאָטעק, וואָס האָט געירשנט דעם פּאַסטאָר וואָלפס גרויסע ביכער־אייגנסן. דאָ ווערן אויפגעהיט: דער צווייטער מאַנוסקריפּט פון שמואל־בוך (עס פעלן אין אים די ערשטע פּאָר בלעטלעך), צוויי אַרטוס־מאַנוסקריפּטן, מנהגים, אַ מגילת אסתר־פּאַראַפראַזע אאַז״וו. וועגן די האַמבורגער יידישע מאַנוסקריפּטן גיט אַן אויסגעצייכנטע פּאָרשטע־

[1] די זאַמלונג איז באַשריבן פון דעם באַזעלער ראַבינער ד״ר אַ. קאָן (Cohn) אין Festschrift D. Hoffmann, בערלין 1914. זי שטאַמט אינגאַנצן אָדער כּמעט אינגאַנצן פון יאָהאַן בוקסטאָרפס ביבליאָטעק.

לונג שטיינשניידערס קאַטאַלאָג פון 1878[1]; פאַר די געדרוקטע ביכער איז קיין אינפאָרמיר-בוך ניטאָ.

י) אויך די מינכענער (פון דער בייערישער מלוכישער, געוועזענער קיניגלעכער, ביבליאָטעק) מאַנוסקריפּטן זייגען באַשריבן אין שטיינשניידערס אַ קאַטאַלאָג[2]. די צאָל יידיש-אָביעקטן איז ניט קיין גרויסע; צום גרעסטן טייל גייט דאָ ניט וועגן זעלבשטענדיקע יידישע שריפטן, נאָר וועגן יידישע גלאָסעס אין אַלטע העברעישע טעקסטן. אויסגעטיילט דאַרפן ווערן צוויי זאַכן: דער כ״י נומ׳ 100: מעשיות פונעם ציקל מעשה-בוך (געשריבן 1580 אָדער 1585) און דער כ״י נומ׳ 347, וואָס גיט די דריטע געגראַמטע פּאַראַפראַזע פון מגילת-אסתר[3].

אַנדערש איז מיט די געדרוקטע ביכער; דערין איז מינכען שטאַרק רייך. קיין קאַטאַלאָג פון זיי איז ניט פּובליקירט געוואָרן. אָבער מיר וויסן אַ ביסל וועגן זיי דורך דער Jüdisch-Deutsche Chrestomathie פון מאַקס גרינבוימען (1882), וועלכער האָט צונויפגעשטעלט זיין ווערק אויסשליסלעך אויפן סמך פון מינכענער מאַטעריאַלן, און פון י. פּערלעסעס מיטטיילונגען[4] וויסן מיר, אַז דאָ געפינען זיך צוו״אַנד אַן עקזעמפּלאַר פון דער אויגס-בורגער תורה-אויסגאַבע 1544, פון יוסף בריקרס סידור-איבערזעצונג (איכנ-הויזן 1544), פון דיטריך פון בערן (קראָקע, 1597—מער ווי דער איין עקזעמ-פּלאַר איז ניט איבערגעבליבן פון דער גאַנצער אויפלאַגע!).

יא) די פראַנקפורט-מאַינער שטאָטישע ביבליאָטעק האָט זייער אַ גרויסע קאָלעקציע יידיש, און די יידישע ביכער זייגען דאָ אויסגעטיילט דורך דעם ביבליאָטעקער פּראָפ׳ א. פריימאַן אין אַ באַזונדער אָפּטיילונג — Judaeo-Germanica — אַ זאַך, וואָס דאַרף ספּעציעל באַטאָנט ווערן, וואָרים אַנדערשוואו זעען מיר דאָס ניט. קיין כתב-ידן זייגען דאָ כמעט ניטאָ. פון די דרוק-זאַכן וועלן מיר קאָנען אַרויסכאַפּן בלויז עטלעכע ע״פ טראַף: „ספר מידות (איסני 1542), יוסיפון (ציריך 1546), דער חומש קרעמאָנע 1560, פאַר-שיידענע אויסגאַבעס פון „מעשה-בוך״ „ספר היראה״ (פרייבורג 1583) און פיל, פיל אַנדערע.

יב) די בערלינער מלוכישע ביבליאָטעק רעכנט זיך פאַר ניט איבע-ריקס רייך, הגם אין מזרח-אייראָפּע וואָלטן מיר זיך געבענטשט מיט אַזאַ זאַמלונג. פון די מאַנוסקריפּטן[5] דאַרף אויפן ערשטן פּלאַן דערמאָנט ווערן דער עלטסטער דאַטירטער יידישער כתב-יד, די אַנאָנימע תהילים-איבערזעצונג

---

[1] באָראָכאָוו נומ׳ 304.

[2] צווייטע געבעסערטע אויפלאַגע מינכען 1895 (באָראָכאָוו נומ׳ 310).

[3] איינע אין האַמבורג, די צווייטע אין אָקספאָרד.

[4] מגווי, 1876, ז׳ 350—375.

[5] זיי זייגען פאַרצייכנט אין שטיינשניידערס צווייבענדיקן קאַטאַלאָג 1878, 1893 (באָ-

אויף וועלכע עס איז פון עמעצנס האַנט צוגעשריבן אויף לאַטיין, אַז זי איז געקויפט געוואָרן אין יאָר 1490; דאָס הייסט אַז דער מאַנוסקריפּט איז געשריבן יענדנפאַלס ביז דעם יאָר. פאַראַן עטלעכע ווערטיקע גלאָסע־טעקסטן, פאַראַן אַן אייגנאַרטיקע תורה־איבערזעצונג (אָן אַ דאַטע, מסתמא פון אָנהייב 16טן י"ה)[1].

געדרוקטע ביכער זיינען פאַראַן אין אַ גאַנץ קענטיקער צאָל (צווישן זיי דער קראָקעווער „שבט יהודה" פון 1490), נאָר היות אויסרעכענען זיי איז אוממיגלעך, וועל איך בעסער פאַרצייכענען, אַז בערלין איז זייער רייך אין די ווערק וועגן יידיש, וואָס זיינען אין 17טן און 18טן י"ה געשריבן געוואָרן לפי־ערך פיל.

יג) די ליפּציקער שטאָטישע ביבליאָטעק האָט בלויז עטלעכע מאַנוסקריפּטן (וועגן די געדרוקטע ביכער זיינען קיין ידיעות ניטאָ), אָבער צווישן זיי זיינען זייער ווערטיקע: אַ כתב־יד פון „ספר־מידות"[2], ווייטער דער עלטסטער אויפגעהיטער טעקסט פון אחשווירוש־שפּיל (איבערגעשריבן 1697).

יד—טז) ברעסלוי האָט דריי ביבליאָטעקן: די שטאָטישע, די קהילה־ביבליאָטעק און די ביבליאָטעק פון יידיש־טעאָלאָגישן סעמינאַר. די ערשטע פאַרמאָגט אַן אוניקום: אַ לערנבוך פון יידיש פון פּויל העליץ, געדרוקט 1543 (באָראָכאָוו נומ' 459). די לעצטע איז דאָ די רייכסטע אין אַלט־יידישע דרוקן (צווישן זיי די פּראָגער אויסגאַבע פון בבא־בוך 1660).

יז—כא) פון די מזרח־אייראָפּעיִשע ביבליאָטעקן וועל איך דאָ בלויז דערמאָנען ווילנער סטראַשון־ביבליאָטעק (די ערשטע אויסגאַבע „מרכבת המשנה" 1534, דער „סם־חיים" 1590), קראָקעווער יאַגעלאָנישער ביבליאָטעק (פּויל העליצעס טראַנסקריפּציע פון לוטערס נייעם טעסטאַמענט מיט יידישע אותיות, קראָקע 1540, אַן אוניקום!), ריגער שטאָטישע ביבליאָטעק (אַן עקזעמפּלאַר פון דעם מעשה־בוך באַזעל 1602), אַזיאַטישער מוזעום אין לענינגראַד, סינאַגאָגע־ביבליאָטעק אין וואַרשע.

*

פּריוואַטע זאַמלונגען איז דאָ אויסגעקומען צו לאָזן אין אַ זייט. אַ סך ווייטאָגדיקער איז אָבער, וואָס עס איז ניט מיגלעך דערווייל צו געבן קיין שום ידיעות וועגן די יידיש־ביבליאָטעקן פון אַמעריקע. עס איז באַוואוסט, אַז אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן האָבן די דאָרטיקע גרויסע יידישע זאַמלונגען (יידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר אין ניו־יאָרק, היברו יוניאָן קאַלעדזש

---

ראָכאָוו 302—303). עטלעכע זאַכן זיינען אויך צוגעקומען נאָכדעם ווי דער קאַטאַלאָג איז געוואָרן אָפּגעדרוקט.

[1] זע וועגן איר אין קאַפּ' VI.

[2] אַ צווייטער איז פאַראַן אין בריטישן מוזעום, אַ דריטער אין קעימברידזש.

אין סינסינעטי) איינגעקויפט אין אייראפע אומגעהייער גרויסע ביכער-אוצרות, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אויך **פיל יידישע** שריפטן, בתוכם אפילו אוניקומס. ליידער האט נאך ביז היינט קיין איינע פון די גרויסע אמעריקאנער ביבליאטעקן ניט פארעפנטלעכט איר קאטאלאג.

*

אין די יארן 1848, 1849, 1864, 1866 און 1869 האט שטיינשניידער אונטערן נאמען Jüdisch-Deutsche Literatur געדרוקט אין דעם דייטשן זשורנאל Serapeum א רשימה פון יידישע דרוקן און כתב-ידן, וועלכע מעג נאך עד-היום באנוצט ווערן, מחמת קיין בעסערס איז נאך ניטא[1].

בן-יעקבס „אוצר הספרים" (ווילנע 1880) האט נאך היינט ניט אנגעוואוירן זיין ווערט, אבער פאר אונדזערע יידיש-צוועקן ווערט זיין באטייט שטארק געמינערט צוליב עטלעכע טעמים: ערשטנס, זיינען אויך דא די יידישע ווערק אויסגעמישט מיט די העברעישע; צווייטנס, זיינען די ידיעות זייער קורצע; דריטנס, זיינען די אינפארמאציעס וועגן **יידישע** ביכער פארט ניט אלעמאל גענוג פינקטלעכע.

באראכאוו האט ליידער בלויז באוויזן צו פארענדיקן דעם **ערשטן** טייל פון זיין פרעכטיקער „ביבליאטייק פון יידישן פילאלאג" (ש. ניגערס פנקס, ווילנע 1913), וואס ברענגט די ווערק **וועגן** יידיש.

די לעצטע יארן ארבעט ד"ר יעקב שאצקי (ניויארק) אויף א פולקומער ביבליאגראפיע פון אלע יידישע דרוקן פון די עלטסטע צייטן ביז אייזיק-מאיר דיקן. א צווייטער טייל זאל דערנאכדעם באהאנדלען די יידישע מאנוסקריפטן.

דער יידישער וויסנשאפטלעכער אינסטיטוט האט זיך אנגעמערקט פאר א ציל צו שאפן א צענטראלע **פאטאגראפירטע** ביבליאטעק פון אלע אלט-יידישע מאנוסקריפטן און דרוקן. דער אנהייב איז שוין געמאכט, און וואס רייכער דער אינסטיטוט וועט זיין אין געלטמיטלען, אלץ גיכער און פולשטענדיקער וועט דער פלאן מקוים ווערן.

---

[1] זע שטאפלען ז' 39—40 און 140 הערה.

# III. אונדזער עלטסטע ליטעראַטור

## 1

מיר האָבן געזען אין דעם ערשטן קאַפּיטל, ווי אַזוי עס האָט זיך געשאַפן די יידישע שפּראַך. קיינער קאָן ניט אָנצייכענען און באַשטימען אויף אַ האָר, ווען איז נאָך געווען אַ דייטשע שפּראַך מיט אַ יידישער באַפאַרבונג און ווען איז שוין געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע יידישע שפּראַך. ביי זאַכן, וואָס וואַקסן פּאַמעלעך אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער, איז ניט שייך צו מאָנען גענויע גרענעצן. יעדנפאַלס האָבן די דייטשע יידן (אָדער ריכטיקער געזאָגט, די יידן פון גאַנץ מיטל- און מזרח-אייראָפּע און פון צפונדיקן טייל פון איטאַליע) נאָך מיט גוטע זעקס-זיבן הונדערט יאָר צוריק פאַרמאָגט אַ לשון, וואָס זיי האָבן אויך גערופן „טייטש", אָבער ס'איז געווען עפּעס אַנדערש ווי דאָס לשון פון די אַלטגעזעסענע דייטשן.

און אַזוי אַלט ווי די יידישע שפּראַך איז אויך די יידישע ליטעראַטור.



די עלטסטע שפּורן פון יידיש זיינען, ווי ס'איז שוין געווען דערמאָנט, איינציקע טייטשווערטער (גלאָסעס), וואָס געפינען זיך צוגעשריבן אין העברעישע מאַנוסקריפּטן. אַ מלמד וואָס האָט געקנעלט מיט קינדער, אַ ישיבה-בחור מיט אַ שוואַכן זכרון, אַמאָל אַן עם-הארץ, וואָס איז געווען גענוג רייך זיך צו קויפן אַ געשריבענעם ספר (קיין געדרוקטע זיינען נאָך דאַן ניט געווען), פלעגן ביים ברעג מאַנוסקריפּט צושרייבן די איבערזעצונג פון אַ הארבן העברעישן וואָרט אין יידיש. שפּעטער פלעגט מען שוין מאַכן ספּעציעלע אַזעלכע זאַמלונגען פון טייטשן, ווערטערביכער אַזעלכע (גלאָסאַרן): צום אָנהייב לויט די סדרות פון חומש, אויב ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער תורה, דערנאָך לויטן אַלף-בית אויך. אַ רבי, וואָס פלעגט שרייבן אַ ספר און עס האָט אים אויסגעפעלט אַ העברעישער אויסדרוק, האָט קיין ברירה ניט געהאַט און אַריינגעשטעלט אַ יידיש וואָרט. די עלטסטע שפּורן פון אַזוינע איינציקע יידישע ווערטער זיינען אַלט געוויסע אַכט הונדערט יאָר; גאַנצע גלאָסאַרן אַזוינע, צום ביישפּיל, אויף תנ"ך, האָבן זיך אויך אויפגעהיט פון פאַר פינף הונדערט יאָר

און מער. אָבער געווען זיינען זיי אַ סך פריער; ווייל ווען מיר נעמען יענע אַלטע האַנטשריפטן, וואָס מיר פאַרמאָגן יאָ, און מיר פאַרגלייכן די איבערזעצונג פון אַ קאַפּיטל תהילים, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין צוויי פאַרשיידענע ווינקלען פון אייראָפּע, זעען מיר, אַז די אונטערשיידן זיינען סוף־כּל־סוף גאָר קליינע. דאָס איז אַ ראיה, אַז עס איז שוין דעמאָלט געווען אַ פעסטע מלמדישע טראַדיציע, וואָס האָט זיך שוין געהאַלטן לאַנגע דורות.

טאָ פאַרוואָס זיינען ניטאָ קיין עלטערע מאַנוסקריפּטן? דערויף איז פאַראַן אַ קלאָרער ענטפער: זיי זיינען פאַרפאַלן געוואָרן.

יידן האָבן דאָך ניט געהאַט קיין אייגענע ביבליאָטעקן און קיין קיניגן, וואָס האָבן (פון אינטערעס צי פון באַרימעריי וועגן) געקליבן ביכער. אַ יידישע קהילה איז קיינמאָל ניט געווען זיכער מיטן לעבן: אָט פלעגט קומען אַ גירוש און מען איז געווען צופרידן אויב מען איז אַרויס געזונטע. אָט פלעגט די מאַכט גלאַט אַזוי, אין גוטן מוט, מאַכן אַ רעוויזיע אין די הייזער פון דער יידישער געטאָ און זוכן ספרים וואו מען לעסטערט קריסטוסן. איידער וואָס ווען פלעגט מען צונעמען אַלצדינג, און נאָכדעם האָט מען שוין פאַרגעסן אָפּצוברענגען. טאָמער האָט אַ ייד שוין יאָ געקענט עפּעס אויסבאַהאַלטן, האָט ער פריער פון אַלץ געראַטעוועט די ספר־תורה און דעם ספר וואו עס איז געווען איבערגעשריבן אַ מסיכתא פון דער גמרא. די יידישע איבערזעצונג האָט ער גיכער מפקיר געווען: מילא, וועט מען זי מאַכן אַ צווייטן מאָל, זי איז דאָך נאָר אַ הילפס־מיטל, ניט קיין הייליקייט פאַר זיך.

## 2

עס איז קלאָר אָן רייד פאַר יעדער איינעם, ווי וויכטיק עס איז אויסצוגעפינען דעם עלטסטן זכר פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, וואָס זאָל טראָגן אַ גענויע דאַטע. שטיינשניידער האָט פאַרנאָטירט נאָך מיט צענדליקער יאָרן צוריק, אַז לויט זיין וויסן איז די עלטסטע דאַטע אויף אַ יידישן כּתב־יד דאָס יאָר 1490. דאָס האָט ער אין זינען געהאַט די אויבנגעדאַכטע תהילים־איבערזעצונג אין דער בערלינער מלוכישער ביבליאָטעק, וואָס טראָגט דעם נומער .Or. Qu. 310 ברענגענדיק דאָס אין זיין „ביבליאָטייק פון יידישן פילאָלאָג" שרייבט באָראָכאָוו (נומ' 313), אַז ער האָט געפונען אין נייבויערס קאַטאַלאָג פון די באָדלעיאַנע־מאַנוסקריפּטן, אַז ס'איז פאַראַן עפּעס עלטערס, דהיינו: צום העברעישן כּתב־יד, וועלכער טראָגט ביי נייבויערן דעם נומער 642[1], איז צוגעשריבן אַ יידיש ליד מיט דער דאַטע 1393.

באָראָכאָוו באַוואָרנט זיך דאָרט, אַז ער האָט דעם כּתב־יד גופא ניט געזען, ער פאַרלאָזט זיך בלויז אויף נייבויערן. איך האָב זיך דערייבער באַלד ווי איך בין געקומען קיין אָקספאָרד אַ כאַפּ געטאָן צו דעם מאַנוסקריפּט, וואָס

---

1 ביי באָראָכאָוון שטייט ע"פּ טעות 672.

זיין מאַרקע אין ביבליאָטעק איז „אָפּענהיימער 300". עס האָט זיך געוואָלט זען די עלטסטע יידישע פּאָעזיע.

אָבער ווען איך האָב נאָכאַמאָל איבערגעלייענט אין נייבויערס קאַטאַלאָג די שייכותדיקע נאָטיץ, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ טעות אין פשט. אָט זיינען נייבויערס ווערטער איבערגעזעצט פון ענגליש:

„צום סוף פון דעם מאַנוסקריפּט דריי שירים, לויטן אַקראָסטיכאָן אליה בר משה בלין, און עטלעכע מעדיציניש רעצעפּטן אין דייטש מיט העברעיִשע אותיות".

מילא, דער נאָמען „דייטש מיט העברעיִשע אותיות" פאַר אַלט-יידיש זאָל אונדז קיין וואונדער ניט זיין; אַזאַ איז שוין געווען די טערמינאָלאָגיע פון דעם געוויסן טיפּ חכמי-ישראל. אָבער דער זאַץ איז ביי נייבויערן פאָרמולירט אַזוי, אַז ס'איז ניט קלאָר, צי זיינען אויך די שירים געשריבן אין אַלט-יידיש אָדער בלויז די רעצעפּטן. באַראָכאָוו האָט געפּסקנט דאָס ערשטע, דער מאַנוסקריפּט ווייזט דאָס צווייטע: די שירים זיינען העברעיִשע, און נאָך מער, אויך די רעצעפּטן זיינען העברעיִשע, בלויז מיט אַריינגעמישטע דייטשע טערמינען, ווייל דער שרייבער האָט זיך ניט געוואוסט קיין עצה צו געבן. למשל: „ק ח שלמוניי אק ושפון גרוין וערבם בחומץ חזק" „1 לוט וויט-נייאול וקח..." און אַזוי ווייטער.

אויך איז ביי באָראָכאָוון אַ שטיקל טעות (אַנדערש האָט ניט געקאָנט זיין, וויבאַלד ער האָט יעמאָלט געמוזט נעמען פון דער צווייטער האַנט) מכוח דער דאַטע. אמת, דער גאַנצער מאַנוסקריפּט, דער „מרדכי קטן", איז געשריבן, ווי ס'איז צו זען פון דעם טעקסט, אין קנג (=1393), אָבער די העברעיִשע לידער און די רעצעפּטן זיינען צוגעשריבן אויף די לעצטע צוויי זייטן פונעם פּאַרמעט, וואָס זיינען לכתחילה געבליבן ליידיק. ס'איז אַלזאָ דאָ פאָרגעקומען דאָס אייגענע, ווי ביי אַ היינטיקן יידישן באַלעבאָס, וואָס פאַר-שרייבט אויך אויפן פאָרזאַץ-בלאַט פון אַ ספר די דאַטעס פון וויכטיקע גע-שעענישן אין דער פאַמיליע אָדער אַנדערע זאַכן, וואָס זיינען פאַר אים טשי-קאָווע. נאָר ווען זיינען געמאַכט געוואָרן דידאָזיקע צושריפטן?

געוויס ניט נאָכן יאָר 1465; אין דעם דאָזיקן יאָר איז אונטערגעשריבן דער לעצטער פון די דריי באַזיצער פון בוך. דער ערשטער באַזיצער, אָן אַ דאַטע, איז אונטערגעשריבן אַזוי:

„זה המרדכי שלי משה בר אליא [!] בלין... מן בינגא".

דער אליה בר' משה בלין, וואָס האָט געשריבן דעם שיר מיטן אַקראָס-טיכאָן און די רעצעפּטן, איז געוויס דעם ערשטן באַזיצערס (משה בר' אליה בלין) אַ זון. פאַרצייכנט די רעצעפּטן האָט ער יעדנפאַלס ביז 1465, מסתמא אַרום דעם יאָר 1400. די שטאָט בינג (Bingen) ליגט ביים ריין.

נאָר וואָס גייט אונדז אָן, אין דער געשיכטע פון דער יידישער לי-

טעראַטור, די גאַנצע מעשה, וויבאַלד עס איז קיין, יידישער טעקסט ניטאָ און ס׳האָט בלויז געטראָפן ביי באַראַכאָוון אַ טעות?

ס׳איז יאָ דאָ עפּעס אין יידיש, מערניט ניט דאָס וואָס באָראָכאָוו און ניט דאָס וואָס נייבויער זאָגט צו.

צווישן די „רעצעפּטן” זיינען פאַראַן זיבן שורות יידישע. די ערשטע דריי לייענען זיך אַזוי:

„אז איך הויט אויש גי, צווילף מלאכי׳ די מוישן ביי מיר זיין: דריי די מיך גלייטן; דריי וויזן מיך [!] דען וועג; דריי בשידן מיר גלויק אונ׳ היילא; דריי ברינגן מיך אין דש אלמעכטיגן גוטיש נאמן ווידר היימא. דש זיי וואר אין גוטיש נאמן. בשם יי אלקי ישראל”.

די אינטערפּונקציע האָב איך אַליין צוגעשטעלט, בכדי ס׳זאָל זיין גרינגער צו לייענען; נאָר פון פאַרשטענדלעכקייט וועגן וועל איך נאָך צוגעבן דעם טייטש:

„ווען איך גיי היינט אַרויס, מוזן זיין ביי מיר צוועלף מלאָכים: דריי וואָס באַלייטן מיך; דריי וויזן מיר דעם וועג; דריי באַשערן מיר גליק און געזונט, און דריי ברענגען מיך אין נאָמען פון אַלמעכטיקן גאָט צוריק אַהיים. זאָל דאָס זיין אמת אין גאָטס נאָמען. אין נאָמען פון גאָט דעם גאָט פון ישראל”.

דער טעקסט, וואָס איז בפירוש ניט קיין צופעליקע קאָמבינאַציע פון ווערטער, נאָר אַ פעסטע פאָרמול, און דאָס דריי מאָל איבערגעחזרן (צוויי מאָל אויף יידיש, איין מאָל אויף לשון־קודש) גאָטס נאָמען ווייזט באַשיימפּערלעך, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ שפּראָך, וואָס יידישע וועגסלייט פלעגן זאָגן לאָזנדיק זיך אין וועג אַריין.

נאָך וויכטיקער איז דאָס צווייטע שטיקל אַלט־יידיש אויף דעם זעלביקן זייטל מאַנוסקריפּט. דאָ באַגעגענען מיר שוין אַפילו דעם אויסדרוק „באַשווערונג”. ליידער איז די שריפט שוין שטאַרק אָפּגעריבן און אָפּגעבלאַקירט; נאָר דער שפּאַקטיוו האָט מיר אַרויסגעהאָלפן, אַזוי אַז אַ טעות קען זיין בלויז בנוגע אותיות, ניט בנוגע גאַנצע ווערטער און זייער פּשט. די דערקלערונגען זיינען אין לשון־קודש, די פאָרמול גופא אין יידיש, און דערצו נאָך אין גראַמען. אָט איז דאָס אות באות, דעם פירוש וועל איך געבן דערנאָך.

„כשתראה רכבים או רקים, אז כפוף אצבע גודל ופשוט האצבעות האחרים, ותראה הרכבים בין המגודל לאצבעות האחרים, ותאמר:

אז איך אובר זיך דיך אי דו אובר זיכשט מיך,
דרייער ווארט בישווירא איך דיך,
די גוט זעלבר צו משה שפראך,
דו ער דורך די הילן פורטן זאך:
דש זי דיר ביצווינגען דיינען מואט,

אַז די װיר װינגר דעם װינפטן טון.
בשם שדי!
והושיט ידך נגד הרכבים וכפוף הד׳ אצבעות סביב המגודל״,
דאָס הײסט:

אויב דו זעסט רײטער אָדער גזלנים, בײג אײן דעם גראָבן פינגער און ציִ אויס די אַנדערע פינגער, װעסטו זען די רײטער צװישן דעם גראָבן פינ־גער און די אַנדערע, און דו זאָלסט זאָגן: אַזוי װי איך זע דיך אײדער דו זעסט מיך, באַשװער איך דיך מיט דרײ װערטער, װאָס גאָט אַלײן האָט גע־זאָגט צו משהן, בשעת ער האָט אַרײנגעקוקט אין טויער פון גיהנום: זײ זאָלן דיר באַצװינגען דײן כּװנה אַזוי װי די פיר פינגער טוען מיטן פינפטן. אין נאָמען פון אַלמעכטיקן. דערבײ ציִ אויס דײן האַנט אַנטקעגן די רײטער און בײג אײן די פיר פינגער אַרום גראָבן פינגער.

עס איז אַ טיפּישער אַקט פון באַשװערונג: איך טו אָפּ אַ סימבאָלישע האַנדלונג, און דורך דעם טרײב איך אָפּ פון זיך די סכּנה פון אַן ע נ ל ע כ ע ר ר ע אַ ל ע ר האַנדלונג. נאָר װער זײנען די רײטער (רכבים או ריקים), מיט װעלכע מיר באַגעגענען זיך דאָ? ניט קײן אַנדערע װי ר ױ ב ר י ט ע ר פון מיטלעלטער, װאָס מיט זײ זײנען פול געװען די װעגן און װאָס פלעגן ניט דורכלאָזן קײנעם בשלום. קײן כּוח צו װערן זיך אַנטקעגן זײ האָט קײנער ניט געהאַט, אַפּשיטא שוין די ײדן. נאָר אַנדערע, די פירשטן און די שטעט, האָבן געקעמפט און סוף־כּל־סוף גובר געװען די גזלנים די ריטער, — און ײדן האָבן בלית־ברירה באַנוגנט זיך מיט אַ שפּראַך.

דאָס איז אַן אינטערעסאַנט שטיקל ײדישע קולטורגעשיכטע, און דער ײדישער פאָלקלאָר האָט דאָ געפונען ניט נאָר אַן אַלטן, נאָר אויך אַן אינ־סטרוקטיװן מוסטער פון אַ ײדישער באַשװערונג. אָבער פאַר דעם ענין, װעגן װעגן װעלכן מיר האָבן אָנגעהויבן — װעגן דעם עלטסטן ד אַ ט י ר ט ן ײדישן כּתב־יד — מײנט דאָס, אַז ביז װאַנען עס װעלן געפונען װערן פּינקטלעכע עלטערע דאַטעס ב ל ײ ב ט שטײנשנײדערס פעסטשטעלונג װעגן דעם בערלי־נער תּהילים[1].

---

[2] אין דער אונגאַרישער אַקאַדעמיע פון װיסנשאַפטן אין בודאַפּעשט געפינט זיך (פון פּראָפ׳ דוד קויפמאַנס ירושה) אַ ײדישע איבערזעצונג פון מחזור אויף ראש־השנה און יום־כּיפּור, װאָס איז באַצײכנט מיט רכ״ה=1465. ג. שטיף האָט אָבער אויפגעװיזן (לאַנדוי־בוך ז׳ 100), אַז די דאַטע איז מוטל־בספק; די אותיות זײנען צוגעקראַצטע, און ס׳איז מיגלעך, אַז ס׳מאַכט רפ״ה=1525 (אויך די שפּראַך שטימט לויט ג. שטיפן מער מיטן אָנהײב 16טן י״ה). — דער ײדישער קאָדעקס אין קאַרלסרוהע: איוב, משלי, תּהילים אאַז״װ (קאָדעקס רײכלין VIII) שטאַמט לויט ג. שטיפן, װאָס פסקנט אויפן סמך פון די װאַסערצײכנס, פון 1430—1440; אָבער קײן דאַטע איז אויף אים ניטאָ.

## 3

אָבער סוף־כּל־סוף מוזן מיר זאָגן, אַז מאַנוסקריפּטן פון די מ ל מ ד י ש ע חיבורים (גלאָסעס, גלאָסאַרן און אַפילו גאַנצע איבערזעצונגען פון הייליקע ספרים) קענען אונדז אינטערעסירן בלויז ווי דאָקומענטן פון דער אַלט־ייִדישער ש פּ ר אַ ך; קיין ליטעראַטור אין אייגנטלעכן זינען, קיין ש אַ פ ו נ ג, איז דאָך דאָס ניט. אויך קאָן מען ניט פאַררעכענען צו אייגנטלעכער ליטעראַטור אַזוינע טעקסטן ווי די אָקאָרשט געבראַכטע השבעות: דאָס זיינען דאָקומענטן פון פאָלקלאָר, פון סאָציאַלער און קולטורעלער געשיכטע, אָבער ניט מער. טאָמער ווערט אַזוינס יאָ אַריינגענומען ביי אַלע פעלקער אין דער געשיכטע פון זייער אַלטער ליטעראַטור, איז דאָס בעצם נאָר דערפאַר, ווייל מען איז זשעדנע צו געפינען נאָך אַ ברעקל, נאָך אַ ברעקל פון יענע ווייטע צייטן, ווען מען האָט ניט געדאַגט וועגן היי־עולם און ניט געבויט קיין מוזעומס, אַרכיוון און ביבליאָטעקן.

איצטער דאַרפן מיר פאַרשטיין: אויב אַפילו די מ ל מ ד י ש ע חיבורים זיינען צום גרעסטן טייל פאַרפאַלן געוואָרן, וואָס זיי זיינען געווען פאַרבונדן אַזוי ענג מיטן רעליגיעזן לעבן, איז שוין על אחת כמה וכמה קיין וואונדער ניט, וואָס עס האָבן זיך ניט אויפגעהיט פון דער עלטסטער צייט (מיט אַ יאָר זיבן־אַכט הונדערט צוריק) קיין ו ו ע ל ט ל ע כ ע אָדער ה אַ ל ב־ו ו ע ל ט ל ע כ ע ווערק אין יידיש.

אַז אַזוינע ווערק זיינען בשעתּם יאָ געווען, דערויף זיינען פאַראַן אי ראיות, אי פאַקטן.

לאָמיר ניט רעדן גלאַט אין דער וועלט אַריין וועגן דעם הייליקן פאָלק ישראל, נאָר לאָמיר פאָרשטעלן זיך די זאַך פשוטער און קאָנקרעטער. יידן זיינען דאָך פאָרט געווען ניט מער ווי זינדיקע מענטשן מיט זינדיקע אינטערעסן; ניט אומזיסט געפינען מיר אַזויפיל שטראָף־רייד אין דער העברעישער רבנישער ליטעראַטור פון אַלע צייטן. די תּורה איז טאַקע געווען דער עיקר און עס איז געווען זייער וויכטיק צו וויסן אין בראשית די ווערטער „להט החרב המתהפכת"; אָבער פאַר דעם יידישן יינגל, וואָס האָט דערפאַר געקראָגן פּעטש פון רבין, איז אפשר גאָר בשעת־מעשה, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, געווען נאָך וויכטיקער צו כאַפּן אַ שטיפ און אַ זינג צו טון אַ לידעלע, ווייל די זון האָט שוין צו פאַרפירעריש אַריינגעשיינט דורך דעם קליינעם ברודנעם פענסטערל פון חדר.

וואו זיינען אָט די קינדער־לידעלעך, די ציילעניש, די רעטעניש? ניטאָ, פאַרפאַלן געוואָרן אַלע, ווייל קיינער האָט ניט געהאַט קיין חשק דאָס אָפּצוהיטן, מען האָט געקוקט דערויף ווי אויף נאַרישקייטן.

אָדער נעמט אַ צווייטע זאַך. צווישן דעם דייטשן עולם, ביי וועמען מען האָט זיך געלערנט שפּראַך,—אַ פאַקט איז דאָך, אַז מען האָט זי איבער־

געגומען!—זיינען אומגעגאַנגען זייער פיל לידער, פרומע און פאַרשייטע: קריגס=לידער, חתונה=לידער, וויגלידלעך. מיר ווייסן פון זיך, אַז ווען מען באַזעצט זיך אין אַ פרעמדן לאַנד, ווערט מען אַמאָל אויפכאַפּן די דאָרטיקע לידער גיכער ווי מען ווערט זיך אויסלערנען רעדן קאָרעקט, אָן גרייזן; ווייל דאָס ליד האָט אַזאַ כישוף וואָס די שפּראַך האָט ניט — דעם ניגון. די מוזיק איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך, און אין דעם שטעקט אַגב דער סוד, פאַרוואָס פאָלקס=לידער פאַרשפּרייטן זיך אַזוי גיך. טאָ וואו זיינען די לידער וואָס יידן האָבן געזונגען מיט זיבן=אַכט הונדערט יאָר צוריק אין דייטשלאַנד?

ניטאָ, קיינער האָט זיי ניט געוואָלט היטן.

היינט נעמט גלאַט דאָס וואָס מיר רופן פאַרוויילונגס=ליטעראַטור. דער ענגלענדער האָט דערפאַר אַ גוט וואָרט: „פיקש'ן" (fiction). דער מענטש דאַרף טאַקע אָפּטמאָל אַ פיקציע, אַן אויסגעטראַכטע זאַך, ווייל עס ווערט אים ענג און ניט היימלעך אין דערווירקלעכקייט. דאָס מיטלעלטער האָט אונדז איבערגעלאָזן אַזויפיל וואונדער=מעשיות (דעמאָלט האָט מען האָ"ב געגלייבט דערין אויך) וועגן ריזן און קאַרליקלעך, וועגן לינדנווערעם (דראַקאָנען) און פיפערנאָטערס, וועגן פאַרכישופטע פּאַלאַצן און ווינטש=פינגערלעך. דאָס אַלץ האָט געוויס געמאַכט פלאַמען די פאַנטאַזיע פון די יידישע קינדער ניט ווייניקער ווי פון אַנדערע. היינט איז דאָך געווען אַ ספּעציעלע יידישע לעגענדן=וועלט: די צען שבטים וואָס זיצן באַהאַלטן הינטערן טייך סמבטיון, און דער טייך וואַרפט שטיינער אַלע טאָג חוץ שבת; די זיבן הימלען, וואָס זיינען אַזוי קונציק אויסגעבויט איינער איבערן צווייטן, און די מלחמות פון גוג=מגוג (גאָגמאַגאָג), וואָס וועלן פאָרקומען איידער משיח וועט קומען. און אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט אויפן ישוב, ווען דער שטורעם האָט געפייפט אין דרויסן, פלעגן זיך די קינדער צונויפטוליען אַרום דעם אַלטן זיידן און אויסהערן מיט ציטערניש, ווי מען פייניגט די רשעים אין די זיבן אָפּטיילונגען פון גיהנום און ווי גוט עס איז דעם צדיק אויף יענער וועלט.

אויפגעהיט האָט דאָס קיינער ניט. מיר ווייסן אָבער, אַז אַזאַ שאַפונג איז יאָ געווען. אָט איז פאַראַן פון יהודה החסיד, וואָס איז געשטאָרבן מיט 700 יאָר צוריק (אין יאָר 1217) אַ פאַרבאָט צוצודעקן הייליקע ספרים מיט פּאַרמעט=בלעטער, אויף וועלכע ס'זיינען געשריבן ראָמאַנען[1]; אָט ווייסן מיר פון אַ פאַל אין 14טן יאָרהונדערט, אַז רבנים האָבן פאַרווערט צו זינגען רעליגיעזע לידער אין „טייטש". הייסט עס, געווען זיינען יאָ געשריבענע ראָמאַנען, געזונגען האָט מען יאָ רעליגיעזע לידער אין יידיש[2]; נאָר די

[1] „וכן אל יכסה את ספרו בקלפים הכתובים בהם רומנץ". — ספר חסידים באָלאָניע 1538, 142 (ציטירט לויט ל. לאַנדוי, לאַנדוי=בוך ז' 129).

[2] זע ז' 53, הערה 1.

רבנים האָבן דאָס באַקעמפט, ווייל ס'איז געגאַנגען קעגן דער רעליגיעזער טראַדיציע, און האָבן נאָך אפשר געהאַלטן פאַר אַ מצווה צו צערייסן אַזוינע טרייף-פסולע געשריפטן. אין דעם פּרט זיינען די רבנים ניט געווען קיין יוצא מן הכלל; מיר זעען דאָ פּונקט דעם אייגענעם קאַמף פון דער גייסטלעכקייט קעגן דער פאָלקסשפּראַך, ווי ביי די קריסטלעכע פעלקער פון אייראָפּע.

איין וועג איז אָבער יאָ געווען, אַז אַזוינע לידער זאָלן זיך אויפהיטן: דאָ איז דער איבערגאַנג פון מויל צו מויל. איינער האָט דערציילט דעם צווייטן. די יונגע מאַמעס האָבן געזונגען פאַר זייערע קינדער די לידער וואָס זיי האָבן געהערט מיידלוויז אין שטוב, און ווען אַ גוטער בדחן פלעגט פאַר-בלאָנדזשען אין אַ שטעטל, האָט מען נאָך מיט אַ דור שפּעטער הנאה געהאַט פון זיינע חכמות.

אָט אַזוי זיינען די זאַכן אויף אויסווייניק דערגאַנגען ביזן זעכצנטן יאָר-הונדערט, ווען מען האָט שוין גענומען דרוקן אַ סך אויף יידיש[1]. אויך מאַנו-סקריפּטן האָבן זיך פון אָנהייב 16טן י"ה אויפגעהיט אַ סך מער. היפּש פון דעם וואָס מען געפינט פאַרשריבן און אָפּגעדרוקט יענע צייטן איז פּאַקטיש אַ סך עלטער: אַמאָל דערקענען מיר דאָס אין דער שפּראַך, וואָס האָט נאָך אָפּגעהיט סימנים פון פריערדיקע צייטן, אַמאָל לויטן אינהאַלט. ביי אַלע פעל-קער איז דאָס אַזוי, אַז ווערק, לאָמיר זאָגן, פון פאַר אַכטהונדערט יאָרן זיי-נען דערגאַנגען אין איבערשרייבונגען, וואָס זיינען מיט אַ דריי הונדערט יאָר ייִנגער; ביז דעמאָלט האָבן זיי געלעבט בלויז אין דער מינדלעכער טראַדיציע. אָבער ביי אונדז שפּירט זיך דאָס נאָך שאַרפער, ווייל די אומזיכערקייט ביי יידן איז געווען אַזוי גרויס, דער רעספּעקט צו די אַלע „נאַרישקייטן" איז גע-ווען נאָך קלענער און דער קאַמף פון די גייסטלעכע נאָך פאַרביטערער.

---

[1] אָבער גראָד פון 16טן י"ה האָבן מיר אַן אויסגעצייכנטן באַווייז, וויפיל עס איז פאַרלוירן געגאַנגען. דאָס עלטסטע געדרוקטע בוך אין יידיש, וואָס איז אונדז באַוואוסט, איז דאָס „ספר מידות", איסני 1542 (זע גירעמאַן יידי׳ 81, 146 א"וו און שטאַפּלען ז׳ 103—110); העברעיש און יידיש איז דער גלאָסאַר „מרכּבת המשנה", קראָקע 1534 (אין דער צווייטער אויפלאַגע „ספר של ר׳ אַנשיל", זע שטאַפּלען ז׳ 115—123). עלטער פון אָט דעם „מרכּבת המשנה" איז אונדז שוין קיין יידישער דרוק ניט באַקאַנט, סיידן מיר זאָלן רעכע-נען די פּראָגער הגדה פון 1526, וואו ס'איז פאַראַן אַ יידישע איבערזעצונג פון „אדיר הוא". אָבער אָט לייענען מיר אין דעם פאָרוואָרט צו אָט דעם „מרכּבת המשנה" אזא מין זאַץ: „די ווייל עס גימייניקליך איז גיוואָרדן דס מן אלי ור בורגני זך אונ׳ בויכר אן טאג ברענגט צו דויטש אורזיך דס איין איקליכר גימיינר מן מג וויסן דונקט מיך גוט זיין איין נויצס בויכליין אן טאג צו ברענגן". דאָס באַטייט: „הוות עס איז געוואָרן אַ געוויינטלעכע זאַך. אַז מען גיט אַרויס אין טייטש אַלע פאַרבאָרגענע זאַכן און ספרים, כדי איטלעכער געמיינער מאַן זאָל דאָס קאָנען וויסן, דוכט זיך מיר אויס גוט אַרויסצוגעבן אַ נוציק ביכל". וואו זיי-נען אָט די אַלע „טייטשע" ביכער און ביכלעך? ניטאָ, פאַרפאַלן ווי אין וואַסער אַריין...

אונדזערע רבנים זיינען אין פאַרשיידענע צייטן געגאַנגען מיט פאַרשיידענע וועגן ביים באַקעמפן די יידישע ליטעראַטור. פון דעם פאַרבאָט אויף יידישע רעליגיעזע לידער, וואָס מיר האָבן אָקאָרשט דערמאָנט, ווען מיר אַרויס קלאָר וועגן וואָס עס גייט. דער מהרי״ל (יעקב לוי), איינער פון די גרעסטע רבנים פון מיטלעלטער, שרייבט, אַז מען זאָל ניט זינגען די יידישע לידער וועגן דעם, אַז גאָט איז איינער און וועגן די דרייצן עיקרים פון יידישן גלויבן; ווייל די לידער רעדן נאָר וועגן אמונה און ניט וועגן די מצוות, וואָס אַ ייד איז מחויב צו היטן, און די פּראָסטע מענטשן קענען מיינען, אַז מען קען זיך באַגיין אָן די שטרענגסטע דינים אויך[1]. עס קען זיין, אַז דער מהרי״ל האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די טענדענץ פון דער יידישער ליטעראַטור צו וועלטלעכקייט, אָבער נאָך מער איז פאַר אונדז וויכטיק זיין כוונה: ער האָט קענטיק געוואָלט, אַז אַחוץ הייליקע זאַכן אויף דער הייליקער שפּראַך זאָלן יידן בכלל קיין גייסטיקע שפּייז ניט האָבן. נאָר אַזאַ ראַדיקאַלע פאָדערונג האָט ניט געהאַט קיין שאַנסן דורכגעפירט צו ווערן: ווייבער און מיידלעך און דער גרעסטער טייל מאַנצבילן האָבן דאָך פאָרט קיין העברעיִש ניט געקענט; האָט מען די פאַרבאָטן איגנאָרירט. וויבאַלד אַזוי האָבן שוין די רבנים זיך אַ ביסל אונטערגעגעבן; זאָל זיין „טייטש״, אָבער דער אינהאַלט זאָל זיין געטלעך. פאַרנעמט זיך ניט מיט קיין גויאישע מעשיות, מיט דערציילונגען וועגן ריטער און כישוף־מאַכערינס, נאָר האָט גאָט אין זינען: זינגט פרומע לידער, דאַוונט אויף יידיש, זאָגט תהילים אויף יידיש. און די פרומע האָבן זיך אַליין גענומען שאַפן אַזאַ פרומע ליטעראַטור.

אין אַ געוויסער מאָס האָט דאָס געהאָלפן; אָבער ניט אינגאַנצן. אויב צווישן די פרומע זיינען געווען מענטשן מיט אַ שאַרפער פעדער און אַ פּאַטעטישן חוש, וואָס האָבן געקענט גוט דערציילן מעשיות מיט אַ טראַדיציאָנעל־

---

[1] מנהגים 112 א. — דאָס יידישע ליד „אדיר הוא״, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין דער פּראַגער הגדה פון 1526, לייענט זיך אות באות אַזוי:

„אלמעכטיגר גוט בויא דיין טעמפל שירי. אלזו שירי אין אונזרן טאגן שירי. יא שירי. ברמהערציגר גוט. גרעכטר גוט. דעמטיגר גוט. הוכר גוט. ווירדגר גוט. זענפטר גוט. חענטר גוט. טרויטר גוט. יודן גוט. כרפטיגר גוט. לעבדיגר גוט. מעכטיגר גוט. נאמהפטיגר גוט. עיביגר גוט. פארכטצומר גוט. צארטר גוט. קויגגליכר גוט. רייכר גוט. שטרקר גוט. דו בישט גוט.

אונ נימנט מער אונ בויא דיין טעמפל שירי אלזו שיר אין אונזרן טאגן שירי יא שירי״.

שיר, שירע—גיך, באַלד. חנעט (=כענעט)—חנעוודיק. אין פרט פון אָרטאָגראַפיע, וואָס איז בייטיק געווען כדי צו שאַפן דעם אַלף־בית, זיינען באַמערקווערדיק: כרפטיגר=קרעפּטיקער, עיביגר=אייביקער (די שרייבונג עי איז געווען בנמצא אין 16טן י״ה). דו בישט גוט זעט אויס אַרויסצופאַלן פון דעם אַלף־בית, נאָר אין שפּעטער געדרוקטע טעקסטן געפינען מיר גראָד אַ שרייבונג וואָס איז געוויס עלטער: תוא בישט גוט.

יידישן אינהאַלט אָדער פאַרפאַסן אַ גוט ליד לכבוד שבת אָדער אַ פּאָעמע מיט אַ ביבלישן שטאָף, איז דאָס אויך אַריין צווישן עולם און האָט זיך גיך פאַר־שפרייט. אָבער די אַלטע געשיכטעס און לידער זיינען אויך געבליבן און האָבן ווייטער „אַראָפּגעפירט פון גלייכן וועג״. נאָך אין אַכצנטן יאָרהונדערט קלאָגט מען זיך אין די גאָטספאָרכטיקע ביכער, וואָס דער עולם איז אַזוי אַריינגעטאָן אין וועלטלעכע אינטערעסן.

אין יאָר 1579 האָט איינער יצחק סולקעס — ווער ער איז געווען ווייסן מיר ניט, מיר זעען נאָר פון זיינע רייד, אַז ער איז ניט געווען קיין נאַר — אָפּגעדרוקט אין קראָקע אַ יידישע איבערזעצונג פון שיר־השירים. אייגנטלעך איז דאָס ניט קיין איבערזעצונג, נאָר אַ דרוש־ספר, אַ טייטש און אַ פירוש צו־זאַמען: דער ליבהאָבער איז דער רבונו־של־עולם, די געליבטע איז דאָס פאָלק ישראל אאַז״וו. אָבער אַ סך אינטערעסאַנטער ווי דאָס בוך אַליין איז די הקדמה, וואָס יצחק סולקעס האָט צוגעגעבן פון זיך. מען וועט זיך וואונדערן, זאָגט ער, וואָס איך, אַ געמיינער מאַן, האָב זיך אויך גענומען מאַכן ביכער. דערמיט פאַרגעסן זיך דאָך רבנים, גרויסע לומדים. נאָר איך האָב אַ פאַר־ענטפערונג: אַזוי פירט זיך שוין אין דער וועלט, אַז חוץ די גרויסע סוחרים, וואָס האַנדלען מיט ערשט־קלאַסיקער סחורה, זיינען נאָך פאַראַן קליינע קרע־מערלעך, דער פריץ, וואָס וויל קויפן פאַר זיין ווייב אַ שפיגעלע אַ מתנה, וועט אַריינגיין גלייך צום גרויסן סוחר. אָבער דער פויער וועט ניט גיין אַהין: אי די סחורה טויג אים ניט, אי ער קען ניט באַצאָלן אַזוי־פיל. דער פויער גייט צום קליינעם קרעמערל און געפינט ביי אים וואָס ער דאַרף.

אַזוי איז מיט די „טייטשע״ ביכער אויך. קיינער פון די גרויסע מחברים וועט ניט האָבן קיין פאַריבל, וואָס ער, יצחק סולקעס, האָט זיך גענומען צו דער מלאָכה; ווייל ער נעמט דאָך נאָר צונויף דאָס וואָס די וויכטיקע מענטשן האָבן אַוועקגעוואָרפן. די רבנים און די גרויסע לייט זיינען אַריינגעטאָן אין זייערע פּילפּולים און חריפות, דעריבער וועלן זיי ניט האַלטן פאַר קיין חוצפה, אויב עמעצער שרייבט דאָ אָן דאָס וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט ביי זיין רבין. פאַר־שטייט זיך, פאַר אַ למדן איז דער ספר אַ גאָרנישט, וואָרים ער קען אויף יעדן וואָרט פון שיר־השירים זאָגן אַ חיבור. אָבער וואָס זאָלן טון די געמיינע לייט, די וואָס דאַרפן קלערן וועגן זייער פרנסה און האָבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין צייט צו לערנען ווי זיי וואָלטן געוואָלט, און בפרט נאָך איצט, ווען מען דאַרף נאָך צאָלן אַזעלכע גרויסע שטייערן? קוים וואָס מען באַווייזט צו דאַווי־נען, ווער רעדט נאָך וועגן אַוועקזעצן זיך לערנען שיר השירים.

„איך מיין, לייענען מיר ווייטער, אַז עס איז ליב דעם אַלמעכטיקן גאָט, ווען מען שרייבט אַזעלכע טייטשע ביכער, וואָס זיינען נוציק און געטלעך, **אָבער ניט דיטריך פון בערן און הילדעבראַנט און אַלע אַנדערע, וואָס זייער צאָל איז אַזוי גרויס.** ווער עס פאַרברענגט זיין צייט דערמיט דער טוט געוויס אַן עברה. דעריבער ווער עס וויל האָבן פאַרגעניגן

און אויך וויסן פון גאָטס געבאָט, דער זאָל קויפן אָט דעם ספר שיר־השירים״.

דידאַזיקע קלאָג אויף די גאָט־לאָזע ביכער חזרט זיך איבער ווייער פיל מאָל, און אָפטער ווי אַלץ ווערט דערבײַ אָנגערופן דער נאָמען „דיטריך פון בערן״. דאָס איז אַ ווערק, וואָס איז די פרומע יידן אַם שטאַרקסטן געווען דערווידער; און עס איז קענטיק געווען אַזוי אומגעהייער פּאָפּולער ביי יידן, אַז קיין שום מוסר האָט ניט געהאָלפן. טאָ לאָמיר אַ קוק טון, וואָס עס איז דער מער מיט אָט דעם דיטריך פון בערן, און פאַראיינס לאָמיר זיך אויך באַקענען מיט זיין געזעלן הילדעבראַנט.

# IV. זינגער און פירלייענער אַמאָליקע צייטן

## 1

אין פלוג קומט אויס מאָדנע: וואָס האָבן עפּעס יידן, ביי וועלכע פיזישע גבורה האָט געהאַט אַזאַ קנאַפּן קרעדיט, מיטאַמאָל אַזוי שטאַרק הנאה געהאַט פון געשיכטעס וועגן ריטערשע העלדן?

איז דער ענטפער אַ טאָפּעלער. ערשטנס ווערט אין די אַלע ריטערשע געשיכטעס דערציילט ניט אַלעמאָל וועגן רויער קראַפט, נאָר אָפט אויך וועגן שכלדיקע המצאות אָדער וועגן געשיקטקייט אין וואַרפן דעם שפּיז און אין פעכטן; און אַזעלכע שכלדיקע זאַכן האָבן יידן גראָד ליב געהאַט. צווייטנס האָט דאָ געווירקט די שכנות מיט די ניט-יידן, וואָס זיינען געווען אַריינגעטאָן אין יענעם מין ליטעראַטור מיט לייב און לעבן. ניט אומזיסט זאָגט מען: ווי עס קריסטלט זיך אַזוי יידלט זיך.

אייראָפּע האָט דאָך אין מיטלעלטער געלעבט גאָר אין אַן אַנדער גייסטיקער וועלט ווי די יידן. ביי אונדז האָט מען אָפּגעטייט דעם רעספּעקט צו פיזישער קראַפט. יצחקס ווערטער וואָס ער האָט געזאָגט צו יעקבן, ווען ער איז געקומען צו אים פאַרשטעלטערהייט אויסבעטן די ברכה: „הידים ידי עשו, והקול קול יעקב" (די הענט זיינען עשוס, נאָר די שטים איז יעקבס) — די ווערטער האָבן איצט באַקומען גאָר אַ נייעם, אַן אומגעריכטן טייטש: אַרבעטן מיט די הענט איז עשוס עסק; מיר יידן האָבן פאַר אַ געצייג נאָר דאָס וואָרט, גאָטס וואָרט.

און עשו האָט טאַקע געטאָן מיט די הענט. ווען מיר גיבן אַ קוק אויף דער געשיכטע פון אייראָפּע אין גאַנצן מיטלעלטער, זעען מיר איין לאַנגע קייט פון באַוואָפנטע אָנפאַלן און קריגערישע צוזאַמענשטויסן. די יאָרן פון רו, אויב זיי זיינען בכלל געווען, זיינען נאָר צוגרייטונגען צו נייע מלחמות. די פעלקער האָבן דערפון שרעקלעך געליטן, אָבער קריג איז דאָך ניט נאָר ליידן: ס'גיט אויך די פרייד פון פאַרכאַפּן, די געלעגנהייט אַרויסצובאַווייזן גבורה און איינפעליקייט. אין יענער צייט זיינען דאָך נאָך ניט געווען קיין האַרמאַטן וואָס גרייכן אויף מיילן און קיין גיפטיקע גאַזן, וואָס קענען

אָפּטייטן מיט איין מאָל גאַנצע שטעט. די קריגער פּלעגן זיך באַגעגענען אויג אויף אויג, און וועמענס בליק עס איז געווען שאַרפֿער, וועמענס האַנט געניטער, וועמענס שווערד בעסער געשליפֿן, דער האָט געזיגט. געווען פֿאַלן, איבערהויפּט אין די ערשטע יאָרהונדערטער פֿון מיטלעלטער, ווען ביידע מחנות האָבן נאָר צוגעקוקט און אַ צווייקאַמף פֿון ביידע אָנפֿירער האָט באַשלאָסן, וועלכער שבט זאָל דינען דעם צווייטן: דאָ האָבן שוין די פּערזענלעכע אינדיווידועלע מעלות פֿון אַ פֿירער באַשטימט דעם גורל פֿון גאַנצן שבט.

ווען עס גייט אַוועק יענער דור, וואָס האָט איבערגעלעבט די פּיין פֿון קריג, און עס שטייט אויף אַ צווייטער, ווערט שוין דאָס געדעכעניש פֿון די ליידן אָפּגעמעקט, און מען געדענקט נאָר די גבורה. אָט אַזוי קומען אויף לעגענדעס וועגן גרויסע קריגסלייט, וואו אַן אונץ אמת איז אויסגעמישט מיט אַ ים פֿאַנטאַזיע, און וואָס ווייטער ווערט די לעגענדע אַלץ רייכער. זי גייט אַוועק פֿון דער ווירקלעכקייט, אָבער פֿאַרן עולם איז דאָס קיין מניעה ניט; פֿאַרקערט, וואָס פֿאַנטאַסטישער אַלץ בעסער. מיר ווייסן זאָך אַפֿילו פֿון זיך: מענטשן זיינען נוטה צו גלייבן, אַז דאָס וואָס עס קלינגט היינט עפּעס ווילד איז אַמאָל יאָ געווען מיגלעך.

חוץ דעם איז דער גאַנצער גרענעץ צווישן מיגלעך און ניט-מיגלעך, צווישן רעאַל און ניט-רעאַל געווען אין יענע צייטן גאָרניט אַזאַ שאַרפֿער ווי היינט. אויב עס איז מיגלעך, אַז אַ מכשפֿה זאָל זיך זען נאַכט פֿאַר נאַכט מיטן טייוול און יידן זאָלן ניצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח, טאָ פֿאַרוואָס זאָל איין ריטער ניט קענען באַזיגן זיבן הונדערט? פֿאַרוואָס איז ניט מיגלעך, אַז אַ ריטער זאָל האָבן הויט פֿון האָרן און דעריבער זאָל אים קיין שפּיז ניט קענען נעמען? די וועלדער זיינען נאָך דעמאָלט געווען געדיכט און די רייזעס געפֿערלעך. רויבער האָבן אָפּגעוואַרט ביי די שיידוועגן און זיינען אָנגעפֿאַלן מיט פֿאַרהוילענע פּנימער אויף די רייזנדערס. גענוג מענטשן פּלעגן אומקומען דערביי, און טאָמער האָט זיך איינער אַרויסגעריסן און איז געקומען בשלום אַהיים, האָט ער זיך שוין ניט געקענט גענוג אָנדערציילן וועגן די שרעקעדישן וואָס ער האָט איבערגעלעבט. טאָמער איז אָבער אַ ריטער געווען מזלדיק און האָט אָפּגערייניקט אַ וועג פֿון די פֿאַרשאָלטענע רויבער, דעמאָלט איז זיין נאָמען שוין געווען אין אַלעמענס מויל, און ווי אַ קויל שניי וואָס קייקלט זיך און ווערט אַלץ גרעסער, אַזוי זיינען אַלץ געוואַקסן די מעשיות וועגן די העלדישקייט פֿון דעם העלד.

ווי אַזוי זיינען די געשיכטעס פֿאַרשפּרייט געוואָרן?

ניט דורך לייענען, דאָס איז זיכער. ערשטנס איז די קונסט פֿון לייענען יענע צייטן געווען ניט איבעריקס פֿאַרשפּרייט. צווייטנס (און דאָס איז דער עיקר) איז אַ בוך ביז דער אויסגעפֿינונג פֿון בוכדרוק געווען אַן אוצר אַ גאַנצער. וועגן העברעיִשע ספֿרים איז דאָך ניט שייך: זיי האָט מען געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. אַ יידישער ספֿר האָט ניט זוכה געווען צו אַזאַ הייליקייט,

נאָר ער איז אויך געווען אַ טייער שטיק אייגנס, און וואָס עס האָט געהייסן קויפן אַ ספר דאָס קען מען זיך אויסמאָלן נאָר ווען מען באַרעכנט זיך, וויפיל עס דאַרף קאָסטן היינטיקע צייטן צו שרייבן אַ ספר־תּורה.

**די אַלע געשיכטעס און לידער פון מיטלעלטער זיינען געווען אַ תּורה שבעל־פּה.**

ווער זיינען געווען די פאַרשפּרייטער?

אפשר זיינען געווען צייטנווייז געלעגנהייטלעכע פאַרטרעגער אויך, אַזוי ווי אין מיטן 19טן י״ה אין שלמה ר׳ חיימס שטוב, וואו מען האָט פירגעלייענט פון ספר־הישר אָדער פון גדולת־יוסף. אָבער בדרך־כּלל איז דאָס „זינגען און זאָגן" געווען אַ פּראָפעסיע. ס׳איז געווען אין מיטלעלטער אַ ספּעציעלער שטאַנד מענטשן אַזאַ, וואָס זייער באַשעפטיקונג איז דאָס געווען צו פאַרשפּרייטן געשיכטעס וועגן נאָבעלע ריטער און בייזע באַגעגענישן. דאָס זיינען געווען די **וואַנדער־זינגער**, אָדער, ווי מען האָט זיי אַנדערש גערופן, **שפּילמענער**.

זיי זיינען געווען אי בוך, אי טעאַטער, אי צירק צוזאַמען. קאָמפּאַניעס־ווייז פלעגן זיי מאַכן די רייזע פון איין שטאָט אין דער אַנדערער אין אַן אייגענער בויד, און די קינדער פון שטעטל פלעגן זיי שוין לויפן אַנטקעגן ווען מען פלעגט הערן, אַז די חברה קומט. זיי פלעגן פאַרפאָרן, אויב זיי זיינען געווען גרויסע יחסנים, אין אַן אכסניא. אַניט איז רעכט געווען צו שטיין אין הקדש (אויך ביי ניט־יידן האָט דאָס וואָרט „שפּיטאָל" באַטייט יענע צייטן אי אַ הויז פאַר קראַנקע, אי אַ הויז פאַר אורחים), און טאָמער האָט מען זיי אַהין ניט אַריינגעלאָזן, איז רעכט געווען צו בלייבן אין דער בויד אויפן פרייען פעלד. די שטאָטישע קינדער האָבן געקוקט מיט אויסגעשטעלטע אויגן אויף די וואַנדער־מענטשן. אָפטמאָל זיינען אין דער קאָמפּאַניע געווען ניט נאָר זינגער, נאָר אויך קונצנמאַכער, און גאָר גרויסע פלעגן פירן מיט זיך אַ לעבעדיקן בער וואָס פלעגט טאַנצן פאַרן עולם!

אין אָווענט פלעגט זיין די פאָרשטעלונג. דאָס רוב פלעגט דאָס זיין ערגעץ אין אַ שענק אָדער אַ שייער. דער בער פלעגט ווייזן בריהשקייט אין טאַנצן, דער קונצנמאַכער פלעגט שלינגען פייער און שלעפּן סטענגעס פון מויל, און דערנאָך פלעגט אַרויסגיין דער לעזער; ד״ה דער פירלייענער[1]. דעם גרעסטן טייל פון זיין רעפּערטואַר האָט ער „געזאָגט", אייניקע טיילן האָט ער „געזונגען" בפועל־ממש[2].

---

1 אין מה״ד האָט lesaere טאַקע באַטייט בפּועל־ממש „פירלייענער", אַזוי ווי מ׳יר ניצן נאָך היינט אויך דאָס לאַטייניש וואָרט lector, וואָס זיין ערשטער פּשט איז אויך ניט מער ווי סתּם „לייענער".

2 ביז היינט איז נאָך געבליבן פון יענע צייטן אין אונדזער שפּראַך דער אויסדרוק: „מען האָט פון אים צו זינגען און צו זאָגן". פּגל׳ אַ ייִנגערן פאָלקסטימלעכן אויסדרוק: „טויזנט איין נאַכט!" דער ערשטער פּשט דערפון איז אַלזאָ בערך (איבערגעזעצט אויפן היינטיקן לשון): אַ גאַנצן ראָמאַן קען מען אָנשרייבן וועגן אים.

מען דאַרף אָבער אין זינען האָבן, אַז אין מיטלעלטער איז דער חילוק פון „זינגען" ביז „זאָגן" געווען אַ סך אַ קלענערער ווי היינט; אויך דאָס זאָגן איז געווען אַ מין לייענען מיט אַ זינגעוודיקער שטים, אַ רעטשיטאַטיוו. דער מאָדערנער דייטש פאַרשטייט דאָס ניט; אונדז דאַרף דאָס זיין מער פאַרשטענדלעך, וואָרים ביי אונדז זיינען נאָך היינט פאַראַן חזנים וואָס „זינגען" און אַנדערע וואָס „זאָגן".

די צוהערער האָבן שוין דאָס געהערט ניט דעם ערשטן מאָל, אָבער עס איז זיי אַלעמאָל ניחא געווען צו הערן איבעראַנייס. איבערהויפּט אַ גוטער זינגער פלעגט שוין וויסן ווי אַריינצופלעכטן אַ נייעם עפּיזאָד אין דעם אַלטן געזאַנג, ער פלעגט זיך מיטאַמאָל אַ קער טון אָן אַ זייט און אויסזינגען עפּעס וועגן אַן אָקאָרשט געשעענעם פאַקט. ווער רעדט נאָך אויב דער זינגער איז אַליין געווען אַ פאַרפאַסער אויך (און אַ גוטער פירלייענער אָדער אַקטיאָר האָט געמוזט קענען אַליין פאַרפאַסן אַ ליד, פונקט ווי עס טויג ניט ביי אונדז אַ בדחן וואָס זינגט נאָר פרעמדע זאַכן), דעמאָלט פלעגט ער קומען מיט אַ נייעם רעפּערטואַר, און דאַן איז ער שוין געווען זיכער, אַז ער וועט פון יעדן אַרויסנעמען אַ שיינע מטבע.

געווען קורצע מעשיות און לידער, וואָס אין אַ שעה פלעגט מען זיך מיט זיי אָפּפאַרטיקן. געווען אָבער אַנדערע, וואָס האָבן זיך געצויגן אויף צוויי-דריי ווינטערדיקע אָוונטן, און אַזוינע האָט דער עולם מער ליב געהאַט, אויב דער „לעזער" איז נאָר געווען מיט טאַלענט. אָט איז דוכט זיך שוין אַלץ גוט, דער העלד האָט שוין באַזיגט אַלע ריזן און ער איז שוין לעבן דעם שלאָס וואו עס וואַרט אויף אים זיין געטרייע ווייב, — איז פּלוצלינג אַ פרישער שטער: עפּעס אַ כּישוף-מאַכער האָט זיך אַריינגעמישט און געמאַכט בלאָנדזשען דעם ריטער נאָך אויף צען יאָר. ביי אַזעלכע לאַנגע מעשיות איז שוין דער זינגער אָדער דערציילער געוואָרן היימיש מיטן עולם. טאָמער האָט מען געטומלט, האָט ער זיך ניט געשעמט אָנצושרייען: „שווייגט נאָר אָקאָרשט, איך וועל אייך דערציילן אַ נייעם וואונדער"; פלעגט מען ווידער אָנשטעלן די אויערן. אַמאָל פלעגט ער זיך פאַרגינען אויך אַזאַ טריק: ווען דער עולם איז געזעסן גוט געשפּאַנט און געוואַרט, וואָס וועט דאָ ווערן פון דעם העלדס קאַמף מיט עפּעס אַ בייזן רוח, פלעגט דער זינגער זיך אַזוי אַ קוק געבן און אַ זאָג טון:

„האָט דער העלד אויסגערופן: ווייטער זאָל גאָרניסט געשען ביז וואַנען מען וועט דעם זינגער ניט געבן אַ גלאָז וויין".

מען האָט געלאַכט און געגעבן, און דערנאָך איז די פאָרשטעלונג געגאַנגען ווייטער.

## 2

אַזעלכע וואַנדערנדיקע זינגער, פירלייענער אָדער אַקטיאָרן זיינען געווען אין מיטלעלטער ביי אַלע פעלקער פון אייראָפּע, און אָפטמאָל זיינען

אַפילו די סוזשעטן געווען די זעלביקע: מען פלעגט זיי איבערטראָגן פון איין לאַנד אין צווייטן. יידן האָבן געזען די שיינע פאָרשטעלונג ביי זייערע שכנים; טאָ ווי איז געווען מיגלעך, אַז זיי זאָלן זיך ניט אָנצינדן מיטן חשק אויך צו האָבן אַזעלכע פאַרגעניגנס?[1]

מען דאַרף ניט מיינען, אַז מען האָט אין ערגעץ ניט צוגעלאָזט קיין יידן צו גויִשע פאָרשטעלונגען, און פאַרשטאַנען האָבן זיי אויך גאַנץ גוט, צום ווייניקסטן אין דייטשלאַנד, ווייל די יידישע שפּראַך איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אַזוי ווייט פון דער דייטשער ווי היינט. אָבער פונדעסטוועגן איז די יידן געווען פריקרע צו גיין אַהין. ערשטנס איז דאָס זיצן צווישן גויים גלאַט ניט געווען קיין עסק, באַזונדערס פאַר פרויען. צווייטנס האָבן די דייטשע זינגער געהאַט אַ טבע, אַז באַלד נאָך אַ פעטן וויץ (דאָס האָט ניט געפעלט, און דער עולם האָט דערפון געלעקט די פינגער), פלעגן זיי דאָס נעמען פאַרגלעטן מיט פרומע קריסטלעכע רייד. דאָס האָט שוין דעם יידן שטאַרק געשטערט.

חוץ דעם האָט דער ייד פאָרט געהאַט אַנדערע אינטערעסן אויך, האָט אים דער רעפּערטואַר פון די דייטשע זינגער ניט אינגאַנצן באַפרידיקט. אָט אַזוי זיינען דאָס מסתּמא אויסגעוואַקסן אייגענע יידישע זינגער, וואָס זייער שניט איז געווען דער זעלבער, נאָר דער רעפּערטואַר אַ ביסל אַן אַנדערער. די זעלביקע זיינען שוין אַגב געווען בדחנים אויך, אויב עס האָט זיך וואו געמאַכט אַ חתונה.

פון יענע דרוקזאַכן און מאַנוסקריפּטן וואָס זיינען צו אונדז דערגאַנגען קענען מיר זיך מאַכן אַ בערכדיק בילד פון דעם וואָס אַזאַ זינגער פלעגט פאָרטראָגן פאַר זיין עולם. אָנהייבן האָט ער געקענט מיט אַ יידישער זאַך, אַ שטייגער מיט יענעם קורצן ליד וועגן יעקב אָבינו מיט זיינע צוועלף זין, וואָס אַ ייד אין דער שטאָט וואָרמס (ביים ריין), אייזיק וואַליך, האָט מיט העכער דרייהונדערט יאָר צוריק פאַרשריבן צו זיך אין אַ העפט. דער וואַליך האָט ניט געהאַט קיין שום אַמביציעס, ער פלעגט איבערשרייבן פון פאַרגעניגן וועגן לידער, וואָס זיינען אים געפעלן געוואָרן; איצט איז דאָס העפט אַריינ־געפאַלן אין דער באָדלעיאַנע[2]. יעקב אָבינו, הייבט אָן דער זינגער, האָט

---

[1] דער ערשטער וואָס האָט אויסגעפונען אַ יידישן שפּילמאַן (אַלס דעם פאַשעפער פון אַרטוס־ראָמאַן) איז געווען ל. לאַנדוי (1912); דערנאָך איז ד״ר י. שיפּער אין זיין טעאַטער־געשיכטע צוגעגאַנגען צום ענין; אָבער דער ערשטער וואָס האָט די „שפּילמאַן־טעאָריע" אַוועק־געשטעלט ברייטער און באמת אַריינגעפירט דעם שפּילמאַן אין דעם גבול פון אונדזער ליטע־ראַטור־געשיכטע איז מאַקס עריק („וועגן אַלט־יידישן ראָמאַן און נאָוועלע", 1925, ז״ז 16—28). לויט מיין מיינונג איז ניטאָ קיין שום גרונד צו רעדן דאָ וועגן אַ „טעאָריע"; פאַר מיר איז די עקסיסטענץ פון אַ שטאַנד שפּילמענער זיכער ווי אַ פאַקט.

[2] אין נייבויערס קאַטאַלאָג פון די כּתב־ידן איז עס פאַרצייכנט אונטערן נומער 2420.

געהאַט צוועלף זין, און יעדן האָט ער געבענטשט מיט זיין באַזונדערער ברכה, פון בינימינען זיינען אַרויסגעקומען מרדכי און אסתר, וואָס זיי האָבן אויסגעלייזט דאָס יידישע פאָלק. דאָ איז שוין געווען אַ געלעגנהייט אויסצוזינגען די געשיכטע פון המגס מפלה, און דאָס האָט דער עולם אַלעמאָל ליב געהאַט צו הערן. אָדער מען האָט געקענט גלייך אָנהייבן פון דיטריך פון בערן צי פון זיין געזעלן הילדעבראַנט. געווען נאָך די וואונדערשיינע געשיכטע וועגן דעם קיניג אַרטוסעס הויף; געווען די טרויעריק הארציקע געשיכטע פון דעם ריטער זיגמונט און זיין געטרייער געליבטער מאַגדאַלענע אָדער מאַגעלאָנע.

געווען נאָך און נאָך, אָבער לאָמיר זיך ניט באַנוגענען מיט די נעמען, לאָמיר אַריינקוקן אַ ביסל אין דעם אינהאַלט.

אָט איז דער פאַרנאַנטער דיטריך פון בערן, וועמען די פרומע יידישע מחברים האָבן אַזוי פיינט געהאַט. דיטריך איז אייגנטלעך אַ היסטאָרישע פערזענלעכקייט. ער איז געווען אַ קיניג פון אַ גערמאַנישן שבט אין דער צייט פון דער פעלקערוואַנדערונג, דאָס הייסט סך־הכּל מיט אַ יאָר פינף הונדערט נאָך קריסטוסן; אין דער געשיכטע קען מען אים אונטערן נאָמען טעאָדאָריך. בערן איז אויך אַ היסטאָרישע שטאָט, עס מיינט ניט די הויפּטשטאָט פון דער שווייץ, נאָר אַן איטאַליענישע שטאָט וואָס הייסט ווערּאָנע. אָבער ווער וועט עס גיין זוכן היסטאָרישן אמת אין אַ לעגענדע! מען האָט דיטריכן איבערגעפלאַנצט אויף אַ יאָרהונדערט פאָרויס און מען האָט אים געגעבן אַלע גוטע מידות וואָס אַ מענטש קען נאָר האָבן: ער איז אַ באַהאַרצטער קריגסמאַן, און אַז ווי צו דעם, וואָס פאַרזוכט דעם טעם פון זיין שווערד; אָבער ער איז ניט נאָר אַ שלעגער. ער נעמט זיך אָן פאַר אונטערדריקטע, ער לייגט זיך אַריין אין שלום ווען צוויי קריגן זיך. דאָס זיינען אפשר די סיבות פאַרוואָס ער איז די יידן אַזוי געפעלן געוואָרן, מער ווי אַנדערע העלדן מיט זייער ריין פיזישער גבורה. און נאָך אַ ספּעציעלער טעם איז געווען, פאַרוואָס גראָד דיטריך און זיין געזעלן הילדעבראַנט זיינען דעם יידן געווען באָענט: זיי זיינען אין דער לעגענדע דורך אַ בייזן שונא פאַרטריבן געוואָרן פון זייער היים; מער ווי דרייסיק יאָר האָבן זיי געמוזט בע־ונד זיין. דאָס איז דעם יידן נעבעך געווען גאַנץ גוט באַקאַנט, און ווען מען פלעגט זינגען דיטריכס רייד וועגן דעם בייזן שונא וואָס לאָזט אים ניט אַהיים, פלעגט מסתמא ניט איין יידישער צוהערער געשמאַק אָפּזיפצן דערמאָנענדיק זיך אין כּל־ישראלס צרות און אין זיינע אייגענע. דערביי איז מען נאָך נתפּעל געוואָרן פון דיטריכס באַהאַרצטקייט אויך: כאָטש עס איז אים אַליין אַזוי שלעכט, גייט ער אַרויס קעגן ריזן, וואָס אונטערדריקן דאָס לאַנד, און איז גרייט זיין לעבן צו שטעלן אין קאָן.

אַזאַ מין ליד וועגן דיטריך פון בערן האָט זיך אויפגעהיט אין אַ קראָ־

קעווער דרוק פון יאָר 1597 אין איין איינציקן עקזעמפּלאַר[1]. דאָ ווערט דער־ציילט די געשיכטע, ווי אַזוי דיטריך האָט געקעמפט מיטן ריז זיגענאָט און אים באַצוואונגען. אָבער וועגן דיטריכן איז געווען פאַרשפּרייט ביי די דייטשן אַ גאַנצער ציקל דערציילונגען, און געוויס האָבן יידן געקאָנט נאָך אַנדערע עפּיזאָדן פון דיטריכס לעבן. אויף זיכער איז אָבער דאָס יאָר 1597 ניט דער אָנהייב פון דער דיטריך־קענטעניש ביי יידן, וואָרים נאָך 1545 און 1579 הערן מיר[2], ווי יידישע מחברים קאָנסטאַטירן די אומגעהייערע פּאָפּו־לערקייט פון דיטריך־געשיכטעס ביים יידישן עולם. עס איז אַלזאָ בלויז אַ צופאַל, וואָס קיין עלטערע טעקסטן זיינען צו אונדז ניט דערגאַנגען.

אַ פראַגמענט פון דעם ליד וועגן הילדעבראַנטן האָבן מיר יאָ אין אַן עלטערער איבערשריפט; אינגאַנצן איז עס אויפגעהיט אין דעם העפט, וואָס דער אָקאָרשט דערמאָנטער אייזיק וואַליך אין וואָרמס האָט פאַרשריבן.

אָט איז זיין פינקטלעכער אינהאַלט, אויב מיר וועלן דאָס איבערגעבן אין פּראָזע און מיט דער הייגטיקער שפּראַך.

הילדעבראַנט איז מיט זיין פריינט דיטריך פון בערן געווען צוויי און דרייסיק יאָר אין דער פרעמד, ווייט פון ווייב און קינד. האָט ער באַשלאָסן, אַז ער וועט זיך דורכרייטן אַהיים אין בערנער (דאָס הייסט אין וועראָנער) לאַנד און אַ קוק געבן וואָס דאָרט טוט זיך. רופט זיך אָפּ אַ ריטער: „רייט ניט אַהין, דו וועסט ביים גרענעץ טרעפן אַ יונגן העלד, וואָס פאַרשפּאַרט אַלעמען דעם וועג". זאָגט הילדעבראַנט: „אויב ער וועט מיך ניט דורכלאָזן, וועל איך אים דערלאַנגען אַזאַ מין קלאַפּ, אַז ער וועט זיך קענען אַ יאָר קלאָגן פאַר זיין מוטער". מישט זיך אַריין דיטריך: „ניין, טו דאָס ניט, ווייל דער יונגער ריטער איז מיינער אַ גוטער פריינד: רעד אים איבער מיט גוטן".

ווי הילדעבראַנט איז צוגעקומען צום בערנער גרענעץ, איז אָנגעפאַלן אויף אים אַ יונגער העלד און געוואָרפן זיך אויף אים מיט כּוח: „וואָס זוכסטו, דו אַלטער, אין מיין פאָטערס לאַנד? און וואָס פאָרסטו נאָך אום אונטערוועגנס אין דיינע יאָרן?"

האָט הילדעבראַנט געענטפערט מיט אַ לאַך: „רייזן איז מיר באַשערט ביזן סוף פון מיינע יאָרן, דו יונגער העלד; דערפאַר איז מיר גרוי געוואָרן מיין באָרד".

„די באָרד וועל איך דיר אויסרייסן", האָט אַ געשריי געטאָן דער יונ־גער, און כ'וועל דיר געבן דערצו אַ קלאַפּ, אַז דאָס רויטע בלוט זאָל דיר רינען איבער די באַקן! דו מוזט זיין מיין געפאַנגענער, אויב דאָס לעבן איז דיר ליב!"

---

[1] ער געפינט זיך אין מינכען. זע אויבן ז' 42.

[2] זע דעם סוף פון קאַפּ' III און דעם אָנהייב פון קאַפּ' VIII.

דער אַלטער הילדעבראַנט האָט געענטפערט: „מיין פאַנצער האָט מיך שוין אָפט באַשיצט, און איך פאַרלאָז זיך אויף גאָט פון הימל היינטיקס מאָל אויך".

זיי האָבן אויפגעהערט רעדן און אַרויסגעצויגן די שווערדן. ווי אַזוי איז דאָס געקומען ווייס איך ניט, נאָר דער יונגער האָט געגעבן דעם אַלטן הילדע־בראַנטן אַזאַ קלאַפּ, אַז ער האָט זיך איבערגעשראָקן און איז אָפּגעשפּרונגען צוריק. „דאָס וועט דיר קאָסטן דיין לעבן!, האָט ער אויסגעשריען; ווער ביזטו, יונגער העלד?"

„איך בין אַ שטאָלצער ריטער פון גריכנלאַנד", האָט געענטפערט דער יונגער: „מיין מוטער הייסט פרוי גוטעי[1] און הילדעבראַנט דער אַלטער איז דער ליבער פאָטער מיינער".

„אויב דיין מוטער הייסט פרוי גוטע, בין איך הילדעבראַנט דער ליבער פאָטער דיינער!" דער אַלטער האָט אָפּגעבונדן דעם קיווער און אַ קוש געטאָן דעם יונגן אין מויל: „געלויבט איז גאָט אין הימל, וואָס מיר זיינען נאָך ביידע פריש און געזונט!"

„פאָטער, ליבער פאָטער! די וואונדן וואָס איך האָב דיר דערלאַנגט וואָלט איך בעסער אַליין האָבן אויף מיין קאָפּ!" — האָט דער יונגער ריטער זיך אָפּגערופן. אָבער דער אַלטער האָט אים באַרויִקט: „מיט די וואונדן וועט מען זיך אַן עצה געבן, אַבי גאָט האָט אונדז צוזאַמענגעפירט".

עס איז געווען פאַרנאַכט ווען דער יונגער הילדעבראַנט איז אַריינגעריטן אין בערן. וואָס האָט ער געהאַט אויפן קאָפּ? אַ קרענצל פון גאָלד. וועמען האָט ער געהאַט ביי דער זייט? זיין ליבן פאָטער.

ער האָט אים אַריינגעפירט אין זיין מוטערס הויז, אַוועקגעזעצט אים ביים טיש, געבראַכט אים עסן און טרינקען, פון היגער און פיש. האָט זיך זיין מוטער אָפּגעדוכט, אַז דאָס איז צופיל: „זון, ליבסטער זון מיינער, געבן דעם געפאַנגענעם ווייַן איז שוין איבעריק!"

„רעדט ניט, ליבע מוטער, הערט וואָס איך וועל אייך זאָגן. איך האָב אים באַגעגנט אין פעלד, ער האָט מיך שיר ניט געטייט. איצטער הערט, ליבע מוטער מיינע: ער זאָל ניט זיין קיין געפאַנגענער, — ער איז דער אַלטער הילדעבראַנט, דער געליבטער פאָטער מיינער".

איז זי אויפגעשטאַנען און האָט אים אַליין דערלאַנגט, וואָס האָט ער גע־

---

[1] אין דעם עלטסטן טעקסט הייסט הילדעבראַנדטס פרוי ניט „גוטע", נאָר „אוטע" (Ute), און אַזוי שטייט אויך געשריבן אין דעם פראַגמענט פון דעם ליד, וואָס מיר געפינען אויפן פּאָרזאַץ פון דעם אָקספאָרדער העברעישן כתב־יד „עמודי שלמה", וואָס איז פאַרצייכנט ביי נייבויערן אונטער נומ׳ 70־ן; אָבער שפּעטער איז דער נאָמען אוטע פאַרגעסן געוואָרן, האָט אייזיק וואַליך (אַרום 1600) שוין פאַרשריבן דעם נייעם נוסח „גוטע". דאָס איז נים געווען זיין אייגענער צוטראַכט; אויך אין די ייִנגערע דייטשע טעקסטן שטייט געשריבן Gute.

האָט ביי זיך? אַ פינגערל פון גאָלד; דאָס האָט ער אַראָפּגעלאָזן אין דעם בעכער פון זיין געליבטער פרוי.

אָט דאָס איז דער אינהאַלט פון דעם ליד, איינפאַך און האַרציק. דער טעקסט איז אינגאַנצן גענומען פון די דייטשן, אָבער געוויסע פאַריידישונגען זיינען דורך דעם יידישן זינגער פאָרט געמאַכט געוואָרן. ביים דייטש פאַרלאָזט זיך הילדעבראַנט אויף קריסטוסן אין הימל; דאָ איז אָנשטאָט דעם אַריינגעשטעלט דאָס וואָרט „גאָט". און אויך די הינער און פיש, וואָס דער יונגער הילדעבראַנט האָט דערמיט מכבד געווען זיין אַלטן פאָטער, זיינען אַ יידישלעכער צוגאָב. ביים דייטש איז געשטאַנען פשוט, אַז ער האָט אים געגעבן עסן און טרינקען. אָבער דער יידישער זינגער האָט געוואָלט באַווייזן, אַז ניט סתם עסן און טרינקען, גאָר פון דעם שענסטן און בעסטן, און וואָס האָט ביים יידן נאָך אַזאַ חן אין דער אכילה ווי הינער און פיש? דאָס איז ניט דער איינציקער אָרט אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, וואו די זינגער באַשרייבן אויף אַזאַ שטייגער די סעודות. אין די גרויסע ביבלישע געזאַנגען, שמואל-בוך (זע אין דעם נאָענטסטן קאַפּיטל), מלכים-בוך און אין אַנדערע ווערק קענט איר געפינען אַ מאָלצייט ביי די קיניגן אויך אַזוי באַשריבן, אַז מען האָט געגעבן די העלדן צו עסן הינער און פיש וויפיל זייער האַרץ האָט געגלוסט.[1]

## 4

אויסער דיטריך פון בערן און הילדעבראַנט איז געווען שטאַרק באַליבט די פּאָעמע פון דעם קיניג אַרטוס. הייַנט ווייסן מיר יידן גאָרניט וועגן אַזאַ קיניג, מען קען אַפילו דעם נאָמען ניט; אָבער גאָך מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק האָט יעדער ייד געוואוסט דעם נאָמען, און ווען מען האָט געוואָלט זאָגן אויף איינעם: ער פירט זיך מיט גלאַנץ, פלעגט מען זאָגן: ביי אים אין שטוב איז אַזוי ווי ביים קיניג אַרטוסן אין הויף. ווער איז ער?

שטאַמען שטאַמט ער גאָר פון די ק ע ל ט ן, פון יענעם פאָלק, וואָס איז געווען אין ענגלאַנד איידער די הייַנטיקע ענגלענדער האָבן דאָס איינגענומען. מיט דעם קיניג אַרטוס (אָדער אַרטור) האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן צענדליקער לעגענדעס. אַרום זיין ק י י ל ע כ ד י ק ן ט י ש קלייבן זיך אויף די גרעסטע ריטער און העלדן, און דאָ דערציילן זיי וועגן די העלדישקייטן וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן. אָט די לעגענדעס האָבן פון ענגלאַנד אַריבערגעוואַנדערט אויפן קאָנטינענט, און מיר געפינען זיי ביי אַלע פעלקער. אויך צו יידן זיינען זיי

[1] אָט דאַרף אַ שטייגער דער דיכטער פון אונדזער „מלכים-בוך" איבערגעבן, אַז שלמה המלכס הערן האָבן אים געשיקט עסן יעדערער איין מאָנאַט (ס'איז דער פסוק מלכים א, ה, ז: „וכלכלו הנצבים האלה את המלך שלמה איש חדשו לא יעדרו דבר"). גיט ער דאָס איבער אַזוי:

„אונ' דיא פור גימעלטן הערן דיא שפייזטן דען טיש.
איקליכר איין מאניט ער מנגילט ווידר הוינר נאָך ויש".

איך ציטיר דאָס לויט דער אויסגאַבע קראָקע 1583, מחמת דעם ערשטן דרוק אויגסבורג 1543 האָב איך ניט ביי דער האַנט.



דאָס לעצטע זייטל פון „דיטריך פון בערן", קראָקע 1597

צו ז' 62 (אוניקום אין דער מינכענער מלוכישער ביבליאָטעק)



דאָס לעצטע זייטל פון דעם האַמבורגער כתב־יד פון שמואל־בוך

צו ז' 69 (אין דער דריטער שורה ביים לינקן ברעג זעט זיך דאָס וואָרט „ליוואַ")

אַרייַנגעדרונגען און זיי זייַנען דערגאַנגען צו אונדז[1]. אין דער האַמבורגער שטאָטישער ביבליאָטעק איז פֿאַראַן אַ מאַנוסקריפּט, אויף וועלכן דער זינגער האָט זיך אָנגעצייכנט וואו ער זאָל זיך אָפּשטעלן יעדן אָוונט[2]; מען קען רעכענען, אַז די גאַנצע פּאָעמע איז געווען אויסגערעכנט אויף דריי אָוונטן. מיר וועלן דאָ ניט ציִען אַזוי לאַנג, אָבער אַ שטיקל פֿאָרשטעלונג וועגן דעם ווערק מעג מען האָבן.

בייַם הויף פֿון דעם קיניג אַרטוס פֿלעגן זיך אויפֿקלייַבן די שענסטע ריטער, און אַלע זייַנען דאָרט געווען אָנגעלייגטע געסט אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן געוואָלט בלייַבן. שטענדיק פֿלעגן קומען נייַע מענטשן. איז געוואָרן אַן אייַנפֿיר אַזאַ, אַז מען טאָר זיך קיין טאָג ניט זעצן צום עסן איידער מען האָט געהערט עפּעס נייַס. אייַנמאָל האָט זיך געטראָפֿן, אַז מען איז אויפֿגעשטאַנען אין דער פֿרי און קיין נייַס איז ניט געווען. עס איז געוואָרן מיטאָגצייַט, נאָכמיטאָג, אָוונט — קיין נייַס איז ניטאָ. הונגעריקע האָבן זיך אַלע געלייגט שלאָפֿן, האַרן און קנעכט. אויף מאָרגן איז מען אויפֿגעשטאַנען צעטראָגענע; וואָס טוט מען טאָמער פּאַסירט ווייטער קיין זאַך ניט? מיטאַמאָל האָט מען אָנגעזאָגט אַ בשורה: פֿאַר דעם טויער פֿון קיניג אַרטוסעס שלאָס שטייט אַ ריטער און וויל ריידן מיט דער קיניגין. איז זי אַרויס צו אים. זאָגט ער: ער האָט געריטן אַ סך טעג ביז דעם שלאָס, און ער האָט צו איר איין בקשה: זי זאָל צונעמען בייַ אים אַ גילדערנעם גאַרטל פֿאַר אַ מתנה. האָט זי אים אַרייַנגעבעטן אינעווייניק, נאָר ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט שוין איבערוואַרטן אין דרויסן ביז ער וועט באַקומען פֿון דער קיניגין אַ תשובה. זי האָט דאָס אָפּגעלייגט אויף מאָרגן, גענומען דעם גאַרטל און אַוועק צוריק אין שלאָס. אַלע האָבן זיך דערפֿרייט, וואָס עס איז פֿאַראַן אַזאַ נייַס, און מען האָט זיך פֿריילעך געזעצט צו דער רייַכער סעודה.

אויף מאָרגן באַלד אינדערפֿרי האָט דער קיניג אויפֿגערופֿן אַ ראַט פֿון זייַנע בעסטע ריטער און געפֿרעגט, צי זאָל ער דערלויבן דער קיניגין אָנצונעמען די מתנה. אַלע האָבן געזאָגט אַז יאָ, נאָר איינער אַ ריטער, גאַביין, האָט געשוויגן. האָט אים געפֿרעגט דער קיניג: „נו, און דו?“ האָט ער געענטפֿערט: „איך זע דאָך, אַז אַלע זייַנען בייַ איין מייַנונג, טאָ וואָס זאָל איך נאָך

---

[1] וועגן דעם יידישן אַרטוס-ראָמאַן האָט פֿאַרפֿאַסט אַ ספּעציעל ווערק אין ענגליש ד״ר ל. לאַנדוי (זע אין דער ליטעראַטור-רשימה אין שטאַפּלען ז' 42, 43). לעצטנס האָט וועגן דעם אָנגעשריבן מאַקס עריק אין זייַן „וועגן אַלט-יידישן ראָמאַן וכו'“, וועלכער האָט אויך געבראַכט גרעסערע אויסצוגן לויט די האַמבורגער כּתב-ידן. אַ דריטער כּתב-יד פֿון אַרטוס-ראָמאַן איז פֿאַראַן אין קעימברידזש (זע אין דעם בוך קאַפּיטל VII); אחוץ דעם איז פֿאַראַן אַ באַאַרבעטונג פֿון דעם אייגענעם שטאָף „בניגון בבא-בוך“, ד״ה אין אָטאַוואַ רימאַן; זע וועגן דעם קאַפּ' VIII און IX.

[2] דערויף האָט אויפֿמערקזאַם געמאַכט מ. עריק.

רעדן?״ נאָר ווען מען האָט אים געפרעגט ווייטער, האָט ער געענטפערט: „איך מיין, אַז די קיניגין דאַרף די מתנה ניט אָננעמען; קיניג אַרטוס און זיין קיניגין קענען געבן מתנות, אָבער ניט נעמען״.

האָט דער קיניג זיך אָפּגערופן: „דו ביזט אַפילו איינער, אָבער איך האַלט מיט דיר״.

האָט מען אָנגעזאָגט דער קיניגין, אַז זי זאָל אָפּטראָגן דעם גאַרטל צוריק. איר האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס זי מוז אַוועקגעבן אַזאַ טייערן חפץ, אָבער פאַרפאַלן.

דער ריטער האָט נאָך אַלץ געוואַרט אין דרויסן לעבן מויער. ווען ער האָט דערהערט דעם אָפּזאָג, איז ער געוואָרן שרעקלעך אויפגעבראַכט: ער מוז נקמה נעמען פאַר דער באַליידיקונג! און ער האָט געפאָדערט, אַז דער ריטער, וואָס האָט געגעבן אַרטוסן די עצה, זאָל אַרויסגיין מיט אים אויף אַ צוויי-קאַמף. פון אַ פאָרגעלייגטן געראַנגל זאָגט זיך אַ ריטער בכלל קיינמאָל ניט אָפּ, און ווער רעדט נאָך גאַביין, דער מעכטיקסטער צווישן דעם קיניג אַרטוסעס העלדן. ער איז באַלד אַרויס צום קאַמף אויף זיין שטאַרקן פערד, און דער גאַנצער הויף האָט זיך צוגעקוקט פון דער מויער. אָבער דאָסמאָל האָט גאַביין געטראָפן אַ שטאַרקערן; דער פרעמדער ריטער האָט אים באַזיגט, געבונדן און געזאָגט, אַז ער מוז אים מיטנעמען מיט זיך. דאָס האָט דעם קיניג גוט וויי געטאָן; ער האָט פאָרגעלייגט, אַז ער וועט גאַביינען אָפּקויפן מיט גאָלד. אָבער דער פרעמדער האָט ניט געוואָלט הערן. ער האָט צוגעבונדן גאַביינען צו זיין זאָטל, געזעגנט זיך מיט אַלעמען פונדערווייטנס און אַוועק.

זיי זיינען געריטן טעג און נעכט, ביז וואַנען זיי זיינען געקומען אין אַ לאַנד וואָס גאַביין האָט נאָך קיינמאָל אַזוינס ניט געזען: אַלץ איז דאָרט געווען פון גאָלד און פון זילבער. פרעגט גאַביין: „וועמענס איז דאָס דאָזיקע רייכע לאַנד?״ זאָגט דער פרעמדער: „איך בין דאָ דער קיניג, צו מיר געהערט דאָס אַלץ״. האָט גאַביין פאַרשטאַנען ווי שטאַרק ער האָט דעם ריטער באַליידיקט, און ער האָט געמיינט, אַז יענער וועט זיך נוקם זיין מיט בלוט. נאָר דער קיניג האָט אים אָפּגעבונדן און געזאָגט: „איך וועל דיר קיין שלעכטס ניט טון, און טאָמער ווילסטו, קענסטו שוין פאָרן צוריק צו אַרטוסעס הויף. נאָר איך האָב פאַר דיר אַ פּלאַן: האָב חתונה מיט מיין טאָכטער. זי איז יונג און שיין, און צענדליגער ריטער און פּרינצן שדכנען זיך צו איר. אָבער איך וויל זי געבן דיר, ווייל איך האָב געזען ווי מען האַלט פון דיר אין אַרטוסעס הויף״.

גאַביין איז געוויס געווען צופרידן, אָבער ער האָט געפרעגט: „צי וועט זי וועלן?״ „יאָ, זי וועט טון וואָס איך הייס, האָט געענטפערט דער קיניג; זי פאַרלאָזט זיך אויף מיין שכל״.

און אַזוי איז געווען. זיי זיינען אַריין אין דעם וואונדערשיינעם פּאַלאַץ, איז אַרויס צו זיי דעם קיניגס וואונדערשיינע טאָכטער. האָט דער פאָטער גע-

זאָגט: „אָט האָב איך דיר געבראַכט דעם ריטער פאַר אַ מאַן, ווילסט אים נע־מען?" „אָ, האָט געענטפערט די פּרינצעסין: אויב איר מיינט, אַז דאָס איז גוט אַזוי, וואָלט איך אפילו אַ ביר־ברויער גענומען!"

מען האָט ניט לאַנג געוואַרט און געפּראַוועט אַ חתונה מיט דעם גאַנצן גלאַנץ. גאַביין איז געווען גליקלעך מיט זיין יונגער און שיינער פרוי, און כּבוד האָט אים אויך ניט געפעלט. אָבער איינמאָל האָט ער זיך דערמאָנט: „אין אַרטוסעס הויף ווייס מען דאָך גאָרניט, וואָס מיט מיר איז געשען, זיי מוזן דאָך מיינען, אַז דער פרעמדער האָט מיך אומגעבראַכט. מוז איך אַוועק אַהין און זיי אָנזאָגן, צו וואָס פאַר אַ גדולה איך האָב דערגרייכט". ווען ער האָט דאָס געזאָגט זיין ווייב, איז זי געוואָרן אויסער זיך; אָבער גאַביין איז ניט געווען פון די מענטשן, וואָס לאָזן זיך עפּעס איינריידן. זי האָט נאָר באַוויזן אויף גיך צו פרעגן אים: „און טאָמער וועל איך געווינען אַ זון, ווי אַזוי זאָל איך אים אַ נאָמען געבן?" „ווי דו ווילט", האָט ער געענטפערט (אין דער אַלטער שפּראַך האָט מען געזאָגט ניט „דו ווילסט", נאָר „דו ווילט").

אין אַ פּאָר מאָנאַט אַרום האָט זי טאַקע געהאַט אַ ייִנגל, האָט זי אים לויט דעם פאָטערס וואָרט אַ נאָמען געגעבן „ווידוווילט". ווען דער יונג איז אונטערגעוואַקסן — ער איז שוין אַלט געווען דרייצן יאָר און פון גאַביינען איז נאָך קיין שום גרוס ניט געווען — האָט ער זיך דערפרעגט ביי דער מוטער, וואו דער פאָטער איז אַהינגעקומען, און איז באַשטאַנען אויף זיינס: ער מוז פאָרן אים זוכן. נאָך לאַנגע וואָגלענישן איז ווידוווילט געקומען צו קיניג אַר־טוסעס הויף, ער איז אַלעמען געפעלן געוואָרן, און מען האָט אים געגעבן גאַ־ביינען פאַר אַ לערער אין דער ריטערשער קונסט. גאַביינען איז דער יונג גע־ווען זייער צום האַרצן, אָבער ווידוווילט האָט ניט אויסגעזאָגט ווער ער איז.

אָט אַזוי גייט זיך ווייטער די מעשה, מיט די פאַרשיידנסטע באַגעגענישן פאַר גאַביינען, פאַר ווידוווילטן און פאַר זיין כּלה לאַרל, מיט וועלכער ער האָט ענדלעך חתונה. אַז אונדזערע עלטער־זיידעס האָבן פון אַזעלכע מעשיות הנאה געהאַט, קען מען גאַנץ גוט פאַרשטיין; די געשיכטעס זיינען נאָך היינט טשיקאַווע. אָבער פאַרוואָס האָט דאָס די פרומע אַזוי געאַרט? וואָס האָבן זיי אַזוי געשליידערט דונערן און בליצן קעגן די „נאַרישע ביכער וועגן דיטריכן און הילדעבראַנטן?"

די רבנים האָבן ניט געוואָלט, אַז מענטשן זאָלן כאָטש אויף איין מינוט אויפהערן קלערן וועגן מצוות. מען האָט ניט געוואָלט פאַרגינען דעם יידן אין זיין ענגן געסל אונטער דעם נידעריקן דאַך אפילו דאָס קליין ביסל זון און פרייד, וואָס אָט די אומשולדיקע ריטערשע לידער האָבן אַריינגעבראַכט.

# V. דאָס שמואל-בוך

## 1

**ביי** דער פאָרש-אַרבעט פון אונדזערע נייע ליטעראַטור-היסטאָריקער איז איין ווערק געבליבן שטיין אָן אַ זייט; דאָס איז דאָס שמואל-בוך. מען דער-מאָנט עס, מען זאָגט וועגן דעם אַ פּאָר ווערטער, אָבער איר וועט אין ערגעץ ניט געפינען קיין ברייטערע כאַראַקטעריסטיק פון דער פּאָעמע. מיר וועלן דאָ ניט גיין זוכן, וואָס עס איז די סיבה דערפון; נאָר דאָס איז זיכער, אַז דאָס ווערק איז געוויס ניט ווערט אַזאַ באַציִונג. וואָרים אי לויט זיין פאַרנעם, אי לויט זיין פאָרם, אי לויט זיין כאַראַקטער מוז עס שטיין אין דער מזרח-וואַנט פון אונדזער אַלטער ליטעראַטור.

די עלטערע פאָרשער פון אונדזער ליטעראַרישער פאַרגאַנגענהייט, יידן און ניט-יידן, האָבן זיך גראָד אינטערעסירט מיטן שמואל-בוך; פון אָנהייב 18טן ביזן סוף 19טן יאָרהונדערט האָבן אפשר פופצן געלערנטע אין גרעסערע אָדער קלענערע אַרבעטן באַרירט דיזאָזיקע טעמע[1]. אָבער אויב מען זאָל אַראָפּ-רעכענען דעם גרויסן שטיינשניידערן (ער האָט דער ערשטער געגעבן אַ גוטע רשימה פון די פאַרשיידענע געשריבענע און געדרוקטע עקזעמפּלאַרן פון דער פּאָעמע, וואָס זיינען צו אונדז דערגאַנגען), דאַרף מען זאָגן, אַז יענע פאָר-שער האָבן געמאַכט מער פאַלשע פעסטשטעלונגען ווי ריכטיקע און אַז זיי האָבן אַרומגעפלאָכטן דאָס ווערק מיט אַ נעץ פון טעותן און איינריידענישן.

אָנגעהויבן דעם טאַנץ האָט יאָהאַן קריסטאָף וואָלף. אין דער „Biblio-theca Hebraea" דערציילט ער צוו"א וועגן אַ מאַנוסקריפּט פון שמואל-בוך וואָס ער פאַרמאָגט אין זיין באַזיץ, און צום סוף פון זיין באַשרייבונג גיט ער צו: „ווי ס'איז צו זען פון דעם אויפשריפט צום סוף, איז דער מחבר פון דעם ווערק איינע אַ פרוי, ליטע פון רעגענסבורג". אָט די דאָזיקע מיטטיילונג וואָלפס איז אָן שום קריטיק און קאָנטראָלע איבערגענומען געוואָרן פון די שפּעטער-דיקע ביבליאָגראַפן. אַזוי האָט אַ שטייגער קייזערלינג אין זיין בוך וועגן באַ-רימטע יידישע פרויען אַריינגערעכנט אָט די ליטע פון דער שטאָט רעגענס-בורג (אין בייערן) צווישן די גרויסע יידישע שרייבערינס פון פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער. שטיינשניידער האָט אין זיין האַמבורגער קאַטאַלאָג אַרויסגע-

---

[1] זע פ. פאַלק אין די מיטטיילונגען (באַראַכאָוו נומ' 130).

זאָגט אַ מיינונג, אַז די ליטע איז מסתמא נאָר אַן איבערשרייבערין און ניט די פֿאַרפֿאַסערין פֿון דער פּאָעמע. עס זיינען אַוועק גאַנצע צוויי הונדערט יאָר נאָך וואָלפֿן, ביז וואַנען גוסטאַוו קאַרפּעלעס האָט אַליין אַריינגעקוקט אין דעם מאַנוסקריפּט, וועלכער איז נאָך וואָלפֿס טויט אַריבער בירושה צו דער האַמבורגער שטאָטישער ביבליאָטעק, און פֿעסטגעשטעלט אָן שום שוועריקייט, אַז די גאַנצע ליטע איז געווען ניט מער ווי אַ באַשאַף פֿון וואָלפֿס פֿאַנטאַזיע; אויף דעם מאַנוסקריפּט שטייט קלאָר און דייטלעך ניט „ליטע" נאָר „ליווא". און וואָס מיינט אַזוינס „ליווא"? דאָס איז ניט מער ווי די עלטערע שרייבונג פֿון דעם כּשרן יידישן נאָמען „לייב", ווי נ. שטיף און ב. באָראָכאָוו האָבן אָנגעוויזן. אַלזאָ „לייב פֿון רעגענסבורג" שטייט אויף דעם מאַנוסקריפּט. מיר וועלן שפּעטער זען, צי דאַרפֿן מיר קוקן אויף אים ווי אויפֿן פֿאַרפֿאַסער אָדער בלויז ווי אויף דעם איבערשרייבער פֿון דעם שמואל־בוך; דערווייל לאָמיר קאָנסטאַטירן: עס איז אפֿשר אַ שאָד, וואָס די פֿרייד וועגן אַ גרויסער יידישער שריפֿטשטעלערין איז צערונען געוואָרן, נאָר דער אמת איז דאָך אויך עפּעס ווערט.

ניט קיין קלענערע פֿאַרדרייעניש איז געווען מיט דעם צווייטן מאַנוסקריפּט פֿון שמואל־בוך, וועלכער געפֿינט זיך ביי היינטיקן טאָג אין דער פּאַריזער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק; ווען און פֿון וואַנען ער איז אַהין אַריינגעפֿאַלן איז ניט באַוואוסט. דוכט זיך, עס איז ניט שווער געווען צו זען, וואָס אין דעם כּתב־יד שטייט; נאָר פֿונדעסטוועגן לייענען מיר אויף דער ערשטער זייט צוגעשריבן אין לאַטיין אָט וואָס:

„ט אָ ט ע ר ש ע ד ע ר צ י י ל ו נ ג ע ן אין ד ע ר ד י י ט ש ע ר ש פּ ר אַ ך" (Fabulae tartaricae lingua germanica), און באַלד דערנאָך איז צוגעגעבן אין פֿראַנצויזיש, מיט אַן אַנדער האַנטשריפֿט:

„אָט דער טשיקאַווער מאַנוסקריפּט, אין דער דייטשער שפּראַך און מיט רבנישע אותיות, האַלט אין זיך דערציילונגען פֿון די טאָטערן, אויף צו באַלערנען די פֿרויען".

עס איז שווער צו גלייבן, אָבער עס איז פּאָרט אַזוי: מיט אַזאַ ווילדער כאַראַקטעריסטיק ליגט שוין אַ פּאָר הונדערט יאָר אַ מאַנוסקריפּט פֿון שמואל־בוך. דער קאַטאַלאָג פֿון דער פּאַריזער ביבליאָטעק, וואָס איז געדרוקט אין 1866, דערמאָנט שוין ניט די טאָטערשע באָבע־מעשה און זאָגט אויס אין אַ פּאָר קורצע זאַצן דעם גאַנצן סוד. „אַן איבערדיכטונג פֿון שמואל א׳ און שמואל ב׳, אָדער די געשיכטע פֿון שאולן און דודן..." אָבער מען האָט דעם קאַטאַלאָג אויך ניט געגלייבט, און ווען צוויי דייטשע פּראָפֿעסאָרן האָבן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אַרויסגעגעבן אַ טעקסט־בוך פֿון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, האָבן זיי דאָרט געלייקנט, אַז אין פּאַריז זאָל זיין בנמצא אַ מאַנוסקריפּט פֿון דעם שמואל־בוך[1]. מסתמא איז דאָס אַ טעות, האָבן זיי גע־

---

[1] שטערק־לייצמאַן, ז׳ 242.

פסקנט. אין דעם מאָמענט ווען איך שרייב דאָס ליגט פאַר מיר אַ פולקומע פאָטאָגראַפיע פון אַלע 213 בלעטער (426 זייטן) פון דעם כּתב־יד, און איך זע בפירוש, ווער עס האָט אַ טעות געהאַט. נאָר איין פאַרענטפערונג קען מען געפינען פאַר די צוויי פּראָפעסאָרן: זיי האָבן געשריבן זייער בוך אין דער צייט פון קריג, ווען אַ דייטש האָט ניט געהאַט קיין צוטריט צו די ביכער־אוצרות פון פּאַריז.

יאָ, ניט נאָר וואָס דער פּאַריזער מאַנוסקריפּט עקסיסטירט, נאָר מען קען זאָגן, אַז ער איז נאָך וויכטיקער איידער דער האַמבורגער. ווייל ער איז אינגאַנצן אַ פולשטענדיקער[1], אין דער צייט וואָס אין דעם האַמבורגער כּתב־יד פעלט אי דער אָנהייב אי דער סוף.

ענדלעך דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן צום רומל די טינטן־קריג, וואָס איז געפירט געוואָרן מיט אַ יאָר עטלעכע און פופציק צוריק צווישן צוויי באַוואוסטע דייטשע פּראָפעסאָרן צאַרנקע און גאַשע, וועגן דעם, אין וואָס פאַר אַ שפּראַך איז דאָס שמואל־בוך געשריבן געוואָרן, צי אין יידיש, צי אין דייטש. די מעשה איז, וואָס פון שמואל־בוך איז יעמאָלט געווען באַקאַנט בלויז די אויסגאַבע באַזעל 1612, און עס איז פאַראַן אַ בוך, געדרוקט אין אינגאָל־שטאַדט (בייערן) אין 1562, אין וועלכן אונדזער גאַנצע פּאָעמע איז אָפּגע־דרוקט מיט דייטשע אותיות; איז געווען די פראַגע, צי איז דאָס אפשר אַמאָל דער אָריגינאַל, פון וועלכן מען האָט דערנאָכדעם דעם טעקסט איבער־געשריבן מיט יידישע אותיות. די פּאָלעמיק איז געפירט געוואָרן אין אַזאַ שאַרפן טאָן, גלייך דאָ וואָלט געגאַנגען ניט וועגן אַ וויסנשאַפטלעכן ענין, נאָר וועגן אַרויסרייסן אַ פּאָר מאַנדאַטן אין אַ היציקן וואַל־קאַמף. הייַנט ווייסן מיר, אַז גערעכט איז געווען גאַשע, וועלכער האָט געהאַלטן, אַז דער אָריגי־נאַל איז יידיש: עס איז שוין איצט אויסגעפונען די יידישע געדרוקטע אויסגאַבע פון 1544 (געדרוקט אין אויגסבורג), פון וועלכער די דייטשע אויס־גאַבע פון 1562 איז איבערגעשריבן געוואָרן דורך דעם משומד פּוילוס עמיליוס. דעריבער וועלן מיר ניט גיין דאָ איבערדערציילן אַלע פּרטים פון דער פּאָלע־מיק. נאָר איין פראַגע, אַ מער אַלגעמיינע, מעג און מוז געשטעלט ווערן: פאַרוואָס האָבן זיך אַרום אַזאַ לפי־ערך איינפאַכן ענין אַרומגעפלאָכטן אַזוי פיל גרייזן און שטותים?

---

[1] ווי אָפּגעלאָזן און ניט אויפמערקזאַם מען איז געווען ביים קאַטאַלאָגירן יידישע מאַ־נוסקריפּטן קען מען אַרויסזען דערפון, וואָס דער אויבנדערמאָנטער פּאַריזער קאַטאַלאָג פון 1866 דערציילט אונדז, אַז אין דעם מאַנוסקריפּט פון שמואל־בוך „פעלן צום אָנהייב עטלעכע בלעטער". אין דער אמתן פעלט קיין זאַך ניט, בלויז האָט מען בלאַט 19 על־פּי טעות איינגעבונדן צום סאַמע אָנהייב, אַזוי אַז עס איז אויסגעקומען, אַז דער טעקסט הייבט זיך אָן פון 'אַ מיטן. איבערלייענען די פּאָעמע, כּדי אויסצוגעפינען דעם אמת, איז שוין אפנים געווען אַ צו גרויסע טירחה. ווער האָט עס צייט צו עסקן מיט „יידיש־דייטש"!

דער ענטפער איז: דאָס האָט זיך גענומען פון דער פאַלשער מעטאָדע. מען דערציילט, אַז אין מיטלעלטער איז אַמאָל צווישן אַ גרופּע געלערענטע אָנגעגאַנגען אַ שאַרפע פּלוגתא וועגן דעם, וויפיל ציין עס האָט אַ פערד. איינער האָט געבראַכט שכלדיקע ראיות, אַז אַזוי און אַזוי פיל, און אַ צווייטער האָט זיך געחקרנט, אַז על=פי סברא דאַרף גאָר זיין אַנדערש. מען איז לאַנג ניט געפאַלן אויף דעם, אַז איידער קלערן און טראַכטן וועגן דער זאַך אַבסטראַקט און טעאָרעטיש, וואָלט אפשר בעסער געווען צו עפענען ביי אַ פערד דאָס מויל און איבערציילן די ציין. מיט דעם געמלעכן סכאָלאַסטישן וועג איז געגאַנגען אויך די עלטערע יידיש=פאָרשונג, כל=זמן זי איז געווען אין די הענט ביי די דייטשן און ביי די חכמי=ישראל. צו וואָס האָט מען געדאַרפט פטרן אַזוי פיל ענערגיע און חריפות אויף פּילפּול, ווען מען האָט געקענט אַריינקוקן אין די ווערק גופא און איינמאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סוף צו די ספקות?

איך וויל דאָ מאַכן אַ פּרוּוו צו געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם ווערק גופא. איך וועל ווי וייט מעגלעך לאָזן צורו אַלע ביבליאָגראַפישע פראַגעס און בעסער זען אויסצומאָלן אַ בילד פון דעם אינהאַלט פון דער פּאָעמע, פון דעם מחברס פּערזענלעכקייט און פון דער סביבה, אין וועלכער דאָס ווערק איז אויפגעקומען. בלויז פון אָריענטירונג וועגן וועל איך צוגעבן אַ רשימה פון די האַנטשריפטיקע און געדרוקטע טעקסטן וואָס זיינען באַקאַנט.

A. כתב=ידן:

א) כתב=יד פון דער פּאַריזער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק העבר׳ נומ׳ 92.

ב) כתב=יד פון דער האַמבורגער שטאָטישער ביבליאָטעק, קאַט׳ שטיינשניידער נומ׳ 33.

ג) פראַגמענט, געווען אין באַזיץ פון דעם פאַרשטאָרבענעם פראָפ׳ פּאָרגעס אין לייפּציג[1].

ד) כתב=יד אַמסטערדאַם. שטיינשניידער שרייבט אין „סעראַפּעום״ 1864, ז׳ 90 (יידליט 427), אַז 1844 האָט ער געזען ביי איינעם אַ הער פרעדעבאָרג אין אַמסטערדאַם אַ כ״י פון דעם שמואל=בוך, געענדיקט שרייבן ט״ז אָב תח״י (1658) אין גראַל (Granlo) אין האָלאַנד דורך יעקב=יהודה לוי. ש״ש שרייבט גאַנץ קורץ, אַז דאָס איז „מסתמא דאָס געדרוקטע שמואל=בוך״; נאָר קיין שום פּרטים ווייזט ער ניט אָן, קיין מאָטיוון אויך ניט; און וואו דער כ״י איז אַהינגעקומען איז מיר ניט באַוואוסט.

B. געדרוקטע אויסגאַבעס:

א) אויגסבורג 1544.

ב) מאַנטוע 1563—1564[2].

---

[1] לויט שטערק=לייצמאַן ז׳ 243, וואו פאַרשיידענע מעטאָדישע פראַגעס זיינען גוט באַהאַנדלט.

[2] פאַראַן אין דער האַמבורגער שטאָטישער ביבליאָטעק אַ פעליקער עקזעמפּלאַר.

ג) קראָקע 1578.
ד) קראָקע 1593.
ה) פּראָג 1609.
ו) באַזעל 1612.

צוזאַמען הייסט עס 4 כּתבֿ־ידן (פון וועלכע איינער, ד, איז אַהינגעקומען ווער ווייסט וואוהין) און 6 געדרוקטע אויסגאַבעס.

די פראַגע וועגן די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן די טעקסטן איז אַן ענין פאַר אַ זעלבשטענדיקער קריטישער אויספאָרשונג; דאָ לאָזן מיר דאָס אינגאַנצן אין אַ זייט[1].

## 2

דאָס שמואל־בוך טראָגט זיין נאָמען לויטן אינהאַלט: עס גיט איבער, בערך אין דעם זעלביקן סדר ווי אין תּנ״ך, אין יידישע פערזן דעם אינהאַלט פון שמואל א׳ און שמואל ב׳. עס איז אַלזאָ ניט נייטיק צו געבן דעם סיפּור־המעשה פון דער פּאָעמע, ווייל דאָס וואָלט הייסן איבערדערציילן דעם אינהאַלט פון די דערמאָנטע צוויי ביבּלישע ספרים. אויב מיר זאָלן אַראָפּרעכענען די סטראָפעס 1 — 4, וועגן וועלכע עס וועט באַלד קומען צו רייד, קענען מיר גאַנץ גרינג אויפשטעלן אַ פּאַראַלעלע סכעמע פון די געשעענישן אין תּנ״ך און אין דער פּאָעמע: סטראָפע 5—68 שמואל; סטראָפע 69—125 די מלחמה מיט די פּלשתּים; סטראָפע 126—173 שאול ווערט קיניג איבער ישראל; 174—189 נחש מלך עמון און אַזוי ווייטער. ביי סטראָפע 286 הייבט זיך אָן דער הויפּט־שטאָף פון דער פּאָעמע, די געשיכטע פון דוד המלך, וועלכע פילט אויס דאָס ווערק ביזן סוף.

אָבער דאָס הייסט ניט, אַז דאָס שמואל־בוך קען אונדז אינטערעסירן בלויז מיט זיין שפּראַך, ווייל דעם אינהאַלט ווייסן מיר ממילא פון תּנ״ך. ניין, מיר האָבן דאָ צו טון ניט מיט קיין פּשוטער איבערזעצונג און אַפילו ניט מיט קיין פּ אַ ר אַ פ ר אַ ז ע (ווי מען זאָגט דאָס רוב) פון דעם ביבּלישן טעקסט, נאָר מיט אַ ז ע ל ב ש ט ע נ ד י ק ע ר באַאַרבעטונג. אינהאַלט און סדר פון דער באַשרייבונג שטימען בדרך כּלל מיטן תּנך, אָבער ערטערווייז האָט דער דיכטער פון שמואל־בוך אַריינגעבראַכט נייס פון פאַרשיידענע מקורים, אין אַנדערע ערטער ווידער האָט ער מקצר געווען. אָט די צוגאָבן און מינערונגען לגבי דעם תּנ״ך מוזן מיר אויסגעפינען, אויב מיר ווילן דערשפּירן דעם ג ײ ס ט פון דער פּאָעמע.

ווען מיר האָבן צו טון מיט אַ פּאַרזיכדיקן מחבר, וואָס פורעמט אויס זעלבשטענדיק אַן אייגענעם שטאָף, איז אונדז געוויס גרינגער צו דערקענען

---

[1] אין דער קריטישער אויסגאַבע פון שמואל־בוך, וואָס איך גרייט איצט, וועל איך די דאָזיקע טעקסטקריטישע פּראָבלעמען באַהאַנדלען באַריכות.

די גרונטשטריכן פון זיין פערזענלעכקייט און פון זיין שאַפונג. אָבער דערפון איז ניט געדרונגען, אַז ביי אַזוינע באַאַרבעטונגען ווי דאָס שמואל-בוך דאַרפן מיר בלייבן בלינד און אַפּהעגנטיק: דאָ קענען מיר זיך אויך דערגרונטעווען צו אינטערעסאַנטע אויספירן, אויב מיר ווייסן נאָר דעם פּאַסיקן וועג. אַפילו אַן איבערזעצער, דער מאָדים אַזוי ווי דער פּאַרטאַטש, שיינט אַדורך דורך דעם גייעם שפּראַכיקן לבוש, אין וועלכן ער טוט אָן אַ ווערק; ווער רעדט נאָך אַ באַאַרבעטער. און ניט דאָס גייט אונדז אָן אַזוי שטאַרק, ווער עס האָט געשריבן דאָס שמואל-בוך אויף יידיש (אויף דער פראַגע וועלן מיר זיך אָפּשטעלן שפּעטער) און אויך ניט פון וואַנען ער האָט געשעפּט זיינע הוספות, הגם פאַרן ליטעראַטור-און גייסט-היסטאָריקער איז דאָס אויך זייער אַ טשיקאַווע טעמע. דאָס וויכטיקסטע פאַר אונדז איז פעסטצושטעלן, וואָס האָט דער דיכטער פון שמואל-בוך מחדש געווען לגבי דעם טעקסט פון תנ"ך. דערצו דאַרפן מיר דורכמאַכן אַן אַר-בעט וואָס פאָדערט אַ סך געדולד: דורכפירן אַ גענויען פאַרגלייך צווישן דעם ספר שמואל און צווישן דעם יידישן שמואל-בוך. דאָס וועט אונדז, צוזאַמען מיט אַן אַנאַליז פון דער שפּראַך און דער פאָרם, געבן אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם מהות פון אונדזער ווערק.

אין דעם בוך וועלן מיר ניט גיין, פאַרשטייט זיך, דורכפירן דעם פאַר-גלייך צווישן ביידע טעקסטן פון אָנהייב ביזן סוף; דאָס וואָלט געווען צו מאַ-טערדיק פאַר לייענער און וואָלט ניט געבראַכט צום ציל אויך, ווייל פון צו-פיל פּרטים וואָלט מען ניט געזען דאָס גאַנצע. וועלן מיר זיך בעסער באַנו-גענען מיט איין עפּיזאָד, מיט דער געשיכטע פון חנהן און פנינהן, מיט וועלכן עס הייבט זיך אָן סיי דער ספר שמואל, סיי דאָס שמואל-בוך; דערנאָך וועלן מיר דערצו צוגעבן אייניקע שטריכן פון אַנדערע כאַראַקטעריסטישע ערטער פון אונדזער פּאָעמע. דעם פאַרגלייך וועלן מיר מאַכן אויף דעם שטייגער, אַז מיר וועלן געבן פריער עטלעכע לויטן אינהאַלט צונויפגעבונדענע פסוקים פון תנ"ך, דערנאָך די געהעריקע סטראָפעס פון אונדזער פּאָעמע. ביידע טעקסטן וועלן מיר געבן אין אַן איבערזעצונג אויף אונדזער הייַנטיקן יידיש און אין פּראָזע, כדי די אויסערלישע פאָרם און די אַלטפרענקישע שפּראַך פון אונד-זער פּאָעמע זאָלן ניט זיין קיין שטער: אַניט וואָלט די שווערקייט פון דער פאָרם געקאָנט פאַרשטעלן דעם אינהאַלט.

## 3

עס איז געווען אַ מאַן, — לייענען מיר אין שמואל א' קאַפּ' א', — פון רמתים צופים, פון באַרג אפרים, און זיין נאָמען איז געווען אלקנה דער זון פון ירוחם, דער זון פון אליהוא דער זון פון תוחו, דער זון פון צוף פון אפרים. און ער האָט געהאַט צוויי ווייבער, דער נאָמען פון איינער איז גע-

ווען חנה און דער נאָמען פון צווייטער פנינה. און פנינה האָט געהאַט קינ־דער, און חנה האָט ניט געהאַט קיין קינדער.

די דאָזיקע צוויי פסוקים פאַרנעמען אין דער יידישער פּאָעמע גאַנצע דריי סטראָפעס, 7—9. די פאַרטיילונג פון דעם מאַטעריאַל איז דאָ אַן אַנדע־רע, אַ מער בעלעטריסטיש־בילדערישע: עס איז אַרויסגעוואָרפן די גאַנצע גענעאַלאָגיע און די געאָגראַפישע מיטטיילונגען, דערפאַר זיינען צוגעגעבן נייע שטריכן צו דער כאַראַקטעריסטיק פון די פּערזאָנען. אָט איז דער טעקסט און די איבערזעצונג פון די דריי סטראָפעס; אין דער איבערזעצונג זיינען אונטערגעשטראָכן יענע ערטער פון שמואל־בוך וועלכע זיינען אין תנ"ך ניטאָ[1]

7 נון זאס אין זעלבן צייטן   צו רמה אין דער שטאָט
איין מאַן דער היש אלקנה,   דער מאַכט די אָרמען זאט.
דער זעלביג מאַן אלקנה   האָט צו זיינעם לייב
חנה און פנינה   גענומען צו צוויי ווייב.

איז געזעסן אין דער זעלביקער צייט [בעת עלי איז געווען ריכטער איבער ישראל] אין דער שטאָט רמה אַ מאַן אלקנה, וואָס פלעגט זאַט מאַכן די אָרימע־לייט. דער דאָזיקער אלקנה האָט זיך געהאַט גענומען צוויי ווייבער, חנה און פנינה.

8 חנה די וואָס שאָן   און וואָל געטאָן,
דאָ קונט איר מאַן אלקנה   קיין קינד מיט איר האָן.
ער וואָס איין לווי פרום   אז מען עס געשריבן פינדט;
דאָ האָט מיט אים געטראגן   פנינה צען קינד.

חנה איז געווען אַ שיינע און אַ פיינע; איר מאַן אלקנה האָט מיט איר ניט געקענט האָבן קיין קינדער. ער איז געווען אַ פרומער לוי, ווי מען געפינט דאָס געשריבן; פנינה האָט געטראָגן פון אים צען קינדער.

9 חנה די וואונדערשיינע   אין זיינעם הערצן לאָג;
ער קונט איר ניט פאָרגעסן   ווידער נאכט נאָך טאָג.
ווידער זיין ווייב פנינה   האָט ער געטאָן זי;
דענאָך האָט ער ליבער   חנה ווען זי.

חנה די וואונדערשיינע איז אים געווען איינגעבאַקן אין האַרצן, ער האָט זי ניט געקענט פאַרגעסן ניט ביי טאָג און ניט ביי נאַכט; קעגן זיין ווייב פנינה האָט ער קיינמאָל גאָר־

---

[1] איך ברענג דאָ דעם טעקסט (לויט אויגסבורג 1544) וואָרט ביי וואָרט, אָבער ניט אות־באות; די אָרטאָגראַפיע מאָדערניזיר איך. וואָרים דאָס דאַרף מען וויסן, אַז ניט נאָר די ווערטער און פאָרמען זיינען געווען פאַרצייטנס אַנדערע, נאָר אויך דער אויסלייג; איז בכדי ניט צו פאַרשווערן דאָס לייענען וועלן מיר דערוויילע אויסלייגן די אַלטפרענקישע ווערטער אויפן היינטיקן שטייגער. לייענען דאַרף מען לויטן ליטווישן נוסח (אָ—o, ו—u); אונדזער היינ־טיקער פתח (דאָ געשריבן א אָן אַ נקודה) איז אַרויסגערעדט געוואָרן אַפּנים צווישן a און o (זע שטאַפּלען ז' 2,158).

בישט געטאָן, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער חנהן מער ליב גע־
האַט ווי זי.

די נאָענטסטע פינף פסוקים פון תנ״ך (ג—ז) זיינען ווידער אַן איינהייט.
אָט זיינען זיי:

פלעגט אויפשטיין דער דאָזיקער מאַן יאָר אויס יאָר איין פון זיין שטאָט צו בוקן זיך און צו ברענגען אַ קרבן צו גאָט צבאות אין שילה. און דאָרט זיינען געווען כּוהנים צו גאָט, עליס צוויי זין, חפני און פנחס. איז איינמאָל האָט אלקנה געבראַכט אַ קרבן און געגעבן גאָבן צו פנינה זיין ווייב און צו אַלע אירע זין און טעכטער. און חנהן האָט ער געגעבן אַ גאָב טאָפּל, ווייל ער האָט חנהן ליב געהאַט און גאָט האָט פאַרשלאָסן איר טראַכט. האָט איר געזעלין זי גערייצט כּדי זי צו מאַכן צערנען וואָס גאָט האָט פאַרשלאָסן איר טראַכט.

און אַזוי פלעגט זיין פון יאָר צו יאָר; ווען זי פלעגט אויפגיין צו גאָטס הויז, פלעגט יענע זי רייצן; פלעגט זי וויינען און ניט עסן.

דער תּוכן פון די פינף פסוקים פאַרנעמט אין דער יידישער פּאָ־עמע אַכט אַ האַלב סטראָפעס (10—18). דער גאַנג איז ווידער דער אייגע־נער: דער פּראָטאָקאָליש־טרוקענער זאַץ וועגן חפני און פנחסן, וועלכער האָט צו דער ווייטערדיקער געשיכטע פון חנה און פנינה קיין שייכות ניט, איז פּשוט אַדורכגעלאָזן; דערפאַר זיינען די בעלעטריסטישע עלעמענטן שטאַרק פאַרברייטערט. די סטראָפעס לייענען זיך אַזוי:

10 נון האָט דער מאַן אלקנה איין פרומקייט דערדאַכט,
דאָס ער די לייט מיט אים קיין שילה בראַכט,
דאָס זי צום רגל גינגן און בראַכטן אָפּפער דאַר;
אל יאָר יערליכן גינגן זיי צום רגל דאַר.

האָט דער מאַן אלקנה צוגעטראַכט אַ פרומקייט, אַז ער זאָל די מענטשן [פון זיין פאַמיליע] מיטנעמען קיין שילה, זיי זאָלן גיין צום רגל און ברענגען קרבנות; אַלע יאָר פלעגן זיי גיין אַהין צום רגל,

11 אין די שטאָט שילה דאָ די הייליקייט וואַס,
מיט אל זיינעם געזינד; איר קיינס ער ניט פאַרגאַס.
ווען ער גאָט העט גבעדינט, זאָ טראַנק ער דען ווייַן
און וואָלט מיט אל זיינעם געזינד אלמאָל פריילעך זיין.

אין דער שטאָט שילה, וואו ס׳איז געווען די הייליקייט, מיט זיין גאַנצן גע־זינד; קיינעם פון זיי האָט ער ניט פאַרגעסן. ווען ער האָט אָפּגעדינט גאָט, האָט ער געטרונקען דעם וויין און געוואָלט מיט זיין געזינד אַלעמאָל זיין פריילעך.

12 און דער מאַן אלקנה באַגאַבט זיין געזינד,
איקלעכס באַזונדער, ווייב און קינד.
דאָס פלייסט זיך דער יונגן, דאָס ער ניט פארגאַס
און גאַב חנה אלמאָל דאס בעסט; דארום טעט ער דאָס,

און דער מאַן אלקנה האָט געגעבן גאָבן צו זיין געזינד, איטלעכן באַזונדער, די פרויען און די קינדער, דער פרומער האָט זיך געפלייסט, ער זאָל דאָס ניט פאַרגעסן, און חנהן פלעגט ער געבן דאָס בעסטע. ער פלעגט דאָס טון, כדי

13 דאָס זי ניט זאָלט טרויערן אום איין קינדליין
און זאָלט מיט אירער געלן פנינה אלמאָלט פריילעך זיין.
דאָס פארדראָס פנינה, דאָס חנה גאָב וואס גוט
און האָט אלמאָל דאָס בעסט; גאָר צאָרניק וואס איר מוט.

זי זאָל ניט טרויערן אויף אַ קינדעלע און זאָל תמיד זיין גוט מיט איר געזעלין פנינה. פנינהן האָט דאָס פאַרדראָסן, וואָס חנהס גאָב איז געווען גוט און זי האָט אלעמאָל דאָס בעסטע; זי איז געווען שטאַרק אין כעס.

14 זי שפאָטעט אירער געלין; זי שפראַך: „דו זאָלסט מיר זאָגן,
חנה, מיין ליבע געלין, וואָס דו האָסט געקויפט דיינען קנאַבן,
דען גראָסען און דען קליינען; דאָס לאָז מיך פארשטאָן;
דו זאָלסט מיט דיינער קינדער גאָב אויך הערפאָרער גאָן.

זי האָט געשפעט פון איר געזעלין און געזאָגט: „זאָג מיר נאָר, חנה, מיין ליבע געזעלין, וואָס האָסטו געקויפט פאַר דיינע קינדער, די גרויסע און די קליינע? גיב מיר דאָס צו פאַרשטיין! באַווייז די גאָבן פון דיינע קינדער אויך.

15 זיכסטו, ווי מיין קינדער איר גאָב אנטראָגן?
דו ווייסט פון קיינער פרייד נישט צו זאָגן!
ווען דו נון געשטירבסט, זאָ ביסטו פאָלענדבראכט,
דיין נאָמען ווערט פארגעסן און נימער מער געדאַכט!"

דו זעסט מיינע קינדער טראָגן זייערע גאָבן? דו ווייסט דאָך ניט צו זאָגן פון קיין שום פרייד. ווען דו שטאַרבסט איצט אַוועק, איז אַסוף צו דיר, דיין נאָמען ווערט פאַרגעסן און ווערט קיינמאָל מער ניט געדאַכט ווערן".

16 דאס פארדראָס חנה און דענאָך שווייג זי שטיל:
„מיינעם מאַן אלקנה איך עס ניט זאָגן וויל.

זאָלט איך אונזערם ליבן מאן    האַלבער פון דיר זאָגן,
איך גיב דיר דאָס מיין טרויען,— ער וואורד דיר׳ס ניט פאַרטראָגן!״

דאָס האָט חנהן פאַרדראָסן, נאָר פונדעסטוועגן האָט זי געשוויגן. „איך וועל דאָס מיין מאַן אלקנה ניט דערציילן. ווען איך זאָל דערציילן אונדזער מאַן אַ העלפט פון דיר, זאָג איך דיר אויף נאמנות, אַז ער וואָלט דאָס דיר ניט געשענקט״.

17 ווען זיי גון ווידערקערטן    צו גאָטס דינסט באַרייט,
איר געלין פנינה    אלמאָלט צו איר זייט
דער שמאָכהייט אַלזאָ פילן    אין צאָרניקעם געדאָן;
חנה די פיל שאָן    קונט קיין רו פאר איר ניט האָן.

ווען זיי פלעגן קומען איבעראַנייס גרייט צו גאָטס דינסט, פלעגט איר געזעלין פנינה אַלעמאָל זאָגן צו איר אַזוי פיל שענדווערטער מיט כעס און לאַרעם, אַז די שיינע חנה האָט פאַר איר קיין רו ניט געהאַט.

18 דארום וואס זי ניט פראָ.    אירן צאָרן זי פאַרבייס;
זי וואָלט ניט עסן נאָך טרינקען,    זי וויינט אַלזאָ הייס.

דעריבער איז זי געווען פאַראומערט, נאָר זי האָט פאַרביסן איר צאָרן, זי האָט ניט געוואָלט ניט עסן ניט טרינקען און האָט הייס געוויינט.

איצטער גייט אין תנ״ך אַן איינהייט פון 11 פסוקים (ח — יח), וואָס אין אונדזער פאָעמע שטייען אַנטקעגן דעם ניט מער ווי אַכט סטראָפעס (צווייטע העלפט פון 18 ביז ערשטע העלפט פון 26). אָבער ס׳איז ניט סתם אַ פאַרקירצונג; דער אונטערשייד אין דער גאַנצער באַהאַנדלונג ווייזט זיך דאָ אַרויס אַזוי בולט גראָד דערפאַר ווייל דער סוזשעט איז אין ביידע טעקסטן דער גלײַכער.

תנ״ך: האָט געזאָגט צו איר אלקנה איר מאַן: חנה, פאַרוואָס וויינסטו און פאַרוואָס עסטו ניט און פאַרוואָס איז דיין האַרץ אומעטיק? צי בין איך דיר ניט בעסער ווי צען זין? איז חנה אויפגעשטאַנען נאָכדעם ווי זי האָט געגעסן און געטרונקען אין שילה. און עלי דער כהן איז געזעסן אויף אַ שטול ביים בײַשטידל פון גאָטס היכל. און איר געמיט איז געווען ביטער, האָט זי געבעטן צו גאָט און געוויינט זייער. און זי האָט אַ נדר געטאָן און געזאָגט: „גאָט צבאות! אויב דו וועסט זען די לייד פון דיין דינסטמויד און דו וועסט מיך געדענקען און וועסט ניט פאַרגעסן דיין דינסטמויד און דו וועסט געבן צו דיין דינסטמויד אַ מענלעכן זוימען, וועל איך אים געבן צו גאָט אַלע טאָג פון זיין לעבן, און קיין שערמעסער וועט ניט אַרויף אויף זיין קאָפּ״. און ס׳איז געווען ווען זי האָט געמערט צו בעטן פאַר גאָט, האָט עלי אַכט געגעבן אויף איר מויל. ווייל חנה האָט גערעדט אין איר האַרצן, נאָר אירע ליפן

האָבן געוואָלט, אָבער איר קול האָט זיך ניט געהערט; דעריבער האָט עלי געמיינט, אַז זי איז שיכּור. האָט געזאָגט צו איר עלי: „ווי לאַנג וועסטו זיין שיכּור? טו אָפּ פון דיר דיין ווײַן!" האָט חנה געענטפערט און געזאָגט: „ניין, מיין האַר, אַ פרוי מיט אַ באַשווערט געמיט בין איך, קיין ווײַן און קיין שטאַרק געטראַנק האָב איך ניט געטרונקען, נאָר איך האָב אויסגעגאָסן מיין האַרץ פאַר גאָט. מיין ניט, אַז דיין דינסטמויד איז אַ שאַלקהאַפטיקע; ווייל פון מיין גרויס קלאָג און פאַרדראָס האָב איך גערעדט ביז אַהער". האָט עלי געענטפערט און געזאָגט: „גיי מיט פריד, און דער גאָט פון ישראל וועט דיר געבן דיין בעטונג וואָס דו האָט פון אים געבעטן". האָט זי געזאָגט: „זאָל דיין דינסט געפינען חן אין דיינע אויגן". איז די פרוי אַוועק איר וועג און זי האָט געגעסן, און איר פּנים איז איר מער ניט געווען אַזוי.

דער דיכטער פון אונדזער יידישער פּאָעמע גיט דאָס איבער אַזוי:

3,18 דאָ שפּראַך איר מאַן אלקנה: „חנה, איך וויל דיר זאָגן:
דו ווײַנסט לעכט דאָס דו קיין קינדליין קאָנסט טראָגן?

האָט געזאָגט איר מאַן אלקנה: „חנה, איך וועל דיר עפּעס זאָגן. דו ווײַנסט אפשר, ווייל דו קענסט ניט טראָגן קיין קינדעלע?

19 האָן איך דיך דאָך ליבער, ווען דיין געלין פּנינה,
און גיב דיר אַלמאָל דאָס בעסט; דאַרום זאָלסטו זיין פראָ".
דאָ שוויג זי אַלזאָ שטילן, ביז דאָס מען ניט מער אַס
און גינג פאַר דעם טעמפּל, דאָ דער כּהן־גדול וואַס.

איך האָב דאָך דיך ליבער איידער דיין געזעלין פּנינה, און כ'גיב דיר תּמיד דאָס בעסטע; דעריבער זיי פריילעך". האָט זי געשוויגן ביז מען האָט אָפּגעגעסן און איז אַוועק צום היכל, וואו דער כּהן־גדול איז געווען.

20 אויף הוב זי איר אויגן און זאַך דעם הימל אָן:
„דו זאָלסט מיר, הער גאָט, העלפן דאָס איך געווינען קאָן!
דו האָסט מיט דיינען גענאָדן באַשאַפן אויף דער ערדן
לייט געווינען קינדער— אַזאָ לאָז מיך אויך ווערדן.

זי האָט אַ הייב געטאָן אירע אויגן און אַ קוק געגעבן אויפן הימל: „העלף מיר, האַר גאָט, איך זאָל קענען געווינען. דו האָסט מיט דיין גנאָד באַשאַפן אויף דער ערד מענטשן צו געווינען קינדער; טאָ לאָז מיך אויך ווערן אַזוינע.

21 זאָ האָסטו דען אין דיינעם הימלרייך
ענגל די קיין קינד געווינען און לעבן אייוויקלייך;
זאָל איך קיין קינד געווינען, ליבער הערע מיין,
זאָ לאָז מיך אייוויק לעבן אַז די ענגל דיין!

דו האָסט באַשאַפֿן אין דיין הימל מלאָכים, וואָס געווי־
נען ניט קיין קינדער און לעבן אייביק. איז אויב איך זאָל ניט
געווינען קיין קינדער, ליבער האַר מיינער, טאָ לאָז מיך לעבן
אייביק אַזוי ווי דיינע מלאָכים.

22 זאָל איך יאָ שטערבן
זאָ לאָז מיך, ליבער הער גאָט,
דאָס זאָך דער כהן־גדול,
איר לעפּצן זאָך ער וואָגעלן,

און זאָל ווערדן באגראָבן,
פּאָר קינדער טראָגן!"—
צו חנה ער זיך קאָרט;
איר רייד ער ניט האָרט.

נאָר אויב איך זאָל שטאַרבן און ווערן באַגראָבן, טאָ לאָז מיך, ליבער האַר גאָט, פריער טראָגן קינדער!" — דאָס האָט געזען דער כהן־גדול, האָט ער זיך אַ קער געטון צו חנהן. ער האָט געזען, אַז אירע ליפּן וואָגלען, אירע רייד האָט ער ניט געהערט.

23 אין דען זעלבן צייטן
דאָס נימענט פאַר דעם טעמפּל
ער געדאַכט אין זיינעם זין:
ער שפּראַך: „דו זאָלסט היגוועקגאָן,

וואס ניט דער זיטן,
געמעליכן פּלאג צו ביטן.
„די פרוי מוז טרונקען זיין".
מען טרינקט אלהי ניט וויין!"

אין יענע צייטן איז ניט געווען אָנגענומען, אַז עמעצער זאָל פאַרן היכל מתפּלל זיין שטילערהייט. האָט ער אַ קלער געטאָן ביי זיך, אַז די פרוי מוז זיין שיכּור. ער האָט געזאָגט: „גיי אַוועק, דאָ טרינקט מען ניט קיין וויין".

24 זי שפּראַך: „ליבער הער,
איך האָן אָן דיזם טאָג
נון זייט איר דאָך קיין נביא,
איך רוף פון גראָסם לייד

איר האָט'ס ניט רעכט באדאכט;
קיין וויין אין מיך געבראַכט.
נייערט איין שלעכטער מאן;
מייגען שעפּפער אָן!"

האָט זי געזאָגט: „ליבער האַר, איר האָט ניט גוט באַקלערט. איך האָב היינטיקן טאָג קיין וויין אין מויל ניט געהאַט. איר זייט דאָך ניט קיין נביא, נאָר אַ פּשוטער מענטש; איך רוף פון גרויס לייד צו מיין באַשעפער!".

25 עלי דער כהן־גדול
נון מאַכט איר גערן הערן
„גאָט דער אלמעכטיק
גיי היים צו דיינם הויז,

די פרוי ער אָנזאָך,—
ווי ער צו איר שפּראַך:
האָט מיך דיר הייסן זאָגן:
דו ווערסט איין קינדליין טראָגן!"

עלי דער כהן האָט אַ קוק געטאָן אויף דער פרוי. איצט ווילט איר געוויס הערן וואָס ער האָט געזאָגט צו איר: „גאָט דער אלמעכטיקער האָט מיר געהייסן דיר זאָגן: גיי אַהיים אין דיין הויז, דו וועסט טראָגן אַ קינדעלע".

26 דאָ נייגט זיך די שאָן פרוי צו דעם כהן־גדול:
„דו ביסט איין רעכטער נביא, דאָס הער איך איצונד וואָל!"

האָט זיך די שיינע פרוי פאַרנייגט פאַר דעם כהן־גדול: „דו ביסט אַ אמתער נביא, דאָס הער איך אַצונד וואויל!"

די אונטערגעשטראָכענע שורות אין אונדזער איבערזעצונג פון דער פּאָעמע ווייזן, וויפיל דער מחבר פון שמואל־בוך האָט אַריינגעטראָגן נייס לגבי דעם תנ"ך. דאָ באַרימט זיך ניט אלקנה, אַז ער איז בעסער ווי צען זין, נאָר פאַרקערט: ער זאָגט צו זיין טרויעריקן ווייב, אַז זי איז אים ליבער ווי די צווייטע. עס איז ניטאָ דער גאַנצער נדר מיט די פאַרפליכטונגען (אונדזער דיכטער דערציילט וועגן דעם ערשט שפּעטער, ווען שמואל ווערט געבוירן), און אָנשטאָט דעם טענהט זיך חנה אויס אַזוי האַרציק מיטן רבונו של עולם: ממה־נפשך, האָסטו מיך באַשאַפן פאַר אַ מענטשן, טאָ לאָז מיך געווינען אַ קינד; און טאָמער זאָל איך בלייבן אָן אַ קינד ווי די מלאָכים, טאָ מאַך מיך אומשטערבלעך אַזוי ווי זיי! עס ווערט דערקלערט, פאַרוואָס האָט עס דער קלוגער עלי אַזאַ האַרבן טעות געהאַט מיט דער פרוי: עס איז יעמאָלט ניט גע־ווען אָנגענומען, אַז מען זאָל זיך אינמיטן דרינען שטעלן מתפלל זיין פאַרן היכל. און מיר הערן אויך, ווי אוממיטלבאַר־נאַיִוו עס בייט זיך חנהס מיינונג וועגן עלין: זאָגט ער שלעכטס אויף איר, איז ער ניט קיין נביא, נאָר אַ פשוטער מענטש; נאָר ווען זי דערהערט זיין נבואה, איז באַלד אַנדערש: איר זייט אַן אמתער נביא, דאָס הער איך אַצונד וואויל!

איידער מיר גייען אָן ווייטער מיט דעם אַנטקעגנשטעלןביידע טעקסטן, דאַרפן מיר נאָך פאַרגעדענקען דעם זאַץ, מיט וועלכן דער דיכטער ווענדט זיך פון העלער הויט צום עולם: „איצט ווילט איר געוויס הערן וואָס ער האָט געזאָגט צו איר". דאָס איז אַ טיפּיש־שפּילמאַנישע ווענדונג, צו וועלכער מיר וועלן זיך נאָך אומקערן.

די ווייטערדיקע פסוקים פון שמואל א', קאַפּ' א, פון פסוק יט און ביזן סוף, דערציילן ווי אַזוי חנה האָט געהאַט אַ זון און ווי אַזוי זי האָט אים געבראַכט צוזאַמען מיט קרבנות קיין שילה אין היכל אַריין. אין שמואל־בוך (סטראָפעס 26—36) ווערן די געשעענישן באַשריבן אָן גרויסע אָפּווייכונגען, אַזוי אַז עס לוינט ניט צו ברענגען דעם טעקסט; בלויז אין דער סצענע פון דעם קרבן איז אַריינגעטראָגן אַ געוויסע דראַמאַטישקייט:

3,32 דאָ שפּראַך דער כהן־גדול צו איינס לוי זון:
„דו זאָלסט דאָס אָפּפער שעכטן, דאָס מיר דעם אָפּפער רעכט טון".

33 דאָ שפּראַך שמואל דער יונג רבי: „דאָס איזט צו פיל;
דאָס אָפּפער מאַג שעכטן וועלכער ייד דער דאָ וויל".

דאָ האָט ער גערעדט
און האָט דען טאָט פארשולדט,
ווידער דען רבי זיין
דאָס זעלביג קינדליין.

34 שמואל וואַרד געפאַנגען,
זיין פאָטער און זיין מוטער
דאָ שפּראַך דעס קינדלינס מוטער:
נון האָב איך אלהי געבעטן
מען וואָלט אים טון דען טאָט;
שטונדן אין גראָסער נאָט.
„עלי, ליבער הער מיין!
אום דאָס קינדליין,

35 נון האָט מיך גאָט[1] געוועהרט
פארגעבט אים׳ס, ליבער הער,
דאָ וואַרד דער כּהן־גדול
ער שפּראַך: איך האָן עס פארגעבן
און האָט מיר׳ס באשערט:
זאָ איז מיין קינד דערנערט!”
מיט נבואה באלאָדן;
שמואל אונזערם ליבן קנאבן”.

36 דאָס קינד נאַם באהענדן
ער שפּראַך: „איך וויל עס לערנען
דאָ פרייעט זיך אלקנה
עלי דער הייליק מאַן;
אלץ דאָס איך קאַן”.
און חנה די וואָלגעטאָן...

האָט דער כּהן־גדול געזאָגט צו איינעם פון די לווים: גיי און שעכט דעם קרבן, כּדי אים צו טון זיין רעכט. האָט געזאָגט שמואל, דער יונגער רבי: דאָס איז צו פיל, דעם קרבן מעג שעכטן וועלכער ייד עס וויל. אזוי האָט ער גערעדט קעגן זיין רבין; דערמיט האָט דאָס קינד פארשולדט דעם טויט. שמואל איז געפאַנגען געוואָרן, מען האָט אים געוואָלט אָנטון דעם טויט. פאָטער און מוטער זיינען געשטאַנען אין גרויס פיין. האָט דעם קינדס מוטער געזאָגט: „עלי מיין האַר: אָט דאָ האָב איך געבעטן אויף מיין קינד. גאָט האָט דערפילט מיין בקשה און האָט עס מיר געגעבן. פאַרגיב אים, ליבער האַר, וועט מיין קינד געראטעוועט ווערן”. איז אויף דעם כּהן־גדול אראָפּ די נבואה, און ער האָט געזאָגט: איך האָב פאַרגעבן דעם ליבן יונג”. עלי דער הייליקער מאַן האָט אויף גיך גענומען דאָס קינד און געזאָגט: „איך וועל אים לערנען אלץ וואָס איך קען”. האָבן זיך זייער געפרייט דערויף די שיינע חנה און אלקנה איר מאַן.

[1] די אויגסב׳ אויסגאַבע 1544 שרייבט כּסדר „גָוט יתברך” און אפילו „גָוט יתברך שמו”; נאָר ס׳איז קלאָר, אַז דאָס איז אַ שפּעטערדיקער צוגאָב, ווייל דורך דעם ווערט שטאַרק באַשווערט דער פערז.

דער עפּיזאָד איז גענומען פון דער תּלמודישער אַגדה, — אָבער פאַר אונדז איז וויכטיק ניט אַזוי דער מקור ווי די שטימונג פון דעם דיכטער, וואָס האָט געפונען פאַר נייטיק צו באַפּוצן זיין פּאָעמע מיט אַזאַ דערציילונג.

איצט נאָך דער אָפּשלוס פון דער גאַנצער חנה-פּנינה-דראַמע, חנהס געבעט צו גאָט. ס'איז איינער פון די גאָר שיינע ערטער אין תּנ״ך, דורכגע-דרונגען מיט אַ וואונדערלעך-טיפער רעליגיעזער באַגייסטערונג. מיר וועלן פּרוּוון געבן דאָ אַן איבערזעצונג פון דער תּפילה, פּסוקים א ביז י פון שמואל א׳ קאַפּיטל ב:

און חנה האָט מתפלל געווען און זי האָט געזאָגט: „מיין האַרץ פרייט זיך אין גאָט; מיין קראַפט איז דערהייכט דורך גאָט; מיין מויל האָט זיך פאַר-ברייטערט אויף מיינע פיינד; ווייל איך האָב זיך געפרייט אין דיין ישועה. ני-טאָ קיין הייליקער ווי גאָט, ווייל עס איז ניטאָ קיינער אויסער דיר און ס'איז ניטאָ קיין שטאַרקייט ווי אונדזער גאָט. מערט ניט הויכצושפּרעכן, ס'זאָל ניט אַרויס קיין עזות פון אייער מויל, ווייל גאָט איז אַ גאָט פון וויסן און קיין בייזע מעשׂים גילטן ניט. דער בויגן פון גבורים איז צעבראָכן, און די געשטרויכלטע זיינען געגורט מיט מאַכט. זאַטע האָבן זיך פאַרדונגען פאַר ברויט, און הונגעריקע זיינען שוין מער ניט הונגעריק; די אומטרעכטיקע האָט געוואונען זיבן, און די וואָס האָט געהאַט פיל קינדער איז געוואָרן אומגליק-לעך. גאָט טייט און מאַכט לעבעדיק, ער מאַכט נידערן צו דער העל און מאַכט ווידער אויפשטייגן. גאָט מאַכט אָרעם און מאַכט רייך, ער דערנידערט און דערהייבט. ער מאַכט אויפשטיין דעם אָרעמאַן פון שטויב און דער-הייבט דעם גוויטבאַדערפטיקן פון מיסט, כּדי צו זיצן אונטער די האַרן, און ער לאָזט זיי אַרבן די שטול פון ערע, ווייל צו גאָט זיינען די גרונט-פעסטן פון דער ערד און ער האָט אויף זיי געשטעלט די וועלט. די פיס פון זיינע פרומע וועט ער היטן, און די רשעים וועלן פאַרשניטן ווערן אין דער פינצטער, ווייל ניט מיט קראַפט וועט זיך שטאַרקן דער מענטש. ווער עס קריגט מיט גאָט, וועט פאַרשניטן ווערן; אין הימל וועט דונערן גאָט; ער וועט דן זיין די עקן פון דער וועלט און וועט געבן מאַכט צו זיין קיניג און וועט דערהייבן די קראַפט פון זיין געזאַלבטן“. — און אלקנה איז אַוועק קיין רמה אין זיין הויז, און דער יונג האָט געדינט גאָט פאַר עלי הכּהן.

אַנטקעגן די עלף פּסוקים שטייען אין שמואל-בוך 13 סטראָפעס (37—49). דער אינהאַלט איז ווי אַלעמאָל דער זעלבער, נאָר די איבערגעבונג פון דעם געדאַנק איז אָבער אַן אַנדערע. מיר געפינען ניט אין אונדזער יידי-שער פּאָעמע די פּראַכטיקע בילדער פון תּנ״ך, וואָס לאָזן זיך גאָר בעצם אין קיין שום שפּראַך ניט איבערגעבן מיט זייער פולן גלאַנץ, ווייל זיי זיינען ענג צונויפגעבונדן מיט דער שפּראַך פון אָריגינאַל; נאָר אויב חנהס תּפילה איז ביים יידישן דיכטער ווייניקער רעליגיעז דערהויבן, איז זי אָבער דערפאַר אַ סך מער נ אַ צ י אָ נ אַ ל - ק אָ נ ק ר ע ט, און אין צווייטן טייל, וואו זי דער-

מאָנט וועגן פנינהן, איז זי מער מענטשלעך-האַרציק אויך. לאָמיר זיך דערין איבערצייגן.

4,36 דאָ גינג די שאָן חנה פאר דען טעמפל שטאָן.

37 מיט אלזאָ גראָסן פריידן וואס איר הערץ פאָל;
זי וואס צו איינער נביאה גייערט דאָס זעלביק מאָל.
זי רופט מיט העלער שטימען: „גאָט דען וויל איך לאָבן!
דו ריכסט אויף דער ערדן, דיין קיניגרייך איזט אָבן!

די שיינע חנה האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן היכל, און איר האַרץ איז פול געוואָרן מיט אַ גרויסער פרייד. זי איז געוואָרן אַ נביאה נאָר אויף דעם מאָל, און זי האָט אויסגערופן מיט אַ הויכן קול: „גאָט, איך וויל דיך לויבן! דו ביסט דאָ אויף דער ערד. דיין קיניגרייך איז אויבן.

38 מיין הערץ מיט גאנצער פריידן צו דעם הערן מיין;
געלאָבט זיי איייוויקליכן אונדזער טרעכטיין!
איך פריי מיך מיינס געדאנקען! גאָט האָט מיך וויסן לאָן,
דאָס פון מיינעם זון שמואל נביאים זאָלן אויסגאָן.

מיין האַרץ שטייט מיט דער גאַנצער פרייד צו מיין האַר; זיי געלויבט אויף אייביק, אונדזער אייבערשטער. איך פריי זיך מיט מיין געדאַנק. גאָט האָט מיך געלאָזט וויסן: פון מיין זון שמואל וועלן אַרויסקומען נביאים.

39 פון שמואל מיינעם זון ווערט קומען איין מאן,
ער און זיין פערצען די נביאות זאָגן קאָן.
און אויך צו דיזן צייטן האָן איך אלהי געזען,
דאָס ישראל גראָס הילף ווערט געשען.

פון שמואל מיין זון וועט אַרויסקומען אַ מאַן, ער און נאָך פערצן, וואָס קאָן זאָגן נביאות. און נאָך האָב איך דאָ געזען, אַז אין די צייטן וועט ישראל האָבן גרויס הילף פון די פלשתים.

40 דאָס ווערט טון שמואל מיין ליבער זון,
גראָס הילף פון דען היידן ווערט ער טון.
ישראל דען פיל ווערדן ווערט געהאָלפן גלייך;
דערנאָך איבער לאנג פון איינם קיניגרייך

41 דער ווערט הייסן סנחֵריב, געוועלטיק איבעראל;
ווען ער קומט קיין ירושלים זאָ ווערט ער דען צו טאל.
אָן נבוכד נאצר ווערן מיר געראָכן זער,
און אויך דען יוונים ווערט צעגאָן איר ווער.

דאָס וועט שמואל, מיין ליבער זון, טון צו ישראל גרויס הילף פון די היידן;

דאָס ווערדיקע פאָלק ישראל וועט באַלד געהאָלפן ווערן. אַ סך שפּעטער וועלן זיי געהאָלפן ווערן פון אַ קיניג,

וואָס וועט הייסן סנחריב. אומעטום וועט ער זיין געוועלטיק, נאָר ווען ער וועט קומען קיין ירושלים, וועט ער פאַלן; און פון נבוכדנאצרן וועלן מיר דערלעבן אַ נקמה, און די יוונים וועט צעבראָכן ווערן זייער כּלי־זיין.

42 המן ווערט דערהאנגען און ווערט פארקויפט אום בראָט,
ישראל ווערט געהאָלפן גאנץ אויס אירער נאָט.
איין גרוב ווערט ער גראָבן אל ישראל צו פאנגען,—
ער און ז״ן צען זין ווערדן אל דערהאנגען.

המן וועט ווערן געהאַנגען און פאַרקויפט פאַר ברויט, ישראל וועט פאַר אים באַשיצט ווערן פון אַלע פּיין; ער וועט גראָבן אַ גרוב צו פאַנגען יידן און וועט אויפגעהאַנגען ווערן מיט זיינע צען זין.

43 דו ווערסט מיר, הער, באַשערן פינף קינדליין!
אל׳ צען ווערדן שטערבן פנינה דער געלין מיין —
דו זאָלסט דיך, הער, דערבארמען און לאָז איר צוויי לעבן;
וואָס זי מיר האָט גערעדט, דאָס האָב איך איר אלץ פארגעבן.

דו וועסט מיר געבן, גאָט, פינף קינדער, און אַלע צען קינדער פון מיין געזעלין פנינה וועלן שטאַרבן. דערבאַרעם זיך, גאָט, און לאָז איר לעבן צווייען; וואָס זי האָט גערעדט צו מיר, האָב איך איר אַלץ פאַרגעבן.

44 דו האָסט מיך, הער, געווערט און ווילסט איר לאָזן צוויי.
נון האָב איך זיבן קינדער, דער קינדער איך מיך פריי!
נון האָב איך זיבן קינדער, די זיין אל זיבן מיין,
אָן דאָס די צוויי מיינער געלין זיין.

דו האָסט מיך דערהערט און ווילסט איר צווייען איבערלאָזן; איך רעכן זיי אויך פאַר מיינע קינדער און פריי זיך מיט די קינדער אויך. איצט האָב איך זיבן קינדער, אַלע זיבן זיינען מיינע, הגם די צוויי זיינען גאָר מיין געזעלינס.

45 גאָט קאן וואָל טייטן און מאכן לעבנדיק,
ער מאכט נידערן אין די העלן און הילפט אויך ווידער דיק.
ער מאכט די רייכן אָרעם און די אָר׳מען רייך,
און מאכט די האָהען נידער און דערהייכט די אָר׳מען זיכערלייך.

גאָט קען טייטן און ווידער לעבעדיק מאַכן, ער מאַכט נידערן די הויכע און העלפט אויך אָפּט פונדאָסניי. ער מאַכט די רייכע אָרעם און די אָרעמע רייך; ער מאַכט נידערן די הויכע און דערהייבט די נידעריקע.

46 ער דערהייבט די אָר׳מען, די אין דעם מיסט ליגן;
ער מאכט זי גראָס הערן, זיין לאָב איז אונפארשוויגן;

ער הילפט זייַנען ליבן,　　זייַן פייַנד ער פאַרשטאָסט,
אין אָפּגרונט דער העלן　　דאָס פייַער מען אין זיי בלאָזט.

ער דערהייבט די אָרעמע וואָס ליגן אין מיסט; ער מאַכט זיי פאַר גרויסע האַרן, זייַן לויב לאָזט זיך ניט פאַרשווייַגן. ער העלפט די זייַניקע, זייַנע פייַנד פאַרטרייַבט ער; אין אָפּגרונט פון גיהנום בלאָזט אויף זיי דאָס פייַער.

47 גאָט דער הייליק　　וועט מאַכן איין געריכט
דען אָר'מען אז דען רייַכן,　　איר קיינס ער פאַרגיסט.
ער ווערט משיח זענדן,　　דער קיניג האָך געבאָרן,
זאָ ווערדן אונדזערע פייַנד　　זיכערליך פאַרלאָרן!"

גאָט דער הייליקער וועט מאַכן אַ משפט אויף די אָרעמע און אויף די רייַכע, קיינעם וועט ער ניט פאַרגעסן. ער וועט שיקן משיחן, דעם הויכגעבאָרענעם קיניג, וועלן דאַן אונדזערע פייַנד געוויס זייַן פאַרפאַלן".

48 אורלויב נאַם די פרוי　　און אויך איר ליבער מאַן.
„נון הערט, שפּראַך דער כהן-גדול　　וואָס איך אייַך גאַן:
גאָט דער מוז אייַך העלפן　　און אייערן ווילן טון
און זאָלכע קינדער מער באַשערן　　אז שמואל אייער ליבער זון".

די פרוי האָט זיך געזעגנט און אויך איר ליבער מאַן. האָט געזאָגט דער כהן-גדול: „איצט הערט, וואָס איך מעלד אייַך: גאָט וועט אייַך העלפן און וועט טון אייער ווילן און וועט אייַך געבן נאָך אַזעלכע קינדער אַזוי ווי שמואל אייער ליבער זון".

49 זי צאָהען היים צו לאַנדן　　און וואַרן אזאָ פראָ.
שמואל דער פיל קלייַנען　　בליב צו שילה דאָ
און לערנט גאָר באַהענדן,　　דאָס ער וואַר תורה פאָל;
וואָס דער כהן-גדול קונט,　　דאָס קונט דש קינד אלץ וואָל.

זיי זייַנען אַוועק און זייַנען געווען פריילעך. שמואל דער קלייַנער איז געבליבן אין שילה און האָט געלערנט אַזוי גיך, אַז ער איז פול געוואָרן מיט תורה. וואָס דער כהן-גדול האָט געקענט, דאָס האָט ער אַלץ געקענט וואויל.

מיט די 49 סטראָפעס איז אויסגעשעפּט דער חנה-פנינה-עפּיזאָד אין אונדזער פּאָעמע, און זי גייט אַריבער צו דער טעמע חפני-פנחס. מיר וועלן זיך דערווייַלע באַנוגענען מיט דעם מאַטעריאַל וואָס מיר האָבן אויסגעפונען; וואו דאָס וועט אונדז ניט קלעקן אויף צו מאַכן אַלגעמיינע אויספירן, וועלן מיר נעמען צוהילף בייַשפּילן פון דעם ווייַטערדיקן טעקסט. אָבער פריער לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף אַ ווייַלע בייַ דער פאָרם פון שמואל-בוך; דאָס וועט אונדז געבן אַ מעגלעכקייט אויך צו באַטראַכטן די שפּראַך און דעם סטיל פון אונדזער מחבר.

## 4

מיר האָבן אין דעם לעצטן קאַפּיטל בפיוון געגעבן ביידע טעקסטן, סיי פון תנ״ך און סיי פון אונדזער יידישער פּאָעמע, אויך אין דער הייַנטיקער שפּראַך אונדזערער, כדי די אויפמערקזאַמקייט פון דעם לייענער זאָל זיך קענען אָפּשטעלן איינגאַנצן אויפן אינהאַלט. וואָלטן מיר דעם אַלט־יידישן טעקסט בלויז געגעבן אין זייער אָריגינאַל, וואָלטן דערפון געקענט אַרויסקומען שוועריקייטן.

דאָס שמואל־בוך איז אַ ווערק, וואָס איז אַלט פינף און אפשר גאַנצע זעקס הונדערט יאָר. דאָס הייסט, אַז דאָס ווערק שטאַמט נאָך פון דער אַלט־יידישער צייט; אויפגעקומען איז עס ערגעץ־וואו אין די אַלפּן־לענדער, אין בייערן, עסטרייך אָדער גאָר אין צפון־איטאַליע, וואָס הייַנט זייַנען די „יידישע יידן״ אַוועק פון דאָרטן אויף טויזנטער מייל; טאָ וואָס איז דער וואונדער, אַז מיר מוזן האָבן אַ פּירוש אויף יענעם לשון? מיר האָבן שוין געזען פריער, אַז יידיש איז אין דעם פּרט געגליכן צו אַלע אַנדערע שפּראַכן.

גאַנצע דריי שוועריקייטן זייַנען פאַראַן — לאָמיר דאָס זאָגן אַגב אורחא — ווען מיר גייען צו אָן צוגרייטונג צו אַן אַלט־יידישן אָריגינאַל־טעקסט.

ערשטנס, די אותיות. ביז טיף אין 19טן י״ה אַריין האָט מען געדרוקט יידיש ניט מיט געכּתיבעטע אותיות, נאָר מיט דעם אַזויגערופענעם „ווייַבערטייַטש״־שריפט[1], וואָס איז פרעמד אַ הייַנטיקן לייענער. אויך די געשריבענע אותיות פון די עלטערע כּתבֿ־ידן (ביזן 17טן י״ה) זייַנען אַ ביסל אַנדערש איידער אונדזער הייַנטיקער שרייַבשריפט, הגם אייַנגעווייַנען זיך אין יענעם שניט אותיות איז זייער גרינג. צווייטנס, דער אויסלייג[2]; דריטנס, די שפּראַך בעצם, דאָס הייסט די פאָרמען און דער ווערטער־באַשטאַנד[3].

איצט לאָמיר נעמען די ערשטע פינף סטראָפעס פון דעם שמואל־בוך. מיר האָבן זיי פריער דורכגעלאָזן, ווייל צו דער געשיכטע פון חנהן און פנינהן האָבן זיי קיין שייכות ניט. אַן אַלט־יידישע פּאָעמע האָט זיך ניט געקענט אָנהייבן תיכּף מיטן סיפּור־המעשה. אַזוי ווי אַ הייַנטיק בוך מוז האָבן אַ שער־בלאַט, אויף וועלכן עס שטייט אָנגעשריבן דער נאָמען פון דעם בוך, אַזוי האָט זיך אַ ווערק אין דער אַלט־יידישער צייט געמוזט אָנהייבן מיט אַ הימ־

---

1 טייַלמאָל, כאָטש זעלטן, האָט מען געדרוקט יידיש אויך מיט רש״י־אותיות: דעם „ספר של ר׳ אנשל״ אין ביידע אויסגאַבעס 1534 און 1584 (זע שטאַפּלען ז׳ 115—123), „פּאַריז און וויענע״ (זע אין דעם איצטיקן בוך קאַפּ׳ IX).

2 מער באַריכות וועגן דעם אַלט־יידישן אויסלייג זע שטאַפּלען ז׳ 108—114 און מייַן נאָטיץ אין „יד״פיל I ז׳ 94—95.

3 זע ווייַטער.

בּישן אַריינפיר, אַ לויב צום אייבערשטן פאַר די חסדים וואָס ער טוט מיטן פאָלק ישראל; צום אויסלאָז פון אַ ווערק איז ווידער געקומען אַ וואונטש, אַז גאָט זאָל וואָס גיכער שיקן משיחן און אויסלייזן יידן פון גלות. אַפילו אליהו בחור, ווען ער גייט באַשרייבן גאַנץ וועלטלעכע און אָפּטמאָל גזלנישע איבער־לעבונגען פון זיין העלד בבאַ[1], גיט אָפּ די ערשטע פאָר סטראָפעס פון זיין געשיכטע אויף אַזאַ שבח צום בורא: „גאָט דען זאָל מען אייביג לאָבן [=לויבן] און זיינע וואונדער זאָל מען קונדן [אָנזאָגן]...” היות דאָס שמואל־בוך איז געוויס די עלטסטע פון אַלע היינט באַקאַנטע אַלט־יידישע פּאָעמעס, מעגן מיר משער זיין, אַז לויט דעם מוסטער טאַקע האָבן געשאַפן זייערע ווערק אַלע שפּעטערדיקע מחברים; אין די דייטשע מיטלעלטערישע פּאָעמעס, אַפילו אין די גייסטלעכע, איז דער הימנישער אַריינפיר אין אַזאַ פאָרם און פאַרנעם בשום־אופן ניט טיפּיש.

דער הימנישער אַריינפיר אין שמואל־בוך פאַרנעמט דריי סטראָפעס; די פערטע און די פינפטע שאַפן דעם איבערגאַנג, און פון דער זעקסטער גייט שוין, ווי מיר האָבן געזען, די עצם האַנדלונג וועגן חנה און פנינה. מיר וועלן דאָ ברענגען די ערשטע פינף סטראָפעס איינגאַנצן, פאַראַלעל מיטן אָריגינעלן און מיט אַ מאָדערניזירטן אויסלייג, לויט דעם אויגסבורגער דרוק.

אָט איז דער אָנהייב פון שמואל־בוך:

1 ווער מיט גאנצם הערצן
צו אונזרם ליבן הערן
זיין גינוד אונ׳ זיין זיכרהייט
ער הילפט זיינן קנעכטן
זיין זין הוט גיקערט
וויא אופט ער אין דר גֵירט׳
גוך ניא גילאגֵ׳
עש זייא נאכט אודר טאג:

ווער מיט גאַנצם הערצן
צו אונזערם ליבן הערן,
זיין גענאָד און זיין זיכערהייט
ער הילפט זיינען קנעכטן
זיין זין האָט געקערט
ווי אָפּט ער אין דערגערט!
נאָך ני געלאָג,
עס זיי נאַכט אָדער טאָג.

2 זיין לובא קאן נימנט ענדן
דרום זול מן שווייגן
ער הוט אונז גיהולפן
אונ׳ הוט אונז בֿור געבן
ווידר ורויא נוך מאן׳
ווען מן עש ניט בֿולענדן קאן׳
אופט אויש אונזר נוט׳
אונזר זוינד אונ׳ אונזר מישטוט:

זיין לאָב קען נימאַנט ענדן,
דרום זאָל מען שווייגן,
ער האָט אונז געהאָלפן
און האָט אונז פאַרגעבן
וועדער פרוי נאָך מאַן;
ווען מען עס ניט פולענדן קאַן,
אָפּט אויס אונזער נאָט
אונזער זינד און אונזער מיסטאָט.

---

[1] =באָווע; זע קאַפּיטל VIII.

3 מיר הון אין אופט דר צוירנט
זוא הוט ער אונש איין ווילן
ווען מיר אין ווידר אן רופטן
זוא הוט ער אונש גיהולפן
אונ׳ ווידר אין גיטון׳
אונזרן ווייגדן גילון׳
אונ׳ ליישטן זיין גיבוט׳
דר לויזט אויש אונזר נוט:

מיר האָן אין אָפט דערצערנט
זאָ האָט ער אונז איין ווילן
ווען וויר אין ווידער אָנרופטן
דאָ האָט ער אונז געהאָלפן
און ווידער אין געטאָן,
אונזערן פיינדן געלאָן.
און לייסטן זיין געבאָט,
דערלייזט אויס אונזער נאָט.

4 דר בֿון וויל איך שווייגן
בֿון דעם בוך שמואל
וויא גוֹט יתברך דורך זייניא גויטיא
דער וועל אונש אין דעם גלות
עש ווער צו זינגן וילי׳
איך אויך זינגן ווילי׳
גרוש וואונדר הוט גיטון׳
אין קיינן גויטן לון:

דערפון וויל איך שווייגן
פון דעם בוך שמואל
ווי גאָט דורך זיינע גיטע
דער וועל אונז אין דעם גלות
עס ווער צו זינגען פיל;
איך אייך זינגען וויל.
גראָס וואונדער האָט געטאָן,
און קיינען נייטן לאָן.

5 אין דען זעלבן צייטן
אין דעם לאנדא כנען
עש ווש איין כוהן גדול
אונטר אל ישראל ווש ער
דא ישראל זאש׳
קיין קויניק אונטר ישראל ווש
דער ווש עלי גיננט׳
איין ריכטר אין דעם לנט.

אין דען זעלבן צייטן,
אין דעם לאַנד כנען,
עס וואס איין כהן גדול,
אונטער אַל ישראל וואס ער
דאָ ישראל זאס
קיין קיניג אונטער ישראל וואס,
דער וואס עלי גענאַנט,
איין ריכטער אין דעם לאַנד.

מיר געפינען דאָ אַ גאַנצע ריי העברעאישע ווערטער: דערנער איז דער טייטש — ראַטעווען; ני — קיינמאָל ניט; געליגן — לייגן, זאָגן אַ ליגן; וועדער, נאָך — ניט, ניט; פולענדן — ענדיקן; מיסטאָט — עבירה, זינד; האָן — האָבן; ווידער — געגן; לאָן — לאָזן; גיטע — גוטסקייט (דערפון איז נאָך ביי אונדז ביז היינט געבליבן דער נאָמען „גיטע״).

ווייטער זיינען דאָ פאַראַן פאַרעלטערטע פאָרמען. ביי צייט־ווערטער האָבן מיר אין דעם יידיש פון יענער צייט צוויי פאָרמען, וואָס זיינען שוין היינט אָפּגעשטאָרבן: דעם אימפּערפעקט (געלאָג אָנשטאָט דעם וואָס מיר וואָלטן היינט געזאָגט „האָט געלאָגן״; אָנרופּטן אָנשטאָט „האָבן אָנגערופן״; זאס אָנשטאָט „איז געזעסן״; וואס אָנשטאָט „איז געווען״) און דעם קאָניונקטיוו (זיי — „זאָל זיין״; ווער — „וואָלט געווען״; וועל —

„זאָל וועלן"). אויך די פאָרמען פון בייוואָרט און הויפּטוואָרט זיינען צום טייל אַנדערע, איידער אין דער היינטיקער שפּראַך אונדזערער. פון איין זייט געפינען מיר: אונזערם ליבן הערן, וואו מיר וואָלטן היינט געזאָגט קירצער: „אונדזער ליבן האַר"; פון דער אַנדער זייט שטייט דאָ: אונטער אל ישראל, אינדערצייט וואָס מיר וואָלטן געוויס געזאָגט: „אונטער אַלע ישראל".

ענדלעך דאַרף מען דאָ נאָך צוגעבן, כּדי צו פאַרענדיקן די כאַראַקטעריסטיק פון דער שפּראַך, אַז אַפילו די ווערטער וואָס מיר נוצן נאָך היינט יאָ זיינען יעמאָלט אויך צום טייל אַרויסגערעדט געוואָרן אַנדערש ווי ביי אונדז. יידן פלעגן יעמאָלט זאָגן ניט „גרויס", נאָר גראָס; ניט „נויט", נאָר נאָט מיט אַן o (און דערפאַר גראַמט זיך טאַקע „גראָס" מיט „מאָס", און „נאָט" מיט „גאָט" און „געבאָט"); דאָס וואָרט „מאַן", וואו מיר האָבן היינט אַ פּתח, איז יעמאָלט אויך אַרויסגערעדט געוואָרן צווישן a און o. אַנדערע קלאַנגען פון דער אַלט־יידישער שפּראַך קענען מיר מיט אונדזער היינטיקן אויסלייג גאָרניט איבערגעבן: דאָס זיינען די איבערקלאַנגען, דאָס הייסט די קלאַנגען ע (e), י (i) און יי (ej) ווען מען רעדט זיי אַרויס מיט אַ פאַרקיילעכטן מויל (יעמאָלט קלינגען זיי אַזוי ווי אין היינטיק דייטש ö, ü און eu). די אַלט־יידישע אָרטאָגראַפיע פלעגט דאָס באַצייכענען מיט באַזונדערע צייכנס: ö און ü דורך וי, eu דורך ויי. אין דער טראַנסקריפּציע האָבן מיר די אייגנטימלעכקייט פּשוט איגנאָרירט, ווייל אַניט וואָלט דאָס לייענען נאָך מער פאַרשווערט געוואָרן.

איצטער, נאָך די פּירושים, דאַרף מען נאָך אַמאָל איבערלייענען דעם ציטירטן אַריינפיר צו דער פּאָעמע; און כּדי עס זאָל ווערן אינגאַנצן פאַרשטענדלעך יעטווידער קנייטש פון דעם דיכטערס כּוונה, וועלן מיר איבערזעצן אַלע פינף סטראָפעס וואָרט ביי וואָרט אין אונדזער היינטצייטיקן יידיש:

(1) ווער עס האָט מיטן גאַנצן האַרצן געוועגדט זיין זינגען צו אונדזער ליבן האַר, — ווי אָפט ראַטעוועט ער אים! זיין גנאָד און זיין צוזאָג האָבן נאָך קיינמאָל ניט אָפּגענאַרט; ער העלפט זיינע קנעכט סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט.

(2) זיין גנאָד קען קיינער ניט אויסדערציילן, ניט פרוי און ניט מאַן; דעריבער זאָל מען שווייגן, ווייל מען קען עס ניט דערענדיקן. ער האָט אונדז אָפט געהאָלפן אין אונדזער אומגליק און האָט אונדז פאַרגעבן אונדזערע זינד און חטאים.

(3) מיר האָבן אים אָפט דערצערנט און געטאָן קעגן אים; דעריבער פלעגט ער אונדז אויף אַ צייט איבערלאָזן צו אונדזערע פיינד. ווען מיר פלעגן ווידער רופן צו אים און טון זיין געבאָט, פלעגט ער אונדז העלפן, דערלייזן פון אונדזער אומגליק.

(4) דערפון וועל איך שווייגן, ס'וואָלט געווען אַ סך וועגן דעם צו זינ־

געןֹ; פון דעם בוך שמואל וויל איך אייך זינגען, ווי גאָט האָט אין זיין גוטס־קייט געטאָן גרויס וואונדער. הלוואַי ער זאָל אונדז אין גלות ניט איבערלאָזן אין קיין שום אומגליקן!

(5) אין יענע צייטן, ווען ישראל איז געזעסן אין דעם לאַנד כנען, איז ניט געווען ביי ישראל קיין קיניג. ס'איז געווען אַ כוהן־גדול, וואָס האָט גע־הייסן עלי; ער איז געווען אַ ריכטער אין דעם לאַנד ביי אַ'ע ישראל.

און באַלד נאָכדעם גייט אַוועק די געשיכטע פון חנהן און פנינהן, אַזוי ווי מיר האָבן זי געזען אין פריערדיקן קאַפיטל.

## 5

עס איז שוין עטלעכע מאָל באַנוצט געוואָרן דאָ דער אויסדרוק „דער דיכטער פון שמואל־בוך", „דער מחבר פון שמואל־בוך". פאַרוואָס איז ער ניט אָנגערופן געוואָרן ביים נאָמען? ניט צוליב אַ צופאַל אָדער צוליב מליצה, נאָר ווייל דער נאָמען פון דעם מחבר איז אונדז ניט באַוואוסט. עס איז אַן אַנאָנים ווערק. יענער לייב פון רעגנסבורג, וועלכן מיר האָבן דערמאָנט, איז געוויס געווען ניט קיין פאַרפאַסער, נאָר אַן איבערשרייבער, און גאָר דאָס האָט ער געמיינט צו זאָגן מיט זיין צושריפט: „דיז בוך האָן איך געשריבן מיט מיינער האַנט / לייב פון רעגנסבורג בין איך גענאַנט"[1]. אין דעם פאַריזער מאַנוסקריפּט ווערן דערמאָנט גאַנצע צוויי נעמען. פריער דערציילט זייגוול דער שרייבער, אַז „דאָס בוך האָט איין ענד", און מיט אַ סטראָפע ווייטער (ס'איז די איינס־פאַרלעצטע) לייענען מיר: „משה עשרים וארבע בין איך גענאַנט / איך האָן דאָס בוך געמאַכט מיט מיינער האַנט". אָבער אין ביידע פאַלן האָבן מיר דאָ מסתמא אויך צו טון נאָר מיט איבערשרייבער; און אויב אַפילו מיר זאָלן מיינען, אַז אָט דער משה עשרים וארבע (ס'קלינגט ווי אַ צונעמעניש פון אַ מלמד!) איז דער פאַרפאַסער, ווייסן מיר אָבער יעדנפאַלס גאָרנישט ניט וועגן דער צייט און ניט וועגן דעם אָרט פון זיין לעבן[2].

נאָר דערפאַר קענען מיר דעם דיכטער גאַנץ גוט כאַראַקטעריזירן לויט דעם ווי ער ווייזט זיך אַרויס אין דער פּאָעמע; און דאָס איז דאָך סוף־כל־סוף וויכטיקער איידער אַ נאָמען פלוני בן פלוני.

א) דעם דיכטער איז געגאַנגען ניט סתם אין אָפּגראַמען דעם ביבלישן ספר שמואל, נאָר אין שאַפן אַ פּאָעמע מיט אַ געוויסן איינהייטלעכן אינהאַלט, וואָס איר צענטראַלע פיגור זאָל זיין דוד המלך. דאָס זעט זיך

---

[1] אין אָריגינאַל: „דיז בוך הון איך גשריבן מיט מיינר האנט׳ ליווא בון רעגנשפוק [!] בין איך גנגט׳ מיינר גוטן גונירין ברײדלן אישט זיא גנגט׳ צו בריד זול זיא עש נוצן אונ׳ לייאן דש בגער זיך".

[2] זע די נאָכשריפט צום איצטיקן קאַפּיטל.

אַרויס אַזוי בולט ביים לייענען דאָס שמואל־בוך, אַז דער דייטשער פּראָפעסאָר דעליטש האָט עס נאָך מיט 90 יאָר צוריק אָנגערופן „די דאַווידידע״, אַזוי ווי עס רופט זיך אָ ד י ס ע ע די פּאָעמע וואָס באַזינגט אָדיסעוּסן אָדער ה ע נ ר י אַ ד ע וואָלטערס דיכטונג וועגן הענריך דעם פערטן. מערניט וואָס אונדזער מחבר איז געווען אין אַ צו גרויסער אָפּהענגיקייט פון דעם הייליקן טעקסט פון תנ״ך; צוגעבן גייס לויטן מדרש פאַרגינט ער זיך נאָך, אָבער מעקן און קירצן שייעט ער זיך. צוליב דעם קומט אויס אָפטמאָל די פּאָעמע צו צעצויגן; ווייניקער האַנדלונג וואָלט געשאַפן אַ פעסטערן איינדרוק.

עס מוז אָבער געזאָגט ווערן, אַז אינגאַנצן איז אונדזער מחבר פאָרט ניט פאַרשקלאַפט ביים תנ״ך. ערטערווייז לאָזט ער זיך אַוועק אויף אייגענע וועגן, און יעמאָלט ווערן דערגרייכט זייער גוטע רעזולטאַטן; אַ סימן, אַז פעאיקייט און טאַלענט איז יאָ געווען, און געשטערט האָט בלויז די צו גרויסע ביכנעקייט צום אָריגינאַל.

לאָמיר נעמען פאַר אַ ביישפּיל דעם אָרט אין שמואל ב, קאַפּ׳ כא, פּסוק טו און ווייטערדיקע. שאול און יהונתן זיינען באַגראָבן געוואָרן, גאָטס צאָרן האָט זיך געשטילט. פּלוצלינג הייבט זיך אָבער אין תנ״ך ווידער אָן אַ באַשרייבונג פון נייע מיליטערישע אָפּעראַציעס, און אין די נאָענטסטע אַכט קורצע פּסוקים זיינען אַריינגעשפּאַרט ניט ווייניקער ווי פיר מלחמות; ערשט דערנאָכדעם (אין קאַפּ׳ כב) הייבט זיך אָן דודס לויבגעזאַנג צו גאָט, דער דאַנק פאַר די נצחונות. אין אַנדערע פאַלן אַזוינע פאָלגט דאָס שמואל־בוך דאָס רוב פּוס־טריט: דער תנ״ך הייסט, איז פאַרפאַלן. דאָ האָט אָבער גענומען רעבעלירן אין אונדזער דיכטער דער פּאָעטישער חוש. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען ער פלעכט אַריין די אַלע פאַקטן פון די אַכט פּסוקים און דערצו נאָך דעם זאַץ פון תנ״ך: „דוד איז מיד געוואָרן״, וועט צעשטערט ווערן דער גאַנצער איינדרוק, און ס׳וועט ניט זיין קינסטלעריש באַרעכטיקט דודס לויבגעזאַנג צו גאָט. האָט דער דיכטער מיט אַ דרייסטער האַנט אָפּגערוקט אין אַ זייט די פּסוקים און אויסגעפורעמט דעם שטאָף פּשוטער, גאָר ממילא אַ סך שטייפער: באַלד ווי גאָט טוט אָפּ זיין צאָרן פון פאָלק ישראל, זינגט דוד זיין שירה. דער איבערגאַנג לייענט זיך אַזוי[1]:

1656 אין גראב קיש שאולש ואטר
דוד היש ישראל
דא קלאגטן אל ישראל
דער הונגר נאם איין ענד

וואורדן זיא ביגראבן׳
דען קויניג שאול קלאגן׳
קויניג שאול צו האנט׳
אין דער יודן לאנט:

אין גראָב קיש שאולס פאָטער
דוד היס[2] ישראל

וואורדן זיי באַגראָבן;
דען קיניג שאול קלאָגן.

---

[1] נומעראַציע פון די סטראָפעס אומעטום לויט פּאַריז, טעקסט לויט אויגסבורג.

[2] האָט געהייסן.

דאָ קלאָגטן אַל ישראל    קיניג שאול צו האַנט[1].
דער הונגער נאָם איין ענד    אין דער יידן לאַנד.

1657 **דא זאש דער קוויניג דוד    מיט ורײדן אונ׳ מיט רעכטי**
**אין דער שטט ירושלים    ער אונ׳ אל זיין קנעכטי**
**קיין מענש אין דער וועלט    דער ווידער אין מער שטרייט·**
**ער לובט גוֹט דען הערן    צו גאנגן ווש זיין לייד:**

דאָ זאס דער קיניג דוד    מיט פריידן און מיט רעכט
אין דער שטאָט ירושלים,    ער און אַל זיין קנעכט.
קיין מענש אין דער וועלט    דער ווידער אין מער שטרייט;
ער לאָבט גאָט דען הערן,    צעגאַנגען וואס זיין לייד.

1658 **דיא וועלט מושט דינן    דוד דעם קוויניג ריין·**
**אונטר אל דעם הימיל    האט ער דער וויינד קיין·**
**אין האט גוֹט דער אלמעכטיג    דר לויזט אויש אלר נוטי·**
**דא לובט ער מיט ווליש    דען אלמעכטיגן גוֹט:**

די וועלט מוזט דינען    דוד דעם קיניג ריין;
אונטער אַל דעם הימל    האָט ער דער פיינד קיין;
אין האָט גאָט דער אַלמעכטיק    דערלייזט אויס אַלער נאָט.
דאָ לאָבט ער מיט פלייס    דען אַלמעכטיקן גאָט.

**אַ צווייטן גליקלעכן איינפאַל האָט געהאַט אונדזער דיכטער ביים פאַרענדיקן דאָס גאַנצע ווערק. בכדי צו געבן אַ קיילעכדיק בילד פון דוד המלכס לעבן און פערזענלעכקייט, האָט ער געמוזט אַריבערשפּרייזן די גרענעצן פון דעם ספר שמואל ב׳, ווייל די ביבלישע באַשרייבונג פון דודן כאַפּט זיך אַריבער אין מלכים א׳. האָט אונדזער מחבר טאַקע אַזוי געטאָן און פאַרענדיקט זיין טעקסט מיט דער געשיכטע פון אבישג השונמית (וואָס זי איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם קיניגס עלטער), הגם דער עפּיזאָד באַלאַנגט שוין ניט צו שמואל, נאָר צו מלכים[2].**

---

[1] תיכף.

[2] אַזוי איז אין די ביידע מאַנוסקריפּטן, אין האַמבורגער און אין פּאַריזער. דער אויגסבורגער דרוק פון 1544 גייט מיט אַן אַנדער גאַנג: דער עפּיזאָד אבישג פעלט, דערפאַר איז צוגעגעבן, אַז נאָך דודס טויט האָט זיך שלמה געזעצט אויף דער קיניגלעכער שטול, און ער האָט געבויט דעם בית־המקדש. „און װעלכער גאַנץ וויל װיסן, ווי עס וואָר געבויט / דער לייען דאָס ספר מלכים, אָב ער מיר ניט טרויט; / דאָרינען שטייט עס געשריבן, דאָס זאָג איך אייך פאַרוואָר, / מיט אַל זיינעם געבײי אויף און נידער, און פעלט ניט אום איין האָר" (אויסלייג מאָדערניזירט).

צו וואָס האָט דער אַרויסגעבער פון אויגסבורג געדאַרפט אַריינטראָגן אַזאַ מין שינוי אין פריערדיקן טעקסט? דאָ האָט געווירקט איינע פון די צוויי סיבות, און אפשר ביידע צוזאַ־

ב) ווען ער האַלט שוין ביים טעקסט גופא, איז אונדזער מחבר אַ סך ביכער נוטה צו שינויים. איבערהויפּט געפינען מיר ביי אים, ווי געזאָגט, פאַרברייטערונגען, וואָס דאַרפן מאַכן האַרציקער, פאַרשטענדלעכער, מענטשלעך-צוטריטלעכער די מאָנומענטאַלע קורצקייט פון תנ"ך. אלקנה איז ניט סתם אַ ייד, נאָר אַזאַ וואָס מאַכט רייך די אָרעמעלייט; חנה איז געווען אַ שיינע און אַ פיינע, און אלקנה האָט זי מער ליב ווי פנינהן.

אָפטמאָל ווערן אַריינגעפלאָכטן דיאַלאָגן און סצענעס גאַנצע. ווי פּסיכאָלאָגיש געטריי איז פנינהס רייצן זיך מיט חנהן, זי זאָל ווייזן וואָס זי האָט געקויפט פאַר אירע קינדער (די דערציילונג איז אַגב גענומען פון מדרש), און חנהס גוטסקייט ווען זי באַשליסט, אַז זי וועט פנינהן פאַרן מאַן ניט פאַרמסרן! באַלד צום אָנהייב איז שוין צוגעגעבן דער פאַקט (און דערין ווייזט זיך אַרויס אַ געוויסער גוסט פאַר קאָמפּאָזיציע), אַז פנינה האָט געהאַט דווקא צען קינדער; דאָס גיט אַ מיגלעכקייט חנהן שפּעטער (אין דער נבואה) זיך סומך צו זיין אויף דעם פאַקט. און ווי שיין איז חנהס תביעה צו גאָט, ווי חנעוודיק איר פרויִש-נאַיִווע רעאַקציע אויף עליס ווערטער.

מיט דעם עפּיזאָד וואָס פאַרלויפט זיך ווען שמואל ווערט אַריינגעבראַכט אין היכל (די פראַגע ווענן דעם, ווער דאַרף שעכטן; צוגעגעבן לויט ברכות לא) ווערט פאַרדראַמאַטיזירט די גאַנצע האַנדלונג: אין דעם לעצטן מאָמענט, ווען ער האַלט שוין אין אַריבערטרעטן די שוועל פון מקום-קדוש, קען חרוב ווערן אַלצדינג — שמואל ווערט חייב מיתה, און נאָר דער זכות פון זיין פרומער מוטער שטייט אים ביי.

ג) דאָס שמואל-בוך איז פול מיט אַנאַכראָניזמען, ווייל דער דיכטער איז פשוט אין זיין באַנעמען און לעבט מיטן געדאַנק, אַז ביי יידן איז תורה אַלעמאָל געווען די בעסטע סחורה, אפילו אין יענע צייטן ווען מען האָט געפירט כסדר מלחמות, פול מיט פאַלשקייטן און גרויזאַמקייט. דעריבער הייסט ביי אים עלי „דער רבי", און שמואל איז „דער יונגער רבי". ווען שמואל וואַקסט אונטער, ווערט ער „פול מיט תורה". די זקנים, וואָס טרייסטן דודן

---

מען, ערשטנס האָט דער נעמלעכער אַרויסגעבער געהאַט אָפּגעדרוקט מיט אַ יאָר פריער אַ צווייטע ביבלישע פּאָעמע, דאָס מלכים-בוך, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער זעלבער אבישג-געשיכטע; האָט ער געקענט פאַרשפּאָרן דאָס איבערצוחזרן און בעסער אַריינגעשטעלט אַ רעקלאַמע פאַר יענעם בוך. צווייטנס אָבער דאַרף מען זיך דערמאָנען, אַז אַזאַ מין אויסלאָז: דער אַלטער קיניג איז געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזן דאָס קיניגרייך צו זיין זון, — איז געווען זייער באַליבט אין די וועלטלעכע פאָלקסדיכטונגען (אַרטוס-הויף, בבא-בוך), און עס קען זיין, אַז דווקא דאָס בבא-בוך, וואָס איז יעמאָלט מן-הסתם שוין געווען אָפּגעדרוקט, האָט גורם געווען, אַז דער אַרויסגעבער פון אויגסבורג זאָל מאַכן די ענדערונג.

[1] דאָס מיינט: אַ בעל-צדקה. אַזעלכע רמזים, אַז געבן איז אַ מצווה, זיינען טיפּיש פאַר די שפּילמענער.

ביים טויט פון זיין קינד („זקני ביתו“, שמואל ב, יב) זיינען דאָ „תלמידי־חכמים“. דער פסוק: „און די פלשתים זיינען אונטערטעניקט געוואָרן און זיינען מער ניט געקומען אין גבול פון ישראל“ (שמואל א, ז, יג) ווערט דאָ אויסגעטייטשט, מסתמא אונטער דער ווירקונג פון די מיטלעלטערישע גירושים אויף יידן, אַזוי: די פלשתים „האָבן מער ניט געטאָרט קומען אין לאַנד פון די יידן“ (סטראָפּע 125). ווען שמואל הנביא גיט שאולן און זיין קנעכט עסן, איז ער זיי מכבד מיט דעם עכט־יידישן געריכט: הינער און פיש. נחש מלך עמון וויל פאַרברענען אַלע ספרי־תורות אין יבש־גלעד, ווייל די תורה רעדט שלעכטס אויף עמון און מואב. גלית קומט אַלע טאָג צוויי מאָל זיך רייצן מיט די יידן (שמואל א׳ יז, כה): „דעם מאָרגנס און דעם אָוונטס ווען מען קריאת־שמע אָרן[1] זאָל“. דעם זאַץ וועגן פאַרברענען די בר־מינגס (אויסלאָז פון שמואל א׳) וואַרפט אונדזער מחבר אַרויס: ביי אים ווערן די טויטע באַגראָבן.

ד) עס קרענקט אונדזער דיכטער, וואָס דוד המלך, דער גרויסער צדיק, וואָס האָט מחבר געווען דעם תהילים, זאָל אַרויסטרעטן פּלוצים ווי אַן אַכזר און אַ פאַרפירער. ער נעמט דעריבער צונויף פון דער תורה שבעל־פה אַלץ וואָס עס לאָזט זיך, כּדי מלמד־זכות צו זיין אויף דודן. לאָמיר זיך אָפּשטעלן אויף דעם בולטסטן פאַל פון דודס זינד, אויף זיין גלוסטונג צו בת־שבען.

אין תנ״ך זייגען דעם געגעזיס פון דער זעך אָפּגעגעבן עטלעכע שורות: דוד איז אַרויס אויפן דאַך פון זיין פּאַלאַץ און דערזען אַ שיינע פרוי; האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף איר אַאַז״וו; דער גאַנצער עפּיזאָד, ביז וואַנען דוד הייסט ברענגען אוריהן, פאַרנעמט פיר פסוקים. אין אונדזער פּאָעמע איז אויסגענוצט די דערציילונג פון סנהדרין קז, ע״א, און פון *עטלעכע צענד־לינג* סטראָפעס ווערן מיר געוואויר אָט וואָס:

ווען יואָב איז געלעגן פאַר דער שטאָט רבה, האָט דוד גענומען אין זינען צו דינען גאָט מיטן גאַנצן האַרצן. עס איז ניט געווען קיין צווייטער מענטש, וואָס זאָל אַזוי ליבן גאָט; עס האָט געקלונגען ביז די וואָלקנס זיין ליבגעזאַנג. האָט דוד געזאָגט: מסתמא האָט אַברהם אויך ניט מער געליבט גאָט איידער איך. האָט זיך אָפּגערופן דער אייבערשטער: דו זאָלסט זיך צו אברהמען ניט גלייכן; אים האָב איך געפּרוווט צען מאָל, און ער איז בייגע־שטאַנען אַלע נסיונות. דערויף האָט דוד געענטפערט, אַז ער נעמט זיך דאָס אויך אונטער:

1226 „לייטער מיין גדאַנקען,
און גלייך מיך צו אברהם
„לאָז פון דיינען ביטן,
אַברהם מייגען ליבן

ווען[2] דו ווייסט וואָל מיין הערץ,
אין ערנסט און אין שערץ“.
שפּראַך אונדזער טרעכטיין[3]:
דעם קאָנסטו ניט גלייך זיין“.

[1] „אָרן“ — דאַווגען. דאָ: לייענען קריאת־שמע.
[2] ווייל, וואָרים. [3] האַר גאָט.

אָבער ווען דוד האָט ניט אָפּגעלאָזן, האָט גאָט געזאָגט, אַז ער וועט אים פּרווון מיט אַ שיינער פרוי. דוד האָט זיך פאַרשלאָסן אין זיין קאַמער און אָנגעזאָגט די באַדינער, זיי זאָלן קיינעם צו אים ניט דערלאָזן; דערנאָך האָט ער זיך נאָכאַמאָל פאַרוואָטן מיט גאָט, אַז ער וועט ביישטיין דעם נסיון:

1229 „גאָט, ווילסטו מיט מיר וועטן אָב עס געזיין[1] געמאָג[2];
דיין געבאָט וויל איך ניט ברעכן הייט[3] אָן דיזן טאָג".[3]

פון פאַרגעניגן וועגן איז דער קיניג צוגעגאַנגען צו זיין פענצטער; איז פאַרבייגעפלויגן דער טייוול אין געשטאַלט פון אַ ראָב און גענומען פליען אַהין און אַהער פאַרשטעלנדיק דעם בליק. דוד האָט פון כעס אויסגעשאָסן אין דעם פויגל. דער ראָב איז אַראָפּגעפאַלן אויף אַ דאַך, און דוד איז אַרויסגעשטיגן דורכן פענצטער, כּדי אויפצוהייבן דעם רויב. דערביי איז זיין בליק געפאַלן אויף אַ הויף, וואו ער האָט דערזען אַ שיינע פרוי.

1234 דאָ שפראַך דער קיניג דוד: „די וואָרהייט מוז איך יעהען[4]!
איך האָן[5] ביי מיינען צייטן קיין שענער מענטש געזעען".
זי זאס אין דעם באָד, צו טבילה וואָלט זי גאָן[6]...

דוד האָט זי געלאָזט רופן און געפרעגט, צי זי האָט אַ מאַן. יאָ, זי האָט אַ מאַן, איינעם פון די „געטרייסטע רעקן[7]", נאָר ער שטייט איצט פאַר רבה מיט יואָבס חיל. אויפן פאַל טאָמער וועט ער פאַלן אין שלאַכט האָט ער איר געגעבן אַ תּנאַי־גט:

1240 ער האָט מיר גט געבן, דאָך אין זאָלכער מאָס
אָב ער ווערט דערשלאָגן אין דעם שטורעם גראָס,
דאָס איך פון זיינען ברידערן גאַנץ לעדיג זאָל זיין,
זאָ באַדאַרף איך ניט חליצה, איידל הער מיין.

האָט דוד געפרעגט ווייטער: און פון וועמענס וועגן ביסטו געגאַנגען צו טבילה? האָט זי זיך פאַרשעמט און געענטפערט: טאָמער קומט מיין אוריה פלוצלינג פון שלאַכטפעלד. האָט דוד זיך אָפּגערופן: אויב אַ גט האָסטו און געקומען ביסטו אַהער אַ ריינע, נעם איך דיך פאַר אַ ווייב.

ווען זי איז אַוועק פון אים, האָט גאָט געזאָגט צו דודן: נו דוד, ביסט ביישטאַנען אַזוי ווי אַברהם? נאָר דוד האָט געפונען אַ פיינעם תּירוץ: גאָט! דו האָסט דאָך געזאָגט בפירוש, אַז איך וועל ניט ביישטיין, טאָ ווי אַזוי האָב איך געקענט עובר זיין אויף דיינע רייד?

---

[1] זיין. [2] קען. [3] היינט. [4] זאָגן. [5] האָב. [6] גיין.

[7] העלדן; — אַ טיפּישער אויסדרוק פון דער דייטשער העלדישער פּאָעזיע.

1246 ווער[1] איך נון באַשטאַנדן, די לייט די שפּרעכן[2] רעכט:
דער הער האָט פאַרלאָרן, געוואונען האָט דער קנעכט.
איי[3] זאָלט מיך קיין מענטש אין דער וועלט לעבעדיק זען,
איי דאָס[4] דיין הייליק וואָרט ניט זאָלט געשען.

1247 העטסטו, הער, געשפּראָכן: דוד, דו זאָלסט באַשטיין,
איך העט עס ניט געבראָכן, אַלופי, אָמן.
דאָך וויל איך ניט מיין[5] שפּרעכן, ליבער הער גאָט מיין,
„פאַרזוך מיך און פאַרזוך מיך!" איך וויל עס טרייבן איין[6].

און עס קומט אויס, אַז דוד בלייבט גערעכט מיט דעם תּירוץ: ווידער־שפּעניקן קעגן גאָטס וואָרט האָט דאָך דער קיניג טאַקע ניט געטאָרט. די שטראָף, ווייזט אויס דעריבער, ווערט אַראָפּגעשיקט אויף דודן ניט פאַר דער זינד מיט בת־שבען, נאָר פאַר דער פאַלשקייט קעגן אוריהן.

ה) זייער כאַראַקטעריסטיש איז די פאַרברייטערונג פון חנהס נבואה: עס ווערן דאָ אויסגערעכנט מיטן פולן מויל פאַרשיידענע אומגליקן און גליקן, וואָס זיינען פאַר חנהן (און פאַר די בעלי־תּנ"ך גופא אויך) געווען אַ זאַך פון דער צוקונפט, נאָר פאַרן זינגער פון שמואל־בוך זיינען זיי געווען אַ פאַרגאַנגענ־הייט: סנחריב, נבוכדנאצר, המן, אַנטיוכוס. די טעמע איז געווען פאַר יידן אין מיטלעלטער געוואַג אַקטועל. דער שווערער גלות האָט געמאָנט טרייסט, האָט ער אַרויסגערופן חשק צו דערמאָנען: דער רבונו של עולם האָט אויס־געלייזט יידן פון אַמאָליקע אָנשיקענישן, וועט ער געוויס איצט אויך טון זיין חסד מיטן פאָלק ישראל. נאָך דעם דאָזיקן קאָנקרעטן פירוש האָבן שוין גאָר אַן אַנדער טעם די אַלגעמיינע זאַצן פון תּנ"ך, אַז גאָט מאַכט נידערן די הוי־כע און דערהייבט די נידעריקע; די ווערטער זיינען איצט אַן אָנצוהערעניש אויף דער קומענדיקער גאולה.

ו) דאָס שמואל־בוך איז פאַרפאַסט געוואָרן אין אַ צייט, ווען יידן זיי־נען שוין ווייט געווען פון פירן מלחמות. דעריבער איז זייער אינטערעסאַנט צו זען, וואָס האָט דער דיכטער געטאָן מיט דער גרויסער צאָל שלאַכטן, באַ־לעגערונגען און ראַבירונגען, וואָס ער האָט געפונען אין זיין ביבלישן „אָפּיר". אָבער דאָס וועט בעסער זיין צו באַטראַכטן נאָכדעם ווי מיר וועלן אַנאַליזירן די איי ר אָ פּ ע י ש ע השפּעות אויף אונדזער פּאָעמע, ווייל אויך אַזוינע זיינען געווען, און די אייראָפּעישע מוסטערן האָבן גראָד דערציילט פון קאַמף און בלוט און גבורה. דער דאָזיקער ניט־יידישער איינפלוס איז געקומען פון די דייטשע העלדן־לידער, און דעריקרשט פון דעם גרעסטן דייטשן עפּאָס: פון ניבעלונגען־ליד.

[1] וואָלט איך געווען. [2] וואָלטן געזאָגט. [3] בעסער. [4] איידער. [5] מער.
[6] איך וועל דאָס שוין מער ניט טון

## 6

אויף דער פאַרבינדונג צווישן ניבעלונגען-ליד און שמואל-בוך האָט אָנגעוויזן נאָך מיט 90 יאָר צוריק דער אויבנדערמאָנטער, פּראָפעסאָר פראַנץ דעליטש. שפּעטער איז דער פאַרגלייך געפּעלן געוואָרן דעם דייטשן פּראָפעסאָר רודאָלף הילדעבראַנד, וואָס האָט אין 1868 געלייענט אַ ספּעציעלן רעפעראַט וועגן דער אַלט-ייִדישער ליטעראַטור אויף אַ דייטשן וויסנשאַפטלעכן צוזאַמענפאָר. די אַנאַלאָגיע בעט זיך טאַקע, און עס איז ממש אַ וואונדער, וואָס איז פאַרלויף פון די לעצטע זעכציק יאָר האָט זיך ניט געפונען קיינער, וואָס זאָל אַריינדרינגען טיפער אין דער פּראָבלעם און אויסגעפינען ווי ווייט עס גייט די ענלעכקייט צווישן דער דייטשער און ייִדישער פּאָעמע. אין דער איצטיקער אַרבעט וועלן מיר פאַרשטייט זיך ניט באַשיידן די אויפגאַבע; מיר וועלן זיך דאָ באַנוגענען מיט אַוועקשטעלן זי.

דער בולטסטער סימן, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן ביים שמואל-בוך, איז זיין אומגעווייטלעכע סטראָפישע פאָרם. די סטראָפע באַשטייט, ווי מען קען דאָס לייכט זען לויט די ביישפּילן, פון פיר לאַנגע פערזן, וואָס גראַמען זיך לויט דער סכעמע אאבב, דאָס הייסט דער ערשטער מיטן צווייטן און דער דריטער מיטן פערטן. יעדער פערז ווידער באַשטייט פון צוויי האַלב-פערזן; דאָס שפּירט זיך תּיכּף ביים לייענען, און דאָס האָבן מיר אויך באַצייכנט אין דרוק. יעדער האַלב-פערז האָט דריי באַטאָנטע טראַפן; דער גאַנצער פערז האָט הייסט עס זעקס אַקצענטן. ביי אונדזערע הייַנטיקע דיכטער געפינען מיר ניט אַזוינע סטראָפעס. אין אונדזער עלטערער ליטעראַטור, ביזן סוף 17טן י״ה, געפינען מיר זיי יאָ. איז אָט די סטראָפע האָט די נאָענטסטע שייכות צו דער סטראָפע פון ניבעלונגען-ליד, פון יענער דייטשער העלדן-פּאָעמע, וואָס איז אויפגעקומען אויפן שוועל פון 12טן און 13טן י״ה און באַזינגט די ליבשאַפט פון זיגפרידן און קרימהילדן, דעם מאָרד אויף זיגפרידן און קרימהילדס נקמה.

אין פּלוג קען מען זאָגן, אַז דאָס געביי פון די סטראָפעס איז אינגאַנצן אידענטיש. אויך דאָס ניבעלונגען-ליד באַשטייט פון פיר-פערזיקע סטראָפעס, וואָס גראַמען זיך לויט דער סכעמע אאבב און וואו יעדער פערז באַשטייט פון צוויי האַלב-פערזן. אָבער פאַראַן איין אונטערשייד: אין ניבעלונגען-ליד האָבן די ערשטע זיבן האַלב-פערזן צו דריי אַקצענטן[1] און דער אַכטער פיר אַקצענטן; אין שמואל-בוך האָבן אַלע אַכט האַלב-פערזן גלייכמעסיק צו דריי אַק-

---

[1] עס איז נאָך פאַראַן ביי די פאָרשער אַ פראַגע וועגן אַ ביי-אַקצענט, נאָר איך לאָז די דאָ אין אַ זייט, פון פּשטות וועגן.

צענטן. פון פאַרגלייך וועגן ברענג איך די ערשטע צוויי סטראָפעס פון ניבע־לונגען־ליד לויט לאַכמאַנס אויסגאַבע:

Uns ist in alten maeren wunders vil geseit
von helden lobebaeren, von grôzer kuonheit,
von fröuden hôchgezîten, von weinen und von klagen,
von küener recken strîten muget ir nu wunder hoeren sagen.

Ez wuobs in Burgonden ein schoene magedîn,
daz in allen landen niht schoeners mohte sîn.
Kriemhilt was si geheizen und was ein schoene wîp.
dar umbe muosen degene vil verliesen den lîp.

אין דעם אַכטן האַלבפערז האָבן מיר כסדר פיר פולע אַקצענטירטע טראַפן; אין דעם ערשטן: ir, wun, hö, sa; אין דעם צווייטן: vil, lie, sen, lîp.

אָט דאָס איז דער חילוק צווישן ניבעלונגען־סטראָפע און שמואל־בוך־סטראָפע, וואָס גייט אַדורך כמעט אָן אויסנאַם דורך אַלע העכער 2000 סטראָ־פעס פון ניבעלונגען־ליד און אַלע 1763 סטראָפעס פון אונדזער יידישער פּאָעמע.

אין דער דייטשער פּאָעזיע אויפן שוועל פון מיטלעלטער און דער נייער צייט איז פאַראַן אויך פונקט דער מין סטראָפע ווי אין שמואל־בוך, וואו דער אַכטער האַלבפערז איז געגליכן צו אַלע פריערדיקע. ביי די דייטשן רופט זיך אָט די סטראָפע „הילדעבראַנט־סטראָפע" לויט דעם הילדעבראַנט־ליד, וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט[1]; עס איז גרינג זיך איבערצוצייגן, אַז דאָס הילדעבראַנט־ליד איז געשריבן מיט דעם משקל, ווען מיר וועלן נעמען בלויז זיין ערשטע

---

1 שטערק.לייצמאַן ז' 241 רופן דאָס אָן „ראָזענגאַרטען־סטראָפע" לויט דער דייטשער פּאָעמע Der Rosengarten, און נאָך זיי גייט נאָך מ. עריק, וועלכער שרייבט אפילו („וועגן אַלט־יידישן ראָמאַן וכו' ז' 16): „אויך דאָס ניבעלונגען־ליד... איז געווען גוט באַ־קאַנט אויף דער יידישער גאַס, אַזוי ווייט, אַז מען האָט געקליידט תנ"ך־פּאָעמען אין זיין מעטרישן לבוש, אין דער אַזוי גערופענער רויזנגאַרטן־סטראָפע". דאָ קומט אויס, אַז דאָס ניבעלונגען־ליד איז געשריבן מיט דער רויזנגאַרטן־סטראָפע!

איך זע ניט קיין גרונד אַריינצופירן אַזאַ טערמין אָנשטאָט דעם אָנגענומענעם נאָמען „הילדעבראַנט־סטראָפע", און איך מעג זיך דערביי פאַררופן אויף אַזאַ בר־סמכא אין דייטשער פילאָלאָגיע, ווי מיין אַמאָליקער לערער פון בערלינער אוניווערסיטעט פּראָפעסאָר גוסטאַוו רעטע (Roethe). אָנהייב מאַי 1926, מיט אַ פּאָר חדשים פאַר זיין טויט, האָב איך געהאַט אַ גע־לעגנהייט צום לעצטן מאָל צו זען זיך מיט אים און נהנה צו זיין פון זיין רייכן וויסן און פון זיין ברייגדלעכער הילף.

סטראָפע (איך ברענג דאָס לויט אייזיק וואַליכס פאַרשרייבונג, אָבער מיט אַ מאָדערניזירטן אויסלייג):

„איך וויל צו לאַנד אויסרייטן, שפּראַך זיך מייסטער הילדעבראַנט,
דער מיר די וועג וויל ווייזן צו בערן אין דאָס לאַנד.
[זיין] זענען מיר אונבאַקאַנט געוועזן זאָ מענכן ליבן טאָג;
אין צוויי און דרייסיק יאָרן פרוי גוטע איך ני געזאַך".

מיר זעען אַלזאָ, אַז דעליטש און די שפּעטערדיקע זיינען געווען ניט אינגאַנצן פּינקטלעך, ווען זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס שמואל-בוך איז געשריבן אין דער ניבעלונגען-סטראָפע; אויב מיר ווילן שוין יאָ אַ נאָמען פון די דייטשן, דאַרפן מיר זאָגן, אַז דאָס שמואל-בוך איז געשריבן אין דער ה י ל-ד ע ב ר אַ נ ט-ס ט ר אָ פ ע.

אָבער אונדז גייט דאָ ניט אין דער טערמינאָלאָגיע, נאָר אין תּוך. און די זאַך איז, אַז ביידע דערמאָנטע דייטשע סטראָפעס זיינען מערניט ווי וואַריאַציעס פון איין מין, וועלכער איז טיפּיש פאַר דער גאַנצער דייטשער העלדישער פּאָעזיע פון מיטלעלטער. די ניבעלונגען-סטראָפע איז אַ פריערדיקע, די הילדעבראַנט-סטראָפע איז אַ יינגערע, אַרויסגעוואַקסן פון דער ערשטער אויפן וועג פון פאַראיינפאַכונג; אָבער איין פאַקט איז קלאָר ווי דער טאָג: אַז דאָס ש מ ו א ל-ב ו ך און אויך די אַנדערע ביבלישע פּאָעמעס, וואָס זיינען ביי אונדז געשאַפן געוואָרן „ב נ י ג ו ן ש מ ו א ל-ב ו ך", האָבן גענומען זייער פ אָ ר ם פ ו ן ד י ד י י ט ש ע ה ע ל ד י ש ע ל י ד ע ר פ ו ן מ י ט ל-ע ל ט ע ר.

אויב יידן האָבן געקענט דעם דייטשן פּאָעטישן נוסח אַזוי גוט, אַז זיי האָבן אים אויסגענוצט אפילו אויף אייגענע דיכטונגען, איז דערפון פריער פאַר אַלץ געדרונגען איין זאַך וועלכע מען דאַרף פאַרגעדענקען פעסט: אַז די רייד וועגן אַ יידישער „גייסטיקער געטאָ" אין מיטלעלטער זיינען אַ פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע. אַ פאַרזיכדיק יידיש לעבן איז געווען, פּונקט ווי עס איז דאָ היינט; נאָר אויב אייגנאַרטיקייט הייסט געטאָ, דאַן לעבן אַלע פעלקער אין אַ געטאָ, און די איינציקע סגולה קעגן געטאָס איז דער נאַיווער קאָסמאָפּאָליטישער טרוים...

די דייטשע העלדן-לידער ווערן אָבער כאַראַקטעריזירט ניט בלויז דורך דעם געביי פון זייער פערז און סטראָפע. עס איז אין זיי פאַרקערפּערט אַ וועלט אַ גאַנצע סיי אין שפּראַך און סטיל, סיי אין פאַקטישן אינהאַלט און אין עטישן מהות. איז פרעגט זיך: וואָס האָט אונדזער יידישער דיכטער — אויסער ד ע ר פ אָ ר ם — איבערגענומען פון דעם אַלעם?

גרינגער וועט אפשר זיין צו ענטפערן אויף דעם נעגאַטיוו, מיט אַן אָנווייז אויף יענע וויכטיקסטע עלעמענטן פון דעם דייטשן העלדן-געזאַנג, וועלכע זיינען אין אונדזער שמואל-בוך נ י ט אָ.

עס פעלט יענע עטישע שיטה, וועלכע געוועלטיקט אין דעם רוב דייטשע לידער, אין דער ערשטער ריי אין „ניבעלונגען־ליד", און וועלכע לאָזט זיך בקיצור פאָרמולירן אַזוי: דאָס העכסטע געזעץ ביי אַ מענטשן איז געטריי־שאַפט, אַפילו ווען עס זאָל אויסקומען צוליב דעם אָפּצוטון עוולות און פאַר־ברעכנס. האַגען פון ניבעלונגען־ליד האָט געשוואוירן געטריישאַפט דעם קיניג גונטערן און זיין ווייב ברינהילדן, דעריבער דערהרגעט ער מיט אַ גרינג האַרץ און מיטן באַוואוסטזיין פון ערפילן אַ חוב דעם העלד זיגפרידן, קרימהילד, זיגפרידס ווייב, האָט געשוואוירן צו נעמען נקמה פאַר זיגפרידס טויט, ברענגט זי דעריבער אום פון דער וועלט ניט נאָר האַגענען דעם מערדער, נאָר אויך אירע דריי ברידער; גונטערן האַקט זי אָפּ דעם קאָפּ מיט אירע אייגענע הענט.

פון אַזאַ מין „דייטשער געטריישאַפט" (מיט וועלכער די דייטשע נאַציאָ־נאַליסטן באַרימען זיך נאָך ביז היינט) איז אונדזער דיכטער מי יודע ווי ווייט, און אויך זיין פובליקום וואָלט זיך אָפּגעקערט מיט אַ שוידער פון אַזאַ אַכזריותדיקן שטאָף. עס קען זיין, אַז גראָד דער אומברחמנותדיקער נקמה־דאָרשט, וואָס שלאָגט פון די ניבעלונגען, האָט געבראַכט דערצו, אַז יידן האָבן אויף דער פאָעמע געוואָרפן אַן אומחן (מיר געפינען אין אונדזער ליטע־ראַטור אַ סך אָנצוהערענישן, אַז ביי יידן זיינען געווען פאָפּולער די לידער פון דיטריך און פון הילדעבראַנט, נאָר עס ווערט, אויף וויפל איך ווייס, אַפילו קיין איין מאָל ניט דערמאָנט, אַז מען זאָל אין דער יידישער סביבה האָבן געזונגען די ניבעלונגען) און געשאַפן פאַר זיך אַן אייגענע פאָעמע, דאָס שמואל־בוך, אויך אַזוי לאַנג און אין דעם נעמלעכן נוסח ווי דאָס ניבע־לונגען־ליד, נאָר אָן דער בלוטפאַרגיסערישער געטריישאַפט פון דעם דייטשן העלדן־געזאַנג.

ניטאָ אויך אין אונדזער פאָעמע יענע ספּעציפישע ריטערישקייט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם ניבעלונגען־ליד. געיעג און קאַמף־שפּילן זיינען ניט געווען ביי יידן אַזוי פרעמד, ווי מען רעכנט דאָס רוב. אָבער ערשטנס זיינען די פאַרמעסטונגעןביים וואַרפן דעם שטיין און ביים שליידערן דעם שפּיז פאָרט ניט געווען ביי אונדז יידן אַזאַ טאָגטעגלעכע זאַך, ווי אין דער דייטשער הויפישער געזעלשאַפט אין 12טן י"ה. צווייטנס האָט זיך ביי יידן ניט אויסגעבילדעט אַזאַ גאַנצע שיכט פון ריטער ווי ביי די דייטשן, האָט ממילא דער שטייגער לעבן פון דער ריטערשאַפט געמוזט בלייבן אַזוי פרעמד דעם יידן פון אַ גאַנץ יאָר, ווי ער איז געבליבן פרעמד דעם ניט־יידישן פויער. ריכטיקער וועט זיין צו זאָגן: ער איז געוואָרן ניט געניט היי־מיש. מען האָט ביי אונדזערע אָבות געוואוסט וועגן דער ריטערישער וועלט, קליינע גרופּעס יידן האָבן געקאָנט פון איר שטייגער לעבן, אַלע זיינען געגרן געווען צו הערן וועגן איר דערציילן (אַזוי ווי יידן זיינען נאָך היינט בעלנים

צו הערן מעשיות וועגן דעם לעבן פון אַ קייזערלעכן הויף אָדער פון אַ מיליאַרדערישער משפחה); אָבער קיין אייגנס איז דאָס פּאָרט ניט געווען.

ביי אַזאַ מין גייסטיקן צושטאַנד פון דער יידישער סביבה איז דער אינהאַלט פון ספר שמואל געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר אַ יידישער העלדישער פּאָעמע. ס'איז אַ שטאָף, וואָס אין צענטער פון אים שטייט איינע פון די גרעסטע פיגורן פון דער יידישער געשיכטע, דוד המלך. זינגען וועגן אַן אייגענעם קיניג, בשעת דאָס פאָלק איז אַזוי שרעקלעך דערנידעריקט — וואָס האָט געקאָנט זיין נאָך מער צום האַרצן? דוד האָט אַרום זיך זיינע הויפלייט, וועלכע דער מיטלעלטערישער ייד האָט אויפגענומען בערך אַזוי ווי די וואַסאַלן פון זיין אייגענער צייט. די מלחמות, וואָס ווערן דאָ געפירט, דערמאָנען אין די מלחמות צווישן די בורגונדער און די הונער אין ניבעלונגען-ליד; דעריבער ניצט טאַקע דער דיכטער פון שמואל-בוך מיט חשק די עפּיטעטן פון ניבעלונגען-ליד פאַר זיינע ביבלישע העלדן. די האַרן וואָס רינגלען אַרום דודן הייסן „הערצאָגן", „קינע רעקן", „שטאָלצער ווייגאַנט"; זיי קעמפן „מיט עלענטהאַפטער האַנט" (עלענטהאַפט הייסט אין דער שפּראַך פון מיטלעלטער: העלדיש, מעכטיק), און ווען עס פאַלן טויטע, ווערט דאָס אויסגעדריקט אַזוי ווי אין די דייטשע העלדישע געזאַנגען: „מען זאך [האָט געזען] די טאָטן פאַלן, פיל מענכן ווערדן מאן". יואָב, דער געטרייער דינער דודס, וואָס גייט צוליב זיין קיניג אויף פאַרברעכנס, דערמאָנט אַ ביסל אָן האַגענען פון ניבעלונגען-ליד, מערניט וואָס אַנטקעגן יענעמס פאַרביסענער אַכזריות זעט ער אויס ווי אַ יידישער גזלן.

מיר טרעפן אַפילו פאַלן, וואו די קריגערישע עפּיזאָדן פון תנ"ך ווערן אויסגעברייטערט, — אמת, לויט מדרש-דערציילונגען, אָבער אין דעם וואָס אונדזער דיכטער האָט זיי אַריינגענומען דריקט זיך פּאָרט אויס אַ געוויסע אַקטיווקייט פון דער פאַנטאַזיע, וואָס מיר מעגן זי דערקלערן מיט דער ווירקונג פון דער יעמאָלטיקער דייטשער פּאָעזיע.

אָט איז אַ שטייגער די געשיכטע וועגן דעם, ווי אַזוי יואָב האָט איינגענומען רבה, די שטאָט פון די בני-עמון, אַ געשיכטע, וואָס דערמאָנט שטאַרק אָדיסעוסעס שפּיצל מיטן הילצערנעם פערד ביים איינעמען טראָיע.

אין שמואל ב', קאַפּ' יב, כו און ווייטערדיקע, געפינען מיר בלויז אַ טרוקענע מיטטיילונג: יואָב האָט באַלעגערט רבה און האָט שוין געהאַלטן ביי איינעמען זי; האָט ער געשיקט צו דודן, ער זאָל קומען מיט אַ גרעסערן חיל און זאָל באַצווינגען די שטאָט, כדי דער קיניג אַליין זאָל האָבן דעם שם; דוד האָט אַזוי געטאָן און האָט איינגענומען די וואַסערשטאָט. דאָס איז גאָר. דאָס שמואל-בוך גיט אונדז דעם פאַקט אין גאַנצע 30 סטראָפעס (1301—1330), מיט אַ ברייטן באַפּוץ פון אַן אַוואַנטורע. דער אינהאַלט איז דאָ אַזאַ.

יידן זיינען געקומען צו יואָבן מיט אַ געקלאָג: די שטאָט איז צו פעסט, מען קען זי ניט נעמען, און דערווייל ליגן פעלדער און וויינגערטענער ניט

באַארבעטע; לאָמיר בעסער אַוועק אַהיים. האָט יואָב געענטפערט: ניין, דאָס וואָלט געווען אַן אייביקע שאַנד פאַר דוד דעם העלד; איידער איך טו אים אָן אַזאַ בזיון, זאָל מען מיך בעסער דערשיסן אָדער איך וועל שטאַרבן אויף דער מויער. די שטאָט איז טאַקע פעסט, און אויסהונגערן קענען מיר זי אויך ניט, אָבער הערט וואָס איך וועל אייך זאָגן: בינדט מיך צו צו אַ שליידער מיט מיין גאַנצער באַוואָפענונג און שליידערט מיך אַריין אין דער שטאָט. דערנאָך וואַרט דאָ פאַר די מויערן פיר וואָכן: איך וועל מאַכן דאָס בלוט רינען דורכן טויער. „זעכט איר דאָס צו דעם טאָרן [=טויערן] קיין בלוט אויס היין גאָט [גייט], פאַרוואָר דאָ זאָלט איר וויסן, דאָס איך בין נעבעך טאָט".

אַזוי איז געשען. „דער הערצאָג וואַרד געוואָרפן אַל אין די שטאָט היניין. ער פיל אין איינער וויטווען הויז, פיל מעניג מען דאָ זאַך; ער פיל זאָ גאָר געשווינד, דאָס אים זיין שווערד צעבראַך. דאָ פראָגטען אין די לייט:

— וואָס מאַנס [וואָס פאַר אַ מענטש] מאָגסטו זיין?

— די יידן האָן מיך באַגריפן און וואַרפן מיך העריין.

— און ביסטו פון דען יידן, די אונדז מאַכן מיד?

— וואָס האָט איר מיך צו פראָגן, נון בין איך דאָך כן יידן!"[1]

יענע האָבן אָנגענומען זיינע רייד פאַר ליב, און די אַלמנה וואוהין ער האָט געטראָפן איז געגאַנגען אַרום אים, ביז וואַנען ער איז געזונט געוואָרן. איינמאָל האָט ער דערשפירט, אַז ער האָט שוין כוח. האָט ער אויסגעטאָן זיין קריגסגעהאַנג, און ווייל זיין אַלמנה האָט קיין אַנדערע מלבושים ניט געהאַט, האָט ער אויסגעליען ביי איר ווייבערשע קליידער. ער איז געגאַנגען אַהין און אַהער אין דער גרויסער שטאָט, ביז וואַנען ער האָט געפונען אַ שווערדמאַכער. ער האָט געהייסן דעם שמיד באַלד מאַכן אים אַ שווערד און צוגעזאָגט אים צו באַצאָלן מער ווי ס'ווערט; אָבער זיבן מאָל נאָכאַנאַנד האָט דער מייסטער אַלץ געשמידט שווערדן, און יואָב האָט זיי צעבראָכן. ביים אַכטן מאָל האָט אים דער שמיד צוגעטראָפן. האָט יואָב אים געפרעגט: וועמען וואָלסטו אַם ליבסטן געזען דערהרגעט מיט דער שווערד? דער שווערדמאַכער האָט געענטפערט: קיינעם ניט אַזוי ווי יואָבן. האָט יואָב אים צעהאַקט אויף שטיקער באַלד אויפן אָרט.

די ישראל האָבן דערווייל געוואַרט דרויסן פאַרן טויער. עס איז שוין געווען אַוועקגעגאַנגען אַ חודש, און זיי האָבן קיין בלוט ניט געזען; האָבן זיי געמיינט, אַז יואָב איז אומגעקומען. נאָר ער האָט איצט אָנגעהויבן דאָס געשלעג. ער איז אַוועק צוריק אין דער אַלמנהס הויז, אָנגעטאָן זיינע קריגס־

[1] אַט אַזוי, אויף לשון־קודש, שרייבן ביידע מאַנוסקריפּטן און אויך אויגסבורג 1544 דאָס וואָרט „קיין". יואָב, דער פרומער ייד, וועט דאָך ניט זאָגן גלאַט אַ ליגן; אָבער ווען ער זאָגט „קיין", אַז יענער זאָל מיינען אויף ניט, און אַליין מיינט ער גאָר „כן", דאָס העברעישע „יאָ" („אחת ב ה ואחת ג לב"), דעמאָלט איז שוין פּער.

קליידער און אַרויס אין די גאַסן, טייטנדיק יעדערן וועמען ער האָט אָנגעטראָפן, ביז וואַנען די ישראל האָבן דערזען דאָס בלוט רינען דורכן טויער. יואָבן האָט זיך די שווערד צוגעקלעפּט צו די הענט פון בלוט. איז ער אַריינגעלאָפן צוריק אין דער אַלמנהס הויז און געפונען איר טאָכטער. ער האָט איר געהייסן אָנוואַרימען אים וואַסער זיך צו וואַשן. נאָר זי האָט אַ געשריי געטאָן: צום טייוול גיי, דו האָסט דאָך אַלע מיינע אייגענע דערהרגעט! יואָב האָט זיין שווערד צוזאַמען מיט דער האַנט באַלד אַריינגעשטאָכן צו איר אין בויך, און אַזוי ווי זי האָט געטראָגן אַ קינד, „דאָ ווערמט ער די האַנט ביז זי [די פרוין] ליידיג וואָרד". ער האָט זיך ווידער אַ וואָרף געגעבן אויף די איינוואוינער, די ישראל האָבן דערווייל געשטורעמט די מויערן, און די שטאָט איז געפאַלן.

*

אָבער באַגלייך מיט אַזאַ מין פרייד און קריגערישער גבורה און איינפעליקייט געפינען מיר אין שמואל-בוך אַנדערע צוגאָבן לגבי דעם תנ"ך, וואָס פון היסטאָרישן שטאַנדפונקט קענען מיר זיי אַנדערש ניט באַצייכענען ווי ווילדפלייש אויפן לייב פון ביבלישן סוזשעט. מען מוז כסדר געדענקען, אַז אין אונדזער דיכטערס נשמה איז געווען אַ ווידעראַנאַנד, ווען ער באַהאַנדלט מלחמות און צוזאַמענשטויסן: פון דעם ביבלישן מקור און פון דעם דייטשן מוסטער האָט געשטראָמט ליבע צו בלוט און וואָפן; און פון די פאַרהעלטענישן, אין וועלכע עס האָט געלעבט די יידישע עדה אין מיטלעלטער, איז אַרויסגעוואַקסן פאַרקערט אַן אומקריגערישקייט. איז אַרויסגעקומען דערפון אַן אויסטערלישע, ערטערווייז אַ לעכערלעכע פאַרמישונג.

נעמען מיר אַ שטייגער דעם דוד-גלית-עפּיזאָד. די סצענע איז אַן אוצר פאַר אַ מענטשן מיט ריטערשע השגות: דוד נעמט זיך אָן פאַרן פאָלק ישראל קעגן גליתעס אומגעלומפּערטער שטאַרקייט, און עס לאָזט זיך טאַקע אויס, אַז זיגן זיגט ניט די פויסט, נאָר שכל און פלינקייט, די פאַרבינדונג פון פיזישער פעיִקייט מיט גייסטיקער. אונדזער דיכטער האָט געשפּירט, אַז אויף דעם ענין מוז ער זיך אָפּשטעלן; ער אַנטוויקלט למשל אַ סך ברייטער די עפּיזאָדן מיטן וואָלף און מיטן בער, וואָס ווערן אין תנ"ך דערציילט נאָר גאַנץ פאַרבייגייענדיק. נאָר אָט איז דער קאַמף געענדיקט, גלית ליגט אַ געטייטער אויפן ברייטן פעלד. וואָס וואָלט געטאָן אין אַזאַ פאַל אַן אמת ריטערשער דיכטער? געוויס וואָלט ער געלאָזט דודן צונעמען גליתעס וואָפן צו קעמפן דערמיט אין שפּעטערדיקע קאַמפן, און אויף צו באַצייכענען דעם נצחון וואָלטן איינגעאָרדנט געוואָרן טורנירן, וואו די ריטער וואָלטן זיך פאַרהערט אין שטייןוואַרפן, שפּיז-שליידערן און אַנדערע ריטערשע שפּילן. ביים מחבר פון שמואל-בוך רייסט זיך אָבער אַדורך די פּסיכאָלאָגיע פון דעם מיטלעלטערישן יידן. די טורנירן פאַרגעסט ער, נאָר דערפאַר האָט ער פאַר דודן אַ פיינעם פּלאַן:

ער וועט פאַרקויפן גליתעס וואָפן-געהאַנג, ווייל ער קען דערפאַר אָפּנעמען אַ סך געלט! אומגלייבלעך, נאָר אָט איז דאָס וואָרט בײַ וואָרט[1]:

387 דוד צאָך אָפּ[2] דעם ריזן זיין האַרניש און זיין שווערד;
ער שפּראַך: איך וויל עס פאַרקויפן, עס איז פיל געלט ווערט.

און אַ ביסעלע שפּעטער הערן מיר דאָס אייגענע אַ צווייטן מאָל אין אַזאַ נוסח:

3,398 דוד טרוג דאָס הייפּט פון גלית קיין ירושלים היניין,
זיין האַרניש און זיין וואָפן אין זיינעם הויז מוזט זיין.

399 ער שפּראַך: איך וויל עס פאַרקויפן, עס ווערט מיר קומען עבן[3],
פיל גילדן מוז מען מיר דרום געבן.

צו וואָס האָט טאַקע אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר געדאַרפט אין מיטלעלטער געווער, אויב ניט אויף צו פאַרקויפן? יידן אין אונדזער דיכטערס צייט האָבן אָדער געהאַנדלט, אָדער געלערנט תורה; האָט דער דיכטער אַריבערגעטראָגן די פאַרהעלטענישן אין דער פאַרגאַנגענהייט און געמאַכט די העלדן פון תנ״ך פאַר תלמידי-חכמים און הענדלער. אַזוי איז אַלעמאָל די טבע פון דיכטער אין אין אַ מער פרימיטיווער צייט: אין די אַלט-דייטשע רעליגיעזע דיכטונגען איז קריסטוס געשילדערט ווי אַ גערמאַנישער בעל-מלחמה, און אין די פראַנצויזישע דראַמעס פון 17טן יאָרהונדערט האָבן די אַלטע רוימער אַ פּנים ווי פאַרשויבען פון לודוויק דעם פערצנטנס הויף. דער גייסט פון די צייטן איז בעצם אַלע-מאָל דער אייגענער גייסט פון דעם שרייבער, אין וועלכן די צייטן שפּיגלען זיך אָפּ.

## 8

עס בלייבט נאָך צו פאַרענטפערן די פראַגע, אין וואָסער צייט אונדזער פּאָעמע איז אויפגעקומען.

עס קען גאָר קיין רייד ניט זיין וועגן דעם, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ ווערק פון 16טן יאָרהונדערט, הגם די עלטסטע דרוק-אויסגאַבע וואָס מיר קענען איז פון 1544. ניט אומזיסט זאָגט דער אַרויסגעבער פון אָט דער ערשטער אויסגאַבע אין זיין נאָכוואָרט: „דעם ניגון פון דעם ספר שמואל, דען קאָן כל ישראל... איך מיין, עס זיי נירגנט קיינער, ער קאָן דען ניגון פאָרהין; זאָ האָט ער דאָס לערן-געלט צו געווין״ [דעם ניגון פון שמואל-בוך קען כל-ישראל... איך מיין אַז עס איז אין ערגעץ ניטאָ קיינער, וואָס זאָל ניט קענען דעם ניגון פון פריער; וועט ער איינשפּאָרן רבי-געלט]. הייסט עס, אין

---

[1] אויסלייג מאָדערניזירט. [2] האָט אַראָפּגעצויגן. [3] עס וועט מיר גוט צו-ניץ קומען.

דעם מאָמענט, ווען מען האָט די ערשטע אויסגאַבע אָפּגעדרוקט, איז שוין די פּאָעמע צוזאַמען מיטן ניגון געווען שטאַרק פּאָפּולער צווישן עולם.

מען טאָר זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון דעם פאַקט, אַז ביידע מאַנוסקריפּטן וואָס זיינען היינט צוטריטלעך, סיי פּאַריז סיי האַמבורג, זיינען מסתּמא אויך ניט עלטער פון דער ערשטער העלפט 16טן יאָרהונדערט. ווייל עס איז קלאָר, אַז אין ביידע פאַלן האָבן מיר צו טון מיט אָפּשריפטן, קאָפּיעס פון עלטערע „אַפּירן", און גראָד זיינען די איבערשרייבער פון ביידע מאַנוסקריפּטן געווען לאַ־יוצלחס, וואָס האָבן אָנגעמאַכט היפּש בפירושע גרייזן, שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס זיי האָבן מיט אַלע מעגלעכקייטן געזוען אויסצומעקן פון טעקסט אַלע שפּורן פון אַלטערטימלעכן לשון, וועלכער איז שוין פאַר זיי גופא ניט געווען פאַרשטענדלעך. ווען מען גייט צו צו אונדזערע כּתב־ידן און דרוקן מיט אַ קריטישער מאָס און בען שאַצט זיי אָפּ לויט יענע קענטעניש, וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן דער יידישער און דייטשער שפּראַך אין מיטלעלטער, דאַן זעען מיר, אַז די באַנייער־רעדאַקטאָרן האָבן ווייט ניט אומעטום באַגליקט: שפּורן פון דער אַלטערטימלעכקייט זיינען נאָך געבליבן איבערגענוג. גרינגער ווי אַלץ איז דאָס אויפצוווייזן ביים געברויך פון ווערטער: אַזעלכע אויסדריקן טרעכטיין (רבונו של עולם), מיט עלענהאַפטער האַנט (מיט העלדישער האַנט), ווייגאַנט (גבור), פאַלן אין דען טאַן (פאַלן אויפן פליין, וועגן קריגס־לייט אויפן שלאַכטפעלד) זיינען שוין אין 16טן יאָרהונדערט געווען פאַרעלטערט. נאָך בעסערע ראַיות לאָזן זיך ברענגען פון די פאָרמען און פון די קלאַנגען[1].

מוז אויפשטיין די שאלה: אויב דאָס ווערק איז אויפגעקומען אַזוי פרי און געדרוקט געוואָרן איז עס ערשט אין 16טן י״ה, טאָ ווי אַזוי האָט זיך עס אויפגעהאַלטן אַזוי לאַנג און איז געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, אַז דער אויגסבורגער אַרויסגעבער האָט געמעגט זאָגן: „דען ניגון פון דען ספר שמואל, דען קען כל ישראל"? געוויס איז ניט לייענען אין היינטיקן זינען געווען דער קוואַל פון דער דאָזיקער קענטשאַפט. די קליינע צאָל מאַנוסקריפּטן איז גראָד קיין באַווייז ניט: אָט זיינען דאָך פון דער ערשטער געדרוקטער אויסגאַבע אויך איבערגעבליבן ניט מער ווי צוויי עקזעמפּלאַרן אין עפנטלעכע ביבליאָטעקן[2], און געדרוקט האָט מען געוויס אַ סך מער. נאָר אַזאַ מין געדאַנק, אַז יידן האָבן ביזן זעכצנטן יאָרהונדערט דאָס שמואל־בוך געלייענט, בינדט

---

[1] אין דעם אַריינפיר צו מיין קריטישער אויסגאַבע פון שמואל־בוך וועל איך זיך אָפּשטעלן אויף די אַלע ראַיות גענוי.

[2] איינער אין לאָנדאָן, דער צווייטער אין יענאַ, — לויט דער מיטטיילונג פון פּראָפ. אַ. פריימאַן אין „וזאת ליהודה", בודאַפּעשט 1926, ז׳ 285 זיינען פאַראַן נאָך 2 עקזעמפּלאַרן אין פּריוואַטע הענט. איינער ביי פּראָפ׳ פ׳ גופא, אַ צווייטער אין דער זאַמלונג עלקאַן אַדלער אין לאָנדאָן.

זיך בכלל ניט מיט די פאַקטן וועגן דעם ליטעראַרישן לעבן פון יע־בער צייט.

דערמאָנט זיך, וואָס עס איז פריער געזאָגט געוואָרן וועגן די שפּיל־מענער.

אַז דאָס שמואל־בוך איז אַריינגעגאַנגען אין זייער רעפּערטואַר, דערין קען קיין שום ספק ניט זיין. מיר האָבן צום אָנהייב, ווען מיר האָבן אַנאַלי־זירט דעם חנה־פּנינה־עפּיזאָד, אונטערגעשטראָכן דעם זאַץ: „איצט ווילט איר געוויס הערן, וואָס ער האָט געזאָגט צו איר"; דער זאַץ איז אַ טיפּישער פאַרן שפּילמאַן, וואָס ווענדט זיך אומגעריכט מיט אַזאַ מין דירעקטן קער צום עולם, בשעת ער שפּירט, אַז די אויפמערקזאַמקייט וואָלט געמעגט זיין אַ גרע־סערע. אַזעלכע און ענלעכע געניג טרעפן מיר לרוב אין שמואל־בוך. ווען דער דיכטער (וואָס ער איז מסתמא געווען דער ערשטער פאַרטרעגער פון אונדזער פּאָעמע אויך) האָט מורא, אַז מען וועט אים ניט גלייבן אין זיינע גענויע באַשרייבונגען, פאַררופט ער זיך אויפן „בוך", דאָס הייסט אויפן תנ"ך, וואו דאָס איז אַלצדינג פאַראַן, אָדער ער גיט צו: „ווי מען געפינט דאָס געשריבן". ווען ער דאַרף אַריבערגיין פון שאולס קינדער צו דודס גדולה, ווענדט ער זיך צום עולם צוהערער אַזוי: „איצטער ווען מיר לאָזן וואַקסן די אַלע קינדער, דער אָרעמער דוד איז געוואָרן אַ קיניג. ווען איך אייך דערציילן ווי אַזוי עס איז צו אים געקומען די קיניגשאַפט..."[1] אויך דער פריער דערמאָנטער אָנווייז אויף אלקנהן, וואָס פלעגט זאָט מאַכן די אָרעמעלייט, איז אַ כאַראַקטערי־סטישע המצאה פון אַ שפּילמאַן: דער וואַנדער־זינגער איז קיינמאָל ניט גע־ווען קיין גביר, און זיין האָנאָראַר איז געווען אָפּהענגיק פון דעם פּובליקומס גוטן ווילן; האָט ניט געשאַדט צו געבן אַן איידל אָנצוהערעניש, אַז אַ ברייטע האַנט פאַר אָרעמעלייט איז אַ גרויסע מעלה ביי אַ מענטשן.

מען דאַרף זיך פאָרשטעלן די זאַך אַזוי, אַז דאָס שמואל־בוך האָט אויס־געפּילט עטלעכע פאַרטראָג־אָוונטן, וואו דער שפּילמאַן פלעגט „זינגען און זאָגן". וואָס איז אַזוינס דער „ניגון שמואל־בוך", צו ווערלכן עס זיינען צוגע־פּאַסט געווען נאָך אַזוי פיל אַנדערע יידישע ביבלישע פּאָעמעס אונדזערע, איז ניט באַוואוסט. אפשר איז דאָס געווען דער ניגון פון דעם הילדעבראַנט־ליד, און אפשר ניט[2]. מען ווייסט אַפילו ניט, צי איז דאָס ווערק „געזונגען" אָדער „געזאָגט" געוואָרן, און מען וועט שוין דאָס קיינמאָל ניט געוואויר ווערן. גי־בער ווי אַלץ זיינען נאָר קליינע טיילן פון דער פּאָעמע (למשל דודס גע־זאַנג) באמת געזונגען געוואָרן; דאָס איבעריקע האָט מען מסתמא רעטשיטירט.

אָבער אפשר לאָזט זיך פאָרט זאָגן עפּעס מער באַשטימטס וועגן דער

---

[1] עס איז דער נוסח, וואָס האָט זיך נאָך ביז היינט אויפגעהיט אין אונדזערע פאָלקס־מעשיות: „לאָמיר לאָזן דעם בן־מלך און זיך נעמען צו דער בת־מלכּה".

[2] דער ניגון פון דעם דייטשן ניבעלונגען־ליד איז פאַרלוירן געגאַנגען.

אויפקומצייט פון אונדזער דיכטונג? איך מיין אַז יאָ, ווען מיר זאָלן אַפילו לאָזן אין אַ זייט די פראַגע וועגן פאָרמען, וועגן גראַם און אַזוי ווייטער. דער עצם נוסח פון שמואל־בוך, זיין ענלעכקייט צו די דייטשע העלדישע געזאַנגען לאָזט אונדז הערן זייער פיל.

ווען מיר האָבן צו טון מיט אַ יחיד אין אַ קינסטלעריש אַנטוויקלטער סביבה, יעמאָלט איז מיגלעך, אַז ער זאָל איבערנעמען וועלכן עס איז קינסטלערישן זשאַנר אין הונדערטער יאָרן נאָכדעם ווי דער זשאַנר איז אָפּגעשטאָרבן: נאָך היינט קען זיך געפינען אַ ליבהאָבער צו דיכטן אין העקסאַמעטערס. אָבער דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַ ווערק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין אַ צייט, ווען ליטעראַרישע מוסטערן פון דער פאַרגאַנגענהייט האָבן קיין ראָלע ניט געשפּילט, אויב זיי זיינען ניט געווען גלייכצייטיק אין דער מאָדע; קיין בעלנים אויף אַרכאַיזירן זיינען ניט געווען. הייסט עס דער יידישער דיכטער האָט געקענט אויספאַלן צו שאַפן אַ יידישע פּאָעמע בנוסח פון אַ דייטשן העלדן־ליד בלויז דאַן, ווען דאָס שכנישע דייטשע פאָלק האָט זיך נאָך געקויקט מיט דעם דאָזיקן פּאָעטישן זשאַנר. ווען איז דאָס געווען? יעדנפאַלס ניט אין 16 יאָרהונדערט; יעמאָלט איז שוין די אַזויגערופענע העלדן־פּאָעזיע געווען טויט.[1]

דאָס ניבעלונגען־ליד שטאַמט פון סאַמע סוף 12טן י״ה, און דאָס דרייצנטע י״ה, אין אַ קלענערער מאָס דאָס פערצנטע, איז געווען די צייט פון זיין בליִונג. אין 15טן י״ה איז עס שוין געווען אַרויסגעשטופּט דורך אַנדערע פאָלקסגעזאַנגען, אַ שטייגער דורך דעם הילדעבראַנט־ליד. דאָס הילדעבראַנט־ליד איז אויפגעקומען, ווי די דייטשע פאָרשונג האָט געוויזן, אין 13טן י״ה. אין 16 י״ה האָבן די דייטשן שוין כמעט געהאַט פאַרגעסן דאָס הילדעבראַנט־ליד אויך, אַזוי אַז עס איז קלאָר, אַז יידן האָבן געהאַט איבערגענומען די דאָזיקע דיכטונג שפּעטסטנס אין 15טן י״ה. דאָס מיינט מיט אַנדערע ווערטער, אַז בערך צווישן 1300 און 1450 מוז ליגן די אויפקום־צייט פון אונדזער שמואל־בוך.

## נאָכשריפט

דער דאָזיקער עטיוד וועגן שמואל־בוך איז צום ערשטן געווען געדרוקט אין דער ניו־יאָרקער „צוקונפט", מאַי 1927. דאָרט האָב איך נאָך אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז לויט דער שפּראַך און די גראַמען מוז דאָס ווערק געהערן צום פערצנטן יאָרהונדערט; און וויבאַלד אַזוי האָב איך גערעכנט, אַז גיכער מעג מען אָנווייזן אויף דער ערשטער העלפט פון דעם דאָזיקן יאָרהונדערט, מחמת עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז נאָך די יאָרן פון

[1] אין דעם צוזאַמענהאַנג איז כדאַי אויפמערקזאַם צו מאַכן: לויט שיפּערס אַנאַמאַטאָלאָגישע שטודיעס באַווייזט זיך דער נאָמען „דיטר'יך" ביי יידן אין 12טן יאָרהונדערט (ייד"פיל ז' 111).

שוואַרצן טויט (1348—1349) זאָל זיין ביי יידן אויפגעקומען אַזאַ גרויס ווערק, וואָס פאָדערט פאַרט אַ מינימום רויִקייט. דער לעצטער געדאַנק איז פאַרשטייט זיך ניט קיין אַרגומענט, נאָר בלויז אַן אילוסטראַטיווע סברא.

אין „צוקונפט" פון יולי 1927 האט ה׳ זלמן רובאַשאָוו אָפּגעדרוקט אַ קליינער אָבער זייער וויכטיקע נאָטיץ צו מיין אַרטיקל. ה׳ רובאַשאָוו פּרוּווט פאַרבינדן דעם משה עשרים־וארבע פון פּאַריזער כתב־יד מיט יענעם רב און משולח ר׳ משה עשרים־וארבע, וואָס איז אין דער צווייטער העלפט 15טן י״ה פאַרוויקלט געוואָרן אין דעם האַרבן מחלוקת מיט ר׳ משה קאַפּסאַלי (קפסאלי) אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. עס קען טאַקע גייןביידע מאָל וועגן דער נעמלעכער פּערזאָן: ערשטנס איז דער נאָמען „עשרים וארבע" פאַר זיך עפּעס צו מערק־ווערדיק, אַז ער זאָל זיך איבערחזרן אַזש צוויי מאָל; צווייטנס ווייסן מיר פון דער פּאָלעמיק אַרום משה קאַפּסאַלי און יוסף קאָלאָן (קולון), אַז דער ארץ־ישראלדיקער משה עשרים־וארבע איז געווען אַן אשכנזי, ד״ה אַ יידיש־רעדנדיקער ייד. אַ סמיכות־הפרשה לייגט זיך אַלזאָ בפירוש אויפן שכל. איך מיין מערניט, אַז דאָס ערשטע באַווייזן זיך ר׳ משהס אין קאָנסטאַנטינאָ־פּאָל דאַרף פאַררעכנט ווערן ניט צו די יאָרן 1487—1488, ווי ה׳ רובאַשאָוו ברענגט, נאָר ס׳פּאַלט אויס אַרום 1475, וויבאַלד ר׳ יוסף קאָלאָן איז 1480 געשטאָרבן[1].

אָבער אויב מיר וועלן אַפילו די משמעותדיקע אידענטישקייט אָננעמען פאַר דערוויזן, בלייבט נאָך אַלץ די גרויסע פראַגע, צי איז משה עשרים־וארבע דער מחבר אָדער בלויז דער איבערשרייבער פון דעם שמואל־בוך. לאָמיר פריער ווי אַלץ נעמען דעם טעקסט פון די לעצטע פיר סטראָ־פעס לויטן פּאַריזער כ״י:

1760 גוֹט הוט אים דאר לוייבט  צו נעמן אכציהן ווייבא
די הוט דער קוניג דוד  בוֹר זיינן לייפא
ער שפראך גוֹט הוט בור בוטן  אין זיינר תורה שון
קיין קוניג זול  בֿיל ווייבר הון.

1761 אונ׳ דארום ליש זי  דער קוניג מייט
דש בוך הוט איין ענדא  זנוויל דער שרייבר זייט[2]
דוד זאש מיט ערן  זיין קוניג רייך זו שון
גוֹט האלף אל ישראל  גין ירושלים צו גאן

[1] גידעמאַן, Erziehungswesen (פּאָראָכאָוו נומ׳ 355) III ז׳ 248; גידעמאַן יידי׳ 164.

[2] זאָגט.

1762 אונ׳ זענד אונש באלד משיח   גוֹט מוש אונש באלד דאר לויזאן
אונ׳ ביהוייט דיין ואלק ישראל   בֿור אלאן בויזן
משה עשרים וארבע   בין איך גינאנט
איך הון דש בוך גימאכט   מיט מיינר האנט

1763 דאר בייא זאל מן גידענקן   וואש איך הון גיזייט[1]
גוֹט הילפט זיינן קנעכטן   אונ׳ לושט זי ניט אין לייט
ער הוט אונזרן עלטראן   גרוש וואונדאר גיטון
נון העלף אונש גוֹט דער אלמעכטיג   אין זיין הימלש טרון

סליק ספר שמואל
תהלה לאל

אין דעם אויגסבורגער דרוק איז דער גאַנצער אויסלאָז, ווי ס׳איז שוין געווען באַמערקט אויבן, געביטן: דאָ איז ניטאָ דער גאַנצער עפּיזאָד מיט אבישג השונמית; אַנשטאָט דעם דערציילן שוין די לעצטע 4 סטראָפעס וועגן שלמה המלך, און נאָכדעם גייט אַן אייגנסטראָפיקער אויסלאָז וואָס לייענט זיך אַזוי:

דא מיט וויל איך עס בישלישן[2]   דש בוך איין ענד הוט
גוֹט זול אונש משיח זענדן   דש ביט איך אל צייט גוֹט
אונ׳ זול אונש שיר[3] בֿוירן   אין דש הייליק לאנט
דש מיר עס אל דער לעבן   שפּרעכט אמן צו האנט[4]

טאָמער איז פאַראַן אַ ספק, צי האָט טאַקע דער אַרויסגעבער פון אויגסבורג אַליין צוגעגעבן אַהער דעם שלמה-פינאַל צוליב פאַרלעגערישע טעמים (זע די הערה אויף ז׳ 92—93), ציייגן מיר זיך איבער דערין פון דעם נוסח פון אָט דער לעצטער סטראָפע: מען שפּירט אין איר בפירוש די בחפזונדיקע, אומבאַהאָלפענע קירצונג. אָבער ווי די מעשה איז, צו דער פראַגע פון מחבר גיט דאָס אונדז גאָר ניט, און עס בלייבט אונדז בלויז נאָך איין טעקסט צום פאַרגלייכן: דער האַמבורגער כתב-יד.

דאַרף זיך אָבער מאַכן, אַז גראָד דאָס פרעגלעכע שטיקל איז אין האַמבורגער כתב-יד ניטאָ. דאָס פאַרלעצטע זייטל (326, רעכטס) ענדיקט זיך מיט אַזאַ סטראָפע:

גוֹט האט אים דער לויבט   צו נעמן אכט צייהן ווייבר
דיא האט דער קוניג   באר צו זיינם לייבא
ער שפרך גוט הוט בֿור בוטן   אין זייער תורה שון
גוט העלף אל ישראל   גען ירושלים צו גון.

---

[1] האָב געזאָגט. [2] פאַרענדיקן. [3] אינגיכן. [4] תיכּף.

מען זעט אויפן ערשטן בליק, אַז דאָ זיינען די פּאַריזער סטראָפעס 1760 און 1761 פאַרבונדן אינאיינעם: די ערשטע דריי שורות פון 1760, די לעצטע פון 1761. צי האָט דאָ האַמבורג מצמצם געווען, אָדער אפשר פּאַריז פאַרברייטערט? קיין שום ספק ניט, אַז דאָס ערשטע; וואָרים נאָר אין דעם פּאַריזער טעקסט פאַרשטייען מיר וועגן וואָס דאָ גייט; אָן דעם פערז 4 פון 1760 און 1 פון 1761 ווערט צעריסן דער גאַנצער צוזאַמענהאַנג. אַלזאָ לייב פון רעגענסבורג האָט דאָ (פונקט ווי אין אַ סך אַנדערע ערטער פון זיין קאָפּיע) צוגעפּושערט: ער האָט איבערגעהיפּערט אַנצע פיר פערזן, צי ווייל ער איז שוין געווען נאָענט צום סוף און האָט זיך געאיילט, צי ווייל זיין אויג, וואָס האָט געקוקט אין דעם „אפיר", איז אַריבערגעשפּרונגען פון „שון" אין 1760,₃ צו „שון" אין 1761,₃. ממילא איז שוין אַרויסגעפאַלן אויך זיינוויל דער שרייבער צי עפּעס אַן אַנדער נאָמען וואָס איז געשטאַנען אין לייב פון רע־גענסבורגס „אַפיר".

די לעצטע צוויי סטראָפעס זיינען געווען אין האַמבורגער כּתב־יד אָנ־געשריבן אויף דער לעצטער זייט 327 (לינקס). איז אָבער גראָד די אייבערשטע העלפט פון דעם לעצטן בלעטל אָפּגעריסן, און העכער פון דער פאַרבאַנטער ליוואַ־צושריפט זעט מען בלויז קנאַפּע דריטהאַלבן שורות, אין וועלכע מען קאָן איבערלייענען אָט וואָס:

„....זרן על...ן ... העלף אונש גוט דער אלמעכטיק אין זיינם הימילש טרון".

דאָס אויסגעריסענע שטיקל פּאַפּיר וואָלט אפשר גענוג געווען פאַר בלויז אַריינצונעמען די פּאַריזער סטראָפעס 1762 און 1763, הגם גיכער איז דאָ גע־ווען פּלאַץ מער ניט פאַר איין סטראָפע, וועלכע מיר וואָלטן זיך געקאָנט אויסמאָלן בערך אַזוי:

| | |
|---|---|
| אונ' זענד אונש באלד משיח | גוֹט מוש אונש באלד דאר לויזאן |
| אונ' ביהויט דיין בּוֹלק ישראל | בּוֹר אלאן בויזן |
| ער הוט אונזרן עלטראן | גרוש וואונדאר גיטון |
| נון העלף אונש גוט דער אלמעכטיג | אין זיינם הימילש טרון. |

להיפּוך צו דער פריער געבראַכטער צונויפשמעלצונג פון צוויי סטראָ־פעס (1760 / 1761) זעט די אָקאָרשט געבראַכטע אויס זייער לייטיש. זי איז אינגאַנצן גלאַט לויטן אינהאַלט און אַפילו שטייפער, אָנגעצויגענער, איידער דער פּאַריזער טעקסט, אין וועלכן עס פעלט מיטאַמאָל אַריין אַ משה עשרים־וארבע, וואָס רייסט איבער דעם גאַנג פון די רייד. עס איז דעריבער יעדנ־פאַלס דערלאָזלעך די השערה, אַז תּחילת איז טאַקע געשטאַנען אַזוי (אָדער בערך אַזוי) ווי איך האָב געפּרוּווט רעקאָנסטרויִרן, און דערנאָך האָט משה עשרים־וארבע, בשעת ער האָט קאָפּירט דעם טעקסט, אַריינגעשטעלט זיין נאָ־מען, בכדי זיך צו פאַראייביקן. וויבאַלד ער האָט צוגעגעבן צוויי אויסלאָזו־

פערזן צו 1762, האָט ער אויך שוין געמוזט צושטוקעווען ווי עס איז נאָך צוויי פערזן פאַר אַן אָנהייב צו די לעצטע צוויי פערזן, און אויף אַזאַ אופן איז געבוירן געוואָרן די פאַריזער סטראָפע 1763.

נאָך צוויי אַרגומענטן זייגען פאַראַן, וואָס רעדן פאַר אַזאַ אויסטייטשונג. ראשית איז שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי אַזוי קומט דאָס דער מחבר צו חתמענען זיך נאָך עפּעס אַן איבערשרייבער זיינוול; אַנטקעגן איז יאָ מיגלעך, אַז איבערשרייבנדיק פון אַן עלטערן מאַנוסקריפּט האָט משה עשרים-וארבע איבערגעלאָזט אומבאַרירט דאָס וואָס ער האָט געפונען און דערנאָכדעם נאָך צוגעגעבן זיין אייגענעם נאָמען. אויך דער גראַם-שטראַם „... מיט מיינער האַנט: ... בין איך געגאַנט”, וואָס שמעקט אויף אַ מייל מיט דעם קאָפּיסטישן וואַרשטאַט, זאָגט דוכט זיך עדות, אַז ניט דער מחבר האָט דאָס אַריינגעפלאָכטן. דאָס וואָס דאָ שטייט „געמאַכט מיט מיינער האַנט” אין דער צייט וואָס זיינוול דער שרייבער און לייב פון רעגענסבורג רעדן נאָר וועגן „געשריבן” איז ניט קיין קעגן-אַרגומענט. יענע צייטן איז פּלאַגיאַט ניט געווען קיין מלאָכה-בזויה, און טאָמער האָט נאָך משה עשרים-וארבע אַליין עפּעס צוגעגעבן אָדער איבערגעביטן לגבי זיין „אָפּיר”, איז שוין דאָס „געמאַכט” געוויס געווען רעכט אַרום און אַרום.

אויף דעם סמך פון דעם אַלעם איז פאַר מיר זייער ניט גלייבווערדיק ר' משה עשרים-וארבעס אויטאָרשאַפט פון דעם שמואל-בוך. לויט אַלע סימנים איז ער איינער פון די קאָפּיסטן; עס בלייבט נאָך די קשיה, צי איז דער פאַריזער כתב-יד זיין אויטאָגראַף אָדער אַן אָפּשריפט פון אַ יינגערן קאָפּיסט, וואָס האָט אַריבערגענומען דעם גאַנצן טעקסט מיט הויט און הערנער, שוין מיט ביידע איבערשרייבערשע נעמען. —

די דאָזיקע נאָכשריפט מיינע איז אָבער ניט מער ווי אַ פאָרבאַמערקונג, אַרויסגערופן דורך ז. רובאַשאָווס פּאָרויסרוקנדיקן אָנווייז. אַן ענדגילטיקן ענטפער קאָן געבן סיידן דער גענויער שפּראַכיקער אַנאַליז פון דעם שמואל-בוך; איך פּלייס זיך דורכצופירן אים אין דער קריטישער אויסגאַבע וואָס איך גרייט אָצונד. דאָרט וועט אויסקומען צו שטעלן מיטן שטעקן אין דער בּרייט די פראַגע: צי האָט אין דער צווייטער העלפט פון 15טן י"ה געקאָנט געמאָלט זיין אַזאַ שפּראַך און סטיל ווי מיר געפינען דאָס אין אונדזער פּאָעמע. אפשר וועט זיך איינגעבן צו געבן דערויף אַ קאַטעגאָרישן ענטפער; אויב ניט, וועלן מיר מוזן בלייבן ביי אַ ספק, וואָס שפּרייזט איבער אָנדערטהאַלבן הונדערט יאָר, און באַנוגענען זיך מיט אַ רעזיגנירטער דאַטירונג:

געשריבן צווישן 1300—1480.

# II. די אוצרות פון פאַרמע

## 1

אין בעדעקער, וואוהין יעדער איטאַליע-פאָרער מוז אַריינקוקן ווי אַ פרומער ייד אין „חיי-אדם", שטייט געשריבן, אַז די שטאָט פאַרמע טאָר מען בשום אופן ניט פאַרביילאָזן. אין פאַרמע, פאַרשטייט איר מיך, געפינען זיך די בעסטע בילדער פונעם גרויסן איטאַליענישן מאָלער קאָרעדזשאָ.

קאָרעדזשאָ איז טאַקע פון די גאָר גרויסע אין איטאַליע, אַנדערע שטעלן אים אַוועק לעבן ראַפאַעלן און לעאָנאַרדאָ דאַ-ווינטשי. נאָר מיך האָט געצויגן קיין פאַרמע ניט צוליב אים. איטאַליע איז אַזוי אָנג ־זאַפּט מיט קונסט, אַז ווער עס האָט ניט דווקא אַ ספּעציעלע ליבשאַפט צו קאָרעדזשאָן, דער קען געפינען אין רוים און אין פלאָרענץ אַזוינס, וואָס זאָל אים געבן (אָן אַ שיעור מער, ווי אין פאַרמע) גייסטיקע שפּייז און עסטעטישן גענוס אויף יאָרן. פאַראַן אָבער עפּעס אין דער קליינער שטאָט פאַרמע, וואָס קיין שום אַנדערע שטאָט אין איטאַליע פאַרמאָגט ניט. אין אַ ווינקעלע פון דעם גרויסן פּאַלאַץ, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט די אוצרות פון קונסט, געפינט זיך די קיניגלעכע ביבליאָטעק. און אין אַ ווינקעלע פון דער ביבליאָטעק, אויף איין קליינער פּאָליצע, שטייען פיר יידישע ביכער געשריבן מיט דער האַנט. מען רופט זיי: „דע-ראָסיס יידישע מאַנוסקריפּטן". אָט צוליב זיי האָב איך געמאַכט די נסיעה קיין פאַרמע. עס האָט געלוינט!

אויף דער שוועל פון 18טן צום 19טן י"ה, ד"ה מיט אַ יאָר הונדערט — הונדערט דרייסיק צוריק, איז דע-ראָסי געווען איינער פון די חשובסטע מענטשן אין צפון-איטאַליע. פאַרמע איז יעמאָלט געווען די הויפּט-שטאָט פון אַ זעלבשטענדיקן הערצאָגטום, און די באַהערשער פון דער שטאָט האָבן ניט געזשאַלעוועט קיין געלט און קיין מי אויף צו מאַכן זייער שטאָט פאַר אַ מיטלפּונקט פון בילדונג און וויסנשאַפט. דע-ראָסי איז געווען איינער פון יענע געלערנטע, וועלכע מען האָט צוגעצויגן צום פאַרמער אוניווערסי-טעט. מיגלעך, אַז ער האָט געשטאַמט פון יידן; ווייל נאָך מיט צוויי הונדערט יאָר פריער איז געווען אין איטאַליע אַ רב דע-ראָסי, אַ למדן און אַ מחבר פון ספרים. נאָר אונדזער דע-ראָסי איז געווען אַ קריסט, און זיין יחוס

האָט געקלונגען איבערן גאַנצן לאַנד: צווישן זיינע קרובים זיינען געווען גרויסע מאָלער, שרייבער און יוריסטן. ער אַליין, דזשאָוואַני-בערנאַרדאָ דע-ראָסי, איז געווען אַ ספּעציאַליסט אויף אָריענטאַלישע שפּראַכן, און איבערהויפּט איז ער געווען אַ בריה אויסצולערנען זיך לשונות. ער איז פריער געווען אַ גלח, נאָר דערנאָך האָט ער דאָס אָװעקגעוואָרפן און געוואָרן פּראָפעסאָר אין פּאַרמע.

פאַר זיין ספּעציאַליטעט האָט ער געמאַכט די פאָרשונג פון תנ"ך. היינטיקן טאָג איז אין דעם העברעישן תנ"ך פעסטגעשטעלט יעטווידער נקודה, יעטווידער טראָפּ, און מען טאָר זיך פון דעם ניט אָפּקערן אויף אַ האָר; ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן אַ תנ"ך פון לאָנדאָן און אַ תנ"ך פון ווילנע. נאָר די וויסנשאַפטסלייט ווייסן, אַז ניט דערפאַר איז פאַרהייליקט יעטווידער אות און יעטווידער פינטל, ווייל מען האָט דעם תנ"ך פונקט אין אַזאַ פאָרם געגעבן אויפן באַרג סיני. ווען מען נעמט די גריכישע איבערזעצונג פון תנ"ך, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אַן ערך אין קריסטוסעס צייט אין עגיפּטן און וואָס מען רופט „תרגום השבעים" (סעפּטואַגינטאַ), געפינט מען דאָרטן אַ סך זאַכן, וואָס גייען זיך פונאַנדער מיט אונדזער היינטיקן טעקסט. און אַפילו אין אַלטע העברעישע כתבֿ-ידן געפינען זיך אויך פאַרשיידענע נוסחאות, אַמאָל גאַנץ וויכטיקע אונטערשיידן. דער היינטיקער טעקסט פון דער „מסורה", וואו מען טאָר קיין וואָרט ניט מיגערן און קיין וואָרט ניט צוגעבן, שטאַמט פון אַ סך אַ שפּעטערער צייט.

אָט אין דעם האָט זיך אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן דער פּראָפעסאָר דע-ראָסי. ער האָט זיך ניט פאַרלאָזן בלינד אויף דעם היינטיקן נוסח, ער האָט געוואָלט דערגיין דעם עלטסטן און דעם זיכערסטן טעקסט. אָבער בכדי געוואויר צו ווערן דעם ריכטיקן וואַריאַנט דאַרף מען פריער האָבן אַלע וואַריאַנטן — און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דע-ראָסיס ליידנשאַפט פאַר אַלטע יידישע מאַנוסקריפּטן.

אין אָנהייב האָבן אים אינטערעסירט נאָר די אָפּשריפטן פון תנ"ך; נאָר באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אין יידישע פּירושים אויף תנ"ך קען ער אויך אַמאָל געפינען זייער וויכטיקע אָנצוהערענישן אויפן תחילתדיקן ביבל-טעקסט. האָט ער שוין גענומען קלייבן סתם יידישע מאַנוסקריפּטן. אין גאַנץ איטאַליע, ביי אַלע מוכר-ספרימניקעס און ביי פּריוואַטע לייט, האָט זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז דע-ראָסי אין פּאַרמע צאָלט די שענסטע מקחים פאַר אַלטע געשריבענע ספרים. מען האָט אַלץ געבראַכט צו אים, און ער האָט געקויפט אַלצדינג. ער האָט אַריינגעלייגט אין דעם זיין גאַנץ פאַרמעגן און געבליבן אַן אָרעמאַן. נאָר די זאַמלונג, וואָס ער האָט צונויפגעשטעלט, האָט געהאַט אַן אומגעהייערן ווערט, ווייל ער האָט אַריינבאַקומען אין זיינע הענט די גרעסטע אַנטיקן. אין 1816 האָט די אַרצידוקעסטע פון פּאַרמע אָפּגעקויפט דע-

ראָסיס ביבליאָטעק און באַצאָלט אים דערפאַר הונדערט טויזנט פראַנק — אַ פּרייז, וואָס איז אין יענע צייטן נאָך ניט געהערט געוואָרן. דע־ראָסי איז געבליבן ביבליאָטעקער פון זיינע מאַנוסקריפּטן. ער האָט געהאַט אַ פּולקומע מיגלעכקייט זיי צו ניצן, און ער האָט טאַקע געאַרבעט אין דער ביבליאָטעק ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן. געשטאָרבן איז ער 1831.

נאָך מיט אַ סך יאָרן פריער, אין 1803, האָט דע־ראָסי אָפּגעדרוקט (אויף לאַטיין) אַ קאַטאַלאָג פון אַלע ספרים, וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפט. צום גרעסטן טייל זיינען דאָס העברעיִשע כתבים, נאָר ווייל מען פלעגט ברענגען צו אים אַלצדינג, וואָס האָט געהאַט אַ פּנים פון יקרי־המציאותן, האָט ער איינגעהאַנדלט אַ היפּש ביסל כתבי־ידן אין אַנדערע שפּראַכן אויך. אָט די ניט־העברעיִשע שריפטן זיינען אויסגעטיילט צום סוף פון זיין קאַטאַלאָג אין אַ באַזונדער קאַפּיטל, און פון דאַנען הייבט זיך אָן דער אינטערעס פונעם יידישן פילאָלאָג פאַר דע־ראָסיס ביבליאָטעק.

## 2

עס זיינען אויסגערעכנט אין דעם קאַטאַלאָג כסדר איטאַליעניִשע, שפּאַנישע, פראַנצויזישע, לאַטיינישע שריפטן, און שוין גאָר צום סוף, אויף דער סאַמע לעצטער זייט, צוויי יידישע (אָדער, ווי דע־ראָסי רופט דאָס: „יידיש־דייטשע") מאַנוסקריפּטן: אַ חומש מיט די הפטורות, וואָס איז געשריבן, לויט דע־ראָסיס מיינונג, אין 15טן יאָרהונדערט (אויפן כתב־יד גופא איז קיין שום דאַטע ניטאָ) און אַ ספר „מצוות נשים", אויף וועלכן עס שטייט פאַרצייכנט, אַז ער איז געשריבן געוואָרן אין 1575. דערנאָך גייט איין „רוסישער מאַנוסקריפּט" (אַ רוסיש תפילה־בוך, שיין געשריבן אויף פּאַרמעט) און ענדלעך, גאָר צום סוף פונעם קאַטאַלאָג, גייען צוויי שריפטן, וואָס איבער זיי שטייט דאָס קעפּל Codices Polonici, דאָס הייסט „פּוילישע כתבי־ידן". דע־ראָסי שרייבט וועגן זיי (איך טייטש איבער זיינע ווערטער פון לאַטיין אויף יידיש):

„מאַנוסקריפּט נומער איינס. אַ תהילים, איבערגעזעצט פון העברעיִש אויף פּויליש, געשריבן אין 1510 מיט רבנישע אותיות, אויף פּאַפּיר, קוואַרט־פאָרמאַט. צום סוף שטייט: פאַרענדיקט ... כ"א מרחשון רע"א לפ"ק דאָ אין דער שטאָט ברעשיע, דאָס זאָגט משה בר' מרדכי פרלאַג ז"ל. — נאָכדעם גייט אָן אַנדער ווערק, אויך אויף פּויליש, אָן אַ נאָמען און אָן דעם נאָמען פון מחבר, וואו עס שטייט, אַז עס איז פאַרענדיקט געוואָרן אין מאַנטוע י"ג סיון דעם זעלביקן יאָר.

מאַנוסקריפּט נומער צוויי. מגילת אסתר, שיר השירים, רות, איכה, קהלת, איבערגעזעצט פון העברעיִש אויף פּויליש, געשריבן מיט רבנישע אותיות אין 15טן יאָרהונדערט, פּאַפּיר, קוואַרט־פאָרמאַט. צום סוף שטייט: „איך דער סופר אברהם בר אליהו, גאָט זאָל מיך היטן".

אָט דאָס איז גאָר, וואָס דע־ראָסי האָט געפונען פאַר נייטיק אָנצושרייבן
אין 1803 וועגן די צוויי פּוילישע מאַנוסקריפּטן. אַ ביסל ווינציקלעך; מאָדערנע
קאַטאַלאָגן באַשרייבן די ווערק אַ סך גענויער, און וואו נאָר עפּעס אינטערע־
סאַנטס גיט מען אַ שטיקעלע אויסצוג פונעם טעקסט אויך, כּדי דער לייענער
פונעם קאַטאַלאָג, וואָס קען ניט ניצן די ביבליאָטעק, זאָל כאָטש האָבן אַ
שטיקל השגה וועגן דעם ווערק. נאָר אַז דע־ראָסי האָט עס ניט געטאָן, איז
פאַרפאַלן, און עס האָט אים געקומט אַ דאַנק כאָטש דערפאַר, וואָס ער האָט
יאָ געגעבן. ווייל אַפילו פון די פּאָר שורות, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט און
וואָס מיר האָבן אָקאָרשט איבערגעזעצט וואָרט ביי וואָרט, קומט שוין אויך
אַרויס אַ גוואַלדיקע פּעולה פאַר דער וויסנשאַפט.

פּוילישע מאַנוסקריפּטן, געשריבן אָנהייב 16טן יאָרהונדערט אין אי־
טאַליע, מיטן יידישן אַלף־בית! דאָס ערשטע מאָל איז די וועלט געוואויר גע־
וואָרן פון אַזאַ וואונדערלעכער זאַך. אַז יידן פון פּוילן זיינען פאַרוואָגלט געוואָרן
אין איטאַליע, דאָס האָט זיך געקענט טרעפן. אָבער וויבאַלד די יידן האָבן
געדאַרפט האָבן פאַר זיך רעליגיעזע ספרים אויף פּויליש (זאָל זיין, אַז
מיט יידישע אותיות), איז דאָך דערפון געדרונגען, אַז זיי האָבן געוויס גע־
רעדט פּויליש צווישן זיך. אויף לשון־קודש קען מען מעביר זיין די סדרה,
ניט פאַרשטייענדיק דעם טייטש; אָבער אויף פּויליש? ניט אַנדערש, יידן אין
פּוילן האָבן צום אָנהייב 16טן יאָרהונדערט גערעדט צווישן זיך פּויליש.

אַזוי האָט געפּסקנט דער באַוואוסטער געלערנטער אברהם־אליהו הרכּבי[1],
וואָס האָט 1867 אַרויסגעגעבן אין ווילנע זיין אויספאָרשונג: „היהודים ושפת
הסלאַווים" (די יידן און די סלאַווישע שפּראַכן). הרכּבי האָט געהאַט אויף דעם
נאָך פאַרשיידענע ראַיות, אָבער די פאַרצייכענונג אין דע־ראָסיס קאַטאַלאָג האָט
נאָך מער באַקרעפטיקט זיין מיינונג. ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז דע־ראָסי
האָט אַ טעות געהאַט: עס איז ניט קיין פּויליש, נאָר רוסיש. אין יענע צייטן,
ווען הרכּבי האָט דאָס געשריבן, האָט מען געהאַלטן פאַר נייטיק אויפצו־
ווייזן, אַז יידן זיינען ניט קיין פרעמדע אין רוסלאַנד, אַז זיי וואוינען שוין
דאָ הונדערטער יאָרן, און דעריבער קומט זיי רעכט גלייך מיט אַלעמען. זיי־
נען דע־ראָסיס יידיש־סלאַווישע מאַנוסקריפּטן געוואָרן ניט גאָר אַן ענין פאַר
דער וויסנשאַפט, נאָר אויך אַן אַרגומענט אין פּאָליטיק.

אָבער אַז מען וויל פון אַ פּוילישן מאַנוסקריפּט (דע־ראָסי שרייבט דאָך
בפירוש, אַז עס איז פּויליש!) מאַכן אַ רוסישן, קען דאָס אַ פּויליש־יידישער
פּאַטריאָט ניט פאַרליידן. אין 1907 איז אַרויס אין וואַרשע אַ ביכל פון איינער
פּרוי צענטנערשווער, אַ באַוואוסטע טוערקע צווישן די פּויליש־יידישע אַסי־
מילאַטאָרן. דאָס ביכל הייסט: „וועגן דער שפּראַך פון יידן אין פּוילן, ליטע

[1] Альбертъ Гаркави האָט ער זיך יעמאָלט גערופן אויף רוסיש; שפּעטער איז ער
ווידער אַריבער צום יידישן Авраамъ.

און רייסן״[1] און גיט זיך אָפּ מיט באַקעמפן די יידישיסטן, וואָס ווילן אויפֿשטעלן אַ וואַנט צווישן די קאַטוילישע פּאָליאַקן און די מאָזאַישע פּאָליאַקן. די יידן אין פּוילן, ווייזט אויף פּרוי צענטנערשווער, זייַנען אַלעמאָל געווען קולטורעל אויפֿגעבונדן מיטן פּוילישן פֿאָלק, און פֿון אָנהייב 16טן יאָרהונדערט זייַנען פֿאַראַן באַגלייבטע עדות, אַז יידן אין פּוילן האָבן ניט נאָר גערעדט, נאָר אַפֿילו געדאַוונט אויף פּויליש. איינע פֿון די הויפּט־ראיות, וואָס זי ברענגט, איז ווידעראַמאָל פֿון דע־ראָסיס קאַטאַלאָג. ערשט שפּעטער, זאָגט זי, זוען עס האָבן זיך אַ לאָז געטון קיין פּוילן די דייטשע יידן, האָבן זיי איינגעפֿלאַנצט אין פּוילן זייער דייטשע שפּראַך. די אַסימילאַטאָרן, וואָס שטרעבן צו פּאָלאָניזירן די יידן, ווילן גאָר קיין נייס ניט אויפֿטון: זיי ווילן נאָר אומקערן דעם צושטאַנד, וואָס איז געווען אַמאָל. זיי ווילן אויפֿבויען דאָס, וואָס עס האָבן חרוב געמאַכט די בייזע „ליטוואַקעס״ פֿון 16טן י״ה, די יידן פֿון דייטשלאַנד.

געוויס וואָלט דאָס געווען זייער אַ פֿיינע טעאָריע. טוט אָבער גאָט אַ נס, און די גאַנצע מעשה איז אַ ליגן. דער פּלאָנטער איז אויפֿגעקלערט געוואָרן נאָך מיט 15 יאָר פֿריער, איידער פּרוי צענטנערשווער האָט געשריבן איר ביכל; נאָר זי האָט נעבעך דערפֿון ניט געוואוסט.

די צוויי „פּוילישע״ מאַנוסקריפּטן זייַנען נאָך אַלץ געלעגן אין פּאַרמע, באַהאַלטן אונטער זיבן שלעסער. אַפֿילו דער גרויסער געלערנטער צונץ, וואָס האָט דער ערשטער אָנגעהויבן רעדן וועגן „פּוילישע יידן אין ברעשיע און מאַנטועי״, האָט זיך אויך סומך געווען אויף דע־ראָסיס קאַטאַלאָג, די מאַנוסקריפּטן גופֿא האָט ער אין די אויגן ניט אָנגעזען; און הרכבי האָט אַפֿילו דע־ראָסיס קאַטאַלאָג ניט געהאַט. ער האָט געשעפּט זיין גאַנצע קענטעניש פֿון דער צווייטער האַנט — פֿון צונצן. אין 1892 איז אָבער דער באַוואוסטער יידישער געלערנטער אַדאָלף נייבויער, דער ביבליאָטעקער פֿון דער אָריענטאַלישער אָפּטיילונג אין דער באָדלעיאַנע, געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן: ער האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צום דירעקטאָר פֿון דער פּאַרמער ביבליאָטעק און אים געבעטן מודיע זיין, וואָס איז דער מער מיט די „פּוילישע״ כּתבֿ־ידן. אויף דעם האָט ער באַלד באַקומען אַן ענטפֿער: אין דע־ראָסיס „פּוילישע״ מאַנוסקריפּטן איז קיין ברעקל פּויליש ניטאָ; עס זייַנען יידישע מאַנוסקריפּטן[2].

---

[1] R. Centnerszwerowa. O języku Żydów w Polsce, na Litwie i Rusi. Szkic dziejowy. Warszawa 1907, p. 43.

אין דעם צווייטן באַנד פֿילאָלאָגישע שריפֿטן פֿון ייוו״א באַהאַנדלט ד״ר י. ווילער נאָך אַמאָל אין זיין אַרטיקל וועגן שורה־גריס די א״ג „סלאַווישע פּראָבלעם״ און פֿרעגט אָפּ די השערה וועגן אַ סלאַווישער אומגאַנגשפּראַך אויפֿן גרונט פֿון יידיש־לינגוויסטישע ראַיות.

[2] עס איז אינטערעסאַנט צו זען, אויף וויפֿיל די פֿאָרשונג פֿון יידיש איז אייגנטלעך

## 3

עס איז אַבסאָלוט ניט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי האָט דע־ראָסי, אַן אויסגעצייכנטער קענער פון העברעיִש און בכלל אַ מאַדים אויף שפּראַכן, געקענט האָבן אַזאַ ווילדן טעות: אָנצונעמען יידישע כּתבֿ־ידן פאַר פּוילישע. צי האָט ער, דער איטאַליענער, אפשר ניט געוואוסט, אַז עס איז דאָ אַ יידיש אויף דער וועלט? ניין, דאָס קען ניט געמאָלט זיין, וואָרים ער אַליין ברענגט דאָך אין דעם אייגענעם קאַטאַלאָג, אויף דערזעלביקער זייט, מיט 15 שורות פריער, צוויי „יידיש־דייטשע“ געשריפטסן! אפשר האָט ער געמיינט צו זאָגן, אַז דער שטייגער שרייבן, די אותיות פון די מאַנוסקריפּטן ווייזן אויס צו זיין כאַראַקטעריסטיש פאַר די פּוילישע יידן? נאָר עס שטייט דאָך ביי אים בפירוש: „איבערגעזעצט אויף פּויליש“!

לאָמיר אָפּלערנען דערפון אַן איבעריק מאָל, אַז מען טאָר זיך ניט פאַרלאָזן בלינד אויף אויטאָריטעטן.

אָבער ווי עס זאָל ניט זיין מיט דע־ראָסין — מיר האָבן דאָ צו טון ניט נאָר מיטן קוריאָז פון אַ פאַרבלאָנדזשעטן פאָרשער, נאָר אויך מיט אַ וויכטיקן פילאָלאָגישן און ליטעראַטור־היסטאָרישן פאַקט. די צאָל יידישע מאַנוסקריפּטן איז בכלל ניט איבעריקס גרויס (זי דערגרייכט הלוואַי ביז 200); און אַזעלכע, וואָס זאָלן שטאַמען פון אָנהייב 16טן י״ה און טראָגן אַ פעסטע דאַטע און אַן אָרט־באַצייכענונג, זיינען גאָר אַ מציאה פאַר דער יידישער פילאָלאָגיע. וועגן דעם „יידיש־דייטשן“ חומש און דער מגילת־אסתּר האַלט דע־ראָסי אַפילו, ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, אַז זיי שטאַמען פון פופצנטן יאָרהונדערט. ווען דאָס זאָל שטימען מיטן אמת, וואָלט די ווערדע פון די מאַנוסקריפּטן געווען נאָך גרעסער; אָבער עס דאַרף נאָך ערשט אויסגעפאָרשט ווערן, ווייל מיר האָבן דאָך געזען, ווי שטאַרק מען קען זיך פאַרלאָזן אויף דע־ראָסיס בקיאות.

נאָר וויכטיקער ווי אַלץ איז אָט וואָס: צווישן די 4 פאַרמער יידישע כּתבֿים (2 „יידיש־דייטשע“ און 2 „פּוילישע“) זיינען פאַראַן צוויי, אויף וועלכע עס שטייט פאַרצייכנט אויסדריקלעך, אַז זיי זיינען געשריבן געוואָרן אין מאַנטוע און ברעשיע. די ביידע שטעט ליגן אין צפון־איטאַליע. אַז יידן האָבן אין 16טן יאָרהונדערט אין צפון־איטאַליע גערעדט יידיש, אויף דעם האָבן מיר אַ סך ראַיות; נאָר דאָ אין דע־ראָסיס מאַנוסקריפּטן האָבן מיר אַ געלעגנהייט

---

נאָך אַלץ אַן ענין, וואָס איינער ווייסט ניט פון דעם אַנדערן. וואָרים כּמעט דעם גאַנצן כּוד האָט שוין געהאַט אויסגעזאָגט נאָך מיט יאָרן פריער שטיינשניידער (אמת, אויף זיין געווייגטלעכן קורץ־טרוקענעם שטייגער) אין זשורנאַל „סעראַפּעום“, 1869. — מיט אַ צוויי יאָר צוריק האָט פּראָפ׳ אַ. בריקנער איבעראַנייס אויפגעהויבן די פראַגע וועגן די „פּוילישע“ מאַנוסקריפּטן אין דעם קראָקעווער „Czas“ און ווידער איבערגעחזרט די „פּוילישע“ ווערסיע.

זיך צו באַקענען נעענטער מיט דעם איטאַליעניש יידיש, און עס איז פאַראַן אַ מיגלעכקייט צו דערגיין, צי האָט זיך דאָס לשון ביי אונדזערע אייבער־איטאַליענישע ברידער אונטערגעשיידט פון דעם לשון ביי די דייטשע און פּוי־לישע יידן אין יענער צייט. אויך פאַר אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע ליגט דאָ אָנגעגרייט אַ גערעטעניש; וואָרים עס געפינט זיך דאָ אין די פּאָר בענד אַ היפּשער ליטעראַרישער מאַטעריאַל, וואָס חזרט זיך ניט איבער אין ערגעץ. מיט איין וואָרט: ווער עס וועט זיך נעמען גרונטיק איבערקוקן, באַשרייבן און אויסטייטשן אָט די פאַרוואָגלטע שריפטן, דער וועט שאַפן אַן אויפטו לדורות פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך און פון דער יידישער לי־טעראַטור.

מיט דעם עטיוד מיינעם בין איך ניט אויסן אָפּצוטון די אַרבעט, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס איך האָב נאָר עטלעכע טעג געקענט האַלטן אין האַנט אָט די אַנטיקן. נאָר איך רעכן, אַז אַ קורצע באַשרייבונג און כאַראַקטעריסטיק פון די ווערק וועט אויך זיין אינטערעסאַנט, וואָרים דאָס איז נאָך אויך אין ערגעץ ניט געגעבן געוואָרן.

מיר וועלן אָנהייבן פון דעם ספר, וואָס דע־ראָסי רופט אָן „קאָדעקס יודעאָ־גערמאַניקוס נומער 1״ — אַ יידישע איבערזעצונג פון חומש מיט הפטורות, מגילת אסתר און שיר־השירים. ס'איז אַ גראָבער קוואַרט־באַנד, גע־שריבן אויף פּאַפּיר מיט אַן אייליקער, ניט קיין גלייכמעסיקער האַנט; און צום סוף פון דער הפטורה פון תשעה באָב איז פלוצלינג, פון העלער הויט, אַריינ־געשריבן אָט וואָס (איך ברענג דאָס אות באות מיט דעם זעלביקן אויסלייג ווי אין אָריגינאַל):

„סליק די הפטרה פון תשעה באב ליבי שוועשטר האב מיר ניט וור אוביל אוב איך דירש ניט וואל גשריבן האב אז די אנאנדר [!] הפטרה די דר וור שטין ווען איך האן איין בוזי האנט צו שרייבן און דרום האב מירש ניט וור אוביל״[1].

אויף אונדזער הייַנטיקן לשון וואָלט עס געהייסן: געענדיקט די הפטורה פון תשעה באָב. ליבע שוועסטער, האָב אויף מיר ניט קיין פאַריבל אויב איך האָב עס דיר ניט געשריבן גוט, ווי די אַנדערע הפטורות, וואָס שטייען פריער, וואָרים איך האָב אַ קראַנקע האַנט צו שרייבן, און דעריבער האָב אויף מיר ניט קיין פאַריבל״.

ס'אַרא תמימות עס שטעקט אין דעם שרייבער (אָדער דער שרייבערין?), וואָס נעמט אינמיטן דעם הייליקן טעקסט איבערבעטן דעם לייענער פאַרן שלעכטן כתב! היינט וואָס איז ווערט די ווענדונג: „ליבע שוועסטער!״ צי איז דער שרייבער פון חומש אַזוי זיכער, אַז קיין מאַנסביל וועט זיין כתב־יד אין

1 „וו״ באַטייט דאָ ניט w, נאָר f.

האַנט ניט נעמען? אפשר דאָס — און אפשר האָט ער געשריבן דאָס בוך ווי אַ מתּנה פאַר אַ באַשטימטער פרוי אָדער לויט אַ פעסטער באַשטעלונג.

4

דע-ראָסי ווייזט אָן, אַז דער חומש איז געשריבן געוואָרן נאָך אין 15טן י"ה. פון וואַנען דאָס איז געדרונגען שרייבט ער ניט; אויפן ספר גופא איז קיין שים דאַטע ניטאָ. קען זיין, אַז אַ ספּעציאַליסט אין יידישער שריפטקענטעניש וואָלט געקענט באַשטימען די צייט לויטן כאַראַקטעריסטישן צוק פון די אותיות; נאָר יעדנפאַלס איז קלאָר, אַז דער ספר איז זייער אַן אַלטער. דאָס זעט מען אַרויס פון דער שפּראַך באַלד אויפן ערשטן קוק. דער שאַרף פונם שווערד, וואָס דער מלאך האָט געהאַלטן פאַר די טויערן פון גן-עדן, הייסט דאָ „לאמיל דער שווערד"; „וואש" שטייט דאָ כסדר אָנשטאָט „וואָר" (איז געווען).

ווען מען באַקומט אין האַנט אַריין אַן אַלטן געשריבענעם חומש, דאַרף מען פריער פון אַלץ פרעגן: צי שטימט ער אפשר מיט איינער פון די געדרוקטע חומש-אויסגאַבעס, וואָס זיינען אונדז באַקאַנט? פון דער ערשטער העלפט פון 16טן י"ה זיינען פאַראַן צוויי פאַרשיידענע געדרוקטע יידישע תורה-איבערזעצונגען: ביידע זיינען אַרויס אין איין יאָר, 1544, איינע אין קאָנסטאַנץ און די אַנדערע אין אויגסבורג. עס האָט זיך גרייליך געקענט טרעפן, אַז עמעצער זאָל זיך אוועקזעצן פשוט איבערשרייבן פונעם געדרוקטן בוך. הייַנט קומט דאָס אויס ביי אונדז ווילד — אָבער מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז אין די ערשטע יאָרהונדערטער פון בוכדרוקעריי זייַנען ביכער געווען שרעקלעך טייער לויט די יעמאָלטיקע השגות; און פאַרקערט: צייט איז אין יענע יאָרן נאָך ניט געווען געלט[1]. אַזאַ מין איבערשרייבונג פון פאַרטיקע

1 ניט אַלעמאָל האָט דאָ טייערקייט אַליין געהאַט צו זאָגן. אָט איז פריער (ז' 71) געקומען צו רייד וועגן אַ כתב-יד פון שמואל-בוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן 1651, נאָך זעקס געדרוקטע אויפלאַגעס אין פאַרלויף פון העכער אַ יאָרהונדערט. דאָ האָט דער טעם פון איבערשרייבן געקאָנט זיין אַן אַנדערער: נאָך 1612 איז שוין דאָס ווערק ניט איבער-געדרוקט געוואָרן, און אין 1651, מיט 39 יאָר שפּעטער, איז שוין געוויס די לעצטע אויפ-לאַגע אויך געווען אַ יקר-המציאות. איז אויב איינער אַ ייד האָט זיך צופעליק באַקענט מיט דעם ווערק און ס'האָט געפונען אַ באַזונדערן חן אין זיינע אויגן, קאָן גאַנץ גוט געמאָלט זיין, אַז ער האָט זיך געזעצט איבערשרייבן דאָס בכדי אַליין צו האָבן אַ קאָפּיע פון דער גאַנצער פּאָעמע. אַ קולטורגעשיכטיקע פּאַראַלעלע: נאָך מיט אַ יאָר פינף און דרייסיק צוריק איז אין געוויסע קרייזן יוגנט אין די יידישע קליינשטעטלעך פון ליטע געווען אַ סימן פון ליטעראַרישער בילדונג איבערצושרייבן, כאַפּ איך אָן, דעם גאַנצן „התועה בדרכי החיים" פון דעם געדרוקטן עקזעמפּלאַר. — אויך אין פאַרגאַנגענע צייטן איז, אַזוי ווי הייַנט, געווען אַ מנהג ביי טייל מחברים ביזן אָפּדרוקן צו לאָזן קורסירן זייערע חיבורים אין מאַנוסקריפּט.

ספרים האָט פאַרשטייט זיך כּמעט קיין שום ממשות ניט פאַר דער וויסנשאַפט, סיידן דער קאָפּיסט האָט צוגעגעבן (במזיד אָדער בשוגג) עפּעס אייגנס.

דע־ראָסיס חומש, וועגן וועלכן מיר רעדן איצטער, איז ניט קיין קאָפּיע פון די געדרוקטע, און אויב ער איז עלטער ווי דער מיטן פון זעכצנטן י״ה קאָן דאָך ניט זיין אַנדערש.

אויב אַזוי דאַרף מען פרעגן אַ צווייטע זאַך. נאָך איידער די צוויי חומשים זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין 1544, און אַפילו איידער מען האָט בכלל אויסגעפונען די בוכדרוקעריי, האָבן שוין יידן אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן געטייטשט דעם תנ״ך אויף „טייטש״, ד״ה אויף אַלט־יידיש, און עס זיינען, צוזאַמען מיט די גלאָסעס און גלאָסאַרן, מסתמא אויך אומגעגאַנגען צווישן עולם גאַנצע געשריבענע פאַרטייטשונגען, סיי פאַר ווייבער און עם־הארצים, סיי פאַר די ווייניקער געניטע מלמדים. דעריבער לאָזט זיך גלייבן, אַז די צוויי אַרויסגעבער פון 1544 האָבן ניט געמאַכט קיין נייע איבערזעצונגען, נאָר זיי האָבן דערלאַנגט דעם זעצער פאַרטיקע עלטערע מאַנוסקריפּטן; אין דער אויגסבורגער אויסגאַבע זאָגט מען אונדז טאַקע אויס דעם סוד: „אויז איינם אלטן חומש בּוֹר לאנגן צייט גשריבן איצונד צו אוגספורגא גידרוקט״, און ענלעכס לייענען מיר אויך אין דער הקדמה צו דער קאָנסטאַנצער אויסגאַבע. דאָס איז געווען אי גרינגער, אי מער אָנגעלייגט ביים קונה: מען האָט געקענט געבן אַן איבערזעצונג, וואָס זאָל בעסער שטימען מיט דער מלמדישער טראַדיציע פון פאַרטייטשן. דעריבער דאַרף מען ביי אַן אַלטן חומש פון 15טן—16טן י״ה געוואויר ווערן: צי שטימט דאָס ניט אַמאָל[1] מיט דעם מאַנוסקריפּט לויט וועלכן מען האָט געזעצט דעם אויגסבורגער אָדער דעם קאָנסטאַנצער חומש?

דאָס ווייסן מיר ניט, מיר האָבן ניט יענע אָריגינאַלן.

אָבער אויב ס׳איז ניט וואָרט ביי וואָרט דער זעלביקער טעקסט, איז דאָס אפשר געגליכן צו איינער פון די צוויי אויסגאַבעס? דאָ האָבן מיר שוין מער מזל. די פאַרשיידענע געשריבענע חומשים וואָס מיר פאַרמאָגן זיינען נאָך ניט

---

[1] אַז עטינגערס איז קיין איין שורה ביי זיין לעבן ניט דערגאַנגען צום דרוקער־פּרעס איז באַוואוסט; דאָס אייגענע זיינען אַ סך אַנדערע השכּלה־ווערק געוואָרן פּאָפּולער פון מאַנוסקריפּטן; אָבער ענלעכס ווייסן מיר אויך פון דער עלטערער צייט. אַזוי שרייבט אַ שטייגער דער מחבר פון „קהלת יעקב״, אַ פּאַראַפראַזע פון חומש, יהושע און שופטים אין דער סטראָפע פון שמואל־בוך, פּירט 1692 / 1693 (איך ציטיר לויט דער צווייטער אויסגאַבע, פּראָג 1768) אין דער הקדמה: „דיא לייט דיא אין מיינה גשריבנה קונטרסים האבן טאָן לייאן [=לייענען]. הבין מיך זער גיבעטן איך זאל עז נאר גשווינד לאזן דרוקן דר מיט זיא זיך מיט דעם שינן ספר קענן פרייאן״.

אויסגעפּאָרשט ווי ס׳געהער צו זיין[1], אָבער דאָס קומט שוין אויס ביי מיר זי־כער, אַז צווישן די איבערזעצונגען איז פאַראַן אַ היפּשע ענלעכקייט. כאָטש טייל מלמדים האָבן מסתמא געהאַט אַן אַמביציע אויפצוטון „חידושים" ביים טייטשן, לאָזן זיך פונדעסטוועגן פעסטשטעלן געוויסע נוסחאות, „ליטעראַרישע שולעס". פאַראַן געוויסע גענג פון דער איבערזעצערשער טעכניק, וואָס גייען אַדורך דורך אַלע אונדזערע איבערזעצונגען; אַ שטייגער, די צוגעבונדנקייט צום העברעישן טעקסט, וואָס הייסט איבערזעצן „[ויהי ערב ויהי בקר] יום אחד" דווקא „טאָג איינער" אָדער „טאָג איין" און ניט „דער ערשטער טאָג", ווי מען וואָלט געדאַרפט זאָגן לויטן גייסט פון יידיש. פאַראַן אָבער אַנדערע אייגנטימלעכקייטן, וואָס מיר געפינען נאָר אין אַ טייל איבערזעצונגען.

דע־ראָסי האָט אויך געפּרוּווט צוגלייכן דעם פּאַרמער „יידיש־טייטשן" חומש צו צוויי געדרוקטע אויסגאַבעס. וועגן דער אויגסבורגער פון 1544 האָט ער ניט געוואוסט, נאָר ער געהאַט אין האַנט, אַחוץ דער קאָנסטאַנצער אי־בערזעצונג, נאָך אַן אויסגאַבע פון קרעמאָנע 1560; דאָס איז אַ געבע־סערטע אויפלאַגע פון דער אויגסבורגער. ביי דע־ראָסין איז אויסגעקומען, אַז זיין געשריבענער חומש איז מער נאָענט צום קרעמאָנער דרוק. נאָר פאַראַן ווידער אַנדערע פּרטים, וואו זיין עקזעמפּלאַר גייט זיך גאָר מיט אַן אייגענעם וועג; אַ שטייגער „רוח אלהים" ווערט איבערגעזעצט אין דער קרעמאָנער אויסגאַבע „ווינט גאָטס" און דאָ אין זיין מאַנוסקריפּט שטייט „נבואה גאָטס".

5

דע־ראָסי איז גערעכט, אַז אין אַלגעמיין איז דער פּאַרמער כתב־יד פון חומש מער געגליכן צו דער קרעמאָנער איבערזעצונג („די נבואה" איז גראָד פאַראַן אַלס אַ „יש אומרים" אין דער קאָנסטאַנצער ביבל). פאַראַן אָבער אַ יידישע ביבל, וואָס איז נאָך נעענטער צו דע־ראָסיס מאַנוסקריפּט, איידער דער קרעמאָנער טעקסט. דאָס איז אַן אַנאָנימער כתב־יד (דע־ראָסי האָט אים ניט געקענט), וואָס געפינט זיך היינט אין דער פּרייסישער מלוכה־ביבליאָטעק אין בערלין אונטערן נומער Or. Qu. 691.

ס׳איז אַ גראָבער באַנד מיט געלע פלעקן פון אַלטקייט, נאָר קיין שום דאַטע איז אויף דער איבערזעצונג ניטאָ; דער פאָרזיכטיקער שטיינשניידער האָט אין זיין קאַטאַלאָג פון די בערלינער כתבי־ידן געשריבן „XVI יאָרהונ־דערט", נאָר באַלד צוגעשטעלט דערביי אַ פראַגעצייכן.

---

1 נאָכדעם ווי דער עטיוד איז געשריבן געוואָרן (1922) האָט נ. שטיף געגעבן א־ן „צוקונפט" (ניו־יאָרק) 1924, IX, ז׳ 568—573 אַן אַרטיקל: „דער טייטש־חומש", וואו ער אַנאַליזירט די פאַרשיידענע יידישע חומשים און שילדערט אויך אין אַלגעמיין זייער נוסח און גייסט. נ. שטיף אַרבעט אויך שוין פון אַ ריי יאָרן אויף אַ סיסטעמאַטישן פאַרגלייך פון די פאַרשיידענע תנ״ך־איבערזעצונגען אונדזערע.

גראָד איז אין דער בערלינער איבערזעצונג אַרויסגעריסן די ערשטע זייט, ווייסן מיר ניט, צי איז דאָרט געשטאַנען „ווינט גאָטס“ אָדער „נבואה גאָטס“, „בישוף“ אָדער „האָט באַשאַפן“. נאָר לאָמיר נעמען אַן אַנדער כאַראַקטעריסטישן אָרט פון חומש, אַ שטייגער די „עשרת הדברות“ פון שמות כ׳, וועלן מיר שוין זען דעם אונטערשייד צווישן די צוויי געשריבענע חומשים פון איין זייט — און דער קאָנסטאַנצער אויסגאַבע פון דער צווייטער זייט. בכדי עס זאָל ניט זיין אַזוי האַרב פאַרן לייענער, וועל איך שרייבן וואָרט ביי וואָרט ווי זיי שטייען דאָרטן, אָבער ווי וויט מעגלעך מיט אונדזער הייַנטיקן אויסלייג.

אין דער קאָנסטאַנצער אויסגאַבע שטייט: „אל די וואָרט די דאָזיקן צו זאָגן“; יענע צוויי חומשים האָבן: „אל די רייד די דיז צו זאָגן“.

קאָנסטאַנץ האָט: „פאָר מיינעם אָנגעזיכט“, „גאָט איין רעכער“, „טו גענאָד צו טויזנטן צו מיינען ליבהאָבער“; יענע צוויי ברענגען ביידע גלייך: „די וייל [ד״ה כל־זמן, בעת] איך בין“, „גאָט איין רעכטהאפטיקער“, „טוט גענאָד צו צווייי טויזנט צו מיין פריינדן“. „על כן“ איז איבערגעזעצט אין דער קאָנסטאַנצער אויסגאַבע „דארום“; יענע צוויי זייַנען אַזוי נאַיִוו, אַז זיי ווילן דאָ אויך בלייבן געטריי דעם העברעיִשן טעקסט, און איין איבערזעצער שרייבט „אום אזוי“, דער אַנדערער אַפילו „אויף אזוי“.

דאָס ווייזט שוין אָן אויף אַ געוויסער שותּפישער טראַדיציע פון טייטשן דעם חומש ביי די מחברים פון די צוויי כּתב־ידן (פאַראַן באַגעגענישן צווישן איטלעכן פון די צוויי כּתב־ידן מיטן קאָנסטאַנצער טעקסט אויך, נאָר אַ סך זעלטענער). אָבער נאָך אַ סך וויכטיקער זייַנען געוויסע שפּראַכיקע סימנים, וואָס לערנען אונדז, אַז אונדזערע צוויי געשריבענע חומשים שטאַמען ביידע פון איין געגנט, און גראָד פון אַן אַנדער געגנט ווי די קאָנסטאַנצער אויסגאַבע. זאָלן זיין גענוג צוויי ביישפּילן. די ביידע געשריבענע חומשים האָבן „מייד“ (אונדזער הייַנטיקע „מויד“, „מאַד“), און קאָנסטאַנץ שרייבט „מאַגד“. קאָנסטאַנץ שרייבט „דען“, אונדזערע צוויי כּתב־ידן האָבן אָנשטאָט דעם בסדר „ווען“[1].

איך וויל ניט מאַכן קיין ברייטע אויספירן אויף צו אַ שמאָלן באַזיס, באָר דער טעזיס, דוכט מיר, איז באַרעכטיקט: אַז ביידע געשריבענע חומשים באַלאַנגען צו אַן אַנדער דיאַלעקטישן קרייז איידער דער געדרוקטער קאָנסטאַנצער חומש (דעם אויגסבורגער חומש פון 1544 האָב איך גראָד ניט ביי דער האַנט, וויל איך וועגן אים קיין זאַך ניט זאָגן).

אָט אַזוי עפנט זיך אויף אַ פענסטערל אין דער אָפּגעשטאָרבענער פאַרגאַנגענהייט אַריין, און עס פאַלט אַ בינטל שטראַלן אויף דער גאַנצער גע-

---

1 פגל׳ איצט צו דער ווען־דען־פּראָבלעם נ. שטיפס טיפּגרייכיקע אַרבעט: „ווען־דען“, לאַנדויבוך ז׳ 95—128.

שיכטע פון אונדזער עלטערער שפּראַך און ליטעראַטור. מען קען דאָ געפינען אַ מטמון מיט סורפּריזן. פריער פון אַלץ וואָלט מען געדאַרפט צוגלייכן דעם פּאַרמער מאַנוסקריפּט צום קרעמאָנער דרוק, און טון דאַרף מען דאָס אַ סך גענויער, איידער דע־ראָסי האָט געקענט און געהאַט חשק. ווארים קרעמאָנע ליגט דאָך אויך אין צפון־איטאַליע; הייסט עס, אַז דאָ האָט זיך אויך געקענט אָפּשפּיגלען דאָס איטאַליענישע יידיש. אָבער די אויגסבורגער אויסגאַבע, וואָס פון איר איז גענומען געוואָרן די קרעמאָנער, איז אויך ווערט, מען זאָל זאָל זי גאַנץ גענוי אויספאָרשן צוליב אונדזער ענין: ווייל כאָטש אויגסבורג איז אין דייטשלאַנד און כאָטש דער קרעמאָנער „רעדאַקטאָר" יהודה לייב בר' משה נפתלי ב ר ע ש שרייבט, אַז ער האָט ניט גערוט ניט טאָג און ניט נאַכט, ביז וואַנען ער האָט איבערגעקוקט די אויגסבורגער אויסגאַבע און אָפּגערייניקט זי פון אַלע גרייזן, קען אָבער דער אויגסבורגער דרוק האָבן אַן אַנדער מעלה. עס איז זייער מיגלעך, אַז יענער „אַלטער געשריבענער חומש", פון וועלכן מען האָט אין 1544 אָפּגעדרוקט דעם אויגסבורגער ספר, זאָל אויך שטאַמען פון איטאַליע. ווארים דער משומד פּוילוס עמיליוס, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם אויגסבורגער חומש, האָט גראָד מיט אַ יאָר פריער געהאַט געמאַכט אַ רייזע קיין איטאַליע, און פון דאָרטן האָט ער געקענט ברענגען אַן אַלטן יידישן מאַנוסקריפּט. אַזוי זיינען קיין ראַיות אויף דעם ניטאָ, נאָר ש פּ ר אַ כ י ק לאָזט זיך דאָס אפשר דערווייזן.

אָט אַזוי קייטלען זיך די פאַקטן, און וואו מען רירט זיך נאָר צו צו זיי, ווערט מען געוואויר אַ נייס.

## 6

ענלעכע פראַגעס: וועגן איבערזעצער, וועגן איבערשרייבער, וועגן פאַרשיידענע וואַריאַנטן אאַז"וו דאַרף מען פרעגן וועגן אַ צווייטן מאַנוסקריפּט, וואָס געפינט זיך אין פּאַרמע — וועגן דעם ת ה י ל י ם. אויף דעם חיבור גופא שטייט אָנגעשריבן אַז „כא מרחשון רעא לפ"ק", ד"ה 1511, האָט מ ש ה ב ר מ ר ד כ י ב ר ל א ג (?) פאַרענדיקט דעם ספר אין דער שטאָט ברישה (ברעשיע). דעם זעלביקן משהן וועלן מיר באַלד געפינען אַ צווייטן מאָל אין די פּאַרמער מאַניסקריפּטן, נאָר ווען מען זאָל ניט רעכענען דאָס, ווייסן מיר וועגן אים גאָרנישט. צי האָט ער אַליין איבערגעזעצט דעם תהילים, צי האָט ער אים נאָר איבערגעשריבן? און אויב איבערגעשריבן, טאָ פון וואַנען? דער ערשטער יידישער תהילים, וואָס איז ג ע ד ר ו ק ט געוואָרן, איז געווען די איבערזעצונג פון ר' אליה לוי (אליה בחור), ווענעציע 1545; נאָר געשריבענע תהילימס זיינען פאַראַן שוין פון עלטערע צייטן, למשל דער שוין עטלעכע מאָל דערמאָנטער בערלינער כתב־יד פון 1490. צי איז אפשר דער פּאַרמער כתב־יד אידענטיש מיט איינעם פון יענע תהילימס?

שטיינשניידער, וואָס האָט די פּאַרמער מאַנוסקריפּטן אַליין ניט געהאַט

געזען, האָט געפּסקנט[1] אויפן סמך פון דע־ראָסיס נאָטיץ, אַז דער פּאַרמער תּהילים שטימט ווערטלעך מיט ר׳ אליה בחורס איבערזעצונג. איי יענער איז אַרויס פון דרוק ערשט מיט 34 יאָר שפּעטער, טאָ ווי אַזוי האָט דער משה בר מרדכי זי געקענט איבערשרייבן? דערויף זיינען מיגלעך צוויי סברות, און שטיינשניידער לייגט טאַקע פאָר אַלע ביידע. ערשטנס איז מיגלעך, אַז ר׳ אליה (ער האָט געלעבט פון 1469 ביז 1549) האָט געמאַכט זיין איבערזעצונג אַ סך פריער, און זי איז אין משך פון לאַנגע יאָרן געגאַנגען איבער די הענט אַלס געשריבענע; צווייטנס קען געמאָלט זיין, אַז ר׳ אליה זאָל אַליין האָבן אָפּגעדרוקט אונטער זיין נאָמען אַ פרעמדע איבערזעצונג[2].

מיר וואָלטן געקענט אָפּוועגן, וועלכע השערה עס איז מער גלייבווערדיק, אויב עס וואָלט געווען איין קלייניקייט: אויב דער פּאַרמער תּהילים וואָלט באמת געשטימט מיט דער ווענעציאַנער אויסגאַבע פון 1545. נאָר עס הייבט גאָרניט אָן צו שטימען.

ר׳ אליהס איבערזעצונג צייכנט זיך אויס מיט דעם, וואָס זי טייטשט וואָרט פאַר וואָרט; זיין אַרויסגעבער, קאָרנעליאָ אַדעלקינד, שרייבט טאַקע אין דער הקדמה, אַז ער האָט אָפּגעמאַכט מיט ר׳ אליהן, ער זאָל אים טייטשן עטלעכע ספרים, און קודם כל דעם תּהילים „נאָך דעם דיקדוק". מיט דעם זעלביקן גאַנג גייט דער בערלינער תּהילים פון 1490 אויך. דער אָנהייב פון קאַפּיטל כג׳ פון תּהילים אַ שטייגער זעט אויס אין דעם בערלינער מאַנו־סקריפּט אַזוי:

„גוט [=גאָט] מיין שפייזר ניט איך ווערד גיברעכן. אין וואונג גרש [=גראָז] ער זול טון רואן מיך אויף וושר [=וואַסער] רואונג ער זול בוירן [=פירן] מיך".

ביי אליהו בחורן שטייט גאַנץ ענלעך:

„גוט איז מיין הירט ניט איך ווער גיברעכין אין וואונג דש גראז ער מאכט הויארן [=הויערן] מיך אויף וואשר רואונג ער בורט [=פירט] מיך".

---

1 יידליט נומ׳ 429.

2 און אויף דעם סמך איז אַפילו רעכט ביי שטיינשניידערן צוריק צו עפּענען אַ שפּעל־טעלע פאַר דער „טעאָריע", וואָס ער אַליין האָט צעשטערט, אַז אליה בחור זאָל האָבן געהאַט וועלכע עס איז שייכות צו דער קאָנסטאַנצער חומש־איבערזעצונג פון 1544. געדרוקט דעם קאָנסטאַנצער חומש, זאָגט ש״ש, האָבן טאַקע צוויי קריסטן (איינער אַ געבוירענער, פּוילוס פאַגיוס, און איינער אַ משומד, מיכאַעל אַדאַם); נאָר אויב אליה בחורס מאַנוסקריפּטן האָבן געהאַט אַ טבע צו וואַנדערן פון האַנט צו האַנט, האָט אויך געקענט טרעפן, אַז צו די צוויי „פּאַרלע־גער" איז אַריינגעפאַלן גראָד ר׳ אליהס מאַנוסקריפּט, און זיי האָבן אים אָפּגעדרוקט. זע וועגן דעם „שטאַפּלען" ז׳ 77 און 97 א״וו; אויך ב. שטיפּס „טייטש־חומש" און „ווען—דען".

אויך דער פּאַרמער תהילים גייט זיך ניט שטאַרק פונאַנדער אין די פסוקים:

„גוט מיין שפּייזר ניט מיר גבריכט. אין וואונונג דש גראז ער זול טון רואן מיך אונ׳ אוייף וואשר ראונג [=רואונג] ער זול בוֹרן [=פירן] מיך”.

אָבער די פּאָר שורות פון פּאַרמער כתב־יד זיינען ניט קיין טיפּישע. דער גרויסער אונטערשייד צווישן דע־ראָסיס תהילים און יענע צוויי באַשטייט אין דעם, וואָס ער גיט ניט קיין ווערטלעכע איבערזעצונג. זייער אָפּט רייסן זיך אַריין פירושים און פשטלעך; אין יענעביידע תהילימס איז דאָס ניטאָ. אָט אין דעם זעלביקן קאַפּ׳ כג אַ פּאָר פסוקים ווייטער, שטייט אין דער בערלינער איבערזעצונג: „דיין רוט אונ׳ שטאפּ זי זולן בוירן [=פירן] מיך”. ר׳ אליה שרייבט אויך אַזוי: „דיין רוט אונ׳ דיין שטאב זי טרושטן מיך”. משה בר מרדכי פון דעם פּאַרמער מאַנוסקריפּט פאַרגינט זיך אָבער אויסצוטייטשן דעם פסוק אַזוי: „דיין גוואלט אונ׳ דיין אונטר לייגונג פירוש דיין יסורין די דו מיר אן טושט אונ׳ דש צו מיך דען [דערנאָך] אונטער לייבשט זיא זולן טרושטן מיך”.

און אין דעם קאַפּיטל מה׳, וואו ר׳ משה האָט זיך ניט געקאָנט פאָר־שטעלן, אַז דער פרומער דוד המלך זאָל טאַקע האָבן אין זינען אַן אמתן קי־ניג און אמתע גשמיותדיקע פרויען, גייט ער נאָך ווייטער אין זיינע פירושים (איך שרייב דאָ מיט דעם היינטיקן אויסלייג): „געזאַנג ליבשאַפט, עס ווידמעט מיין הארץ אין דער תורה די דאָ הייסט דבר טוב; זאָג מיין ווערק צו איינעם תלמיד חכם דער דאָ הייס[!] איין מלך... דו תלמיד חכם, דו ביסט שענער מער ווען קינדער דעם מענטשן... שיינהייט דאָס איז די תורה, דאָר־מיט באַגליק, רייט אויף דער וואָרהייט... דיינע יונגע תלמיד חכמים[1], די דאָ זיין געגליכן צו דעם פיילן די געשערפטן, זיי שיסן אין הערץ פייגד דעס קיניג מיט דעם זעלביקן זכות פון דער תורה... זי שטייט, די קיניגן, צו דיי־נער רעכט האָנט מיט זאַמלונג ניס פון אופיר. האָר, כנסת ישראל, און זיך דען גוטן וועג און נייג דיינע אָרן צו דער תורה און פאַרגעס דיין פאָלק, די אומות העולם [!], און הויז דיינס פאָטער תרח דער דינט דער עבודה זרה, דען זאָלטו לאָזן...”

אַזוי גייט דאָס ווייטער, אין דעם קאַפּיטל און אין אַנדערע. חוץ אַלע זאַכן, וואָס זיינען שייך צום אינטערעסאַנטן מאַנוסקריפּט, וואָלט נאָך געלוינט אויפצוזוכן, פון וואַנען האָט ר׳ משה גענומען זיינע פירושים; ווייל עס בייט אַפילו ניט דעם עיקר, אָבער פאַר דער גאַנצער פּערזענלעכקייט פון אַ יידישן

---

[1] אַזוי שטייט אין אָריגינאַל, בהסכם מיט אונדזער היינטיקער יידישער אויסשפּראַך. וועגן דער יידישיזירונג פון העברעיש און פון די העברעישע עלעמענטן אין יידיש זע „שטאַפּ־לען” ז׳ 83.

שרייבער פון יענער צייט איז וויכטיק צו זען, אויף וויפל ער איז געווען באַ־האַוונט אין די הייליקע ספרים.

## 7

צוזאַמען מיט דעם תהילים איז איינגעבונדן אַ צווייטער כּתב־יד, וועגן וועלכן דע־ראָסי האָט נאָר געוואוסט צו זאָגן: „אַ צווייטער פּוילישער מאַנו־סקריפּט, אָן אַ נאָמען און אָן אַ מחבר; עס שטייט, אַז ער איז פאַרענדיקט געוואָרן אין מאָנטוע י״ג סיון דעם זעלביקן יאָר״.

אַ פרישער גרייז! בעענטער צום סוף פון אָט דעם „פוילישן״ מאַנו־סקריפּט שטייט אַן עצה, אַז מען זאָל אויפשטיין פרי: „אלזו שפריכט דער טיכטר [=דיכטער] דער דען שפרוך גימכט [=געמאַכט] האָט משה אישט עש [ער] גיבנט [=געגאַנט]״, און אַזוי ווי עס איז לויטן אויסזען געשריבן מיטן זעלביקן כּתב ווי דער תהילים, מעגן מיר אָננעמען פאַר זיכער, אַז אָט דער „דיכטער״ איז דער זעלביקער משה בר מרדכי, מיט וועלכן מיר האָבן זיך באַקענט אַ ביסעלע פריער.

ער ווייזט זיך דאָ טאַקע אַרויס אַלס „דיכטער״ אין דעם זינען, וואָס ער האָט דאָ געגעבן ניט קיין פּראָזע נאָר „פּאָעזיע״, ד״ה גראַמען. ס׳איז אַ פּאָעמע, וואָס דערציילט אין פערזן (דער משקל און די מאַניר זיינען אונדז שוין באַקאַנט), אָנהייבנדיק פון משה רבינוס טויט, דעם גאַנצן אינהאַלט פון ספר יהושע און ספר שופטים.

אָט זיינען די ערשטע פּאָר סטראָפעס, וואָס איך שרייב ווידער איבער, פון דעם לייענערס טובה וועגן, אויך מיט דעם הייַנטיקן אויסלייג:

| | |
|---|---|
| װאלט איר נון צו הורין | איך וויל אויך וואונדר ייעהן׳ |
| ווש משה רבינו | אישט גשעהן׳ |
| נון מוגיט איר בייא שפיל נעמן | בייא דעם הייליגן מן׳ |
| דש נימט ווידר גוֹט | הופרט טרייבן קאן: |
| וואָלט איר נון צו־הערן | איך וויל אייך וואונדער יעהען[1] |
| וואָס משה רבינו | איז געשען. |
| נון מאָגעט איר ביישפּיל נעמען | ביי דעם הייליקן מאַן, |
| דאָס נימאַט[2] ווידער[3] גאָט | האָפערט[4] טרייבן קאָן. |
| משה רבינו ז״ל דער ווש הייליג | אונ׳ ווש מן קוניג רייך׳ |
| אין דער נבואה אונ׳ אין לובא גוֹט | פאנט מן ניט זיין גלייך׳ |
| ער ווש איין קוניג אובר וואלקא גוֹט | אונ׳ אובר אל זיין היר׳ |

זיין וואונדר קאן איך אויך ניט דער צילן זי זינט וויל זער:

---

[1] זאָגן, דערציילן. [2] =נימאַט (נה״ד niemand)—קיינער ניט. [3] קעגן. [4] גאווה.

משה רבינו ז״ל דער וואס הייליג
אין דער נבואה און אין לאָב גאָט
ער וואס איין קיניג איבער פאָלק גאָט
זיין וואונדער קען איך אייך ניט דערציילן,
און וואוס מאן קיניגרייך[1],
פאנט[2] מען ניט זיין גלייך.
און א־בער אל זיין הער[3],
זיי זינט[4] פיל זער.

ער טעט אזו וויל צייכן אונ׳ וואונדר
דש קיין נביא אוייף ערדא
זיין וואונדר ווערן וויל בון צו שרייבן
ער לעבט הונדרט
מיט גוטיש גוואלט׳
ווש זו גרוש גצאלט׳
דש זאג איך אייך בוֹר וואר׳
אונ׳ צווייציק יואר:

ער טעט אזאָ פיל צייכן און וואונדער
דאָס קיין נביא אויף ערד
זיין וואונדער ווערן[7] פיל פון צו שרייבן,
ער לעבט הונדערט
מיט גאָטעס געוואלט,
וואס זאָ גראָס[5] געצאלט.[6]
דאָס זאָג איך אייך פארוואָר,
און צוואָנציק יאָר.

דו זיין צייט קאם צו שטערבן
נון מ׳גיט איר גערן הורן׳
ער שפרך [ליבר הער גוֹט] ווער זול מיין
וואלק ישראל אין דש הייליג לאנד פויירן׳
ווען איך בין גשטורבן
זוא ווערט מיין ישראל גין
אונ׳ הון דען טוט גליטן
אז איין שאף און הירטן:

דאָ זיין צייט קאם[8] צו שטערבן,
נון מעגט איר גערן האָרן,
ער שפראך: [ליבער הער גאָט][9] ווער זאָל מיין פאָלק ישראל אין דאָס הייליק לאנד פאָרן[10]?
ווען איך בין געשטאָרבן
זאָ ווערט מיין ישראל גיין
און האָן[11] דען טאָט געליטן,
אז איין שאף אָן הירטן.

(ליבר היר גוֹט) איך וויל דיך נון ביטן
אום ווילן וואלק דש הייליג
אונ׳ לוש מיך זיא וואורין
אז דו דען אבות הושט גשווארן
דש דו מיך לעבן לושט׳
דש דוא אוייף ערדא הושט׳
אין דש הייליג לאנט׳
דש טוא מיר אויך בקאנט:

---

[1] א קיניגלעכער מאַן. [2] האָט מען געפונען. [3] חיל. [4] זיינען. [5] גרויס [6] גערימט.
[7] וואָלטן געווען. [8] איז געקומען.

[9] די ווערטער „ליבער הער גאָט״ דאָ און אין דער וויטערדיקער סטראָפע פארשווערן דעם ריטם; זיי זיינען צוגעגעבן פון פרומקייט וועגן. דאָס איז אפשר א ראיה, אז מיר האָבן דאָ צו טון מיט א ק אָ פּ י ר ט ן טעקסט.

[10] אין מיטלדייטש זיינען פאראַן די פאָרמען: hôren=הערן און vôren=פירן; הייסט עס, דאָ קאָן זיין א קאָרעקטער („ריינער״) גראַם.

[11] האָב.

(ליבער הער גאָט,) איך וויל דיך נון בעטן   דאָס דו מיך לעבן לאָזט,
אום ווילן פאָלק דאָס הייליק   דאָס דו אויף ערד האָסט;
און לאָז מיך זיי פירן   אין דאָס הייליק לאנד,
אז דו דען אָבות האָסט געשוואָרן,   דאָס טו מיר אויך באקאנט.

דא שפרך גוֹט דער הערי   דש מאג ניט גיזיין׳
דו הושט בוֹר זוגט   אונ׳ אהרן דער ברודר זיין׳
איר זול[ט] מיך הון גהייליגט   בייא דעם וועלזן גרוש׳
בייא דען גרושן צייכן   דוש[!] וואשר אוייש דעם וועלזן שוש:

דאָ שפראך גאָט דער הערע[1]:   דאָס מאָג[2] ניט געזיין[3],
דו האָסט פאַרזינדט   און אהרון דער ברודער דיין;
איר זאָלט מיך האָן[4] געהייליקט   ביי דעם פעלזן גראָס[5],
ביי דען גראָסן צייכן   דאָס וואַסער אויס דעם פעלזן שאָס[6];

איך היש אויך צו דעם וועלזן   רידן אונ׳ הופשליך זאגאן׳
דש ער דעם וואלק זול וואשר געבן   דוווארט [איר] אין שלאגין׳
דרום מושט איר אלהיא שטערבן   דש זאג איך דיר בוֹר ווארי׳
דש דען ירדן וועךט איר ניט אובר ווארן   מיט דיזר הייליגן שארן:

איך היס[7] אייך צו דעם פעלזן   רעדן און היפשלעך[8] זאָגן,
דאָס ער דעם פאָלק זאָל וואסער געבן;   דאָ וואָרט [איר] אין שלדגן.
דרום מוזט איר אלהי[9] שטערבן,   דאָס זאָג איך דיר פאָרוואָר,
דאָס דען ירדן וועךט איר ניט איבערפאָרן   מיט דיזער הייליקן שאָרן[10].

משה שטאַרבט, און זיין קיניגרייך ווערט אַוועקגעגעבן צו יהושע, ווייל ער איז אַ תּלמיד־חכם:

„די בוכר הט ער וואל גלעזן; דען וואלט גוֹט בוֹר איין קוניג הון".

גאָט רעדט צו יהושע און זאָגט:

אונ׳ ציך צו דעם לאנט ארץ ישראל   דש אָיך דיר וויל געבן׳
אונ׳ אל דיא שטעט דיא איך הון
בוֹר היישן   בייא משה רבינו לעבן׳
בוֹן דער וואושטנייא דען גרושן   ביש אן דען באך פְּרָת
אל דש לאנט דער חיתי   וועךט איר אוייף היבן אייאר מַס:

---

[1] האַר. [2] קען. [3] זיין. [4] האָבן. [5] גרויס. [6] האָט געגעבן אַ שאָס אַרויס. [7] האָט געהייסן. [8] איידל. [9] דאָ. [10] מחנה.

ציך[1] צו דעם לאנד ארץ ישראל
און אל די שטעט, די איך האָן[2] פאָרהייסן[3]
פון דער וויסטעניי דען גראָסן
אל דאָס לאנד דער חיתי
דאָס איך דיר וויל געבן,
ביי משה רבינו לעבן,
ביז אָן דען באָך[4] פּרת.
ווערט איר אויפהייבן אייער מס.

ענדיקן ענדיקט זיך דער ספר יהושע מיט אַ המצאהלע:

אלעזר דער כהן
מאן בגרוב אין אז מן אנדרן
דש בוך הוט איין [ענד]
עש אישט צייט
דער מושט אויך שלופין גון.
צדיקים הוט גיטון'
נון מוש איך דער בון לון'
דש איך זול שלופין גון: סליק:

אלעזר דער כהן
מען באגרוב אין[6] אז מען אנדערן
דאָס בוך האָט איין [ענד],
עס איז צייט
דער מוזט אויך שלאָפן גאָן[5],
צדיקים האָט געטאָן.
נון מוז איך דערפון לאָן[7],
דאָס איך זאָל שלאָפן גאָן. סליק.

ס'איז אַ וואָרטשפּיל, וואָס דער מחבר פאַרגינט זיך דאָ: אלעזר דעם כהנס „שלאָפן גיין" מיינט אַ שלאָף ביז תחית־המתים; זיין אייגן שלאָפן גיין איז טאַקע נאָר אויף דער נאַכט, וואָרים מיט אַ זייט שפּעטער הייבט זיך שוין אָן דער ספר שופטים, וואָס באַשרייבט אַלצדינג מיט דער זעלבער באריכות־דיקייט און לאָזט זיך אויס מיט דעם ווי אַזוי דער שבט בנימין האָט געבראַכט די „פּולצלס"[8] קיין שילה: „דאָס בוך דאָס האָט איין ענדע [„ענדי"], גאָט געב אונז פיל גוטער יאָר. אָמן סלה"[9].

---

[1] צי. [2] האָב. [3] צוגעזאָגט. [4] טייך. [5] שלאָפן גיין, אייפעמיזם פאַר שטאַרבן. [6] האָט אים באַגראָבן. [7] לאָזן: „לאָזן דערפון" — אויפהערן עפּעס. [8] יונגפרויען, מיידלעך.

[9] דערנאָך גייען דאָ עטלעכע שורות אין פּערזן, שטאַרק אומפאַרשטענדלעך געשריבן, וואו דער מחבר רופט זיך אָן „משה הונט" און דערציילט, אַז ער האָט דאָס געשריבן „וואל גוייציהן [=גייגצן] מונט [=מאָנאַט] נאָך דעם שאק. בע"ה צו ברישה הוט מן אונש אוביל טרטערט [=טרעטירט]". פּראָכאָוו, וואָס ברענגט משה הונטס גאַנצע צושריפט אין באַסינס אַנ־טאָלאָגיע I, הערות, ז' VII, טייטשט „שאָק" — ערדציטערניש. אין דער אמתן דאַרף דאָס באַ־טייטן: אומרוען, אויפגעלאַף, פּאָגראָם. לויט JE III ז' 371 זיינען די יידן פון ברעשיע אין דער קורצער צייט פון דער פראַנצויזישער הערשאַפט (1512—1509) באַראַבעוועט און דער־נאָך אַרויסגעטריבן געוואָרן. היות דער כתב־יד איז געענדיקט יג סיון רע"א, קומט אויס, אַז דער פּאָגראָם איז געווען (מיט 19 מאָנאַטן פריער) כסלו אָדער טבת רס"ט, ד"ה ווינטער 1510—1509. עס איז מיגלעך, אַז דאָס איז דער איינציקער אָנשפּאַר פאַר אַ גענויער דאַטי־רונג פון דעם ברעשיער חורבן.

*

אָט די ביבלישע פּאָעמע, וואָס איז רייך אין שיינע ערטער, פּירט אונדז ווידער אַמאָל אַריין אין די רעכטע געדיכטע פון אַ גאַנצער עלטערער ליטעראַטור־געשיכטע.

מען זעט אויפן ערשטן בליק, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ פּאָעמע „בניגון שמואל־בוך", אויף געדרוקטע אויסגאַבעס פון אַזוינע געגראַמטע פּאָעמעס (מיר קענען באַארבעטונגען פון מלכים, יהושע, יונה און אאז"וו) פלעגט דער אַרויסגעבער אַוועקשטעלן באַלד אויפן שער־בלאַט: „בניגון שמואל־בוך", און דאָס איז שוין געווען אַ רעקאָמענדאַציע פאַרן לייענער; עס האָט אים דערמאָנט אַ היימישע גוט־באַקאַנטע זאַך, און מען פלעגט דאָס קויפן מיט גרויס חשק. איז צו די פאַרשיידענע ביבלישע פּאָעמעס, וואָס זיינען שוין באַוואוסט (דאָס הייסט ניט, אַז מען קען זיי, נאָר זיי זיינען כאָטש פאַררעגיסטרירט) דאַרף מען נאָך צורעכענען אָט דאָס מאַנטוער ווערק 1511; און צווישן די מחברים (אָדער איבערשרייבער, ווער קען דאָרטן וויסן אַ טאָלק אין יענע צייטן, וואו דער באַגריף וועגן „ליטעראַרישן אייגנס" האָט זיך נאָך ניט גע־האַט אויסגעפורעמט) פון דער עלטערער ליטעראַטור דאַרף אויך פאַררעכנט ווערן אָט דער משה בר מרדכי, וואָס האָט איבערגעלאָזן אַזעלכע חשובע שריפטן, ווי דעם תהילים אין פּראָזע און דעם יהושע און שופטים אין פערזן[1].

## 8

דער צווייטער „פּוילישער" ספר, וואָס איז געבליבן פון דע־ראָסין אין דער פּאַרמער ביבליאָטעק, איז אונטערגעשריבן „אני הסופר אברהם בר אליהו". ווייטער אַ גאַנץ אינטערעסאַנטער פּאַרשוין, וואָס פאַרדינט אויך צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אין אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע, ווייל אויב מען זאָל אַפילו צווייפלען, צי ער איז טאַקע דער פ א ר פ א ס ע ר פון דעם בוך (איך זע ניט דער־ווייל קיין ראַיות ניט פאַר און ניט קעגן), האָט ער יעדנפאַלס א ו י ס ג ע ה י ט פאַר אונדז אַזעלכע וויכטיקע זאַכן, און דאָס איז שוין אויך אַ גרויסער פאַרדינסט.

דער מאַנוסקריפּט הייבט זיך אָן מיט אַ געגראַמטער איבערזעצונג פון

---

[1] אין 1564 איז אין מאַנטוע — טאַקע אין דער זעלביקער איטאַליענישער שטאָט, וואו עס איז געשריבן געוואָרן דער דערמאָנטער מאַנוסקריפּט — אַרויסגעגאַנגען פון דרוק אַן אַנדער איבערזעצונג פון שופטים, אויך אין גראַמען, און דער מחבר האָט געפונען אַ באַזונדער שבח אויף זיין ווערק, ווייל דער ספר שופטים איז נאָך ניט געווען „אין טייטשער שפּראַך". אָט אַזוי ווייניק האָט מען אין יענע צייטן געוואוסט איינער פון אַנדערן, אַזוי צעוואָרפן איז געווען דאָס ליטעראַרישע שאַפן!

מגילת-אסתר[1] (ליידער איז אַרויסגעריסן די ערשטע זייט); דערנאָך גייען שיר-השירים, רות, אָקדמות, איכה און קינות פון תשעה באָב, קהלת. דאָס גאַנצע בוך איז געשריבן מיט אַ וואונדערשיינעם כּתב.

ווען מען ברענגט אסתרן צום קיניג אין פּאַלאַץ און מען נעמט זי אויס-פרעגן, פון וואַנען זי שטאַמט, ענטפערט זי מיט אַזעלכע גראַמען (איבערגע-שריבן מיט אַ מער מאָדערנער אָרטאָגראַפיע):

„איידעלער הער מיין,
מיינע פריינד קען איך זיכער קיין;
ווען[2] איך זאָג אייך צו דיזער שטונדן,
מען האָט מיין מוטער אויף איינעם מיסט-הויפן געפונדן,
איך זאָג אייך, דאָס איז זיכער וואָר,
דאָ מיר מיין פאָטער און מוטער איז געשטאָרבן, דאָ ווער איך[3] ניט עלטער אַז דריי יאָר;
און איך ווייס ניט פון וואָס [וואָסער] געשלעכט זיי וואָרן,
ווען איך וואס נאָך איין לויטער קינד,
און איך וואס שפּילן [האָב געשפּילט] מיט די טאָקן, אַז דאָ איז דער קינדער זיטן...“

אַברהם בר אליהו הסופר האָט געוואוסט, ווי אַזוי עס רופן זיך אין יידיש די מענטשעלעך, מיט וועלכע קינדער שפּילן זיך: ביי אים האָט זיך אסתר געשפּילט מיט די „טאָקן“, פּונקט ווי שלום-עליכם האָט נאָך געשריבן. אין די ליטווישע שטעטלעך רופט מען נאָך היינט אַזוי די מאַריאָנעטקעס („פּעטרושקע“-טעאַטערס). נאָר ווען אַ מאָדערנער יידישער שרייבער וויל דערציילן עפּעס אַ מעשהלע פאַר קינדער, קלערט ער אויס וואָס איר ווילט: „פּופּע“ און „פּאָפּקע“ און „קוקלע“ און „ליאַלקע“ און „דאָל“, נאָר דאָס עכטע יידישע וואָרט פאַלט אים ניט אַריין אין קאָפּ!

זייער אינטערעסאַנט, אויך פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פונעם יידישן בריוון-סטיל און פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ יידישן קאַנצעלאַרישן לשון, איז דער בריוו, וואָס אסתר און מרדכי האָבן פונאַנדערגעשיקט נאָך המנס מפּלה אין אַלע הונדערט און זיבן און צוואַנציק לענדער צו אַלעמען, „איידל אָדער

---

[1] צוזאַמען זיינען אַלזאָ באַוואוסט פיר האַנטשריפטיקע געגראַמטע אסתר-פּאַראַפראַזעס (זע ז' 42 אָנמ' 3): איינע אין האַמבורג, קאָדעקס נומ' 34 (טראַנסקריבירטער אויסצוג שטערק-לייצמאַן ז' 228—235), איינע אין מינכען, קאָדעקס 347 (טראַנסקריבירטער אויסצוג שטערק-לייצמאַן ז' 235—241), איינער אין אָקספאָרד, קאָדעקס נייבויער נומ' 170 (אָפּגעדרוקט אין אַ לאַטיינישער טראַנסקריפּציע און מיט אַן איינפיר דורך ד״ר ל. לאַנדוי אין The Journal of English and Germanic Philology, XVIII, 4 (אָקטאָבער 1919) — און אונדזער פּאַרמער טעקסט.
[2] וייל, וואָרים.
[3] בין איך געוועזן.

אומאיידל, פויער אָדער ניט קיין פויער"[1] (איך שרייב אַלץ מיט אַ הייַנטיקער אָרטאָגראַפיע ווי ווייט מיגלעך).

„איך אסתר פון דעם קיניגס געגאָד איין קיניגין איבער זיבן און צוואַנציק און הונדערט לאנד אין קיניגרייך פון פרס און מדי און איך מרדכי דער ייד [יוד] דער אייבערשט אין האָף [=הויף] פון אונדזערן גענעדיקער הער דער קיניג אחשורוש — מיר לאָזן וויסן אלע, קיניג, הערציג און גראָפן[2], ריטער און קנעכט אָדער ווער עס זיי און אל אונטער געזעץ דעס גענעדיגער הערן דער קיניג אַחשורוש, מיר לאָזן אייך וויסן: אל די בריוו, די המן האָט געשריבן און פערזיגלט און געזאָנט[3], די זיין געשריבן וואָרן אָן וויל און אָן וויסן אונדזער גענעדיגער הערן דער קיניג אחשורוש און דארום האָט מען דען זעלביקן המן געהאַנגען... באלד נאָך אָנגעזיכט דעס בריוו דאָס איר זאָלט צערייסן אלע בריוו די איר האָט געזען פון דעם פאָררעטער המן און היט אייך ביי לעבן און ביי לעבן אייער ווייבער און קינדערן [!], דאָס איר די יידן ניט זאָלט שעדיקן אָן דען לייב[4] אָדער אָן גוט, מיט וואָרטן נאָך מיט ווערקן, און דאָס זיי[5] אייך געבאָטן ביי הולד אונדזערס גענעדיקער הערן דעס קיניג אחשורוש.

איצונדער געשריבן און פאַרזיגלט מיט ווילן און מיט וויסן אונזערס געַנעדיקער הערן דעס קיניג אחשורוש אָן דען דריי און צוואַנציק טאָג אין מאָנד[6]. געבן[7] אין שושן דער הייפטשטאָט."

ענדיקן ענדיקט זיך די מגילת אסתר כּנהוג מיט אַ פאַרלאַנג, אַז גאָט זאָל שיקן אליהו הנביא,

„דאָס ער ברענגט די באָטשאפט דאָס משיח קומט אין אונזערן טאָגן און דאָס ער אונז ברענגט אין אונזערן לאנד אין ירושלים במהרה בימינו אָמן וכן יהי רצון".

אויך די לעצטע קינה אויף תשעה־באָב ענדיקט זיך ענלעך:

„... עס זאָל ווערן געבויט אין אונזערן טאָגן ירושלים און דאָס מיר געלעבן [דערלעבן] נקמה אָן אל אונדזערע פיינדן און אָן אל די אונדז האָבן אונגליק אָנגעטון אָמן וכן יהי רצון אמן".

## 10

חוץ די אָקאָרשט באַשריבענע ספרים איז נאָך פאַראַן אין פאַרמע

---

[1] אזוי שטייט טאַקע „פויער" מיט אַ „פ", אין אזוי שטייט אין די עלטסטע יידישע שריפטן, וואָס מען קען נאָר געפינען. ביי אונדז זייַנען נאָך אָבער הייַנטיקן טאָג פאַראַן שרייבער, וואָס לייגן אויס דווקא „בויער" און זיי מיינען, אַז אזוי איז „איידעלער" און „ריכטיקער". אָט דאָס איז די אמתע עם־הארצות.

[2] „גרובן", אַלזאָ בפירוש מיט ס!

[3] „גיזונט" – געשיקט. [4] „לייפּ". [5] זאָל זיין. [6] = מאָנאַט. [7] געגעבן.

אַ „יידיש-דייטשער” כתב-יד, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין 1575. דע-ראָסי ווייזט אָן, אַז דאָס איז אַ ספר „מצוות נשים”. אין דער אמתן איז דאָס ניט איין חיבור, נאָר צוויי חיבורים וועגן ווייבערשע מצוות, מערניט זיי זיינען איינגעבונדן אינאיינעם, און דע-ראָסי איז אַזוי דערטרונקען געוואָרן אין די הונדערטער אַנטיקן פון זיין ביבליאָטעק, אַז ער האָט דאָס אַפילו ניט באַמערקט. וועגן די צוויי חיבורים וואָלט נאָך אויך געלוינט צו רעדן — נאָר לאָמיר בעסער אויף אַ ווײלע אַ קלער טון וועגן דער ווערדע פון אַזאַ בוך אין אַלגעמיין אין יענע יאָרהונדערטער.

אויף אַ בוך האָט אַ מענטש געדאַרפט האָרעווען מי יודע ווי לאַנג. אַ ספר אין שטוב איז געווען אַן אייגנס, און ווער עס האָט געהאַט אַ שיינע האַנט און אַליין געקענט איבערשרייבן (ווער רעדט נאָך, אויב ער איז אַליין געווען אַ מחבר), דעם האָבן אַלע מקנא געווען.

ווען עמעצער פלעגט אָנהייבן שרייבן אַ בוך, האָט ער נאָך אָפטמאָל ניט געוואוסט מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן. ער פלעגט זיך אָנגרייטן ריין פאַפּיר און פאַרשרייבן צו-ביסלעך אַלץ, וואָס עס האָט אים אינטערעסירט. אַזוי ווי אַ נאָטיץ-ביכל פון אַ הייגטיקן פּאָעט אָדער—להבדיל—ווי אַן אַלבאָם פון אַ סענטימענטאַלער מיידל[1].

קוקט זיך נאָר צו, וואָס פאַר אַ „כל-בו” עס איז דער ספר פון משה בר מרדכי, וואו עס געפינט זיך דער תהילים.

אָנהייבן הייבט זיך אָן ניט מיטן תהילים נאָר מיט... מעשיות. אַ מעשה וועגן דעם, ווי אַזוי שלמה המלך האָט זיך באַרימט: אָט שטייט דאָך אין דער תורה, אַז מען טאָר קיין סך ווייבער ניט נעמען, און איך האָב טויזנט ווייבער און עס שאַדט מיר ניט. האָט גאָט פאַרטריבן שלמהן פון זיין קיניגשטול, און שלמה האָט אַרומגעאירט דריי יאָר איבערן לאַנד, ביז וואַנען די חכמים פון פאָלק ישראל האָבן אים דערקענט. אַ צווייטע מעשה, וואָס רופט זיך: „שירה בון [=פון] יצחק”, און עס ווערט אין איר דערציילט די גאַנצע געשיכטע מיט דער עקדה. אַ דריטע מעשה וואָס ר' אלעזר בן עזריה האָט געלערנט זיינע תלמידים פאַרן טויט. אַ פערטע מעשה, ווידעראַמאָל וועגן שלמה המלך, ווי אַזוי ער האָט געבויט דעם בית-המקדש און געדאַרפט האָבן דערצו דעם וואָרעם. אָט דאָ אַפּנים האָט זיך ערשט דעם מחבר פאַרוואָלט נעמען זיך צום תהילים; וואָרים אויף איין זייט ענדיקט זיך די מעשה, און אויף דער צווייטער זייט אויבן, אָן שום קעפּל, אָן שום אָפּטיילעניש, הייבט זיך אָן: „אשרי וואל דען מן [=מאַן]...” און עס גייט אַוועק כסדר דער גאַנצער תהילים ביזן לעצטן קאַפּיטל.

[1] אויף אַזאַ אופן איז אויך צושטאַנדגעקומען אייזיק וואַליכס לידער-כתב-יד, וואָס איז ציטירט געוואָרן פריער, די „געשריבענע ביבליאָטעק” אין ווענעציע (כ"י באָדלעיאַנע ביבליאָטעק נומ' 1217), וואָס נ. שטיף האָט געשילדערט אין „צייטשריפט” I ז' 141—158, אאז"וו.

דאָס אייגענע איז אויך מיטן צווייטן ווערק, מיט די ביבּלישע פּאָעמעס (וואָס זיינען געבּונדן צוזאַמען מיטן תהילים). ווען עס ענדיקט זיך דער ספר שופטים, גייט אַוועק תּיכּף אַ נאָטיץ וועגן די גזרות אויף יידן אין דער שטאָט בּרעשיע, די אַיטאָבּיאָגראַפישע נאָטיץ, וואו דער שרייבּער רופט זיך אָן „משה הונט"; מיט אַ זייט ווייטער גייט שוין: „איין אנדר שפּרוך אוייף די וועלט" (צי פעלט דאָ עפּעס אַ בּלאַט?) — און אַזוי גייען אַוועק זייטן און זייטן מיט „שפּרוכן": מאָראַלישע בּאַטראַכטונגען, יהי רצונס אאַז"וו. גאָר צום סוף ווידעראַמאָל אַ נייס: די געשיכטע פון יונה הנביא.

מיט איין וואָרט, קיין סיסטעם טאָרט איר דאָ ניט זוכן, און עס וועט אויך קיין חידוש ניט זיין, אויב אין איין בּוך אַזאַ, פון איין האַנט געשריבּן, זאָלן זיין זאַכן פון אַ גאַנץ פאַרשיידענעם ליטעראַרישן ווערט. ווייל גיכער פון אַלץ זיינען אין אַזאַ „כּל־בּו" פאַראַן אי אייגענע כּתבים אי פרעמדע. מען גיט זיך אָפּ מיט איבּערזעצן דעם תּהילים אין דער פרייער צייס; נאָר אין בּית־מדרש אָדער אין וועג בּאַגעגנט מען זיך דאָך מיט מענטשן, מען הערט אַ מעשה, אַ גלייכוואָרטל, אַ שטיקל מוסר, פאַרצייכנט מען דאָס אויך.

## 11

פון דידאָזיקע קליינקייטן האָבּן צוויי זאַכן געמאַכט אויף מיר אַ גרויסן איינדרוק — טאַקע ליטעראַריש, לויט דער קראַפט מיט וועלכער זיי זיינען אָנגעשריבּן. דאָס ערשטע איז די „שירה פון יצחק". איך מוז זיך פאַרגינען צו בּרענגען די גאַנצע דערציילונג, פריער אין דער אַלטער שפּראַך, דער־נאָך אין אַ ווי ווייט מיגלעך געטרייער איבּערזעצונג (די אָפּשטעלצייכנס אין דעם אָריגינעלן טעקסט זיינען צוגעגעבּן פון מיר):

עז שטיט גשריבן: עס שטונט אוייף אבֿרהם אן מורגין אונ' זאטילט זיין אייזיל אונ' ער נאם מיט אים צווין זיינר קנאבן אונ' יצחק זיינא זון.

דו שפרך יצחק צו זיינם וואטר: „וואו וואלן מיר [!] הין גון?"

דו זייט[1] ער צו אים: „ליבר זון, וויר [!] וואלן גין אונ' וואלן גנעהן איין קרבן."

דו זייט יצחק צו זיינם וואטר: „וויר הבן דש ביייאר אונ' דש הולץ; וואו אישט נון דש לאנפא, דש מן זול ברינגין צו קרבן?"

אזו באלד גדוכט יצחק ווש זיין וואטר אין זיינם זין הט, וויא דש ער אין שעכטן וואלט. דא זייט יצחק: „זינט דש דער בורא ית' שמו הוט דער ווילט אן מיר, זו וויל איך טון זיין ווילן".

---

[1] האָט געזאָגט.

דו זיא נון גינגין אם וועג, דו מאכט זיך דער שטן צו איינם אלטן מן אונ׳ קאם צו אבֿרהם אונ׳ שפרך: „אבֿרהם, וואו גישטו הין?״ דו זייט [ער]: „איך גיא אונ׳ וויל אורן״. דו זייט ער: „ווש בראן[..]שטו מיט דיר צו טרגין[1] דש פייער אונ׳ דש הולץ אונ׳ דש שעכט מעשר? דו שפרך אברהםווידר: „לייכט מוכט מיר אונש זוימן איין טאג אודר צוויי, דו וואלטן מיר שעכטן אונ׳ וולטן מיר ברוטן אונ׳ וולטן עשן״. דו זייט צו אים דער שטן ווידר: „אויך [!] דו אלטר נאר אונ׳ עני! ווש ווילטו בור לירן אלזו איין הופשי קינד איין יונגיש, דען דיר דער בורא ית׳ שמו האט געבן דו דו הונדרט יואר אלט ווארשט?״ דוא שפרך ווידר אבֿרהם: „דרום דוא טו עש מיר אום ווילן איך טוין[2]״.

דו דער שטן זאך דש ער אם אים [!] נישט קונט הבן בֿון אבֿרהם, דו גינג ער צו יצחק אונ׳ מאכט זיך צו איינם יונגין בחור; אונ׳ שפרך דער שטן צו יצחק: „זאג מיר, דוא יונגיש אונ׳ הופש קינדא, וואו ווילשטו [!] היין גין? דא שפרך צו אים יצחק: „איך וויל גין אונ׳ וויל לערנן תורה״. דו שפרך [ער] צו אים: „ליבר בחור, מיך דער בארמט דיינר דש דיך דיין וואטר וויל אזו בֿור דערבן״. דו שפרך יצחק: „איך הון מיין לייפא געבן איין מולט דעם בורא ית׳ שמו, דער מאג מיט טון וואז ער וויל[3]״.

דא דער שטן זאך, דש ער אויך נישט הוט בֿון יצחק, דו גינג ער צו שרה אונ׳ שפרך צו איר: „וואו אישט אבֿרהם דיין מן אונ׳ דיין זון יצחק?״ דו שפרך זיא צו אים: „זיא זיין גאנגין אונ׳ וואלן לערנין תורה״. דו שפרך דער שטן צו איר: „אויך [!] דו אלטי ענִייה! אבֿרהם דיין מן דער אישט גאנגין אונ׳ וויל דיר שעכטין דיין איינגין[4] זון יצחק״. דו וואלט זיא אים ע[ז] ניט גלובין.

דו דער שטן זאך דש ער ניט קונט הבן אן איין אלן, דו מאכט זיך דער שטן צו איינם גרשן בך מיט וואשר, דו מושט אבֿרהם דורך גין. דו קאם אברהם צו דעם וואשר. דו שפרך ער צו יצחק: „בייט[5] ביש איך וייש [!] אוב עש טיף אישט דש וואשר אודר ניט״. דו גינג אבֿרהם ביש הלב דעם באך, דו גינג אים דש וואשר ניט ביז אן דיא קניא. דו שפרך ער צו יצחק: „גיא מיר נאך אונ׳ בֿורכט דיך ניכש״. אזו טעט יצחק. דו ער נון קאם אין דש וואשר, דו גינג אים דש וואשר ביז אן דעם האלז. דו דש אבֿרהם זך, דו שרייא ער: „ליבר הער גוט, דו זולשט ווישן[6]: דו הב איך וואלן טון דיין ווילן אונ׳ איצונט אישט דש וויר דער טריגקן ווילן זו אייניג דייני נאמן אין דיזר וועלט״. דו גינג דער בורא ית׳ שמו אונ׳ שרייא אן דען שטן אונ׳ מאכט, דש דש וואשר וואר ווידר טרוקן.

---

[1] אין אָריגינאַל „מיר״ אַנשטאַט „דיר״ אונ׳ „טריגין״ אַנשטאַט „טרגין״.

[2] אין לעצטן זאַץ האָט דער איבערשרייבער פאַרדרייט די ווערטער.

[3] אין אָריגינאַל „ווייל״. [4] = אייניקן. אין דער אַלטער שפּראַך אייניק = איינציק.

[5] בייטן — וואַרטן. [6] אין אָריגינאַל: „ווישן״.

דו גינג אבֿרהם אן די שטאַט[1] אונ׳ מאכט איין מזבח, אונ׳ יצחק ריכטט זעלברט צו די שטיין אונ׳ דש הולץ. דו שפרך [ער]: „ליבר וואטר, בינד מיר מיין הענד אונ׳ מיין בויש, ווען איך בין איין יונגר, ווריש בֿון דריישיג יורן, אונ׳ דוא בישט אלט; אונ׳ ווען איך ווער זעהן דש שעכט מעשר, דו מוכט איך מיך לייכט ניט שטיל הלטן. אונ׳ אכט דש דו מיך וואל בֿור ברינשט אונ׳ פולוורשט; אונ׳ ברינג דש פולוור צו שרה מיין מוטר״. נון שפרך יצחק: „ליבר וואטר! ווען דו מיך נון הושט גשעכט אונ׳ בֿור ברענט אונ׳ געשט צו מייניר מוטר — וואז ווילטו איר זאגין וואו דו מיך גלושן הושט? אונ׳ וואז ווֹאלט איר דען טון אין אוייערן אלטן טאגן?״

דו שפרך אברהם: „ליבר זון, וויר ווישן[2] וואל, דש וויר ניט לאנג נאך דיר לעבן. דער זעלביג דער אונש הוט גטרוישט בֿון דעם טאג דש דו בישט גבֿורן ווארן, דער זול אונש בֿורבש[3] אויך טרוישטן״.

דו נאם אברהם יצחק אונ׳ ווארף אין אוייף דש מזבח אונ׳ טרט מיט זיינם קניא אוייף יצחק הערץ אונ׳ נאם דש שעכט מעשר אין זיין האנט. דו דש יצחק זאך, דו שרייא ער: „ווער זול גין אונ׳ זול מיינר מוטר שרה זאגין, דש מיך מיין וואטר הוט גשעכט?״ אזו באלד הובן דיא מלאכים אן צו וויינין, דש דו ווילן דיא טרעהרן אוייף דש מעשר, דש ער אין ניט קונט שעכטן.

נון טעט ער אים דש מעשר אן דען הלז, דו גינג אים זיין נשמה אוייש אונ׳ שטארבא. דו שפרך דער בורא ית׳ שמו צו מיכאל דעם מלאך: „גין [!] הין אונ׳ מך ווידר לעבדיג אונ׳ לובט אונזרן הער גוֹט דער די טוטן לעבדיג מאכט״.

אין דער זעלביגן שעה דו הוב אוייף אבֿרהם זיין אוגן אונ זאך איין ווידר מיט שוגין הורנער. דען נאם ער אונ׳ ברוכט אין צו אופֿפער אן שטאט זייניש זון. אונ׳ דו ער אין שעכטט אונ׳ ברינגיט אין, דו זייט אבֿרהם: „אן שטאט מייניש זון, אן שטאט מייניש זון!״ אונ׳ זייט אבֿרהם: „ליבר הער גוֹט! ווין[4] מיין קינדר זיין אים ליידא זו גדענק אן דש לייד דש איך אונ׳ מיין זון הבן גהט, דש זול זיין צו בֿור דיר אל וועגן. אמן סלה״.

אויף אונדזער הייגטיקן לשון:

„עס שטייט געשריבן: עס איז אויפגעשטאַנען אַברהם אינדערפרי און האָט געזאָטלט זיין אייזל און גענומען מיט זיך צוויי פון זיינע קנעכט און יצחקן זיין זון. האָט געזאָגט יצחק צו זיין פאָטער: „וואוהין וועלן מיר גיין?״ האָט ער געענטפערט צו אים: „ליבער זון, מיר וועלן גיין און ברענגען אַ קרבן״. האָט יצחק געענטפערט זיין פאָטער: „מיר האָבן דאָס פייער און דאָס האָלץ, וואו איז דאָס לעמעלע, וואָס מיר זאָלן דאָס ברענגען פאַר אַ קרבן?״

---

[1] אָרט. [2] וויסן. [3] פ אָ ר ב א ס — ווייטער. [4] =ווען.

דאָ איז יצחקן אַריין אין געדאַנק, וואָס דער פאָטער האָט אין זינען, אַז ער וויל אים שעכטן. האָט יצחק געזאָגט: „ווײַבאַלד דער בורא ית׳ שמו האָט מיך דער־ווײַלט, וועל איך טון זײַן ווילן״.

ווי זיי זײַנען געגאַנגען מיטן וועג, האָט זיך דער שטן פאַרשטעלט פאַר אַן אַלטן מאַן און געקומען צו אַברהמען און געזאָגט: „אַברהם, וואוּאַהין גייסטו?״ האָט ער געענטפערט: „איך גיי אָרן״. האָט ער געענטפערט: „וואָס דאַרפסטו מיטנעמען מיט זיך דאָס פײַער און דאָס האָלץ און דעם חלף?״ האָט אַברהם ווידער געזאָגט: „אפשר וועלן מיר זיך זוימען אַ טאָג צי צוויי, וועלן מיר שעכטן און בראָטן און עסן״. האָט אים דער שטן ווידער געענטפערט: „אַך דו אַלטער נאַר, דו אומגליקלעכער! וואָס ווילסטו פאַרלירן אַזאַ פײַן יונג קינד, וואָס דער בורא, זײַן נאָמען זאָל זײַן געלויבט, האָט דיר געגעבן ווען דו ביסט אַלט געווען הונדערט יאָר?״ האָט אַברהם ווידער געזאָגט: „פון זײַנטוועגן סאָקע טו איך דאָס״[1].

ווי דער שטן האָט געזען, אַז ער קען ניט פועלן בײַ אַברהמען, איז ער געגאַנגען צו יצחקן און געמאַכט זיך פאַר אַ יונגן בחור. און דער שטן האָט געזאָגט צו יצחקן: „זאָג מיר, דו יונג פײַן קינד, וואוּאַהין גייסטו דאָס?״ האָט יצחק צו אים געזאָגט: „איך וויל גיין לערנען תורה״. האָט ער געזאָגט צו אים: „ליבער בחור, ס׳איז מיר אַ רחמנות אויף דיר, וואָס דײַן פאָטער וויל דיך אַזוי אומברענגען״. האָט יצחק געזאָגט: „איך האָב מײַן לײַב אײַנמאָל אָפּגעגעבן דעם בורא, זײַן נאָמען זאָל זײַן געלויבט, און ער מעג מיט מיר טון וואָס ער וויל״.

ווי דער שטן האָט געזען, אַז ער קאָן בײַ יצחקן אויך ניט פועלן, איז ער געגאַנגען צו שרהן און געזאָגט צו איר: „וואו איז אַברהם דײַן מאַן און דײַן זון יצחק?״ האָט זי געזאָגט צו אים: „זיי זײַנען אַוועק און ווילן לערנען תורה״. האָט געזאָגט דער שטן צו איר: „אַך דו אַלטע אומגליקלעכע! אַברהם דײַן מאַן איז אַוועק און וויל דיר שעכטן דײַן אײנציקן זון יצחק.״ האָט זי אים ניט געוואָלט גלייבן.

ווי דער שטן האָט געזען, אַז ער קאָן בײַ זיי אַלעמען ניט פועלן, האָט ער זיך געמאַכט פאַר אַ גרויסן טײַך מיט וואַסער, וואו אַברהם האָט געמוזט דורכגיין. איז געקומען אַברהם צו דעם וואַסער. האָט ער געזאָגט צו יצחקן: „וואַרט, ביז איך וועל געוואויר ווערן, צי ס׳איז טיף דאָס וואַסער אָדער ניט״. איז אַברהם געגאַנגען ביזן האַלבן טײַך, איז אים דאָס וואַסער ניט דערגאַנגען ביז די קני. האָט ער געזאָגט צו יצחקן: „גיי מיט מיר און האָב ניט קיין מורא״. אַזוי האָט יצחק געטאָן. ווי ער איז אָבער איצטער אַרײַן אין וואַסער, איז אים דאָס וואַסער דערגאַנגען ביזן האַלדז. ווי אַברהם האָט דאָס געזען, האָט ער אַ געשריי געטאָן: „ליבער האַר גאָט, דו זאָלסט וויסן: איך האָב געוואָלט טון דײַן ווילן, און אַצונד ווערן מיר דערטרונקען... הייליק דײַן נאָמען אויף דער וועלט״. איז דער בורא, געלויבט זאָל זײַן זײַן נאָמען, געגאַנגען און אַ געשריי געגעבן אויפן שטן און געמאַכט, אַז דאָס וואַסער איז פונדאָסניי געוואָרן טרוקן.

---

[1] היות דער אָריגינאַל איז ניט קלאָר, איז דער זאַץ געגעבן על־פּי סברא.

איז אַברהם אַוועק צו דעם אָרט און געמאַכט אַ מזבח, און יצחק האָט אַליין צוגעגרייט די שטיינער און דאָס האָלץ. און ער האָט געזאָגט: ליבער פּאָטער, בינד מיר מיינע הענט און מיינע פיס, וואָרים איך בין נאָך אַ יונגער און אַ שטאַרקער, דרייסיק יאָר אַלט, און דו ביסט אַלט; אין ווען איך וועל זען דעם חלף, וועל איך אפשר ניט איינליגן רויק. און זע, אַז דו זאָלסט מיך גוט פאַרברענען אין צערייבן אויף אַש, און ברענג די אַש צו שרהן מיין מוטער". אַזעטער האָט יצחק געזאָגט: „ליבער פּאָטער, ווען דו וועסט מיך איצט שעכטן אין פאַרברענען און דו וועסט קומען צו מיין מוטער— וואָס וועסטו איר זאָגן, וואו דו האָסט מיך געלאָזן? און וואָס וועט איר טון אויף אירע אַלטע טעג?"

האָט אַברהם געזאָגט: „ליבער זון, מיר ווייסן וואויל, אַז מיר וועלן ניט לאַנג לעבן נאָך דיר. דערזעלביקער וואָס האָט אונדז געטרייסט פון דעם טאָג, וואו דו ביסט געבוירן געוואָרן, ער זאָל אונדז ווייטער אויך טרייסטן".

„האָט אַברהם גענומען יצחקן אין אים אַ וואָרף געטאָן אויפן מזבח און אַרויפגעטראָטן מיט זיין קני אויף יצחקס האַרץ און גענומען דעם חלף אין האַנט. ווי יצחק האָט דאָס דערזען, האָט ער אַ געשריי געטאָן: „ווער זאָל גיין און זאָל זאָגן מיין מוטער שרהן, אַז מיין פּאָטער האָט מיך געשאָכטן?" האָבן תיכף די מלאָכים אָנגעהויבן צו וויינען, און די טרערן זיינען געפאַלן אויפן חלף, האָט ער אים ניט געקענט שעכטן.

ווי ער האָט אים צוגעלייגט דעם חלף צום האַלדז, איז אים אויסגעגאַנגען זיין נשמה, און ער איז געשטאָרבן. האָט דער בורא, געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען, געזאָגט צו מיכאל דעם מלאך: „גיי און מאַך אים ווידער לעבעדיק און לויבט אונדזער האַר גאָט, וואָס מאַכט לעבעדיק די טויטע".

אין דערזעלביקער צייט האָט אויפגעהויבן אַברהם זיינע אויגן און דערזען אַ ווידער מיט שיינע הערנער. אים האָט ער גענומען און געבראַכט אים פאַר אַ קרבן אָנשטאָט זיין זון. און ווען ער האָט אים געשאָכטן און אויפגעבראַכט אים, האָט אַברהם געזאָגט: „אָנשטאָט מיין זון, אָנשטאָט מיין זון". און אַברהם האָט געזאָגט: „ליבער האַר גאָט! ווען מיינע קינדער וועלן זיין אין לייד, געדענק זיי דאָס לייד, וואָס איך און מיין זון האָבן געהאַט; דאָס זאָל זיין פאַר דיר אַלעמאָל. אָמן סלה".

ווי ווייט איז דאָס פון יענעם סענטימענטאַלן לאַקריץ, וואָס מען געפינט אַזוי אָפט ביי מיטלמעסיקע שרייבער! און ווי מענטשלעך נאַטירלעך יצחק איז אָפּגעמאָלט. ער ווייסט אויף וואָס ער גייט, אָבער ער איז גרייט אויף קידוש־השם. נאָר אין דער לעצטער מינוט, ווען ער ליגט שוין אויפן מזבח, פאַרגעסט ער אַלץ, געדאַנקען און געפילן, און עס בלייבט איבער נאָר איינס: דער נאַקעטער אינסטינקט פון וועלן לעבן.

•

פון אַ צווייטער זייט דערזעען מיר דעם זעלבן מחבר פון די „שפּרוכן", וואָס היינטער דעם ספר שופטים. דאָ טרעט ער אַרויס פאַר אונדז ווי אַ קלוי־

גער סקעפּטיקער. עס איז ניטאָ קיינער, זאָגט ער, וואָס זאָל קענען צוטרעפן דעם עולם: אַ רב אָדער אַ בחור אָדער אַ פּרנס, אַן אָרעמאַן אָדער אַ פּועל אָדער אַ גאַסט, אַ באַלעבאָס, אַ סופר אָדער אַ מלמד; צו אַלעמען האָט די וועלט טענות, און וואָס מען טוט, איז קרום. ווען אַ פּרנס „איז מוחזק מיט דער שררה", געפינען זיך אַלעמאָל מענטשן וואָס זאָגן: ווען מיר וואָלטן זיך אַליין משתדל געווען, וואָלטן מיר בעסער אויסגעפירט. פאַרקערט, ווען דער פּרנס טוט ג י ט, רעדט מען: וואָס שלאָפט ער? צוליב וואָס האָט מען אים אויסגעשטעלט? ווען אַ סופר שרייבט דינע אותיות („גברוכן מעשיט"), זאָגט מען: דאָס איז פאַרעלטערט. שרייבט ער דיק („דיק מעשיט") זאָגן די לייט: בעסער אַ ביסל קלענער. שרייבט ער קליין, זאָגט מען: דאָס זיינען דאָך פליגן־פיסלעך! אַ מלמד איז אויך אַלעמאָל אומגערעכט. אויב ער שלאָגט ניט די קינדער, איז מען ניט צופרידן: זיי ווערן ביי אים צעלאָזן. שלאָגט ער זיי יאָ, איז אַ געשריי ביי די טאַטעס: ער מאַכט דאָך די קינדער פאַר קאַליקעס! אַן אָרעמאַן, טאָמער גייט ער אָפּגעריסן, זאָגן אויף אים די לייט: מיר געבן דאָך אים, וואָס גייט ער אין שמאַטעס? טוט ער זיך אָן אַ ביסל בעסער, זאָגט מען: זעט נאָר, ער האָט דאָך בעסערע קליידער פאַר אונדז!

אָט אַזוי, מיט אַ ביטערן געלעכטער, גייט דער שרייבער דורך פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס מענטשן. דאָ רעדט צו אונדז אַ געבוירענער סאַטיריקער, מיט אַ יאָדערדיקער שפּראַך, אָנגעפּראָפּט מיט ווערטלעך. פאַר זיין שאַרפער צונג האָט ער דאָס מסתמא באַקומען זיין צונאָמען „משה הונט". ער מאַכט חוזק פון די וייבערשע ניין מאָס רייד, פון די מאַנסבילן, וואָס גייען „מיט אירן קורצין גוואַנט / דש זיא איר אייגין שאַנט / ניט מוגין בדיקן[1] / דו מיט זיא אויך דער וועקן / און קויישקייט[2] אונ׳ בויזן זיטן..." ער מאַכט זיך ניט קיין אילוזיעס וועגן לייטנס גוטסקייט:

„עש אישט... איין יומר[3] גרויש[4]:
אונזר איינר היישט דען אנדרן גנוש[5],
אונ׳ וויר הבן דוך שטעטש[6] גדענקן,
וויא דו מוכט איינר דען אנדרן דער טרענקן
אין איינם לופֿיל מיט וואשר..."

---

[1] = באַדעקן. [2] אויסגעלאַסנקייט. [3] = יאָמער. [4] = גראָס.
[5] = גענאָס. [6] תמיד.

# VII. וואָס קעמברידזש פאַרמאָגט

## 1

די נעמען אָקספאָרד, מינכען, האַמבורג, לאָנדאָן, פּאַרמע זיינען שוין די לעצטע יאָרן אַ ביסל היימיש געוואָרן פאַרן אויער פון יענע מענטשן, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור. וועגן קעמברידזש האָט מען ביז איצט געשוויגן. מיין איך דעריבער, אַז ס'איז כּדאַי צו געבן כאָטש אַ קורצן באַריכט וועגן די יקר-המציאותן, וואָס ליגן אין דער יחוסדיקער ענגלישער אוניווערסיטעט-שטאָט[1]. גוט געהיט און — גוט פאַרגעסן.

פאַר דער קורצער צייט, וואָס איך בין געווען אין קעמברידזש, פרילינג 1926, האָב איך זיך געקאָנט באַקענען בלויז מיט צוויי ביכער-זאַמלונגען — מיט דער אַלגעמיין-אוניווערסיטעטישער ביבליאָטעק און מיט דער ביבליאָטעק פון טריניטי-קאַלעדזש. עס קאָן גריילעך געמאָלט זיין, אַז דערמיט זיינען נאָך די קעמברידזשער אוצרות ניט אויסגעשעפּט; יעטווידער קאַלעדזש האָט זיך זיין ביבליאָטעק, און קיין קאַטאַלאָגן האָט כּמעט קיין איינער ניט פאַרעפנטלעכט.

פריער וועל איך באַהאַנדלען דעם טריניטי-קאַלעדזש, ווייל ער האָט ענדלעך, נאָך יאָרן צוגרייטונג, פאַרעפנטלעכט זומער 1926 אַן אויסגעצייכנטן קאַטאַלאָג פון זיינע העברעיִשע און יידישע זאַמלונגען, וועלכע זיינען צו אים אָנגעקומען בירושה פון דעם געוועזענעם וויצע-מייסטער פון קאַלעדזש פּראָפעסאָר אָלדיס רייט. אָט איז דער פולער טיטול פון דעם קאַטאַלאָג:

Catalogue of the Manuscripts in the Hebrew Character Collected and Bequeathed to Trinity College Library by the Late William Aldis Wright, Vice-Master of Trinity College by Herbert LOEWE, M. A., Cambridge, 1926.

צו אונדז זיינען שייך אין דעם קאַטאַלאָג אַזוינע נומערן (דער ערשטער נומער איז מיינער, דערנאָך גייט אין האַלבע לבנות דער נומער פון לאָועס קאַטאַלאָג):

**1**(84). **פיר בלעטער מיט דינים אויף יום-כיפור און**

---

[1] ניט צו פאַרבייטן מיט דער יידיש-קאָלעקציע אין דער אַמעריקאַנער שטאָט קעמברידזש (האַרוואַרד-אוניווערסיטעט), וועגן וועלכער עס שרייבט ד״ר ראָבאַק אין די פילאָל״שריפטן פון ייוו״א II.

סוכות. פּאַפּיר, 20×14 צ״מ; 4 בלעטער. אַשכּנזישע האַנט. אָן אַ דאַטע, אַפּנים פון 16טן י״ה. צום סאַמע אָנהייב שטייט:

„דר נוך זאָגט מן אבינו מלכינו איש עש אנדרש ניט שבת״.

**2**(94). רש״י אויף תנ״ך, מיט יידישע טייטשווערטער. פאָרמעט. 23,4×16,8 צ״מ; 9 בלעטער. דער סוף פעלט. פראַנצויזיש־דייטשע האַנט, רש״י־כּתב. אָן אַ דאַטע, לויט לאָועס אָפּשאַצונג פון 13—14טן י״ה. די ערשטע ווערטער זיינען: „בשעה טובה אתחיל״ אויף זייט 58 רייסט זיך איבער דער טעקסט ביי די ווערטער: „רשות לשון שרות מן תיבות הפוכות״.

לאָוע ברענגט אַזוינע טוסטערן פון די טייטשווערטער:

וקדשו — גליפרטא

אכסניא — הירבערגא

פונדקיתא — ווירטין

שליחות — פוטשאפי׳

דער כּתב־יד קאָן האָבן אַ גרויסן באַטייט פאַר אונדזער שפּראַכפאָרשונג צוליב זיין עלטער; ס׳וואָלט געווען אַ וויכטיקע און דאַנקבאַרע אַרבעט צו אַנאַליזירן זיינע יידישע עלעמענטן.

**3**(135). קיניג אַרטוס הויף. פּאַפּיר, 18×13 צ״מ; 85 בלעטער (בלאַט 7 איז ווייס). אַשכּנזישע האַנט. אָן אַ דאַטע, אַפּנים פון 16טן י״ה.

דאָס איז יענער דריטער כּתב־יד פון אַרטוס־ראָמאַן, וועלכן מ. עריק דערמאָנט („וועגן אַלט־יידישן ראָמאַן און נאָוועלע״, וואַרשע 1926, ז׳ 236, הערה 58) אויפן גרונט פון נייבויערס אַ נאָטיץ אין דעם האָלענדישן „Letterbode״ XI, ז׳ 164 א״וו. אַלדיס רייט האָט געקויפט דעם כּ״י פון ד״ר קריסטיאַן גינזבורג אין לאָנדאָן. עריק איז געווען מער ווי גערעכט, ווען ער האָט בעהייסן די יידישע פילאָלאָגיע פאַראינטערעסירן זיך מיט דעם דאָזיקן אַרטוס־טעקסט. שווער צו זאָגן, צי איז ער וויכטיקער איידער די האַמבורגער כּ״י, ווי עריק איז משער, אָבער ער האָט איין גרויסע מעלה אַנטקעגן זיי: ער גיט דעם סוף פון ראָמאַן, אין דער צייט וואָס ביידע האַמבורגער מאַנוסקריפּטן רייסן זיך איבער פריער. דער אָנהייב איז אין אונזער כּ״י אויך דעפעקט, אָבער ס׳ווייזט מיר אויס, אַז עס פעלט בלויז איין בלאַט — הייסט עס אַ סך וויניקער איידער אין די האַמבורגער טעקסטן.

אויף דער ערשטער זייט לייענען מיר פון אָנהייב:

„... צו גֵין אונ׳ צו רייטן׳ אל טאג צו אלם צייטן׳ ניא ווארד לענגר גישפּארט׳ מן הורט ויל ורומדי מעֶר אֵי ער טג ווארדאי׳ די גרושי הערשפֿט גיווערט מענכי יארי׳ וואז איך אויך זאג דז אישט ווארי׳ דז איינש טאגש דש גישאך׳ דז מן ניט ורומדי מער הורט נאך זאך׳ ביש אויף דען טאג עש זיך ור צוך׳ צו עשן ווש דעם גיזינד גוך׳ דז וואז ניא מֵן [!] גישעהן׳ אונ׳ הט קיין מאן מֵין גיזעהן...״

ווידוווילטס גדולה צום סוף ווערט געשילדערט אַזוי:

„דא מאכטן זיא איין שוניא הוכצייטי דש ווידר בור נאך נוך איז גיזייטי ביא קיין שונר וואַרד גיטוני בון לושן מיר דיא ריד שטוני ווידווילט וואַרד איין מעכטיגר הערי אונ׳ גיוואן רעכטי גרושי אֵירי דר נאך זיין שוועהר שטארבי זיין קוינג רייך ער גאנץ דר ווארבאי זיין ואטר אונ׳ זיין מוטר בורן [=פורן] מיט ורוידן היימא אין איר לאנדי אויך זיין אֵילטר ואטר דער קונא ווייגנטי דער שטארב אויך שירי אונ׳ לאנג דער נאך זיין ואטר דער קינא הערי דיא אירבט אל ווידווילט אליין אונ׳ בליב זיצן צו דען וואכשן שטייני אונ ווארבא אל זיין טוג נוך אֵירני דער זעלוויג יונג הערני ער טעט דר נוך מיט שטרייטן גרוש דינג גינויקי מענכי ריזן גיצווערק ער טוט שלוגי דש בון ווידווילט הוט איין ענדני גוט זול אונש זיין הילף זענדני אונ׳ זול אונש בירן צו האנטי אין דש הייליג לאנטי נון [נוך!] אונזרם הערצן ביגערי אזו ביט אונ׳ ביגערט דער שרייברי דער דא דינט גערן אלי ורומן ווייברי".

דערמיט לאָזט זיך אויס דער ראָמאַן, און ס׳גייט נאָך אַזאַ קאָלאָפאָן[1], געשריבן מיט דינערע אותיות.

„דער דוש בוך גישריבן הוטי דער אישט בון גוטיין[2] אויז דער שטאטי ער זיצט גֵיגן דש טור אויברי ער אישט בון לויטן ורום[3] אונ׳ בידרי ער אישט בון דען הולץ איין מאןי דש מאן דיא רבנים אויש שניצן[4] קאןי שעפטיל מיט זיין נאמן גינאנטי דער דא אישט אונטר אלי גוטי שלעמר[5] ביקאנט".

אויף דער צווייטער זייט מיט אַן אַנדער האַנט:

„זה שלי הספר ווידווילט ברענדלן שתי אשת היקר והמשכיל כמ״ר יקותיאל כץ יצ״ו בן משה יעקב זצ״ל מוויניזייא[6]".

אויף וויפיל איך האָב געקענט פעסטשטעלן אין דער קורצער צייט, איז דער טעקסט פון אונדזער כ״י, אָוועקגעקוקט פון פרטים, זייער ענלעך צו די האַמבורגער טעקסטן; געוויינטלעך איז נייטיק אַ גענויע אויספאָרשונג. ליידער איז אונדזער כ״י אַזוי איבערגעפּירט דורך עפּעס אַ כעמישן פּראָצעס, אַז אָפּטמאָל קען מען גאַנצע שורות ניט איבערלייענען (איבערהויפּט נעענטער צום מיטן פון די בלעטלעך).

4(136). פּאַפּיר, 15,4×21,4 צ״מ; 31 בלעטער. אַשכנזישע האַנט. אָן אַ דאַטע, פון 16טן י״ה. האַלט אין זיך:

**א. אליהו בחורס ליד פון דער שרפה אין ווענעציע,** לויט „צור משלו אכלנו". זע וועגן דעם מ. עריקס „אַ פּאַשקוויל פון אליהו בחור" אין דער „צייטשריפט" I ז׳ 177—178. עריק האָט געשריבן זיין אַרטיקל לויט דעם כ״י פון דער באָדלעיאַנע, קאַטאַלאָג נייבויער 1217.ביידע טעקסטן

---

[1] קאָלאָפאָן (גריכיש: „סוף") רופט זיך דער סוף־באַמערק וועגן שרייבער, אָרט און צייט פון שרייבן אאז״וו. [2] Kojetein אין מערן.

[3] ע״פ טעות שטייט אין לאָוס קאַטאַלאָג ז׳ 129 „גרוס" אַנשטאָט „ורום".

[4] אַזוי און ניט „שנידן" ווי ביי לאָוע. [5] הוליאַקעס. [6] ווענעציע.

זייגען ניט אינגאנצן אידענטיש, און אַ פאַרגלייך וואָלט געוויס מיטגעהאָלפן אויפצוקלערן כאָטש אַ טייל פון די פאַרגרייזטע ערטער, וואָס מיר געפינען לרוב אין דעם אָקספאָרדער כ״י.

ב) אליהו בחורס ליד המבדיל, אַ פּאַשקוויל קעגן איינעם הלל. נ. שטיף האָט אָפּגעדרוקט דאָס דאָזיקע ליד אין דעם דערמאָנטן בוך „צייט-שריפט“, ז' 150—158, מיט גענויע פּירושים, לויט דעם אָנגעוויזענעם כ״י ביי-בויער 1217. פון דער צווייטפאַרלעצטער סטראָפע אין דעם אָקספאָרדער טעקסט איז אָבער צו זען, אַז דאָס ליד האָלט 75 סטראָפעס. און דער אָקספאָרדער כ״י — ממילא אויך שטיפס קריטישער איבערדרוק — גיט ניט מער ווי 55 סטראָפעס. דער קעימברידזשער מאַנוסקריפּט גיט אויך די פעלנדיקע 20 סטראָפעס, און אין די איבעריקע טיילן איז אויך דער טעקסט ניט אַזוי גרייזיק. פאַר דער קומענדיקער אויסגאַבע פון אליהו בחורס אַלע שריפטן, וועט מען אַלזאָ פאַר דעם ליד דאַרפן נעמען אַלס יסוד דעם קעימברידזשער נוסח און ניט דעם אָקספאָרדער.

ג) מעשה מדנצק (דאָס איז דער אָריגינעלער טיטול: אויף ז' a14 לייענען מיר: סליק זה מעשה מדנצק) פּראָזע. דער אָנהייב (מסתּמא איין בלאַט) פעלט.

אינהאַלט בקיצור: אַ יידישע פרוי, אַ שיינע נייטאָרין אין דאַנצק[1] האָט פאַרלוירן איר מאַן. ער איז אַוועק אין אַ ווייטער מדינה. זי איז געקומען אין דעם זעלביקן לאַנד, פאַרשטעלט אין מאַנסבילשע קליידער. דעם קיניגס טאָכ-טער איז קראַנק געוואָרן פון ליבע צו איר. מען האָט זיי ביידן חתונה גע-מאַכט. נאָר די שיינע נייטאָרין האָט אויסגעפונען איר מאַן, און אָנשטאָט איר איז ער געקומען צו דער כלה. אויף מאָרגן איז די נייטאָרין אַנטלאָפן מיטן מאַן אויף אַ גאַלייע[2] און מיטגענומען מיט זיך דעם קיניגס אוצר.

די שפּראַך פון דער דערציילונג איז זייער גוט יידיש; נאָר פאַראַן היפּש איטאַליענישע ווערטער וואָס זייגען יעמאָלט געגוצט געוואָרן אין יידיש.

ד) מעשה ממענץ (אָריגינעלער טיטול, זע ז' a23). פּראָזע.

אַ מעשה מיט צוויי ברידער, וואָס איינער האָט דעם אַנדערן אויסגע-שטאָכן די אויגן.

ה) מעשה פון ווירמש (אָריגינעלער טיטול, זע ז' a31). פּראָזע.

אַ מעשה מיט אַ בחור, וואָס האָט איינמאָל אויף קאַטאָוועס מקדש גע-ווען אַ שֵׁדיכע („שידה“); צוליב דעם זייגען אים צוויי פרויען געשטאָרבן, די דריטע האָט זיך געראַטעוועט דורך איר צניעות.

אויף ז' a24: „זיא שפּיליטן איין שפּיל דאז היישט מן אין טייטשן

---

[1] אזוי, „דאַנצק“, איז נאָך ביז הייגטיקן טאָג די יידישע אויסשפּראַך פון „דאַנציג“.

[2] שיף. — אליה בחור, תשבי, דוגיא: „כן קורין לספינה... בלעז גליאה וכן שמה בל' אשכנז“.

קוגי בערגיליש[1]. דאז שפיל [!] מן אזו איינר מוש זיך איין בוקאן אונ' דיא אנדרן ור בערגין זיך אונ' דער זיך הוט איין גיבוקט דער מוש זיא אלי זוכן ביז ער זיא אלי גיבינט דיא זיך ור בורגאן האבן".

5 (158). אליהו בחורס „פאַריז און וויענה", געדרוקט אין ווענעציע 1594. קוואַרט; 72 בלעטער (בלאַט 1—24 פעלן).

ס'איז אַפילו ניט קיין כ"י, אָבער צוליב דער גרויסער זעלטנקייט פון דער זאַך איז זי אויך אַריינגענומען געוואָרן אין קאַטאַלאָג פון די מאַנוסקריפּטן[2].

ס'איז דער נעמלעכער עקזעמפּלאַר, וועלכער איז דערמאָנט אין דער הערה אויף ז' 193 פון לאַנדוי-בוך צו ד"ר י. שאַצקיס אַרטיקל: „פּאַריז און וויענה" (דאָרט ז' 187—196)[3]. ד"ר ש. האָט געוויזן די גאַנצע פּראָבלעם פון דעם ווערק אויפן גרונט פון איין בלעטל פון דעם בוך, וואָס געפינט זיך אין דעם „היברו יוניאָן קאַלעדזש", סינסינעטי. א כאַראַקטעריסטיק פון דעם ראָמאַן אויפן סמך פון דעם קעימברידזשער עקזעמפּלאַר ווערט געגעבן אין קאַפּ' IX פון דעם איצטיקן בוך.

6 (73). די העברעישע מנהגים, געשריבן אין 15טן י"ה, געבן עטלעכע יידישע טייטשווערטער. אָט זיינען אַ פּאָר ביישפּילן:

„וקח שורש אוכשן צונגן וקח גולט ורצא וקח אַלאַנט וקח שלא ורצא ולורבער..."

7 (78). אויף דעם סדר יום-כיפור קטן, איבערגעשריבן 1775 אין מאַנהיים פון אַן אַמסטערדאַמער דרוק, זיינען פאַראַן אַ פּאָר צוגעשריבענע יידישע ווערטער.

## 2

די אוניווערסיטעטישע ביבליאָטעק האָט אין איר פאַרמעג, אויף וויפיל איך האָב געקענט פעסטשטעלן, ניט מער ווי דריי יידישע כתב-ידן. מיגלעך, אַז ס'זיינען פאַראַן מער. דער פּראָוויזאָרישער קאַרטן-קאַטאַלאָג, וואָס איז צונויפגעשטעלט מיט יאָרן צוריק פון הערבערט לאָוע, טיילט ניט אַלעמאָל אויס די יידישע כתב-ידן פון די העברעישע; וואָלט מען בעצם געדאַרפט איבערקוקן כסדר אַלע עקזעמפּלאַרן פון דער זאַמלונג.

---

[1] פגל' ביי שמעללער, בייערישעס ווערטערבוך I 970: Gutzeberglein — באַהעלטערלעך.

[2] לויט ווי ה' לאָוע האָט מיר מיטגעטיילט, איז דאָס געווען אַלדיס רייטס פּערזענלעכער וואונטש.

[3] אין דעם ענגלישן תמצית פון לאַנדוי-בוך (ז' XXIII) איז אין דער באַמערקונג פון דער רעדאַקציע אָנגעוויזן בפירוש, לויט ד"ר מ. גאַסטערס מיטטיילונג, אַז דער עקזעמפּלאַר געפינט זיך ניט אין אָקספאָרד, נאָר אין קעימברידזש; אין דעם יידישן טעקסט אויף ז' 193 איז דער דאָזיקער אָנווייז ע"פ טעות אַרויסגעפאַלן.

איך גיב דאָ ווייטער מיין לויפיקן נומער; אין האַלבע לבנות גייט די סיגנאַטור פון דער ביבליאָטעק.

**8.** (Or. 795, 11) ספר מידות. פּאַפּיר, 18,5×27,2 צ״מ; 159 וואונדערשיין געשריבענע בלעטער, ברייטע גליונות. אַלס פּאָרזאַץ זיינען גענוצט פּאַרמעט-בלעטער. אויפן ערשטן פּאָרזאַץ איז פאַראַן אַן אָנמערק פון 5 שורות, פון וועלכע עס זעט זיך אַרויס קלאָר שנ״ח. דאָס הייסט, אַז דער כ״י איז געשריבן יעדנפאַלס ניט שפּעטער ווי 1598. נאָכן אינהאַלט (ז׳ b1) און גאָר צום סוף איז אונטערגעשריבן: „שמשון בר יעקב הכהן״.

דער קעימברידזשער מאַנוסקריפּט איז פריער געווען אין באַזיץ פון דעם בערלינער בוכהענדלער בענציאַן, ווי ס׳איז צו זען פון שטיינשניידערס באַשרייבונג אין סעראַפּעום 1869, ז״ז 135, יידליט d404. די דאָזיקע 5 זייטלעך שטיינשניידערס (132—136) זיינען נאָך היינט פון דעם וויכטיקסטן, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן וועגן דעם ספר מידות.

נאָך כתב-ידן פון דעם „ספר מידות״ אין יידיש זיינען פאַראַן: אין בריטישן מוזעום (פאַרצייכנט אין מאַרגוליוטס קאַטאַלאָג III ז׳ 169), אין לייפּציג (קאַטאַלאָג דעליטש נומ׳ 27). די אַלע מאַנוסקריפּטן דאַרף מען פאַרגלייכן מיט דער געדרוקטער איסניער אויסגאַבע פון 1542. דאָס איז זייער אַ וויכטיקע אויפגאַבע פאַר אונדזער ליטעראַטורפאָרשונג.

**9** (Or. Add. 12,550). מחזור אויף ראש-השנה און יום-כיפור. פּאַפּיר, 21×30 צ״מ; 158 בלעטער. קיין יאָר ניטאָ, נאָר צום סוף איז צוגעשריבן (מיט אַן אַנדער האַנט?) „Scritto in Prag 1481״.

אויף בלאַט a150 ענדיקט זיך נעילה; b150 — b158 (מיט אַן אַנדער האַנט) — סליחות.

**10** (Or. Add 547). סדר נשים א״אנד. פּאַפּיר, 14,5×20 צ״מ; 92 בלעטער (דערפון 3 ליידיק ביזן טעקסט, איינס אינגאַנצן ליידיק צום סוף), געשריבן זייער שיין, אָנהייב-ווערטער ביי אַ נייער שורה מיט רויט; זייער גוט אויפגעהיט. דאַטירט 1504.

פון a4 ביז b81 גייט „סדר נשים׳ נדה חלה הדלקת הנר״ אין גראַמען. אָנהייב: זיי גילובט בור אלן זאכן׳ דש ער אונש ורוליכן הוט מאכן

[1] פון ה׳ זיגמונד זעליגמאַן אין אַמסטערדאַם בין איך געוואויר געוואָרן, אַז ה׳ הוגאָ באָנדי אין פראַנקפורט-מאַין פאַרמאָגט אַן עקזעמפּלאַר פון דעם ראָמאַן. איך האָב זיך געווענדט מיט אַן אָנפרעג צו פּראָפ׳ אַ. פריימאַנען און באַקומען דעם פריינדלעכן ענטפער: 1) אַז ס׳איז ניט קיין עקזעמפּלאַר, נאָר מער ניט ווי שמות; 2) אַז אין די פראַגמענטן איז ניטאָ גאָרניט וואָס זאָל שטאַמען פון די בלעטער 1—24.

אנטוואכן' מיט גאב זייגר הייליגן תורהי דש מֻוגן מיר זיין איוויקליכן ורוא..."

זייט b25 הייבט זיך אָן: „ווארום מאן זיין ווייפא פֿליגט לושן חַלָה אונ' די ליכטר אן צֻונדן' אם שבת אונ' אם יום טוב".

זייט a39 אונטן: „סליק הִלְכוֹת חַלָהי נון וויל איך שרייבן צו דיזם מולי וויא מאן די ליכט שבת אן צונדן זול".

בלאַט 45 (הדלקת הנר איז נאָך ניט געענדיקט) ביז 52 פעלן (די פּאַגינאַציע איז געמאַכט געוואָרן בשעת די בלעטער זיינען נאָך יאָ געווען). אויף ז' 53 און ווייטער רעדט זיך וועגן דעם וואָס עס האָט אויסצושטיין אַ פרוי פון אַ שלעכטן מאַן: „עש גֵיט איר ניוואוך[1] אבר גר זויאר איין..."

ז' b79—b80 ווערן באַשריבן חתונה-מנהגים: „זעכט דרויף צו איינר בְּרוילפֿט[2] ווען מאן רוֹפֿט צו ולעכטן. וויא גערן ניוואך[1] זי זיך גישעֿפטיק מעכטין. זא שטין זי אל דא הער אום די ברויט[3]. איר איינש טיילש זינגאן איר גאר לויט[4] די אלר הופשטן כלה לידר. די זיינט[5] גינומן בון פסוקים אויש דער שידר [!]. דש זי זול הלטן נידה אונ' איר ליכטר צו אנצונדן צו נעמן חַלָה אונ' צו מאַכן דרייא בְּרָכוֹת קוכן דֻונך[6]. דש זי אירם מאן ניט זול זיין ורוּמד. אונ' זול בלד אויש טון איר העמד. אונ' זול זיך ניט ואשט דר ווידר ווערן די ערשט בעט[7] זול זי אין יא בלד גיווערן. איר איין טייל ליגן איר איין כלה הויב איין[!] דען קופא. די אנדרן שטרעלן[8] איר דען קופר צופא. ווער דער כַלָה גויארט דש הור לאנק. עש העט גומר קיין אויש גאנק. איר איינש טיילש ווערפן איר די וינגארליכט איין. אונ' שוועצן[9] מיט איר דש זי זי מְשַמֵחַ זיין. אונ' זאגן איר באר בון שימפאליכן[10] זאכן. אוב זי זי קונטן מאכן לאכן... נון ווישן זי ניט בון גערן וואל טון ווש זי זולן טרייבן. צו דער בְּרָכָה וואלטן זי זיך גערן אל אן די כלה רייבן. אונ' לויפֿן איר נאך אז אום די וועט. אונ' העגגן אל אן זי אז איין קלעט[11]. בון דער ברכה רומפילן[12] זי באלד מיט איר צו דעם הון. אזו גערן זי מִצְוָה טון. אן דעם שבת נאך שול זא האבן זי אל די ורייד די גרושן. זי צוקן אונ' העלפן דש

---

1 נעבעך. 2 חתונה. 3 כלה. 4 הויך. 5 =זיינען. 6 =דינען, דינע.

7 בקשה. 8 פאַרקאַמען. 9 שמועסן.

10 „שימפ" אין דער עלטערער שפראַך—שפּאַס; שימפלעך—שפּאַסיק.

11 דייטש Klette, אַ קליינע טשעפּעדיקע פרוכט, ענגל' burdock. יידישע סינאָנימען בערזעלע (גאָלדינגען, קירלאַנד), שטעכעלע (ניי-סאַנץ, גאַליציע), דזשעדעס (פּלעשטשעניץ, מאָהילעווער גוב'), שטעכערס, קעץ (וולאָצלאַוועק), בערעלעך (בריסק).

12 וועגן דעם רומפלען פגל' מיינע שטאַפלען, ז' 235 און א. לאַנדוי „יד"פיל I 60. דער גאַנצער מנהג און זיין אָפּשטאַם דאַרף נאָך אויסגעפאָרשט ווערן.

טַלית שמושן [?]. צו דעם מצוה טאנץ אונ׳ מורגנש צו דער מייא[1]. זו האבן זי ורייד אונ׳ מענכרלייא. זא קריכן הער באר די אלטן ורויאן אז די און מייסן[2] שפרינגאן אונ׳ הופן אז די גיישן[3]. זי קומן דא הער אין אירן קורזן[4] ניט אויף דען גלאנץ [?]. אונ׳ טאנצן אל דען מצוה טאנץ. זי זיינט אל אננדר גישפאנט. די כלה בורן[5] זי אויך בעיי [!] דער האנט. באר דינט נון דער חתן די ויש. זו קומן די אלטן ורויאן גר וריש. בעיי[6] דער מִצְוָה וואלן זי יא אויך שטעקן. או די אלטן גייש וויא גערן זי לעקן[7]. עש טוט אין זאנפֿט דש די גויט פולציל[8] איר יסורים גֵיוואך האט אובר ליטן. עש אישט איר זויאר וואר̈דן מאן הוט זי זער מוישן ביטן. די גְשים זאגן איר עֵדות אל. וויא זי הוט גישריאן אז איין דיפא[9] אין דעם שטאל...״ ווייטער גייט ווען דער מצווה צו נייען תכריכים אאַז״וו.

ז׳ b81—a81 רעדן וועגן די מנהגים ביי דער ברית־מילה:

״באר דער ברית מילה מאכן זי די יוטש קערצן[10] אונ׳ ווארן בייא דער קינטבעטְרין די נאכט בון דער וויש. אונ׳ דא עשן זי קוכליכט11 [!] הייש. ווען מאן זול דש קינט צו יוטשן ברינגאן. זי אל אן די קומַארִי[12] הענגאן. זי האבן אויף אירם הערצן איין גרושליידן. זי בורכטן מאן מוכט דעם קינד צו ויל אב שניידן. נון האבן זי נאך איין גוטן זיטן. נאך דעם ברית אן דעם טאג דעם דריטן. זו קומן די ורויאן אלט אונ׳ יונג דא הער צו שלייפֿן13. איינ׳ באר דיא אנדר נאך דעם קינד זי אן די מילה גרייפֿן. דאס לושן זי יא ניט הלט. ליבר טעטן זי עש ווער עש אלט. אונ׳ אזו שורמן14 זי עש ווען זי עש באדן. איין גדול מושטו ווערדן עש זול דיר אוב גוט וויל ניט שאדן. זי גרייפֿן אים גֵיוואך וויש אים אישט אַוֶואנצֶערְט15 אוב גוט איר איינר איין טוכטר בישערט. דש ער זי ווֹאלט נעמן צו איינם וייב. דש זי באר העט איין סימַן בון זיינם לייב. זו מאג זי נאך גידענקן בון וערן16. דש איר טוכטר בישטֵיט מיט אֵירן. דיא סְבָרָא אישט יושר אונ׳ וואר. ווער וויש ווער דעש אנדרן שוואגר ווערט איבר יאר...״

---

1 וועגן דעם מנהג פון מייען, מיין־פירן זע גידעמאַן ייד׳, בערלין 1922 ז׳ 85 און ז׳ 217.

2 אָנמייסן—מוראַשקעס. 3 ציגן.

4 פעלצענע קליידער; דערפון נאָך אונדזער היינטיקער „קירזשנער“. 5 =פירן.

6 אַזוי „בעיי“, איז דאָס וואָרט „ביי“ אויסגעלייגט אַ סך מאָל אין דעם כ״י.

7 שפרינגען. 8 מיידל. 9 = דיב; גנב.

10 = יודש־קערצן; די קערצן (ליכט) ביים יידישן (מל זיין). 11 קיכלעך.

12 זאָל דאָס זיין דאָס איטאַליענישע comare—קוואַטערין?

13 שלעפּן זיך אַלע אַהער. 14 זאָגן אַ שפּראָך. 15 אוואַנסירן—אַרויסרוקן זיך פאָרויס.

16 ווייט.

בלאט 82 פעלט; a83 הייבט זיך אָן: „...אוני׳ זולשט ניט ווידר אין שטרעבן. זא ווערט איר מיט שלוי׳ לעבן. דש זאג איך דיר און גיבערי[1]. אזו זאגט שמואל לוי דער שרייבער״.

מיר האָבן אַלזאָ פאַר זיך דעם נאָמען פון דעם שרייבער (מחבר? איבערשרייבער?). זייט b83 איז ווייס; פון ז׳ a84 גייען געדאַנקען וועגן טויט, וואָס הייבן זיך אָן בזה הלשון.

„עקיבה בן מהללאל אומר הסתכל בשלשה דברים ואי אתה בא לידי עבירה״. דא וויל איך אי״ה עטווש בון שרייבן.

אין אונזרן ספרים מיר גשריבן וינדן. גדענק אן דרייא ארלייא זו קומשטו ניט צו זונדן. בון וואנן דו בישט קומן צו דער וועלט און וואוהין דו ווערשט גען אין געני [! יענע] וועלט. אוני׳ באר וועם דו ווערשט געבן רעכנשפט אוני׳ קינט[2]. גידענקשטו דש אישט דיינר זיל גיזונט...״

ביז ז׳ 91 גייען אַזוינע געדאַנקען וועגן טויט. דער אויסלאָז איז:

„גוט יתי׳ אישט ווארהפטיק אוני׳ טויט[3] נימנט אונרעכט. דש קאן וואל דר קענן מנחם אלדנדורף זיין קנעכט. דארום זול אידרמן הינטר זיך אוני׳ בור זיך גידענקן אוני׳ זול ניט שערצן. דש לעצט דש אישט דר טוט דש זול דער לעבנדיק געבן צו זיינם הערצן. יום ב׳ ד׳ אב ר״ס״ד ב״ה״ לק״

אַלזאָ פון איין זייט ווערט קלאָר, ווען דער כתב־יד איז געשריבן געוואָרן (רס״ד=1504) און פון דער צווייטער זייט, אַז די געדאַנקען וועגן טויט זיינען מנחם אָלדענדאָרפס אַ ווערק. דאָס איז אַ מחבר וואָס מיר קענען אים: 1) פון אַ זאַמלונג יידישע און העברעאישע לידער, וועלכע ל. לעווענשטיין האָט פובליקירט פון אַ מינכענער מאַנוסקריפט אין „יובעלשריפט צום 70טן געבורטסטאָג דעס ד״ר הילדעסהיימער״[4]; 2) פון אַ יידישן מחזור, וואָס געפינט זיך אין בריטישן מוזעום (קאַטאַלאָג מאַרגוליוט II, ז׳ 327—329, גיט אַ גענויע באַשרייבונג פון דעם כתב־יד) און לאָזט זיך אויס אַזוי: „ב״ה״ לק״ רח ר״ח סיון רס״ד בעזרת הש״י כתבתי פה מיי״שטריי[5] להיקרה מרת חנליין שתי הסליחות הללו מנחם אלדנדורף״.

דאָ איז אונדז אַלזאָ צוגעקומען נייער מאַטעריאַל צו דער כאַראַקטעריסטיק פון מנחם אָלדענדאָרף, וואָס האָט געלעבט 1504 אין מעסטרע (אַ שטעטל לעבן ווענעציע) און איז געווען אַפּנים אַן איבערשרייבער, וואָס האָט זיך אין פרייע מינוטן אַליין פאַרנומען מיט שריפטשטעלעריי.

---

[1] ערשטער פּשט: אָן פאַלשקייט. [2] ידיעה. [3] =טוט. [4] אויסצוגן אין באַסינס אַנטאָלאָגיע I.

[5] =מעסטרע.

# VIII. רב אליה בחור און זיין „בבא־בוך"

## 1

מיר האָבן זיך אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל[1] באַקענט מיט אַ קראָקעווער ייִדן, וואָס איז אין דעם פאָרוואָרט צו זיין ייִדישער איבערזעצונג פון שיר־השירים אַרויס מיט כעס אויפן עולם, פאַרוואָס מען לייענט דאָס די ביכלעך וועגן דיטריך פון בערן און הילדעבראַנט אַנשטאָט אַרייַנצוקוקן אין די פרומע געטלעכע ביכער. אָט דער ר׳ יצחק סולקעס, וואָס האָט געשריבן 1579, איז געווען ניט דער ערשטער און ניט דער איינציקער, וואָס איז געקומען מיט אַזאַ פרעטענזיע צום לייענער. נאָך מיט 35 יאָר פריער, אין 1544, באַגעגענען מיר די טענה אין דעם פאָרוואָרט צו דער קאָנסטאַנצער ייִדישער חומש־איבערזעצונג. „דער ספר האָט נאָך די מעלה, לייענען מיר דאָרט, וואָס פרויען און מיידלעך, וועלכע קענען דאָך בכלל אַלע גוט לייענען טייטש און פאַרטרייבן אָבער די צייט מיט נאַרישע ביכער ווי דיטריך פון בערן, הילדעבראַנט און דאָס גלייכן, וואו אַלץ איז ליגן און אויסגעטראַכטע זאַכן, — אַז די זעלביקע פרויען און מיידלעך וועלן קענען האָבן פאַרגעניגן פון דעם חומש, וואו עס שטייט נאָר דער לויטערער קלאָרער אמת[2]".

אין אַ יאָר אַרום הערן מיר ווידער די זעלבע ברוגזע רייד אין דער איבערזעצונג פון תהילים אויף ייִדיש, וואָס איז אַרויס אין ווענעציע 1545. דער אַרויסגעבער קאָרנעליאָ אַדלקינד (קורנילייו א״דיל ק״ינד שרייבט ער זיך) האָט זיך פאַרדעם געהאַט אַ סך פאַרנומען מיט אַרויסגעבן העברעיִשע ספרים, און ער דערמאָנט וועגן דעם אין זיין נאָכוואָרט צום ייִדישן תהילים: „קאָרנעליאָ אַדלקינד, הערן מיר פון אים, ווען מיר זאָלן איבערזעצן זיינע רייד,

---

1 זע ז׳ 54—55.

2 „עז איז אויך דז ספּר דא צו גואט דז די ורויאן אונ׳ יונק ורויאן די דוך אלי־גמיינקליך וואל טויטש לייאן קינן אונ׳ אבר איר צייט ור טרייבן אין טורעכטן בויכרן אז דיטריך בֿון בערן הילדבראנט אונ׳ דער גלייכן די דוך נויט [!] אנדרז דאן לוגן אונ׳ ערדיכטי דינג זיין דז די זעלביגי ורויאן אונ׳ יונק ורויאן אין דיזם חומש איר קורצווייל האבן מויגן דז דוך נויט [!] אנדרז איז דאן דיא לויטרי קלארי ווארהייט".

אַזוי ווי מיר האָבן דאָס געטאָן מיט דער אָקאָרשט געבראַכטער ציטאַטע, אויף אונדזער הייַנטיקער שפּראַך, — קאָרנעליאַ אַדלקינד שרייבט דאָס פאַר פרומע פרויען און פאַר די באַלעבאַטים וואָס האָבן ניט געהאַט קיין צייט צו לערנען. אין מייַנע יונגע יאָרן האָב איך אַרויסגעגעבן אַ סך טייערע און גרויסע ספרים און האָב זיך אַרייַנגעטאָן אין דעם מיט מיין גאַנצן פלייס, ווי מען קען אַרויס-זען פון אַלע ספרים וואָס זיינען געדרוקט אין באָמבערגס דרוק און וואו איך בין געחתמעט צום אָנהייב אָדער צום סוף. איצטער, אַז איך בין אַלט גע-וואָרן, האָב איך זיך באַטראַכט, אַז איך האָב גאָרנישט געטאָן פאַר די פרומע פרויען און פאַר יענע באַלעבאַטים, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין צייט צו לערנען אין זייערע יונגע יאָרן אָדער שפּעטער, און פונדעסטוועגן וואָלטן זיי גערן געוועזן צו פאַרטרייבן זייער צייט אום שבת אָדער יום-טוב מיט לייענען געטלעכע שמועות און ניט וועגן דיטריך פון בערן אָדער וועגן דעם גליק פון דער שיינער מיידל. אָט פון זייערטוועגן, וואָס וואָלטן גערן געוועזן צו לייענען גאָטס וואָרט, נאָר מען געפינט ווייניק ספרים וואָס זאָלן זיין געשריבן אין טייטש און זאָלן זיין גוט פאַרטייטשט, בין איך אַוועק צו ר' אליה בחור און האָבן מיט אים אָפּגעמאַכט, ער זאָל מיר טייטשן עט-לעכע ספרים, און פריער ווי אַלץ דעם תהילים[1]...״

אין דער חומש-אויסגאַבע באַזעל 1583 רעדט לייב ברעש, „דער דינער פון אַלע ציכטיקע און פרומע ווייבער״, ווידער וועגן דעם, מען זאָל ניט פאַר-לירן קיין צייט אויף אַנדערע טייטשע ביכער „די נאַרהייט זיין״, און אין דער הקדמה צום מעשה-בוך, באַזעל 1602, שווימט נאָכאַמאָל אַרויס די קאָנ-קרעטע באַשולדיקונג קעגן דיטריכן און הילדעבראַנטן: „דרום איר ליבן מאַ-נען און פרויען, לייענט אי אָפּט דאַרויס, זאָ ווערט איר דרינען באַהויען[2], און ניט צו לייענען אויס דעם [!] ביכער פון קיען[3] און פון דיטריך פון בערן

---

[1] „... בויר די ורומן בחורות אונ' בור איטליכי בעלי בתי' די דא ניט האבן צייט גיהאט [!] צו לערנן אין אירר יוגנט נוך דענוכטר [פונדעסטוועגן] וואלטן זי גערן [אירי צייט ור טרייבן אן אם [!] שבת אודר אן אם [!] יום טוב מיט לייאן גויטליכי שמועות אונ' ניט בון טיטריך בון בערן אודר בון דער שוינן גלויק...״ — איך ציטיר לויט דעם עקזעמפּלאַר פון בריטישן מוזעום; אין אָקספאָרדער עקזעמפּלאַר פעלט דאָס דאָזיקע לעצטע בלעטל.

פון שלימות וועגן ברענג איך יצחק סולקעסעס (ער שרייבט זיך „סולקש״) וואָרע-נונג קעגן די זינדיקע ביכער, שיר-השירים, קראָקע 1579, ז' aב: דרום בודאי רעכן זי [די רבנים] עש קיינם ור איין חציפות' דער דא שרייבט אויף דייטש וואש ער זיין טאָג פון זיינם ר' [רבי] גילערנט האט' אך גלויב איך עש איז ליב דען אלמעטיגן [!] גוט' זעלכי דייטשי ביכר צו שרייבן די דא זיין נוץ אונ' געטליך' אבר ניט דיטריך פון [בערין און הילדברנט [!] אונ' די אנדרן אל אונ' ניט עטליך' דער דאזיגן זיין ויל [דז] איך ניט וייש צו נענן. די האבן פיוויש זינד די איר צייט דר [מיט פר ברענגן]...״

[2] באַהאַוונט. [3] דאָס בוך פון די קי, קי-בוך—אַ בוך פון משלים אין יידיש.

און מיינסטער הילדעבראַנט זאָלט איר אַף[1] אייך ניט טון מייען[2]. דאָס מעשה-בוך גופא איז שוין אָבער אַ קאָמפּראָמיס: דער אינהאַלט איז אַ „געטלעכער", אַ פרומער, נאָר די ב ע ל ע ט ר י ס ט י ש ע פ אָ ר ם איז אַ הנחה, וואָס די רבנישע וועלט האָט געמאַכט דעם עולמס וועלטלעכע אינטערעסן[3].

מיר האָבן די אַלע פּאָלעמישע רייד געבראַכט אויספירלעך צוליב עטלעכע זאַכן. ערשטנס זעען מיר דאָ די גוואַלטיקע פאַרשפּרייטונג פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור בכלל און ספּעציעל פון יענע וועלטלעכע שריפטן, וואָס זיינען געווען ביי די פרומע ווי אַ ביין אין האַלדז: פון קראָקע, פון קאָנסטאַנץ, פון ווענעציע, פון באַזעל הערן מיר אַלץ די זעלביקע קלאָג-ווערטער. צווייטנס זעען מיר דאָ, אַז ניט נאָר קליינע מענטשן האָבן זיך יעמאָלט באַשעפטיקט מיט שרייבן יידישע ביכער (ווי יענער יצחק סולקעס וואָס רעדט וועגן זיך מיט אַזאַ עניוות), נאָר אויך אַזאַ גרויסער געלערנטער ווי ר' אליה בחור איז גערן געווען צו מאַכן אַ יידישע איבערזעצונג פון תהילים.

דער גרעסטער אינטערעס און די אמתע איראָניע שטעקן אָבער אין קאָרנעליאָ אַדלקינדס ווערטער: באַשטעלן אַ יידישע איבערזעצונג פון תהילים אויף צו באַקעמפן די פאַרשייטע „נאַרישע" ליטעראַטור איז ער געגאַנגען גראָד צו יענעם מאַן, וואָס האָט מער ווי ווער עס איז אַ צווייטער אויפגעוועקט ביים עולם אַ ליבשאַפט צו די וועלטלעכע ביכער. ווייל ר' אליה בחור איז געווען ניט בלויז אַ קענער פון העברעיִשן דקדוק און דער פאַרפאַסער פון אַ ריי וויסנשאַפטלעכע ווערק אויף לשון-קודש, נאָר אויך (צי איז מיגלעך, אַז קאָרנעליאָ אַדלקינד זאָל דאָס ניט האָבן געוואוסט?) דער פאַרפאַ-

---

[1] אויך.

[2] הנאה האָבן. — די שורות פון מעשה-בוך גיב איך אין מאָדערנעם אויסלייג (לויט שולמאַנען), מחמת איך האָב ניט דעם אָריגינאַל ביי דער האַנט.

[3] ליידער האָבן מיר נאָך ניט די גרויסע אַרבעט וועגן מעשה-בוך, הגם ניט נאָר אונזערע פאָרשער, נאָר אויך די יודאַיסטישע געלערנטע האַלטן עס פאַר איינס פון די וויכטיקסטע ליטעראַרישע געשעענישן ביי יידן סוף מיטלעלטער און אָנהייב נייע צייט. אַ התחלה פון אַ מקורים-קריטיק האָט געגעבן ש"ש אין סעראַפּעום 1864 (באַ־אָכאָוו נומ' 244); אויסצוגן (ניט פון דער ערשטער אויסגאַבע) האָט געבראַכט גרינבוים ז' 385—458; בקיצור באַראַקטעריזירט דאָס ווערק נ. שטיף, "יד"פיל I 113—114; טעמעס פון דעם מעשה-בוך-קרייז ריירן אָן שטערק-לייצמאַן ז' 321 א"וו, מ. עריק, וועגן אַלט-יידישן ראָמאַן ז' 143 א"וו און פּראָפ' וו. שטערק אין לאַנדויבוך ז' 56—58. אַ פּאָלעמיק וועגן מעשה-בוך איז געפירט געוואָרן אין די „ליטעראַרישע בלעטער" צווישן י. שיפּער (נומ' 116), י. צינבערג (נומ' 131) און מ. עריק (נומ' 160). — ד"ר מ. גאַסטער גרייט שוין פון יאָרן אַ קריטישע אויסגאַבע פון דעם מעשה-בוך; ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז ער האָט דאָס גאַנצע מעשה-בוך איבערגעזעצט אין ענגליש, נאָר ס'ליגט נאָך אין מאַנוסקריפּט.

סער פון דער באַוואוסטער „באָבע-מעשה". דאָס הייסט דאָך אין דער אמתן געמאַכט די קאָץ פאַר אַ סאַרוועך!

היינט לייגן מיר אָפּט אויס „באָבע-מעשה" אַזוי ווי איך האָב דאָס דאָ אָקאָרשט אָנגעשריבן. און פרעגט ביי אַ יידן פון אַ גאַנץ יאָר וואָס דאָס באַטייט, וועט ער אייך ענטפערן: „אַ מעשה וואָס די באָבע האָט דערציילט, אַ נאַרישע מעשה". אָבער אַמאָל האָט דאָס געמיינט עפּעס אַנדערש, אַמאָל האָט זיך דאָס גערופן ניט באָבע-מעשה, נאָר בבא-(באָווע-)בוך, און ס'איז געווען די געשיכטע פון דעם קלוגן, שיינעם און גאָטספאָרכטיקן ריטער בבא (באָווע), וואָס האָט געהאַט אויסצושטיין הונדערטער בייזע באַגעגענישן, ביז וואַנען ער האָט זיך אַרויפגעשלאָגן אויף אַ דרך. די איבערלעבונגען זיינע געווען אַזעלכע אויסטערלישע, אַז ווען איינער האָט געוואָלט זאָגן דעם צווייטן, „דערצייל מיר ניט קיין מעשה ניט געשטויגן ניט געפלויגן", פלעגט ער בעסער זאָגן: „דערצייל מיר ניט קיין מעשה מיט בבאן", „דערצייל מיר ניט קיין בבא-מעשה"; ווייל עס איז ניט געווען קיין איינער צווישן יידן, וואָס יענע געשיכטע וועגן דעם ריטער בבא זאָל אים זיין פרעמד. שפּעטער האָט זיך דער אויסדרוק בבא-מעשה (איין גאָט ווייסט, פאַרוואָס מען האָט דעם נאָמען פון דעם ריטער גע-דאַרפט שרייבן אויף אַ העברעישן שטייגער; נאָר וויבאַלד שוין יאָ אַזוי, האָט דער עולם ניט געוואוסט ווי דאָס צו לייענען, און פון דעם ב אויך געמאַכט אַ ב מיט אַ פינטל) אויסגעמישט מיטן באַגריף „באָבע", ווייל די באָבע האָט דאָך נעבעך אויך אַזאַ שוואַכקייט צו דערציילן מעשיות וואָס די אייניקלעך גלייבן ניט. און אַזוי איז דאָס געבוירן געוואָרן אונדזער איצטיקער אויסדרוק.

דער מחבר פון אָט דער „באָבע-מעשה", וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַן עקזאַמען פון פּאָפּולערקייט אין פאַרלויף פון מער ווי פירהונדערט יאָר, איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי דער גרויסער געלערנטער ר' אליה לוי, וואָס דער פּאַריזער אוניווערסיטעט האָט אים פאָרגעלייגט, ער זאָל ווערן דאָרט פּראָפעסאָר פון העברעיש!

סיי דער מאַן און סיי זיין ווערק זיינען ווערט, מען זאָל זיך מיט זיי באַקענען נעענטער[1].

אליה בחור האָט געשטאַמט פון דייטשלאַנד, פון אַ קליין שטעטל ניישטאַט (Neustadt an der Aisch) ניט ווייט פון נירנבערג; דאָרט איז ער געבוירן

---

[1] צו דער ביאָגראַפיע און די יידיש-פילאָלאָגישע ווערק פגל' שטאַפּלען ז' 72—88. מ. עריק האָט געגעבן אַ ביאָגראַפיע פון אליה בחור, ווי אויך אַן אַריינפיר צום בבא-בוך, אינהאַלט און אויסצוגן (לויט אַמסטערדאַם 1661 און פּראָג 1767) אין זיין „וועגן אַלט-יידישן ראָמאַן" ז' 65—89. אליה בחורס „המבדיל" איז אָפּגעדרוקט דורך נ. שטיפן מיט די געהע-ריקע פירושים אין צייטשריפט I ז' 150—158; דער צווייטער פּאַמפלעט, וועגן דער שרפה אין ווענעציע, ווערט באַהאַנדלט דורך מ. עריקן דאָרט גופא ז' 177—178; פגל' אויבן ז' 142 — 143.

געוואָרן אין 1469, דער ייִנגסטער פון 9 זין. ער איז פרי געקומען קיין איטאַליע (מיר ווייסן ניט, צי אַליין אָדער מיט דער גאַנצער משפּחה), און דאָס האָט געהאַט פאַר אים אַ גרויסן באַטייט. דער פאָטער זיינער איז אויך געווען אַ למדן און האָט אַליין מיט אים געלערנט; אָבער די קענטעניש פון העב־רעיִש איז אין יענע צייטן ביי דייטשע יידן געווען ניט קיין גרויסע; די קע־נער זיינען אַלע געווען אין איטאַליע, און אליה האָט זיך גענומען לערנען ביי זיי. אין עלטער פון 27 יאָר געפינען מיר אים שוין אין ווענעציע ווי אַ לערער פון העברעיִש, און דאָס איז ער שוין געבליבן זיין גאַנץ לעבן. די גרעסטע העברעיִש־קענער צווישן די קריסטלעכע פּראָפעסאָרן אין דייטשלאַנד זיינען געווען זיינע תּלמידים. ער האָט אָנגעשריבן אַ סך ווערק וועגן העברעיִשער גראַמאַטיק, אויך ווערטערביכער פון העברעיִש און פון אַראַמיש, און זיי, די דייטשן, האָבן דאָס איבערגעזעצט אויף לאַטיין און אָפּגעדרוקט אין העברעיש און לאַטיין צוזאַמען. פופצן יאָר איז ער אָפּגעזעסן אין רוים אין דעם הויז פון דעם באַרימטן קאַרדינאַל עדזשידיאָ וויטערבאָ. דער קאַרדינאַל האָט זיך אינטערעסירט מיט קבלה, האָט ער געוואָלט שטודירן די קבלה־ספרים אין אָריגינאַל און דעריבער געלערנט זיך ביי ר׳ אליהן העברעיש. יידן האָבן געקוקט אַ ביסל קרום אויף דעם גרויסן מלומד וואָס חברט זיך אַזוי מיט קריסטן; מען האָט אים חושד געווען, אַז ער איז קריסטלעך געשטימט. אָבער דאָס איז ניט ריכטיק, מיר ווייסן פון זיינע ווערק, אַז ער האָט אַפילו געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציִונג צו דער קריסטלעכער אמונה; מערניט ער איז געווען אַ פרייערער מענטש ווי די יידן פון זיין צייט.

איז אָט דער גרויסער געלערנטער, וואָס אַמבאַסאַדאָרן און ביסקופּן האָבן גערעדט און געשריבן וועגן אים מיט רעספּעקט, האָט זיך ניט געשעמט צו שרייבן ראָמאַנען אין דער פאָלקסשפּראַך. און ניט באַהאַלטענערהייט האָט ער דאָס געטון, נאָר גאַנץ אָפן, אונטערגעשריבן זיך מיט זיין פולן נאָמען. ווייל ער איז געווען אַ מענטש פון פאָלק און איז דאָס געבליבן ביזן סוף פון זיין לעבן אי מיט זיין אויסגעצייכנטער עכט־פאָלקסטימלעכער שפּראַך, אי מיט זיין ליבשאַפט אַריינצוזאָגן יענעם אין דער זיבעטער ריפּ און אַריינ־צוּוואַרפן אַ געפעפערט ווערטל פון וועלכן עס ווערט פינצטער אין די אויגן.

## 2

דאָס בבא־בוך איז ניט די איינציקע זאַך וואָס רב אליה האָט פאַרפאַסט אין יידיש[1]. פאַראַן אין אָקספאָרד אַ מאַנוסקריפּט, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין ווענעציע אין מיטן 16טן יאָרהונדערט. דאָרטן איז דאָ פון כּל טוב: מנהגים ווי מען זאָל זיך פירן אַ גאַנץ יאָר, ווייבערשע דינים געשריבן אין גראַמען,

---

1 די זאַצן וועגן אליהס יידישע ווערק אין שטאַפּלען ז׳ 76 זיינען ניט פולשטענדיק און דאַרפן פאַרריכט ווערן.

אַ ליד וואו ווייַן און וואַסער קריגן זיך, ווער פון זיי איז גרעסער און נאָך פאַרשיידענע זאַכן. פון אַן אויפשריפט דערוויסן מיר זיך, אַז דאָס האָט געשריבן איינער בער קלמן בן שמעון; קענטיק, ער האָט געהאַט אַ העפט וואו ער פלעגט פאַרשרייבן אַלץ וואָס עס האָט אים אינטערעסירט (מיט צוויי ליבהאָבער אַזעלכע, משה בר מרדכי אין ברעשיע און אייזיק וואַליך אין וואָרמס, האָבן מיר זיך שוין באַקענט פריער), און אפשר איז איבערשרייבן געווען זיין פּראָפעסיע און ער האָט געמאַכט דערפון אַ לעבן[1]. אין דעם מאַנוסקריפּט זייַנען פאַראַן אויך צוויי לידער פון אליה בחור. איינס פון זיי הייבט זיך אָן מיט דעם טשיקאַוון זאַץ: „נון וויל איך אייך ווייניק זינגען מיט מייַנעם בייזן [דאָס הייסט: שלעכטן] קול"; דאָס צווייטע רופט זיך: „המבדיל בין קודש לחול". ביידע לידער זייַנען פּאַמפלעטן, בייסיקע אָנפאַלן אויף עפּעס אַ הילל, וואָס האָט אים באַליידיקט אָדער פאַרמסרט (געננוי קען מען דאָס ניט אַרויסזען), און דערפאַר זאָגט אים אליה בחור אַריין אַזוי, אַז יענער האָט שוין מסתמא פון חרפה ניט געקענט באַווייזן זיין פנים אין גאַס. דאָ איז דאָ אַלץ, אַלע סודות פון שלאָפצימער זייַנען אַרויסגעשלעפּט פאַר דעם פּובליקום; אָבער ס'איז געמאַכט מיט טעמפּעראַמענט און מיט טאַלענט[2].

פאַראַן נאָך אַ ראָמאַן אַ געדרוקטער, מיטן נאָמען „פּאַריז און וויענע", וואָס עס איז קיין ספק ניט, אַז אליה בחור איז דער פאַרפאַסער דערפון, אָבער עס איז שוין מער ווי דרייהונדערט יאָר זינט דער ראָמאַן איז ניט איבערגעדרוקט געוואָרן; ווער ווייס צוליב וואָס פאַר אַ טעם, נאָר דאָס דאָזיקע ווערק האָט ביי יידן ניט אַרויסגערופן קיין גרויסן אינטערעס. לאָמיר דאָס דעריבער אָפּלייגן ביזן קומענדיקן קאַפּיטל און נעמען זיך צום בבא-בוך.

דער שטאָף וואָס איז דאָ באַהאַנדלט איז ניט אליה בחורס קיין אייגנס. שטאַמען שטאַמט ער פון ענגלאַנד, וואו די געשיכטע פון בעוויס אָוו העמפּטן איז געווען זייער באַליבט אין מיטלעלטער. פון ענגלאַנד איז די געשיכטע אַריבער אין איטאַליע, וואו זי האָט אויך שטאַרק אויסגענומען. דאָ האָט מען שוין דעם נאָמען פון העלד איבערגעמאַכט אויף דעם איטאַליעניש שניט: ער הייסט דאָ בואָוואָ, און זיין שטאָט הייסט שוין ניט העמפּטן, נאָר אַנטאָנאַ. אָט פון דעם איטאַליענישן מוסטער האָט דאָס געגעבן זיין יידישע באַאַרבעטונג אליה בחור, און ער זאָגט דאָס אויס צום אָנהייב גאַנץ אָפן, אַז ער האָט זיך אונטערגענומען „איין וועלש [איטאַליעניש] בוך אין טייטש צו ברענגען". אָבער

---

1 וועגן דעם דאָזיקן זייער וויכטיקן כ"י דערציילט באַריכות נ. שטיפס דערמאָנטער אַרטיקל צייטשריפט I, ז' 141—158 (פון ז' 150 א"וו גייט דער טעקסט פון אליה בחורס „המבדיל"). ביים אַרטיקל שטייט „סוף קומט" — אַפּנים אין צייטשריפט II.

2 וועגן דעם צווייטן עקזעמפּלאַר פון די לידער, וועלכער געפינט זיך אין קעימברידזש, זע אויבן ז' 142—143.

דאָס אַליין איז שוין געווען אין יענע צייטן ניט קיין קליינע איינשטעלעניש, און אונדזער פּראָפעסער האָט ניט סתם איבערגעזעצט, נאָר שטאַרק פאַרייִדישט, ווי מיר וועלן זען.

אָנהייבן הייבט זיך אָן דאָס ליד זייער פרום, אפשר כּדי צו פאַרגלעטן דעם חטא וואָס דאָ ווערט אַרויסגעגעבן אַ גייער ראָמאַן און ניט קיין געטלע־כער ספר. לאָמיר ברענגען איין סטראָפע פון דעם ליד, די ערשטע, פאַר אַ מוסטער:

„גאָט דען זאָל מען אייביק לאָבן
און זיינע וואונדער זאָל מען קונדן,
ווען ער איז געאַכפּערט און דערהאָבן
אין פרומע לייטן מונדן.
ער איז געוועלטיק אונטן און אָבן
זיין לאָב איז ניט צו גרונדן,
קיין מענטש דער עס קאָן פולענדן,
ווען עס האָט נאָך דרום נאָך ענדן[1].

דאָס מיינט:

„גאָט זאָל מען אייביק לויבן און זיינע נסים זאָל מען אָנזאָגן, ווייל ער איז גערימט און דערהויבן אין דעם מויל פון פרומע מענטשן. ער איז מעכ־טיק אונטן און אויבן, זיין לויב קען מען ניט דערגרונטעווען, ניטאָ קיין מענטש וואָס זאָל דאָס קענען אויסדערציילן, ווייל עס האָט ניט קיין סוף און קיין עק".

די שפּראַך קען ניט זיין געגליכן צו אונדזערער, וויבאַלד דאָס ווערק איז אַלט ביי 400 יאָר: אויף „פולענדן" און „מונדן" וועט מען נאָך אפשר זאָגן, אַז זיי זיינען דייטש, אָבער אַז ד ר ו ם מיינט „סוף" ווייסט אַ הייַנטיקער דייטש אויך ניט. דאָס זיינען אַלט־ייִדישע ווערטער. „געוועלטיק" און „געאַכ־פּערט" פאַרשטייט אַ דייטש דווקא ניט און מיר יאָ, מערניט וואָס די ווער־טער זיינען שוין אַ ביסל אַלטפרענקיש, זיי שמעקן מיטן חדר, מיטן טייטש־חומש. ענדלעך אַ דריטער סאָרט ווערטער: „אָבן, דערהאָבן, לאָבן"]. מיר ניצן זיי הייַנט אויך, בלויז די אויסשפּראַך האָט זיך געביטן אין פאַרלויף פון דער צייט.

אָבער דאָס איז נאָר פאַרבייגייענדיק, כּדי צו געבן אַ באַגריף פון דער שפּראַך אין וועלכער דאָס ווערק איז געשריבן. וואָס עס איז שייך צו דער פאָרם, זעען מיר אויפן ערשטן בליק, אַז די סטראָפע איז געבויט גאָר אַנ־דערש איידער אַ שטייגער אין שמואל־בוך. דאָרט האָבן מיר 4 לאַנגע פערזן וואָס גראַמען זיך לויט דער סכעמע אאבב. אויב מיר וועלן קוקן אויף דער

[1] אויסלייג מאָדערניזירט.

שמואל־בוך־סטראָפע ווי אויף 8 האַלב־פערזן, האָבן מיר יעמאָלט גראַמען בלויז צווישן צווייטן און פערטן פערז פון איין זייט, צווישן זעקסטן און אַכטן פון דער אַנדערער זייט; דער ערשטער און דריטער, פינפטער און זיבעטער האַלבפערז שטייען אויסער דער גראַם־סיסטעם[1]. אין בבא־בוך זעען מיר גאָר אַן אַנדער מעטריש בילד. דאָ באַשטייט טאַקע די סטראָפע פון 8 פערזן, און מיר זעען, אַז זיי זיינען אַלע שטרענג איינגעפּאַסט אין אַ סיסטעם פון דריי גראַמען. די סכעמע איז אבאבאבגג, דאָס הייסט די ערשטע שורה גראַמט זיך מיט דער דריטער און פינפטער, די צווייטע מיט דער פערטער און זעקסטער; דערנאָך האָבן זיך די זיבעטע און די אַכטע שורה זייער באַזונדער גראַם.

אַזאַ מין סטראָפע רופט זיך אין דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור ottava rima אָדער סתם אָקטאַווע (ottava) אָדער סטאַנסן (stanza). די אַלע נעמען זיינען איטאַליעניש, און דאָס איז ניט קיין צופאַל: די סטראָפן־פאָרם שטאַמט פון איטאַליע, וואו זי איז אויפגעקומען אין 14טן י״ה און איז אָנגעווענדט געוואָרן דורך אַזעלכע גרויסע דיכטער ווי אַריאָסטאָ (1474 — 1533) און טאַסאָ (1493 — 1563); פון איטאַליע האָט זי זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע. עס קאָן זיין, אַז די יידישע ליטעראַטור איז געווען איינע פון די ערשטע, וואָס האָט איבערגענומען — אין אליה בחורס צוויי ראָמאַנען און אין אַ באַאַר־בעטונג פון דעם אַרטוס־ראָמאַן[2] — דאָס דאָזיקע סטראָפן־געביי; לכל הפּחות איז אַ זיכערער פאַקט, אַז צו די דייטשן איז די דאָזיקע קאָמפּליצירטע פאָרם דערגאַנגען ערשט מיט גוטע הונדערט יאָר שפּעטער ווי צו אונדז[3].

די סטראָפע האָט אויך אַ יידישן נאָמען (איבערגעזעצט פון דעם איטאַליענישן טערמין): „ריים אין אַכט־געזעץ". ריים (פונקט ווי rima) באַטייט דאָ ניט גראַם, נאָר אַ ווערק אין אַ געגראַמטער, פּאָעטישער פאָרם. געזעץ מיינט סטראָפע, ווי מיר זעען דאָס אַ סך מאָל אין דער עלטערער

---

[1] און דאָס איז טאַקע דער בעסטער באַווייז, אַז מען טאָר די שמואלבוך־סטראָפע ניט שפּאַלטן אין אַכט קורצפערזן, ווי דאָס איז געטאָן אין באַסינס אַנטאָלאָגיע I ז׳ 27ב — 27ז.

[2] זע צום סוף פון דעם נאָענטסטן קאַפּיטל.

[3] פגל׳ אַטקינס (Atkins): A History of German Versification, לאָנדאָן 1923, ז׳ 255: „די פריסטע דייטשע סטאַנסן האָבן זיך באַוויזן אין 17טן י״ה אין איבער־זעצונגען פון איטאַליעניש". ביי די דייטשן איז די פאָרם שפּעטער אָנגעווענדט געוואָרן דערהויפּט אין ליריק. שיללער האָט כאַראַקטעריזירט „Die achtzeilige Stanze" אַזוי:

Stanze, dich schuf die Liebe, die zärtlich schmachtende. Dreimal
Fliehst du schamhaft und kehrst dreimal verlangend zurück.

יידישער שפּראַך, נאָך ביזן 19טן י״ה; אַלזאָ אַ ליד אין אַן אַכטפערזיקער סטראָפע געשריבן[1].

## 3

איצט וועלן מיר זיך נעמען צום אינהאַלט.

אין דער שטאָט אַנטאָנע האָט רעגירט אַ הערצאָג מיטן נאָמען גווידאָן. ער איז געווען אַ באַהאַרצטער קריגסמאַן און אַ גנעדיקער הערשער. ער איז לאַנג געווען אַ בחור, נאָר ווען ער איז אַלט געוואָרן, האָט ער זיך פאַרבענקט נאָך אַ ווייב. הלוואַי וואָלט ער לענגער געבליבן אַליין! זיינע עצה־געבער האָבן אויסגעקליבן פאַר אים אַ קיניגס־טאָכטער מיט דעם נאָמען בראַנדאָניע. זי איז געווען זייער אַ שיינע, נאָר זי האָט דעם אַלטן מאַן פיינט געהאַט, און נאָך מער האָט זי אים פיינט באַקומען, ווען עס איז געבוירן געוואָרן אַ זון, וועלכן מען האָט אַ נאָמען געגעבן בבא (באָווע). דער פאָטער האָט אָוועקגעגעבן דאָס קינד זייגן צום ווייב פון זיינעם אַ גראַף סיניבאַלד, וואָס האָט געוואוינט אין אַ דערביייִקן שלאָס סאַנסימאָן. בבא איז דאָרט אונטערגעוואַקסן און געוואָרן שטאַרק „אין פעכטן, שערמען און טורנירן; אידערמאַן [יעדערן] וואָלט ער הרגען און שעכטן; גאָר ווילד פלאָך [איז געפלויגן] אים זיין הירן״.

בראַנדאָניען איז וואָס ווייטער אַלץ שווערער געוואָרן מיט איר מאַן; זי איז גרייט געווען צו פאַרשעלטן אירע עלטערן וואָס זיי האָבן זי חתונה געמאַכט מיט אים. אָבער מען דאַרף געפינען אַן עצה. האָט זי איינמאָל אַריינגערופן צו זיך איינעם אַ ריטער ריצאַרט, וואָס זי האָט געוואוסט, אַז ער איז איר אינגאַנצן געטריי, און געזאָגט צו אים אַזוי: נעם דעם בריוו און פיר אים אַוועק צום הערצאָג דאָדאָן, וואָס רעגירט אין מאַגענצע[2]; זאָל ער קומען און איינעמען די שטאָט און אויסלייזן מיך פון מיין אַלטן. זאָל ער קומען אַהער מיט זיין מחנה, און איך וועל שוין מאַכן אַזוי, אַז מיין מאַן זאָל אַריינפאַלן צו אים אין די הענט. דערביי איז אין דעם בריוו געווען גאַנץ גענוי אויסגעשריבן ווי אַזוי זאָל דאָס זיין.

---

[1] אין שופטים, מאַנטוע 1564, רופט אָן דער מחבר (אָדער באַארבעטער) מיט דעם נאָמען „אַכט געזעץ״ אַן אַנדער מין סטראָפע, דהיינו 8 קורצפערזן וואָס גראַמען זיך אב אב גד גד. אַזאַ סטראָפע באַגעגענען מיר (אָבער אָן אַ ספּעציעלער באַצייכענונג) אין דער אסתר־פאַראַפראַזע האַמבורג, אין דודס געזאַנג אין שמואלבוך; אין דער דייטשער פּאָעזיע רופט זיך אַזאַ סטראָפע „Der Berner Ton״. — אומבאַרעכטיקט איז לויט מיין מיינונג, וואָס ב. באָראָכאָוו (אין באַסינס אַנטאָלאָגיע I, 227) באַטיילט מיט דעם נאָמען „אַכט געזעץ״ די שמואלבוך־סטראָפע. ביי אַן אַנדער געלעגנהייט וועל איך די פּראָבלעמען פון דער יידישער מעטריק באַהאַנדלען אויספירלעך.

[2] = מאַינץ.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט זיך בראַנדאָניע געמאַכט קראַנק, געאָכ-
צעט און געקרעכצט. דער מאַן איז צוגעקומען צו איר בעט און געפרעגט
וואָס זי פאַרלאַנגט: אַלץ וואָס זי וויל וועט ער איר שאַפן. האָט זי זיך אָפּגע-
רופן: אַ שטיקל געווילד וואָלט איך געוואָלט עסן, און דו אַליין זאָלסט דאָס
ברענגען פון געיעג. גווידאָן האָט באַלד געהייסן זיינע קנעכט זיך גרייטן און
געוואָלט אָנטון זיין פאַנצער. אָבער בראַנדאָניע האָט ווייטער גערעדט: דו
גייסט דען אויף מלחמה? גענוג אַ פּאָר קנעכט, און קיין פאַנצער דאַרפסטו
אויך ניט; עס וועט דיר שווער זיין צו שלעפּן אים.

האָט ער איר געפאָלגט און איז אַוועק. אין וואַלד האָט שוין אָבער גע-
וואַרט דאָדאָן פון מאַגענצע. ער איז אָנגעפאַלן אויף גווידאָנען, געהרגעט אים
מיט די פּאָר קנעכט, אַריין מיט זיינע זעלנער אין שטאָט, ווייל קיינער
האָט זיך ניט גערייכט אויף אַ שונא, און ווען ער איז געקומען אין פּאַלאַץ,
איז בראַנדאָניע אים אַרויסגעפאַלן אויפן האַלדז מיט שמחה. די בירגער האָבן
זיך געוואָלט שטעלן אַנטקעגן, אָבער בראַנדאָניע האָט זיי אַליין איינגערעדט,
אַז עס לוינט ניט; האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן. בלויז סיניבאַלד מיט זיין פאַ-
מיליע און מיט בבאן האָבן געוואָלט אַנטלויפן, אָבער בבאן האָט מען ביי זיי
צוגענומען און אים געבראַכט צו דער מוטער, וואו מען האָט אים באַהאַנדלט
ווי אַ געפאַנגענעם. דאָדאָן איז געבליבן הערשער אין אַנטאָנע.

דאָ גיט זיך אַ ווענד אליה בחור צום לייענער: „דעריבער, ליבע הערן,
גיט אַ קוק, וואָס פאַר אַן אומגליק עס קומט פון שלעכטע פרויען: זיי זיינען
גרייט צו צעהאַקן זייער מאַן אויף שטיקער, אַבי צו טרייבן זייער אויסגע-
לאַסנקייט. אַלע אומגליקן קומען פון די פרויען. זעט, וואָס שלמה המלך שרייבט:
ער האָט געזוכט אַ ריינע פרוי און זיין גאַנצן לעבן ניט געפונען קיין איינע".

*

איינמאָל האָט זיך דאָדאָנען געחלומט, אַז בבא וויל אים אומברענגען.
האָט ער שוין מער קיין רו ניט געהאַט, און בראַנדאָניע האָט באַשלאָסן צו
פאַרסמען איר זון. דורך אַ צופאַל האָט זיך בבאן איינגעגעבן אויסצומיידן
דעם טויט און צו אַנטלויפן. ער האָט געבלאָנדזשעט אין פעלד, גענערט זיך
פון גראָז, און ענדלעך איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן פון מידקייט לעבן ברעג פון
ים. סוחרים וואָס זיינען פאַרבייגעפאָרן אויף זייער שיפל האָבן אים דערזען;
ער איז זיי געפעלן געוואָרן, האָבן זיי אים מיטגענומען אַ שלאָפנדיקן און
דערנאָך פאַרקויפט פאַר אַ שטאַלקנעכט צום קיניג פון פלאַנדערן. דאָ איז ער
אָפּגעוועזן צוויי יאָר און אויסגעוואַקסן אַ שיינער, מיט אַ צאַרטן פנים און מיט
גאָלדענע לאָקן. ער איז זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן דער פרינצעסין דרוי-
זאַנע[1]. זי האָט אויסגעבעטן ביים פאָטער, ער זאָל זי לאָזן מאַכן אַ מאָל-

1 דער טעקסט שרייבט: „דרוזיינה".

צייט פאַר אירע יונגפרויען און מען זאָל צו איר צושטעלן בבאַן פאַר אַ סאַרווער. צום טיש האָט מען דערלאַנגט אַל דאָס גוטס, געזאָטענע און געבראָטענע הינער און פיש (ווידער די באַקאַנטע השגה, אַז קיין שענערס קען ביים קיניגלעכן טיש אויך ניט זיין!), און דרוזאַנע די קיניגסטאָכטער האָט די גאַנצע צייט אַזוי שטאַרק געקוקט אויף בבאַן, אַז דאָס האָט זיך אַלעמען געוואָרפן אין די אויגן. איינמאָל האָט זי אַפילו בכיוון אַראָפּגעוואָרפן איר מעסער, און ווען בבא האָט זיך אָנגעבויגן, כּדי דאָס אויפצוהייבן, האָט זי זיך אויך אַראָפּגעלאָזן אונטערן טיש און אים דערלאַנגט אַ קוש. קוים וואָס ער האָט געקענט דערנאָך אויפהייבן די אויגן פון בושה.

דערווייל איז געקומען פון אַ ווייטן לאַנד אייגער אַ ריטער מאַקאַבראָן, אַ זון פון אַ קיניג, וואָס איז אויסגעגאַנגען נאָך דרוזאַנען („נאָך דרוזאַנען וואָלט ערי שטאַרבן", זאָגט דער מחבר גאַנץ יידישלעך). דער קיניג האָט אים פיין צוגענומען און געמאַכט פון זיינטוועגן אַ טורניר, ער זאָל באַווייזן זיין בריהשקייט. עס האָט אים טאַקע קיינער ניט געקענט באַזיגן, נאָר בבא, וואָס האָט געכאַפּט ביי זיך אין שטאַל עפּעס אַ קרומען פלאָקן, האָט דערמיט באַזיגט דעם גרויסן העלד[2]. מאַקאַבראָן האָט זיך זייער פאַרשעמט; און בבא איז באַלד אַנטלאָפן געוואָרן פון קאַמפּפּלאַץ און אַנטשלאָפן געוואָרן פון גרויס מידקייט אין פעלד. דאָ האָט אים געפונען דרוזאַנע, וואָס איז נאָך זיין נצחון געוואָרן נאָך מער פאַרליבט אין אים, און זי האָט אים אויפגעוועקט מיט ליבלעכע רייד. בבא האָט זיך געשעמט, געוואָלט אַנטלויפן. איז בכדי צו ווייזן, אַז זי איז גאָר ניט אַזאַ מיאוסקייט, האָט זי אויפגעדעקט פאַר אים איר לייב (אין דעם ראָמאַן ווערט דאָס באַשריבן אַ סך אויספירלעכער און רעאַליסטישער), זיך פונאַנדערגעלאַכט און געפרעגט: פון אַזוינס זאָגט מען זיך דען אָפּ? בבא האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן, ניט געוואוסט וואו זיך אַהינצוטון פאַר שאַנד. דערביי גיט דער מחבר צו גאַנץ אָפן: „מיט אליה בחור וואָלט דאָס ניט געשען!"[3]

---

[1] האָט ער געוואָלט.

[2] ס'איז דער שלומפּערל־מאָטיוו פון דער פאָלקס־מעשה.

[3] „אה וויא ווינציג ווער עש אליה בחור גישעהן". אַזוי שטייט אין דער איסגאַבע פראָג 1660. די אויסגאַבע אַמסטערדאַם 1661 (וואָס האָט געדרוקט ניט לויט פראָג 1660, נאָר לויט אַן עלטערן „אָפּיר") רעאַביליטירט דעם מחבר קעגן זיין ווילן און שטעלט אָנשטאָט „אליה בחור" אַריין „אלי בחורים".—בכלל זיינען פאַראַן גאַנץ וויכטיקע טעקסטיקע אונטערשיידן צווישן 1660 און 1661. אין אַלגעמיין איז פראָג נעענטער צום מחברס טעקסט: ס'שטייט: „יעהן", וואו אַמסטערדאַם האָט מאָדערניזירט אויף „זאָגן"; אין אַמסטערדאַם פעלט די הקדמה אאז"וו; נאָר פאַראַן ווידער זאַכן (למשל דער געגראַטער אַריינפיר מיט דעם כאַראַקטעריסטישן אויסדרוק „דורך גראַטציא גאטש"), וואָס פעלן אין פראָג. מען מוז אַלזאָ נעמען אין אַכט ביידע טעקסטן (אַחוץ די צוויי כתבֿ־ידן, אין דער פאַריזער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק און אין פּריוואַט

זי האָט אים געזאָגט, אַז זי האָט אים ליב, און געפרעגט, ווער זיינע עלטערן זיינען. ער האָט זיך געוואָלט אָפּטשעפּען פון איר, האָט ער געענט-פערט, אַז זיי זיינען בעטלער און זיי שלעפּן זיך אום פון איין הקדש אין אַנדערן. אָבער זי גלייבט דאָס ניט: „דיין געשטאַלט טוט גיט ווייזן גון, דאָס דו האָסט געסן [=געגעסן] פיל האָבערן-גריצן". זי איז זיכער, אַז בבא איז פון הויכן שטאַם; מסתמא האָט זיין מוטער זיך געוויילט מיט עפּעס אַן אַדל-מאַן אָדער אַ גלח.

אין דער צייט ווי זיי האָבן דאָ פאַרבראַכט אין אַ פריינדלעכן שמועס איז די הויפּטשטאָט אַריינגעפאַלן אין אַ גרויסער אויפרעגונג. דער סולטאַן פון באַבילאָניע איז געקומען מיט צען טויזנט העלדן: ער וויל באַצווינגען די שטאָט, אויב דרוזאַנע וועט ניט נעמען זיין זון לוציפער, וואָס איז אין איר פאַרליבט. דער זון איז אַ שרעקלעכע מיאוסקייט: גרויסע אויגן, גרויסע אויערן, שוואַרצער ווי די מורינען און אַ באָרד ווי ביי אַ ציג. האָט דער קיניג גע-ענטפערט, אַז איידער געבן זי צום טייוול, וועט ער זי בעסער שעכטן מיט זיין אייגענער האַנט. עס האָט זיך תיכּף אָנגעהויבן אַ קאַמף, און דער קיניג צוזאַמען מיט מאַקאַבראָנען זיינען געפאַנגען געוואָרן.

איצטער איז שוין אין שטאָט געוואָרן אַזאַ טומל, אַז אויך בבא מיט דרוזאַנען האָבן דאָס דערהערט. בבא האָט זיך באַלד אָנגערופן, אַז ער וועט אַרויסגיין אין שלאַכט, און דרוזאַנע האָט אים געבראַכט צו פירן אַ פאַר-כישופט פערד פומעלע און אַ פאַרכישופטע שווערד רוגדעלע, וואָס זיינען גע-בליבן פון איר ברודער. נאָר דאָ האָט זיך געמאַכט נאָך אַ צווישנפאַל: דרו-זאַנעס פעטער אוגלין, אַ בייזער מענטש, האָט זיי געפונען ביי זייער פריינד-לעכן שמועס און געגומען זאָגן מוסר דער קיניגסטאָכטער. בבא האָט אים גוט אָנגעשלאָגן, אַוועקגעפלויגן אויפן כישוף-פערד צום שלאַכטפעלד און איינ-געהאַלטן דעם קיניגס קריגער מיט אַזעלכע רייד: „האָט איר ני[1] איין שפּריכ-

---

באַזיק פון ה' בגימין האַרץ-בערלין). אַ"ע שפּעטערדיקע אויסגאַבעס זיינען אַפּנים געדרוקט לויט אַמסטעדאַם. – אויפן סמך פון 1660 קאָן מען פאַרריכטן עטלעכע אומפּינקטלעכקייטן אין טעקסט, וואָס האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין מ. עריקס אויסצוגן. דער שאַרפסטער טעקסטגרייז איז אַרויסגעקומען אין סטראָפע 7 פון אָנהייב: „זיא ווערמט אין מיט גוטן מורן / איך קאָן אייך ניט מין גיזאגן / דעם שימפּפא בראַך אויש דער קארן / דיא שון ברגדונייה וואר טראגן..." צו „אויש דער קארן" גיט עריק (ז' 236) אַ פּירוש: „אויסדערווײלט", וואָס מאַכט דעם פּשט נאָך האַרבער. אין דער אמתן זיינען די גראַמווערטער ניט „מורן: קורן" (און אויך ניט „בורן"), ווי ביי באַסינען I 22), נאָר „מודן: בודן" [מאָדן: באָדן], און דער פּשט איז אַזאַ: „זי האָט אים געוואַרעמט אויף אַ גוטן שטייגער, מער קאָן איך אייך ניט דערציילן; די שטיפעריי איז אויפגעדעקט געוואָרן, די שיינע בראַנדאָניע איז פאַרגאַנגען אין טראָגן". „עס ברעכט אויס דער דעק" (דאָס בילד איז גענומען פון אַ פאַס) באַטייט אין דער עלטערער שפּראַך: דער סוד איז אַרויסגעקומען.

[1] קיינמאָל ניט.

וואָרט הערן זאָגן: ווער דאָ פּליכט[1], דען [=דעם] יאָגט מען און ווער זיך ניט ווערט דען [=דעם] שלאָגט מען". בבא האָט געטייט לוציפערן, אויסגעהרגעט דעם סולטאַנס גאַנץ חיל און באַפרייט דעם קיניג מיט מאַקאַבראָנען. פּאַר אַ דאַנק האָט ער באַקומען דעם צוזאָג, אַז דרוזאַנע וועט ווערן זיין פרוי.

אויף מאָרגן איז אוגלין געקומען זיך קלאָגן אויף בבאס נעכטיקער חוצפּה און געשטראָפט דעם קיניג, וואָס ער גיט זיין טאָכטער צו עפּעס אַ שלעפּער. אָבער דער קיניג האָט געענטפערט ווי אַ ייד אַ למדן: אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט, „דאָס מען זאָל גוט אַ קערן אָנזען; ווען[2] וואָס הילפט דער יחוס פון פאָטער און מוטער, ווען ער זעלבערט איז אַ מענטש אַ ניט-גוטער". אוגלין האָט באַשלאָסן זיך נוקם צו זיין.

מיט פאַלשקייט, כּלומרשט לויטן פאַרלאַנג פון קיניג, איז געקומען אוגלינס אַ דינער און אָוועקגעשיקט בבאן צום סולטאַן פון באַבילאָניע מיט אַ בריוו, און אין דעם בריוו איז געשטאַנען: אָט איז דער מערדער פון דיין זון, טו מיט אים ווי דו פאַרשטייסט. געווייַנטלעך האָט דער סולטאַן תיכּף געוואָלט לאָזן טייטן בבאן; נאָר זיין טאָכטער מאַרגאַרעטע האָט זיך ביי אים איינגעבעטן, אַז ער זאָל בעסער איינזעצן בבאן אין תּפיסה אויף צוועלף מאָנאַטן, אפשר וועט ער אָננעמען דעם מחמדאַנישן גלויבן. בבא האָט ניט געוואָלט בייטן זיין גלויבן בשום אופן, און ער וואָלט געוויס געטייט געוואָרן; האָט ער אָבער נאָך די צוועלף מאָנאַטן געהאַט מזל און באַוויזן אַ העלדישקייט, איז ער אַנטלאָפן פון דעם טיפן קעלער פול מיט עקדישן און שלאַנגען, דערלאָפן ביזן ים און זיך אַריבערגעכאַפּט מיט אַ שיף אויף דעם אַנדערן ברעג.

*

דאָ שרייבט אליה בחור אויף דעם שטייגער, וואָס איז נאָך ביז היינט איבערגעבליבן אין אונדזערע פאָלקסמעשיות: איצטער לאָמיר לאָזן בבאן גיין זיין וועג, און איך וועל אייך זינגען ווי עס איז פאַר דער צייט געגאַנגען מיט דער ליבער דרוזאַנען.

נון לאָזן מיר בבא פאָרן מענכע מייל
און גאָר איין פערן[3] וועג אַ לאַנגן.
און וויל אייך זינגען ווי עס די וויל
מיט דער ליבן דרוזאַנע וואָר געגאַנגען[4].

---

[1] אַנטלויפט. [2] וויל.

[3] וויטן. אין דער ציטאַטע ווי אין דעם רוב אַנדערע פון דעם קאַפּיטל איז דער אויסלייג מאָדערניזירט.

[4] דער איבערגאַנג קערט זיך אום וויפל מאָל אין דער גאַנצער עלטערער ליטעראַטור.

ווען זי איז אינדערפרי אויפגעשטאַנען און האָט בבאן ניט געפונען, האָט זי געמיינט, אַז ער איז אַוועק אויף געיעג; נאָר באַלד האָט אוגלינס אַן אומגעטרייער קנעכט אויסגעזאָגט אַלצדינג. די שולדיקע זיינען געפּערטלט געוואָרן. אָבער ווי אַזוי קערט מען אום בבאן? עס איז אַוועק אַ צייט, און ער האָט זיך ניט אומגעקערט. איז געוואָרן קלאָר, אַז דער סולטאַן האָט זיך אין אים נוקם געווען, און דער קיניג האָט געזאָגט דרוזאַנען, אַז ער גייט זי חתונה מאַכן פאַר מאַקאַבראָנען. זי האָט זיך קוים איינגעבעטן, מען זאָל די חתונה אָפּלייגן אויף אַ יאָר. דאָס יאָר איז אַוועק, און פון בבאן איז קיין ידיעה ניט געווען. האָט זי געמוזט איינשטימען צו ווערן מאַקאַבראָנס פרוי. ווען בבא איז פון באַבילאָניע אַריבער דעם ים, איז ער גראָד אַריינגעפאַלן אין מאַקאַבראָנס לאַנד, און פון אַ בעטלער איז ער געוואויר געוואָרן, אַז היינט קומט פאָר דרוזאַנעס חתונה. ער האָט זיך איבערגעטאָן פאַר אַ בעטלער, אַריין אין מאַקאַבראָנס פּאַלאַץ און אַרויסגערופן דרוזאַנען. מיט פאַרשיידענע המצאות גיט ער איר צו פאַרשטיין, אַז ער איז בבא, נאָר זי גלייבט ניט:

„דאָס בייז געשטאַלט גלייכן זאָל
דען איידעלן הערן דעם זיינען?[1]
איי וואָל, המבדיל בין קודש לחול[2]
צווישן זיינעם ליבן פּנים און דעם דייגען!"

אָבער דערביי איז געשטאַנען אַ „שאַף מיט וואַסער פול"; האָט ער זיך אויסגעוואַשן, און דאַן האָט זי אים דערקענט. ער האָט איר געהייסן, אַז ביינאַכט זאָל זי געבן מאַקאַבראָנען אַ שלאָפגעטראַנק און אַנטלויפן מיט אים.

אַזוי איז געשען. אינדערפרי האָבן זיך אַלע געוואונדערט, וואָס דאָס יונגע פּאָרפאָלק שלאָפט אַזוי לאַנג און לאָזט זיי וואַרטן אויפן אָנבייסן. האָט מען אויפגעבראָכן די טיר מיט צוואַנג און האַמער און געפונען מאַקאַבראָנען אַ פאַרחלשטן. מען האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָס מוז זיין בבאס אַרבעט. האָט מען אַרויסגעשיקט אָניאָגן זי דעם קיניגס אַ געפאַנגענעם, עפּעס אַ פאַרזעניש, האַלב מענטש האַלב הונט, וואָס האָט געהייסן פּלעקון. ער האָט זיי טאַקע אָנגעיאָגט, געקעמפט מיט בבאן, און ס'איז געווען אַ סכנה פאַר ביידן, ביז וואַנען דרוזאַנע איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן: זי האָט פאָרגעלייגט פּלע-

---

למשל אין „זיגמונט און מאַגלענע" (אין אָריגינאַל הייסן זיי „זיגמנט" און „מגלינה"), פירט 1698:

„מיר ווען זיי אַ ווייל לאָזן שלאָפן אין וואַלד
און ווען פון דער אָם שרייבן, די קאָם [איז געקומען] אין איר קאַמער באַלד".

[1] פּשט: „דאָס בייזע געשטאַלט זאָל גלייכן דעם איידלן הערנס געשטאַלט?"

[2] דער חולם ווערט אין ד״ גאַנצער עלטערער שפּראַך אַרויסגערעדט ווי O.

קונען און בבאַן זאָלן, זיי שווערן ברודערשאַפט מיטאַנאַנד און זיך לאָזן צוזאַ־מען ווייטער.

זיי זיינען צוגעקומען צום שלאָס פון איינעם אַ גראַף אוריאַן, וואָס זיין ווייב, לאָזט זיך אויס, איז דרוזאַנעס אַ קרובה. דער גראַף האָט דערקענט דרוזאַנען פון פענסטער און געפרעגט די גרעפין צי איז זי עס טאַקע.

זי שפּראַך: „עס איז ביי דען בורא עולם
מיין קרובה דרוזאַנע, איך וויל איר גיין געבן שלום.
און אז וואָר אז איך א יידין בין,
זי האָט מיט איר[1] בבא דען שייגען קנאַבן".

די דריי האָבן דאָ געפונען גאַסטפריינדשאַפט און געבליבן אַ פּאָר חדשים. מאַקאַבראַן איז וועגן דעם געוואויר געוואָרן, געקומען מיט קריג, נאָר ער האָט קיין זאַך ניט געקאָנט אויפטון. אָבער דערנאָך האָט ער געכאַפּט דעם גראַף אין געפענגעניש, און בכדי צו ראַטעווען זיין אייגן לעבן האָט אוריאַן באַשלאָסן אַרויסצוגעבן יענע דריי. קוים אין דער לעצטער מינוט האָבן זיי זיך דערוואוסט וועגן דעם, פלעקון האָט געהרגעט דעם פאַררעטער, און זיי זיינען אַנטלאָפן דורך אַן אונטערערדישן גאַנג. דרוזאַנע האָט שוין אָבער ניט גע־קאָנט לויפן אַזוי גיך: זי האָט גראָד גיין חדשים געטראָגן. זיי האָבן זיך אָפּ־געשטעלט אין אַ וואַלד, און דאָ האָט דרוזאַנע געוואונען אַ צווילינג; פלעקון האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ הייבאַם.



דערנאָך ווערט דערציילט געניי און מיט אַ פייגעם הומאָר, ווי אַזוי פלעקון איז אַרויס ברענגען עסנוואַרג פאַר דער געווינערין. ער איז דורכגע־גאַנגען דעם וואַלד, האָט ער אָנגעטראָפן אַ מאָנאַסטיר. די מאָנאַכן האָבן אים פריער באַרבים געוואָלט געבן, נאָר ער האָט זיי גוט אָנגעשראָקן, אַ פּאָר פון זיי אָנגעבראָכן די ביינער, האָבן זיי אים שוין געגעבן אַלצדינג: הינער און גענדז, פיש און מעל. דאָס האָט ער אַלץ געבראַכט אין וואַלד, און בבא דער איידלמאַן איז געוואָרן אַ קוכער: ער האָט געמאַכט גוטע פּאַשטעטן און פלאָדן, מאַנדל־רייז און קרעפּלעך, עפּל־צימעס און גוטע קיכלעך.

אַזוי זיינען זיי אָפּגעווען אין וואַלד אַ מאָנאַט, ביז וואַנען דרוזאַנע איז געקומען צו זיך. האָט בבא באַשלאָסן, אַז ער וועט אַרויסרייטן פון וואַלד אַ זוך טון דעם ים; דאָרטן וועלן זיי קענען קריגן אַ שיף און אַוועקפאָרן קיין אַנטאָנע. ווייב און קינדער האָט ער איבערגעלאָזט אויף פלעקונען; ער האָט צוגעזאָגט, אַז אין צוויי טעג צייט וועט ער זיין צוריק. האָט ער זיך אָבער פאַרזאַמט לענגער, און דערווייל האָט פלעקונען צעריסן אַ ווילדער לייב.

---

[1] מיט זיך.

דרוזאַנע האָט זיך דערשראָקן, זי האָט געמיינט, אַז בבא איז אויך אומגעקו-מען. איז זי אַנטלאָפן מיט אירע קינדער, וואוהין די אויגן טראָגן. זי האָט גע-טראָפן צום ים און דערזען ביים ברעג אַ שיף, וואָס איז געפאָרן אין איר פאָטערלאַנד, קיין פלאַנדערן. זי האָט זיך אָנגעבאָטן פאַר אַ דינסטמויד. ווען מען האָט זי אָבער געבראַכט צום קאַפּיטאַן, האָט ער זי דערקענט, און מען האָט איר אָפּגעגעבן גרויס כבוד. זיי זיינען געקומען אַהיים, די עלטערן זיינען גליקלעך געווען מיט איר און מיט די קינדער. דרוזאַנע זאָגט אויף זיי: „זיי זיינען נאָך ניט באַשניטן". רופט זיך אָפּ דער קיניג: „דו דאַרפסט ניט זאָרגן; אַ היפּשעי ברית-מילה וועל איך מאַכן מאָרגן", און מען איז זיי טאַקע מל.

„נון לאָזן מיר דרוזאַנע מיט אירעם פאָטער בלייבן און וועלן אַ ווייל פון בבא שרייבן". ער האָט גראָד ניט געפונען דעם ים, איז ער געקומען צו-ריק און קיינעם ניט דערווישט אַחוץ פלעקונס הינטערחלק. האָט ער געמיינט, אַז דרוזאַנע מיט די קינדער זיינען אויך צעריסן געוואָרן פון דער חיה-רעה, און פון גרויס ווייטיק האָט ער זיך געלאָזט בלאָנדזשען. ער האָט געטראָפן אין אַ שטאָט, וואו אַ יונגער הויפּטמאַן האָט געהאַלטן אין אויפנעמען פיל זעלנער. בבא איז אַריין אין אַ „ווערטסהויז" (אכסניא), זיינען אַלע נתפּעל געוואָרן פון זיין אויסזען.

אײנער שפּראַך: קיין זאָלכן מאַן
האָב איך געזען אין לאַנגן צייטן;
פריילעך[2], ער מוז זיין אַ גראָסער האָן[3]
מיט פעכטן און מיט שטרייטן;
איך האַלט, עס זיי[4] ווידער אויפגעשטאַנען דיטריך פון בערן
אָדער הילדעבראַנט, די זעלביקע הערן.

ווען בבא האָט זיך איינגעקוקט, האָט ער דערזען, אַז דער הויפּטמאַן וואָס קלייבט זעלנער איז זיינס אַ חבר, סיניבאַלדס זון (טריץ הייסט ער), ער באַדאַרף קריגער כּדי אָפּצונעמען אַנטאָנע ביי דאָדאָנען. בבא איז צוגעשטאַנען צו זיין חייל, אָבער ניט אויסגעזאָגט ווער ער איז. ווען זיי זיינען געקומען קיין סאַנסימאָן, האָט טריצס מוטער, וועלכע האָט אַמאָל געזויגן בבאן, אים דערקענט. עס איז געווען אַ גרויסע שמחה.

פאַר אַנטאָנע איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט. בבא האָט זיך שטאַרק אויס-געצייכנט און פאַרוואונדט דאָדאָנען, וועלכער האָט זיך קוים אַריינגעראַטע-וועט צוריק אין שטאָט אַריין. ס'איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז דאָדאָן איז גרייט קי-

---

[1] שיינע. [2] באמת.

[3] אין דער עלטערער שפּראַך ווערט „האָן" גענוצט ניט לגנאי, נאָר אָפטמאָל ממש ווי אַ קאָמפּלימענט, מיטן פּשט: גבור. [4] אַז עס איז.

ניגלעך צו באַלוינען דעם דאָקטאָר, וואָס וועט אים אויסהיילן. האָט בבא זיך אָנגעטאָן ווי אַ דאָקטאָר: אין אַ שאַרלעך-רויטן ראָק און אַ לאַנגן מאַנטל פון דעם נעמלעכן קאָליר, אַרומגעבונדן זיך אַ ברייטן גאַרטל מיט אַ גילדערנעם שלאָס, אויפן אַקסל איז אים געהאַנגען אַ קאָפּ-ציפּלי[1], און אויפן קאָפּ אַ הויכע הויב. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ שיינעם מויל-אייזל, ער זאָל רייטן ווי אַ דאָקטאָר, און טריץ איז אים נאָכגעריטן ווי אַ באַדינער אויף אַן אַלטער שקאַפּע; טריצן האָט מען פריער אָנגעשמירט שוואַרץ ווי אַ מורין. אַזוי זיינען זיי אָנגעקומען קיין אַנטאָנע.

נון האָרט[2] מען זאָגן אז ווייט אז די שטאָט,
ווי א קאָסטלעכער[3] ארצט[4] ווער קומען[5]:
ער קענט מיין ווען גאלענוס און אפּאָקראַט[6],
ער היילט די לאָמען און די קרומען;
דער עון-צענע[7] האָט ני געלערנט געהאַט,
וואָס זיך דער ארצט האָט אָנגענומען..."

בראַנדאָניע איז באַלד געוואויר געוואָרן וועגן אים, און געשיקט אים רופן. ער איז געבליבן אַליין מיט דאָדאָנען, וועלכער האָט געזאָגט, אַז אַפּנים דער טייוול אַליין האָט מיט אים געקעמפט.

בבא שפּראַך: „עס איז לעכט[8] דער זון
דער פון אייך געמאָרדט איז וואָרן[9]?
זיינס פאָטער ראַכונג[10] וויל ער לעכט טון
אז א דעגן[11] אויסדערקאָרן?"
דאָדאָן שפּראָך: „דאָ לאָזט נייערט פון, —
דער האָט לענגסט זיין לעבן פארלאָרן.
אויף דען זעלבן דאַרף איך צומאָל ניט ריכטן,
איך האָן געמאַכט זיין מוטער אין[12] הינריכטן".

בבא שפּראַך: „נון זיך[13] מיך וואָל אָן;
דוכט דיך ניט, איך זע בבא עבן[14]?
וואָר עס ניט גינוג, דו פארעטערישער מאן,

[1] קאַפּטור. [2] = הערט. [3] חשובער. [4] דאָקטאָר. [5] איז געקומען.
[6] גאַלענוס און היפּאָקראַטעס, צוויי באַרימטע דאָקטוירים פון אַלטערטום.
[7] אין טעקסט שטייט „אבן צענה" (ביי די אַראַבער איבן-סינא, אין אייראָפּע Avicenna) באַרימטער אַראַבישער פילאָסאָף און מעדיצינער (980—1037 נ"ק). [8] אפשר.
[9] דער זון פון דעם וואָס איז דורך אייך דערהרגעט געוואָרן.
[10] נקמה. [11] העלד [12] אים. [13] זע. [14] גלייך.

דאָס דו מיינעם פאָטער גענומען זיין לעבן?
דוכט דיך ניט, דאָס איך דיר דאָ באַצאָלן קאָן?
דיין רעכטן לאָן וויל איך דיר געבן!"
זיין שווערט [וואָר] ער פלוקס[1] הערפאָר צוקן,
היב[2] דען בייזוויכט[3] צו קליינע שטוקן[4].

די גאַנצע שטאָט האָט זיך געשטעלט אויף בבאס צד (טריץ האָט שוין באַוויזן צוצוגרייטן די שטאָטלייט, אַז בבא איז דאָ).

... דערנאָך קאם צו גיין זיין בייזע מוטער נון
און מיינט אויך געגאָד פון אים צו האָבן.
זי פיל פאַר אים נידער אויף די ערדן
און שרייט און וויינט און האָט אַ ווילדן געבערדן[5].

„ליבער זון, איך בין אין דיינער געוואַלט,
דו מאָגסט מיט מיר טון וואָס דיר איז עבן[6];
האָן איך דיר שאָן געטאָן וואָס דיר ניט געפאַלט,
איך ביט[7] דיך, דו זאָלסט מיר׳ס פאַרגעבן,
איך בין יאָ דיין מוטער, דאָס בלוט דאָס וואַלט[8]..."
בבא דער קאָנט מיט איר קיין וואָרט ריידן;
ער שפראַך: „סיניבאַלד און טריץ, איך באַפעל׳ס[9] אייך ביידן".

און אין איין קאַמער גינג ער[10] דראָט[11],
און סיניבאַלד הוב אָן צו איר צו זאָגן:
„בראַנדאָניע, בראַנדאָניע, דו בייזע קראָט[12]!
דיין מאַן האָסטו צו טאָט לאָזן שלאָגן
און דיין זון האָסטו וועלן געבן אַ טאָט;
ווי קאָן מען דיר׳ס פאַרטראָגן?
די האָסט פאַרדינט, דאָס מען דיך זאָל קעפּן
און דורך דער שטאָט שלאַפּן[13] מיט דיין צעפּן!

אָבער דיוויל[14] דו ביסט די מוטער זיין,
דאָס זעלביק זאָלסטו געניסן,
דאָס מען דיר זאָל שענקען דאָס לעבן דיין;

[1] מיטאַמאָל, ראַפּטום. [2] האָט צעהאַקט. [3] רשע. [4] שטיקער. [5] באַנעמען.
[6] גלייך, פּאַסיק; האָב דיר געפעלט. [7] =בעט. [8] וואַלן (wallen), זידן.
[9] באַפעלן—איבערגעבן. [10] בבא. [11] דאָרט. [12] קראָט (אין ליטעראַרישן נה"ד Kröte)—זשאַבע; דערפון אונדזער הייַנטיק שילדקרויט. [13] נה"ד schleifen; שלעפּן. [14] מחמת.

אָבער אין אַ קלאָסטער זאָל מען דיך שליסן.
טריץ שפראַך: „עס דוכט מיך אויך אזאַ גוט זיין";
אירע קנעכט זי הינוועקפירן היסן
און שפּערטן זי אין אַ גונעני-קלאָסטער;
דינגען[2] מוזט זי זיין ביז קיין יובל-אָסטער[3].

בבא האָט איצט געגומען רעגירן אין אַנטאָנע. די מענטשן דאָרטן זיינען געווען גליקלעך מיט איר.



איינמאָל ווען בבא האָט גראָד געשפּילט מיט סיניבאַלדן אין שאָך, איז געקומען אַ ידיעה פון מאַרגאַרעטען, דער טאָכטער פון דעם באַבילאָנישן סולטאַן: איר פאָטער איז געשטאָרבן, אַ שונא איז אָנגעפאַלן אויף איר לאַנד; זי האָט בבאן יעמאָלט געראַטעוועט דאָס לעבן, טאָ זאָל ער איצט איר העלפן. און אויב ער וועט פאַרטרייבן דעם שונא, וועט זי טון דאָס, וואָס ער האָט דאַן ניט געוואָלט: זי וועט אָננעמען זיין גלויבן און וועט חתונה האָבן מיט אים. ער איז גערן געווען אָפּצודאַנקען, מיטגענומען טריצן און דרייטויזנט מאַן און באַזיגט דעם שונא. אַזוי ווי ער האָט געמיינט, אַז דרוזאַנע איז טויט, האָט ער איינגעשטימט חתונה צו האָבן מיט מאַרגאַרעטען, און די חתונה איז באַשטימט געוואָרן „במזל טוב איצונד גלייך צו ראש-חודש ניסן".

פון דעם האָט זיך דערוואוסט דרוזאַנע, און זי האָט אָפּגעטאָן דאָס זעלבע שפּיצל וואָס אַמאָל בבא. זי האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ שלעפּערקע, מיטגענומען אירע צוויי זין, וואָס זיינען שוין געווען היפּש אונטערגעוואַקסן, און „אין איינער קורצן צייטן, דאָך ניט אַז באַלד איך דאָ זאָג", איז זי דערגאַנגען ביז באַבילאָניע.

איינמאָל אינדערפרי האָט זי זיך געשטעלט פאַרן פאַלאַץ און גענומען זינגען אַ ליד וואָס זי האָט געהאַט געמאַכט: וועגן בבאן און דרוזאַנען, וועגן פלעקובען און מאַקאַבראָנען, וועגן דעם ווילדן וואַלד. ווען בבא האָט דאָס דערהערט, איז ער געבליבן „שטיל ווי אַ מויז". בבא האָט תיכף אַרויסגעשיקט אַ דינער ברענגען די בעטלערין, נאָר זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן, און מען האָט זי אין ערגעץ, אויך „אין שפּיטאָל אונטער דען לאָמען און אונטער דען בלינדן", ניט געפונען. בבאן האָט דאָס זייער פאַרדראָסן[4].

[1] גונ (מה"ד nunne, נה"ד Nonne)—מאָנאַשקע. [2] דריגען.
[3] פשט: זייער לאַנג. פגל' אונדזער: „איינמאָל אין אַ יובל".
[4] די וויטערדיקע ציטאַטעס, אויף וויפיל זיי זיינען אויסגעטיילט סטראָפּנווייז, גייען מיטן אויסלייג פון אָריגינאַל, לויט פּראַג 1660.

נון וואר דרוזיינה ווידר קומן אין דאז הויז[1]
אונ׳ נאם פֿר זיך אירי צווין יונגן,
אונ׳ צוך זיא אין וואמש[2] אונ׳ אין הוזן אויז,
זיא וערן מיט גולדן פֿעדן[3] גשלונגן,
אונ׳ בירשט[4] זי, אבר זי העטן קיין לויז,
איר האר וואר אז גאלד גדרונגן.
זיא טעט אין אן זיידני רעקליך,
זיא גינגן הריין אז צווייא היפשי טעקליך.

אַזוי האָט זי אונטערגעשיקט די קינדער צום פּאָטער. ווען בבא איז געווואויר געוואָרן, אַז דאָס זיינען זיינע קינדער און אַז דרוזאַנע לעבט, האָט ער זיך זייער דערפרייט. מאַרגאַרעטע פּאַרקערט איז געווען זייער צעטראָגן, ווען זי האָט דערהערט די בשורה. בבא האָט איר פּאָרגעלייגט חתונה צו האָבן פּאַר זיין געזעלן טריצן. זי האָט איינגעשטימט, אויב יענער וועט נאָר וועלן: „איך פערכט מיך, וואו איך עס לענגער אויפציך[5], דאָס ניט בילבולים דריין קעמען[6]". טריץ האָט גערן איינגעשטימט, און מען האָט געפּראַוועט אַ חתונה, צו וועלכער עס זיינען געקומען „פיל לצנים" און „ביי פופציק פרעמדע מנינים". טריצן האָט בבא איבערגעלאָזט ביי מאַרגאַרעטען, און אַליין איז ער אַוועק מיט ווייב און קינדער אַהיים. אָט דאָ האָבן זיך שוין געענדיקט זיינע אָפּקומעניש: ער איז געווען אַ הערשער איבער אַ גרויס לאַנד, ער האָט נאָך גערירשנט שפּעטער זיין שווערס לאַנד אויך, און זיין נאָמען האָט געקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט. זיינע צוויי זין זיינען גרויס געוואָרן, האָט ער זיי אויך יעדערן געגעבן צו אַ שטאָט. „זיי העטן פיל לאַנד אונטער אירן הענדן, דאָמיט האָט דאָס בוך איין ענדן".

אָבער דער פּאַרפאַסער קען זיך נאָך ניט שיידן מיטן לייענער, גיט ער צו נאָך צוויי סטראָפעס:

דאך וויל איך אייך נענן פֿאר,
ווער דאז בוך האט גמכט אונ׳ גשריבן:
א ל י ה ב ח ו ר נענט ער זיך צוואר,
איין גנץ יאר הוט ער דריבר פֿר טריבן
אונ׳ הוט עז גמכט דאז זעלביג יאר,
דז מן צילט צווייא הונדרט אונ׳ זעכציג אונ׳ זיבן;
ער האט עז אויז אין ניסן אונ׳ הוב עז אן אין אייר.
גֿוט זול אונז געבן רוא פֿר אלן ביזן טיר

---

[1] אין דעם „ווערטסהויז", וואו זי איז איינגעשטאַנען. [2] =ו ו א מ ס. [3] =פעדעם.
[4] =באַרשט. [5] אויב איך וועל דאָס לענגער אויפציען; אָפּציען.
[6] עס זאָלן ניט אַריינקומען.

דאָך וויל איך נענען[1] פאָר[2]
ווער דאָס בוך האָט געמאכט און געשריבן:
אליה בחור נענט ער זיך צוואָר[3],
אַ גאַנץ יאָר האָט ער דריבער פארטריבן[4];
ער האָט עס אויס אין ניסן און הוב עס אָן אין אייר,-
גאָט זאָל אונדז געבן רו פאַר אלע בייזע טיר[5].

**אונ׳ זאל אונז דער ליזן אויז אונזרן פיין**
**אונ׳ זאל אונז די גנאד געבן,**
**דש מיר אל מושן זוכה זיין[6]**
**משיח צייט צו דער לעבן,**
**דער זאל אונש פירן קיין ירושלים היניין**
**אדר אירגנץ אין איין דירפל דער נעבן**
**אונ׳ זאל אונש דאז בית המקדשווידר בויאן.**
**וכן יהי רצון. אמן טרויאן.**

און זאָל אונדז דערלייזן אויס אונדזערן פּיין
און זאָל אונדז די גנאָד געבן,
דאָס מיר אַל מוזן זוכה זיין
משיח צייט צו דערלעבן,
דער זאָל אונדז פירן קיין ירושלים היניין
אָדער ערגעץ אין אַ דערפל דערנעבן
און זאָל אונדז דאָס בית-המקדש ווידער בויען.
וכן יהי רצון, אָמן טרויען[7].

**אָט אַזוי לאָזט זיך אויס דאָס בוך, מיטן זעלביקן שאַבלאָן ווי דער גרעסטער טייל ביכער פון יענער צייט. אָבער קיין איין אַנדער בוך קאָן זיך ניט באַרימען מיט אַזאַ ערפאָלג איבער די יאָרהונדערטער. ווייל ר׳ אליה בחור האָט געוואוסט ניט נאָר דעם שאַבלאָן, נאָר ער האָט אויך געהאַט די גרויסע מעלה פון אַ שריפטשטעלער, די פעיִקייט צו האַלטן געשפּאַנט דעם לייענער פון דער ערשטער מינוט ביז דער לעצטער, — וואו מיט אַ פרו-מען קרעכץ, וואו מיט אַ שאַרפן געמעל, וואו מיט אַ געפעפערטן, פאַר-שייטן וויץ.**

---

1 אָנרופן. 2 פריער. 3 באמת.
4 דערויף אָפּגעגעבן. 5 חיות.
6 די דאָזיקע שורה פעלט אין פראַג; זי איז דאָ צוגעגעבן לויט אמסטערדאַם 1661.
7 טאַקע אַזוי.

## 4

נאָך איין פראַגע איז כדאַי צו באַטראַכטן, ווייל דער ענטפער קאָן אונדז געבן אַ השגה וועגן דער אַנטוויקלונג פון דעם ליטעראַרישן גוסט ביי יידן:

וו׳ען איז פון דעם „בבא-בוך" געוואָרן די „בבא-מעשה"?

נאָר פריער וועגן די דרוקן פון דעם בבא-בוך.

א) ש״ש איז משער אין קאַט׳ באָדל׳, אַז ס׳איז געווען אַן ערשטע אויסגאַבע צווישן 1508—1549, ד״ה נאָך בעתן מחברס לעבן, „וואָרים פראָג 1660 איז בלי-ספק געדרוקט ניט פון מאַנוסקריפּט".[1] דערצו קאָן מען נאָך צוגעבן, אַז אַמסטערדאַם 1661 איז ניט געדרוקט פון פראָג 1660, און דעריבער איז מיגלעך, אַז ביידע האָבן געהאַט פאַר זיך אַן עלטערן געדרוקטן טעקסט. אָבער אַ סך באַרעכטיקטער איידער ש״ס השערה וועט זיין אַזאַ פאָרמולירונג: עס זיינען געווען געדרוקטע אויסגאַבעס ביז 1660 (וויפילן?), אָבער ס׳איז ביז היינט קיין שפור פון זיי ניט געפונען געוואָרן (O).

ב) פראָג 1660(P).

ג) אַמסטערדאַם 1661(A).

ד) אַלע ווייטערדיקע אויסגאַבעס לויט אַמסטערדאַם, אַלס ערשטע: פראַנקפורט-מאַין 1691. פאַראַן אין דער באָדלעיאַנע. שער ווי אַמסטערדאַם, אָבער אויסלאָז שטאַרק געקירצט.

ה) ווילמערסדאָרף 1724. אין דער באָדלעיאַנע ניטאָ, ש״ש ברענגט דאָס לויט וואָלף IV 782.

ו) פראָג 1767. געקירצט לגבי A. פאַראַן צוו״אַנד אין דער באָדלעיאַנע און אין דער בערלינער מלוכישער ביבליאָטעק.

אָט דאָס איז, אויף וויפיל איך זע, די לעצטע אויסגאַבע מיטן אַלטן טיטול.

ז) אין בריטישן מוזעום איז פאַראַן אַ ביכל אין קליינעם פאָרמאַט (7,2×10,5 צ״מ) מיט אַזאַ מין טיטול:

„בבא מעשה די׳ שיינה מעשה פֿון בבא האבן מיר גדרוקט אויף עש [!] ניי. עש איז פֿיר איין לענגשטי צייט גדרוקט גווארן אבר עש איז שון לאנג פֿר ביי. אוך [!] איז עש פֿריר גדרוקט גווארן אין איין שווער לשון אונ ניט איטלכר האט קאנין פֿר שטיין. דרום האבן מיר עש איבר גשטעלט אז עש זאל קאנן ליינן איין יעדר פֿון דעם גמיין. אויך האבן מיר עש גדרוקט אוף שיינה אותיות אונ שיין פאפיר אונ שיינה טינט. אז איין יעדר זאל דר צו לופֿן גשווינד".

דאָס איז דער גאַנצער שער, ניטאָ ניט קיין יאָר, ניט קיין אָרט. דאָס

---

[1] ש״ש גיט נאָך צו: „אפשר ניט פריער ווי 1540, אין איסני אָדער ווענעציע".

ביכל איז שוין אין פּראָזע[1]. צעדנער אין זיין קאַטאַלאָג (I, ז' 94) איז משער, אַז ס'איז געדרוקט 1830; קיין אָרט ווייזט ער ניט אָן. איך בין אַבסאָלוט זיכער, אַז דאָס איז אַ דרוק פון 1770—1780, בערך פון זשאָלקיעוו; ביי אַן אַנדער געלעגנהייט וועל איך דאָס אויפווייזן בפרוטיות.

ח) פון דעם דאָזיקן אָקאָרשט דערמאָנטן דרוק איז איבערגעמאַכט (געקירצט און פאַרדייטשמעריש) די אויסגאַבע פראַנקפורט-אָדער 1790. פאַראַן אין בריטישן מוזעום.

פון קיין שפּעטערדיקע צייטן איז מיר מער קיין דרוק אונטערן נאָמען „בבא-בוך” ניט באַוואוסט. דאָס מיינט מיט אַנדערע ווערטער, אַז די מעטאַמאָרפאָזע פון בוך אין מעשה איז פאָרגעקומען אין דעם דריטן פערטל פון 18טן י"ה, און פאָרגעקומען איז דאָס לויט אַלע סימנים אין מזרח-אייראָפּע. אָט דאָ האָט דער אַוואַנטורן-ראָמאַן וועגן בבאן, נאָך אַ ליטעראַרישן לעבן פון העכער דריטהאַלבן הונדערט יאָר, געהאַט דעם פסק פון אַלע ריטערשע ראָמאַנען: ער איז „פאַרפּראָזאַיִרט” געוואָרן. אָבער דאָס האָט גלייכצייטיק געראַטעוועט זיין באַליבטקייט און מיטגעהאָלפן דערצו, אַז עס האָט זיך ביי אונדז אויפגעהיט ניט נאָר דער אויסדרוק „בבא-מעשה”, נאָר אויך די עצם „געשיכטע פון בבא מיט דרוזאַנע” ווערט נאָך כמעט ביז היינטיקן טאָג (הגם אין אַ שטאַרק פאַרגרייזטער פאָרם) איבערגעדרוקט דורך פּאַקנטרעגערשע פאַרלעגער אין וואַרשע און ווילנע.

עס איז אפשר קיין גוזמא ניט, אויב איך וועל זאָגן, אַז עס איז אַן אויפגאַבע פאַר אונדזערע פּאָעטן איבערצודיכטן דאָס בבא-בוך אין אונדזער היינטיקער שפּראַך. איך בין זיכער, אַז אין אַ גוטער באַאַרבעטונג מוז די ליבע אַלטע „באָבע-מעשה” אונדזערע נאָך היינט זיין אינטערעסאַנט פאַר קינדער און דערוואַקסענע[2].

[1] צו דער דערקלערונג, אַז ס'איז פריער געווען אַ שווער לשון, פגל' ז' 28.

[2] נסתרס „בבא-מעשה אָדער די מעשה מיט די מלכים” („געדאַכט” II, בערלין 1923, ז' 135—286) גיט מערניט ווי דעם אַלטן נאָמען, דער אינהאַלט איז אַן אַנדערער.

# IX. פּאַריז און וויענע

## 1

קודם כל: „פּאַריז" מיינט דאָ ניט די הויפּטשטאָט פון פראַנקרייך, און „וויענע" איז דאָ ניט דער פּראָווינציאַלער נאָמען פון ווין. ס'זיינען פּשוט צוויי פּרט-נעמען; פּאַריז איז דער העלד און וויענע די העלדין פון אונדזער ראָמאַן.

ד"ר יעקב שאַצקי האָט שוין אין דעם „לאַנדוי-בוך"[1] דערציילט וועגן דעם מערקווערדיקן גורל פון דעם דאָזיקן ווערק. ס'איז געווען איינס פון די באַליבטסטע ביכער צום סוף מיטלעלטער און צום אָנהייב נייע צייט. די ערש-טע רעדאַקציע איז אַ פּראָווינציאַלישע און שטאַמט פון יאָר 1364; דערנאָך איז זי אין משך פון יאָרהונדערטער איבערגעזעצט געוואָרן אין 9 שפּראַכן, אין וועלכע ס'זיינען באַוואוסט 59 געדרוקטע אויסגאַבעס און 12 מאַנוסקריפּטן. אין איטאַליע אַליין איז דאָס בוך אַרויסגעגעבן געוואָרן העכער 20 מאָל, און פון איטאַליעניש איז עס אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין יידיש. דער דאָזיקער דרוק (וועראָנע, 1594) איז פאַרצייכנט אין בן-יעקבס „אוצר הספרים" (ווילנע 1880), ז' 455, נומ' 10.

פון בן-יעקבס פאַרצייכענונג איז אָבער צו זען, אַז ער אַליין האָט דאָס בוך ניט געהאַט פאַר די אויגן. ער ברענגט אַפּילו גאַנץ געגויע ידיעות: „ספר מעשה יפה בחרוזים, י' חלקים עם ציורים, נעתק מלשון רומי ללשון אשכנז ע"י ה"ר אליהו בעהר (בחור?)", נאָר ער פאַררופט זיך דערביי אויף שטיינשניי-דערן, וועלכער האָט אים בכלל שטאַרק געהאָלפן ביים אויפשטעלן זיין ביב-ליאָגראַפיע. שטיינשניידער ווידער האָט נאָך אין 1894 געשריבן אין זיין סוף-לעמענט צום באָדלעיאַנע-קאַטאַלאָג, אַז קיין איין עקזעמפּלאַר פון דעם ראָמאַן איז ביי היינטיקן טאָג ניט באַוואוסט. עס איז דעריבער אַ קשיא, פון וואַנען האָט שטיינשניידער געוואוסט צו געבן בן-יעקבן אינפאָרמאַציעס וועגן אַ בוך, וואָס איז פאַרפאַלן געוואָרן ביז לעצטן עקזעמפּלאַר. דערויף האָט זיך

[1] ז"ז 187—196.

ד״ר י. שאַצקי אָפּגעשטעלט אין זיין אַרבעט באַריכות, אַזוי אַז איך קען זיך באַנוגענען מיט אָפּשיקן דעם לייענער צום לאַנדוי-בוך.

שאַצקי האָט אָבער אויפגעטאָן נאָך מער: ער האָט געבראַכט ווי אַ צוגאָב צו זיין אַרטיקל אַ פאַקסימיליע פון צוויי זייטן (איין בלאַט) פון דעם ראָמאַן, וואָס עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו געפינען אין אַן אַמעריקאַנער ביבליאָטעק, וואוהין דער יקר-המציאות איז אַריינגעפאַלן פון פּראָפעסאָר אַ. פריימאַנס (פראַנקפורט-מאַין) פּריוואַטע זאַמלונגען. אמת, דאָס איין-און-איינציקע בלעטל איז צעשעדיקט, ס׳פעלט די גאַנצע אונטערשטע העלפט, אָבער אין דעם איז שוין ניט שאַצקי שולדיק; „אין ליי״ איז דער בעסטער תירוץ.

אין דעם דאָזיקן אַרטיקל מייגעם וויל איך געבן אַ ביסל צושטייער צו דער קענטעניש פון דעם ראָמאַן, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען פאַרגעסן; ווייל מיר האָט געדינט דאָס מזל און איך האָב אויף מיין שטודיר-רייזע קיין ענגלאַנד אין פרילינג 1926 זוכה געווען אויסצוגעפינען, צו זען און צו לייענען דעם דאָזיקן אוצר פון דער אַלט-יידישער ליטעראַטור.

ד״ר שאַצקי האָט זיך שוין אַליין אויך געכאַפּט נאָכן ענדיקן זיין אַרבעט, אַז איין עקזעמפּלאַר פון „פאַריז און וויענה״ (אַזוי איז די שרייבונג אין אָריגינאַל) איז יאָ בנמצא. ד״ר מ. גאַסטער, דער לאַנגאָניקער פריינד פון אַלט-יידיש, האָט אים געפונען אין דער ביבליאָטעק פון פּראָפ׳ אָלדיס רייט אין קעימברידזש און האָט דערציילט וועגן דעם באַוואוסטן פאָרשער פון אונדזער אַלטער ליטעראַטור, ד״ר ל. לאַנדוי אין לאָנדאָן. דער לעצטער גיט איבער אין אַן אָנמערקונג אויף ז׳ XXIX פון זיין בוך וועגן דעם יידישן אַרטוס-ראָמאַן[1], אַז ער האָט געלאָזט מאַכן אַ פולע פאָטאָגראַפיע פון דעם גאַנצן ביכל „מיטן געדאַנק דאָס שפּעטער אַרויסצוגעבן״. אָבער דאָס איז געשריבן געוואָרן 1912, און ביז היינט האָט נאָך ליידער ד״ר לאַנדוי ניט געהאַט קיין מיגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן.

פון ה׳ הערבערט לאָוע, לעקטאָר פון העברעיִש און אַראַביש אין אָקספאָרד און קעימברידזש, בין איך געוואויר געוואָרן, אַז פּראָפ׳ רייטס גאַנצע ביבליאָטעק איז נאָך זיין טויט אַריבער צום טריניטי-קאָלעדזש אין קעימברידזש, וואו אָט דער גרויסער און פילזייטיקער געלערנטער איז געווען וויצע-מאַגיסטער (וויים-מאַסטער). דער ביבליאָטעקער פון טריניטי, מר׳ אַדאַמס האָט מיר געגעבן די מיגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט דעם בוך, און איך וויל דאָ געבן אונדזער יידישן לייענער אַ ביסל אַ גענויערן געמעל פון דעם ווערק, איידער דאָס איז געווען מיגלעך ביז אַהער.

---

1 Arthurian Legends, Leipzig 1912.

## 2

דער קעימבברידזשער עקזעמפלאַר איז אויך ניט קיין פולשטענדיקער, עס פעלן אין אים די ערשטע 24 בלעטער; אָבער דערפאַר זיינען די פאַראַנענע אויסגעצייכנט אויפגעהיט און דערגייען שוין ביזן סאַמע סוף. דאָס לעצטע בלאַט איז 72, און דאָרט שטייען יענע שורות וועגן דרוקאָרט און וועגן דער שטאָט בערן (=וועראָנע), וועלכע זיינען געבראַכט אין שאַצקיס אַרטיקל. דער טעקסט ענדיקט זיך אויף בלאַט 8אַע. היות דער ראָמאַן איז אַן איבערגע-זעצטער (הגם ניט מעכאַניש, ווי מיר וועלן זען), קען מען דעם פעלנדיקן טייל פון סוזשעט גרינג דערגאַנצן.

ביים קיניג דולפין וואַקסט אַ וואונדער-שיינע טאָכטער, וויענע. אין איר פאַרליבט זיך אַ יונגער ריטער, פּאַריז, וואָס דינט ביים קיניג. וויענע האָט אים אויך ליב, אָבער וועגן אַ פאַראייניקונג פון די צוויי קען גאָר קיין רייד ניט זיין: דער קיניג איז שטאָלץ און קלערט נאָר וועגן געלט און יחוס, ער וועט קיינמאָל ניט געבן זיין טאָכטער צו אַן אָרעמען ריטער. ווען פּאַריז זעט, אַז זיין האָפענונג איז אומזיסט, פאַרלאָזט ער דולפינס הויף. דער קיניג שלאָגט זיך מיט דער דעה, מיט וועמען זאָל ער טון דעם חיתון: צי מיטן קיניג פון ענגלאַנד, צי מיטן יונגן הערצאָג-זון פון בורגנלאַנד; אָבער סוף-כל-סוף שטעלט מען זיך אָפּ אויפן צווייטן, ווייל ער איז פּאַסיקער. מען פאַרבעט דעם חתן און מ׳נעמט זיך גרייטן צום קבלת-פּנים.

אָבער דאָ שפּאַרט זיך איין וויענע: ניין און ניין. דער פאָטער נעמט צערנען, און ווען עס העלפן ניט גוטע רייד, פאַרשפּאַרט מען זי אין אַ תּפיסה. איר דינערין און חברטע איזאַבעלע פּרוּווט זי איבעררעדן, אָבער אומ-זיסט. וויענע וויל ניט הערן וועגן דעם שידוך און זאָגט זיך אַפּילו אָפּ צו נע-מען עסן.

דערווייל קומט צו רייטן דער חתן, און מען נעמט אים פיין צו, הגם מיט אַ ווייטאָג אין האַרצן. עס גייט אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און די כּלה ווייזט זיך ניט. פרעגן שעמט זיך דער יונגער הערצאָג; גייט ער אַלץ אַרום שטוב און זוכט זיין באַשערטע, אפשר וועט ער זי ערגעץ דערזען. ענד-לעך קען שוין מער דער קיניג דאָס ניט צוזען, דערציילט ער אים אַלצדינג: ווי וויענע וויל ניט ברעכן איר ווילן, ווי שווער ער האָט זי באַשטראָפט, און עס העלפט אַלץ ניט. דער יונגער הערצאָג איז צעטראָגן, אָבער ער זאָגט: זיווגים קומען פון גאָט. נאָר איין גנאָד בעט ער זיך אויס: מען זאָל אים איינמאָל לאָזן זיך זען, ביי עדות געווינטלעך, מיט וויענען. דער פאָ-טער גיט זיין הסכם, און באַלד גייט איזאַבעלע אַוועק צו וויענען מיט דער בשורה.

וויענע שטימט איין צוזונעמען דעם גאַסט און זיך אויסצופּוצן לכבוד אים, אָבער ערשט אין דריי טעג אַרום. מען מיינט, אַז איר ווידערשטאַנד איז

געבראָכן. אין דער אמתן האָט זי גאָר צוגעקלערט אַ שפּיצל, כּדי ענדגילטיק אָפּצושלאָגן דעם „חתן". זי נעמט איינס פון די געבראָטענע הינדעלעך, וואָס מען ברענגט איר, און בינדט עס צו אונטערן אָרעם. די הון האָט גענומען פוילן, און ווען דער גאַסט גייט אין דעם באַשטימטן טאָג אַריין אין דער תּפיסה, דערהערט ער אַ שרעקלעכן ריח. נאָך איידער ער האָט צייט אַ קלער צו טון וועגן דער סיבה, דערציילט אים וויענע, אַז זי איז קראַנק אויף אַ קראַנקהייט ניט אויסצוהיילן, און דעריבער זאָל ער אַוועקוואַרפן צו טראַכטן וועגן איר. עס גילט איר אָפּ, און דער יונגער הערצאָג לאָזט זיך אַוועק אַהיים מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ.

פּאַריז וואַנדערט דערווייל איבער דער וועלט. ער איז געווען ביים סולטאַן, וואו ער האָט אויסגעהיילט אַ קראַנקן פויגל, און ענדלעך קומט ער, אַן איבערגעטאָנענער אין טערקישע בגדים, צוריק צו דולפינס הויף. וויענע איז שווער קראַנק (פון בענקשאַפט נאָך פּאַריזן), און דולפין מאַכט באַקאַנט, אַז ווער עס וועט אויסהיילן זיין טאָכטער, דער וועט זי באַקומען פאַר אַ פרוי און ירשענען דעם טראָן. פּאַריז נעמט זיך אונטער אויסצוהיילן וויענען, און איזאַבעלע פירט אים אַוועק צו איר. וויענע איז ווידער מסכים אַריינצולאָזן דעם פרעמדן, כּדי אים אויף אַזאַ אופן אָפּצוטרייבן. ווען ער גייט אַריין צו איר, וויל זי אפילו ניט אויסרעדן צו אים דאָס אַנדערע וואָרט. בעט ער ביי איר נאָר איין זאַך: זי זאָל צונעמען פון אים פאַר אַ מתנה דאָס פינגערל, וואָס ער האָט אַמאָל באַקומען פון אַ טאָטער. אין דער ערשטער רגע ציט זי אָפּ איר האַנט, נאָר דערנאָך באַקלערט זי, אַז אפשר וועט זי דורך דעם פון אים פטור ווערן. אָבער ווי נאָר זי נעמט אַריין דאָס פינגערל אין האַנט, ווערט זי בלאַס: זי דערקענט, אַז עס געהערט צו פּאַריז. זי רופט צו איזאַבע-לען, יענע דערקענט אויך די סימנים, און ווי וויענע קוקט נאָכאַמאָל אָן דעם כלומרשטיקן טערק, דערקענט זי, אַז דאָס איז איר געליבטער. זיי קושן און האַלדזן זיך לאַנג, דערנאָך גייען זיי אַוועק צום קיניג.

פּאַריז זאָגט צו דולפינען: בעט איר אַליין אייער טאָכטער, זי זאָל מיך נעמען פאַר אַ מאַן. דולפין טוט דאָס, און צו זיין פאַרוואונדערונג גיט וויענע איצט נאָך. דאָ גיט זיך פּאַריז צו דערקענען, עס ווערט אַ גרויסע שמחה ביים הויף, מען רופט זיינע עלטערן, וועלכע האָבן אים שוין געהאַט באַוויינט, און זיין געטרייען פריינד אָדאַרדאָ. פּאַריז „אַנטשפּויזט" וויענען באַלד אויפן אָרט, און דעם זעלביקן טאָג ווערט געפּראַוועט די חתונה.

זיי לעבן אָפּ אַ לאַנגן לעבן און האָבן זיך זייער ליב. און ווען דולפין שטאַרבט, ירשנט פּאַריז זיין גאַנצע מלוכה.

## 3

אָט דאָס איז דער סיפּור-המעשה פון דעם ראָמאַן. פאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ מין קיצורדיקער איבערדערציילונג זעט זיך ניט אַרויס דאָס עיקרדיקע

פון אָ ווערק: ווי אַזוי דער שטאָף איז איבערגעגעבן געוואָרן. דאַרף געזאָגט ווערן: „פאַריז און וויענע" איז פון די שענסטע ווערק אין דער אַלט־יידישער עפּישער ליטעראַטור. אין פּרט פון לעבעדיקייט און בילדערישקייט איז עס געגליכן צום בבא־בוך, אין פּרט פון איידלקייט און צאַרטקייט שטייט עס מסתמא נאָך העכער ווי יענץ.

בכדי דאָס צו באַשטעטיקן, וועל איך ברענגען אויסצוגן.

ווי ווייט מיגלעך שרייב איך זיי, ווי די ציטאַטעס פון בבא־בוך, דערנעענטערט צום היינטיקן אויסלייג; ממילא וועט בלייבן בלויז איין טניעה: די שפּראַך גופא. די לעצטע צוויי סטראָפעס דרוק איך מיטן פינקטלעכן אויסלייג פון אָריגינאַל.

דער פאָטער זוכט אָ חתן פאַר וויענען:

אין דיזער צייט, אין דיזן טעג,
דאָ דאָ געשאהן די געשיכטן,
דאָ וואָר דולפין ניט געוועזט טרעג[1]
און אויף וויענע האָט ער טון טיכטן[2].
דורך זיין שווער פאנד ער דאָך איין וועג,
דער וואָר אים אָ חיתון אויסריכטן
מיט דעם הערצאָגן־זון פון בורגנלאנדן;
קיין בעסער חיתון וואָר נון ניט פירהאנדן.

עס שטונד אַ וויי̇ל אויף דער באלאנץ
צווישן אים און יען[3] פון אינגלטערן[4];
אָבער דער קיניג זעלבסט פון פראַנץ[5]
דען דוכט, דער דאָזיק[6] ווער[7] מיין[8] פון ערן;
דורך אין[9] ריכט מען עס אויס גאנץ.
דער שווער[10] זאך עס אויך גערן,
דאָס ער זאָלט נעמען דען און ניט דען אנדערן;
דען איך זאָג, וואָט פירשט פון פלאנדערן.

דער דאָזיק חיתון, אז איך אייך זייט[11],
דאָ ער נון וואָס גאנץ גאָר געשען,
דאָ האָט דער קיניג גראָסע פרייד,
זיין איידעם העט ער גערן געזען,

[1] פויל. [2] =דיכטן; קלערן. [3] יענעם. [4] איטאַלי Inghilterra — ענגלאַנד. [5] איטאַלי Francia — פראַנקרייך. [6] דער בורגנלענדער. [7] איז (קאָניונקטיוו) [8] מער. [9] אים. [10] דולפינס שווער. [11] האָב געזאָגט.

## פאריז און וויענה

פר שפרך איך צון דעם האנדלש זאט
אונ׳ אלי טאג ווער אייבן זאטר ·
צון מיינם דיין עם אונ׳ דיא גאנצן שטאט
איך ווי איין טייטן אודר איין טאטר ·
דרום וויל איך אין דש מיר בפשט
אל צייד היין גינן צו דייס זאטר ·
אבר זיך ריד קיין וורט אונ׳ זיי ניט לוישפרן
ביז דש איך דיר ווער ווינקן אודר רוישפרן ·

אודר קאמן ויא אל דריי
נאר ורויליכן הירוייס צו לאבן ·
דו ויא הער טרטן אזו ורייי
דו דרשטוכרן גלייך דיא גוטן פפאפן ·

## ח צעהינט טייל :

אייבר גידוכט עז ווער איין בויבריי
דער אנדר וואר זיך טיר ביור גלאבן ·
דער מוינך דער מאכיט הונדרט קרוייצליך
פריז שפרך שטעלט אויך ניט אזו טרייצליך :

איך וויים ניט וואז איר זייט ביור לייט
איר הט ויל ריד צון טון ביור נעטן ·
אונ׳ איך האב נורט מיט איר גיטריט
אונ׳ הב ויא קיינן אייבר נעטן ·
דאז ווערט איר אל צון זעהן הייט
קומט נורט מיט מיר צו אירן עטן ·
אזו גינגן ויא אים נאך וואל אלי זאמן
ביז דש ויא ביור דולפין דעם קייניג קאמן

פריז אונ׳ וויענה אונ׳ אודעפלה וואלן
פור דעם קייניג גאנגן :



דער דולפין אונ׳ דער קייניג.

דו דער קייניג דיא טוכטר זאך
דו גינגן אים אויבר דיא אוגן ·
פריז צו זיינם מוינכן שפרך
ער זולט דעם ליבן קייניג זאגן ·

דש ער זיא זעלבש זולט ניטן אך
דש זיא אין ניט מין זולט אזו שלאגן ·
אזו טעטש דער מוינך באלד אונ׳ ניהעבדן
דולפין וואז זיך גינן דער טוכטר וועגדן :
אונ׳

זייט סח b פון „פאריז און וויענע", ווערצנע 1594

מיט איינער באָטשאַפֿט[1] האָט ער אין געפרייט[2]
מיט גראָפֿן[3], הערציגן וואָל צען,
און גאט[4] אים פאסט[5], ער זאָלט אים סערווירן[6]
און זאָלט אַ ווייל צו אים קומען שפּאצירן.

דער איידל יונג דער וואָר גאָר פֿראָ,
אז איך מיך אך וואָל העט טון פריייען;
פון איר האָט ער געהאָרט[7] פֿאָר[8] יאָ,
ווי זי ווער היפש און שיין אין מענכער לייען;
און ווען דאָס פייער שמעקט דאָס שטראָ,
דאָ וויסט[9] איר פאָר וואָל די הוויה[10].
ווי באַלד וואָס זיך דער חתן צובארייטן
מיט הונדערט ריטער, די אל מיט אים רייטן.

דער חתן פון בורגנלאַנד וואַרט אויף אַ ידיעה. אָבער עס גייט אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, קיין בריוו קומט ניט, און אים ציט צו וויענען. נעמט ער זיך איינמאָל צוועלף געזעלן און קומט מיט זיי צו רייטן צו דולפינס הויף.

„ער קאם[11] אַזאָ אויפס היימס דאָר,
אז קעם[12] ער עבן צו דען זייגען.
גאָר ליבלעך ער אנטפאנגען וואָר,
ווי וואָל די הערץ וואָלטן צעקיינען[13].
די טריי די וויז מען אים אומס גאָר,
דערוואָרטן דאָס[14] עס ניט זאָלט [!] שייבען
נון וואָר אים נאָך וויענע זער און זער אנדן[15].
און טאָרשט[16] ניט אויף זי פֿראָגן[17] פאר שאנדן

נאָרט אימטער[18] גינג ער אום אים הויז

---

[1] שלוחים. [2] פאַרבעטן (פון פראַנצ׳ prier); נאָך הייגט פאַראַן אין פיל געגנטן אין דער פאָרם „ברייען”, למשל ב׳ אויף יום-טוב; זע ז׳ 15. [3] אין אָריגינאַל גרובֿן, אַלזאָ בפירוש מיט אָ; פגל׳ ז׳ 132 הערה 2. [4] האָט געבעטן, [5] ניט „במעט”, ווי אין הייג־טיקן דייטש, נאָר: זייער, שטאַרק. [6] דינען; מכבד זיין. [7] געהערט. [8] פריער. [9] ווייסט. [10] הוויה — דאָס וואָס עס איז. פשט: ווען דאָס פייער דערשמעקט שטרוי, ווייסט איר דאָך שוין פאָרויס וואָס עס קומט דערפון אַרויס. [11] אימפערפעקט: איז געקומען. [12] קאָנ־יונקטיוו: גלייך ער וואָלט געקומען. [13] פלאַצן. [14] כדי אַז. [15] בענקען. [16] האָט ניט געטאָרט. [17] = פרעגן. [18] אימער, תמיד.

און קוקט דורך פענצטער און טירן;
גלייך אז די קאץ שפירט נאָך דער מויז,
אזאַ וואָר ער נאָך איר אך שפירן.
דער קיניג זאך, דאָס עס וואָר אויס,
דאָס ער אין ניט מיין קאָנט אומפירן, —
דרום פירט ער אין אין איינען דער קעמערלעך
און הוב אים אָן צו זאָגן די שמועה[1] יעמערלעך.

ער זאָגט אים די שמועה גאנץ
מיט זייגען אגן[2] פול מיט טרער:
ווי ער וואָס קומען אין דען טאנץ,
דאָס ער מיינעט צו זיין זיין שווער,
און ווי אים געבראָכן וואָר די שאנץ[3],
דאָס ער דערביי ניט קאָנט זיין נער[4];
ווי אל זיין פרייד וואורד הינטער זיך געצאָגן[5],
דאָ ער די ליידיק[6] טאָכטער דרום וואָס פראָגן.

און ווי זי העט געזאָגט באלד: ניין,
זי וואָלט קיין מאן נעמען נאָך האָבן,
און דרויף ווער זי הערטער אז איין שטיין;
און דאָר דורך (דאָ מעכט ער׳ס גלאָבן), —
ער העט זי דרום טון לייגן איין
אין איינען טורן[7] טיף געגראָבן
און מאכט זי פיל נאָט און מארטער ליידן,
דערוואָרטן דאָס זי זאָלט איר דֵעה מיידן.

„דרום וויס, שפראָך ער, מיין ליבער זון,
דאָס עס אָן מיר נישט איז אָפּגאנגען[8],
און גאָט דער וויס אין הימל טראָן,
ווי מיר מיין הארץ דרום טוט באנגען...
וואָס איך דיר איצט געזאָגט דאָ האָן[9],

---

[1] דאָ: די געשיכטע. [2] = אויגן.

[3] שאנץ, פראנצ׳ chance (אויך היינט האָבן מיר די אויסשפּראַך און די שרייבונג „שאנץ״ אָנשטאָט דעם מאָדערניזירטן „שאַנס״, למשל ביי י. מ. ווייסענבערגן): גליקלעכער צופאַל (ביי אַ שפּיל); „די ש׳ איז אים געבראָכן״ בערך: עס האָט אים געטראָפן אַן אומגליק.

[4] בעענטער. [5] איז פאַרפאַלן געוואָרן. [6] די בייזע. [7] = טורעם, טורמע.

[8] אַז ניט פון מיין זייט איז געווען די מניעה. [9] = האָב.

דאָס העט איך מעגן טון פאַר לאנגען[1],
אָבער איך האָב געהאַט האָפנונג און טרויען,
איך וואָלט איר הערטיקייט מאַכן גערויען[2].

דרום, ליבער זון, אנהיימען ציך[3],
איך וויל דיך ניט לענגער אויפהאלטן.
איך בעט דיך דרום, פארענטפער מיך
גייגן דיינעם פאָטער דען אַלטן;
און אזודער[4] אך בעט איך נון דיך,
דו זאָלסט אלדינג גאָט לאָזן וואלטן;
פארמאָג איך זיסט, זאָ זייט אויף מיך שאפן".
זיסט וואָר ער אנדער דינג פיל מיט אים קלאַפן[5].

דאָ דאָס דערהערט דער איידל יונג,
פאר גראָסן שרעקן גלייך דערשטונד ער
און בראָך אים דאָ זיין הערץ און לונג
(דאָ נעמט ער מיך פריילען[6] ניט וואונדער!).
דאָך הוב ער אויף די הייניק-צונג[7]
און שפראָך: „איך ווייס וואָל דאָס באזונדער:
וואָס אָנגעבירט[8] צו בעמען מאנען און ווייבער,
דאָס קומט פון הימל, דאָרט איז דער שרייבער.

און ווער דאָס אך פון גאָט באשערט,
דאָ קענט עס דאָך קיין מענטש ניט ווענדן;
עס האָט מיר זאָלן צוגיין הערט[9],
און גאָט האָט עס אזאָ טון זענדן;
דרום זיין מיר אייער רייד וואָל ווערט.
אייער פאָרענטווערטן[10] דאָס זייט נון ענדן[11].
איר האָט מיך דאָמיט נישט טון פאָרשעמען,
דען וואָס גאָט וויל, דאָס וויל איך אויפנעמען.

איך ביט[12] אייך נייערט איין גענאָד,

[1] נאָך לאנג צוריק.

[2] פשט: אָבער איך האָב געהאַט האָפענונג און צוטרוי, אז איך וועל זי קענען מאַכן חרטה האָבן אויף איר הארטקייט.

[3] = צי; פאָר. [4] באַזונדער. [5] שמועסן. [6] טאַקע. [7] הייניק = האָניק.

[8] וואָס עס איז שייך. [9] האַרט. [10] = פאַרענטפערן. [11] ענדיקט איצט. [12] = בעט.

נישט מער וויל איך פון אייך באגערן:
דאָס איר מיך ווינע זעהען לאָט[1]
און מיט איר ריידן אין צוכט און ערן".
דער קיניג אים פיל הייל דאָ באָט[2]
און שפּראָך, ער וואָלט דאָס טון גאָר גערן.
און באלד וואָר מען'ס איזאבעל אזאָ אַנטפּיטן[3],
דאָס זי זאָל ווינע זען צו איבערביטן.

נון וואָר מען איר אין די פּריזוין[4]
פיל היפּשע קלייד און צירונג שיקן,
און זיסט א ראָק אויס סעמיט[5] ברוין,
דאָס ער זי שיינליך זאָלט אנפּליקן[6].
מען שיקט איר אָך הינער און קאַפּוין[7],
דאָס זי זיך זאָלט דערמיט דערקוויקן.
דאָס האָט מען אלס[8] אין דען טורן גענומען.
ווי באלד וואָס איזאבעלע צו איר קומען.

זי שפּראָך: דו האָסט נון לאנג געפאַסט,
איצ' גייט עס נון אן דאָס געשטרענגען[9];
דרום רייד און ליידיק אָפּ דען לאסט:
וואָרום ווילסטו דיך זעלבסט אומברענגען?
דער רייד שפּאָטעט ווינע פאַסט[10]
און שפּראָך: "דער זאָלט ניט מיין אן מיר הענגען!
נון וויל איך הערן יאָ, וואָס ער וויל זאָגן;
אָבער איך וויל ציל פּאָראַן[11] דריי טאָגן.

"און דאָס ערלעך צוגיי די זאך,
וויל איך, דער פּישאָף[12] זאָל מיטקומען".
די וואָרט ווינע איצונד שפּראָך.
און דאָ זיי איזאבעלע האָט פארנומען,
דאָ אנפּאָט[13] מען עס דעם חתן אָך,
דען דוכט, עס זיין ראָזן און בלומען;

[1] = לאָזט. [2] האָט אים געוואונטשן (ביטן — ווינטשן, פגל' „גוט-יום-טוב ביטן") פיל הצלחה. [3] אָנזאָגן. [4] תפיסה. [5] = סאַמעט. [6] דערזען (פון שורש בליק). [7] קאַפּהינער. אין אָריגינאַל: פּריזויין, ברויין, קאַפּויין. [8] = אַלץ. [9] איצט וועט מען זיך נעמען מיט שטרענגקייט. [10] שטאַרק. [11] פּריער. [12] בּיסקופּ. [13] מען האָט עס אָנטבאָטן, איבערגעגעבן.

דאָס ער זי זעך[1] און מיט איר קענט ריידן,
דוכט אין, ער קעם גלייך אין דאָס גן־עדן".

## 4

די סצענע, וואו פּאַריז גיט זיך צו דערקענען דעם קיניג און דולפּין גיט אים זיין טאָכטער:

„דער קיניג וואָלט'ס גאָר און גרינג
ריכטן דאָרט אויס אויף יענעם זיצן
און שיקעט האָלן[2] איין גילדן רינג
און ליס באַלד מזל־טוב דריין קריצן;
און אָן געפלעכטס[3] און אָן געזינג
קיין רב, קיין גראָף[4] הערט מען ניט גיצן[5],
אָן הארפן און אָן לויט[6] און אָן באַלדויזן[7]
מאכעט ער פּאַריז וויענע גלייך אנטשפּויזן[8].

און אז באַלד ער זיי'ם טרומבייטער[9] באָט[10]
זיי זאָלטן אומעטום אויסשרייע,
ווי ער זיין טאָכטער אויסגעבן האָט
און ווי און ווען — גאַנץ די הַוָיָה.
און אום די פרייד און בעטנבראָט[11]
וואָר ער היימיש און פרעמד אַל פריי[12]:
דער האָף זאָלט אָפן זיין איין מאָנעט גאנצן
צו עסן, טרינקען, שפּילן און צו טאנצן.

אין איינער האלבן פירטל שטונד
וואָס די שטאָט גאַנץ און גאָר ברומען;

---

[1] אַז ער זאָל זי זען (קאָניונקטיוו). [2] ברענגען. [3] שהיות.

[4] אין דעם וואָרט בין איך ניט אינגאַנצן זיכער; אין טעקסט שטייט „וראוו", אין דער צייט וואָס גראָף ווערט אויסגעלייגט „גרוב". [5] פּלאַפּלען.

[6] אַ סטרונע־אינסטרומענט (אין אַלע אייראָפּעיִשע שפּראַכן (פּגל' פראַנצ' lutto, פּויליש lutnia, דייטש Laute) פון אַראַביש al'ud. [7] טרומייטערן.

[8] דאָס געווייגטלעכע טייטשוואָרט פאַר העברי' „ארש"; שטאַמט פון ראָמאַניש spo(n)sare.

[9] = טרומייטער. [10] האָט ער געהייסן.

[11] בשורה, פּגל' מיין נאָטיץ אין לאַנדוי־בוך ז' 50—56.

[12] אינפיניטיוו אָן n (שרייע, פּרייע) — אין אָריגינאַל געשריבן: שרייאה, פרייאה) איז אַ גענוג אָפטע דערשיינונג אין עלטערן יידיש.

דער האנדל[1] וואָר אין אלער מונד,
ווי פאַריז ווער מיט דעם קיניג קומען;
אידערמאַן וואוסט, ווי די זאַך שטונד
און ווי ער ווינע האָט גענומען;
ווי באלד וואַרד׳ס אַך געוואָר פאָטער און מוטער,
און אַך אָדאַרדאָ זיין געזעל זאָ גוטער.

די לאָפן דאָר אין איינעם פלוכט[2]
ביז דאָס זיי קאַמען צו דעם קנאָבן[3];
זיי זאהען אין, און עס דוכט
זיי ניט מיגלעך זיין די פרייד צו האָבן;
ווען ווער דאָ שטעץ[4] דאָס ביין פארזוכט,
דער קאַן דאָס גוט הערטיקלעך[5] גלאָבן.
אַך וואָר דער קליידער שולד און יענע גרענלעך[6],
דאָס ער[7] אים[8] קוים איין ווינציגל[9] וואָר ענלעך.

די אלט מוטער, די קאַנט אין וואָל
און וואורף אים אָב[10] דען האלז די אָרעם;
אַך דרוקעט[11] אין, אַז מען טון זאַל,
דער פאָטער אלט, דער טראָף דער אָרעם;
אָדאַרדאָ קיסט אין הונדערט מאָל
און ליס פיל טרערן גאָר ווארעם:
פאָר פריידן וואָרן זיי פון אים געפלאָסן
און ס׳הערץ דאָס וואָר אים גאַנץ באַשלאָסן[12].

דער פאָטער וויינעט וואָס ער מאָכט[13]
און דען שפראָך ער: „אָ זון פאַריזן!
צו זעהן דיין ענצליט[14] האָב איך ניט געדאָכט —
גון האָט מיר גאָט אַך דיין וויב געוויזן!
געלאָבט זיי גאָט, דער דיך הער בראָכט,
דאָס איך דיך זין[15] אָן דען טאָג דען דיזן.
דאָסמאָל[16] וויל איך שטערבן און איז מיר עבן[17],

---

[1] די זאַך (אַזוי ווי מיר זאָגן הײַנט: דער עסק). [2] פלי. [3] יונגערמאַן.
[4] תמיד. [5] שווער [6] וואָנצעס. [7] דער טערק. [8] פאַריזן.
[9] אין אָריגינאַל: „ווינציגלן״. [10] איבער. [11] אין אָריגינאַל: „אַך דרוקיט זי אין..״
[12] פאַרקלעמט. [13] האָט געקענט [14] פנים. פגל׳ שטאַפּלען ז׳ 86, 122 און ייד״פיל ז׳ 57.
[15] זע. [16] איצט. [17] פּאַסיק.

דערנאָך דאָס איך דיין ענצליט זיך ביי לעבן".

אין דיון פאלאץ און אין דעם האָף
וואורד ני געזען זעלך געדראנגען
פון בירגערלייט, ריטער און פון גראָף:
אידערמאן וואָלט פאריז אנטפאנגען:
דאָס שלום־עליכם און דאָס מזל־טוב
דאָס וואָלט ניט האָבן אן אויסגאנגען;
דאָס וועזן און די פרייד די מען וואָס טרייבן[1],
די שטייט מיר גיט צו זאָגן נאָך צו שרייבן.

דאָס בוך שפריכט, ווי פאריז דער קנאָב
דער רופט אָדאַרדאָ זיין געזעלן,
אין צו א ווייב ער אים גאָב
די איידל פרוי די איזאבעלן;
און אל זיין פאָטערס גוט און האָב
און וואָס אים גאָט האָט טון צושטעלן,
דאָס שאנק ער אלס דען צוויי געטרייען מענשן,
און גאָט וואָר זיי אין אל איר ווערק אן בענשן.

— — — — — — — — — —

לסוף דאָ שטארבן אך די אלטן,
און וואָס מען אין[2] האָט פאָרהייסן[3] פאָר,
דאָס וואורד אים איצונד אלס געהאלטן:
דאָס לאנד גאָב מען אין איין און זיי האָטנ'ס אינען[4],
און וואָל וואָרן זיי דאָס דאָזיק אל פאָרדינען.

*

דער אויטאָר פון אונדזער ראָמאַן באַנוגנט זיך אָבער ניט מיט שילדערן די ליבע־געשיכטע: אַזוי ווי ער איז גערן וועגן די באַציִונגען פון די קריסט־לעכע העלדן פאַריז און וויענע צו דערציילן אויף אַ יידישלעכן שטייגער, אַזוי האָט ער ליב פון צייט צו צייט גלאַט אָפּצוטרעטן פון זיין טעמע און צו פאַרענטפערן זיך אין וואָס עס איז פאַר זיינע לייענער אָדער אַרויסצוזאָגן אַלגעמיינע סענטענצן. ער באַמערקט אַ שטייגער, אַז ווער עס האָט געלייענט דאָס בוך אויף איטאַליעניש (אויף "וועלש"), דער קען נאָך האָבן טענות, וואָס

[1] וואָס מען האָט געטריבן. פגל' מיין עטיוד „טרייבן" אין צייטשריפט I ז' 219—222.
[2] זיי (דאַטיוו מערצאָל). [3] צוגעזאָגט. [4] זיי האָבן דאָס געהאַט אין האַנט.

טייל ערטער זיינען געקירצט; אָבער ער האָט ניט געוואָלט ציען אַזוי לאַנג. דעם פערטן טייל לאָזט ער אויס מיט אַ וואוויליונגערישן אָנצוהערעניש, וואָס איז אַזוי באַליבט געווען ביי די וואַנדערנדיקע זינגער פון יענער צייט:

„און וואָלט איר ווייטער הערן פון דען פירן[1],
זאָ וואַרט, איך מוז מיר פאַר די קעל שמירן".

צום סוף פון פינפטן טייל פלעגט אפשר געמאַכט ווערן אַ הפסקה אין רעציטירן, ווייל מיר לייענען דאָ:

„... פון דעם איך ניט מיין[2] זינגען מאָג,
ווען[3] איך מיך איבער אים דערבארם;
דרום וויל איך מיין געזעץ[4] דאָ לאָזן בידער.
און וואָלט איר הערן מיין, זאָ קומט דען ווידער!"

דער זעקסטער טייל הייבט זיך אָן:

„איך בעט דיך, גאָט, דאָס דו מיין הערץ דערוועקסט,
דאָס איך מאַך דאָס דאָזיק טייל דאָס זעקסט".

צום סוף זיבעטן טייל לייענען מיר:

„דאָ טוט דאָס זיבעטע טייל באשליסן,
גאָט זאָל אונז זכות אָבות לאָזן געניסן[5]".

און דאָס גאַנצע בוך (אַלזאָ דער צענטער טייל) ענדיקט זיך מיט דעם געוויינטלעכן נוסח: גאָט זאָל שיקן משיחן. אָבער ווי שיין, איך וואָלט געזאָגט: ווי גראַציעז איז דאָס אויסגעדריקט:

דער בילבול[6] און די האָפנונג מיין,
איז, דאָס איינער זאָל קומען צו רייטן
אויף איינעם גרויען באָק מיט לאַנגע אָרן
און זאָל אָנבלאָזן גאַר איין שייצלעך[7] האָרן.

און זאָל אונז ברענגען אין די שטאָט
די גאָט פאַר לאנגסט[8] האָט טון דערוויילן,

---

[1] פון די פיר. [2] מער. [3] דען, ווייל, וואָרים. [4] סטראָפע.

[5] פגל׳ אין אליה בחורס תשבי (זע „שטאַפּלען" ז׳ 79): נשלמה אות הגימל – גילובט זייא גוט [בון] הימל".

[6] דאָ מסתמא (לויטן ערשטן פשט „צוטשעפעניש"): אָנשפּאַר, אָנהאַלט.

[7] „שייצלעך" הייסט אייגנטלעך שרעקלעך, אָפשטויסנדיק; נאָר דאָ באַטייט עס פונקט דעם היפוך. אַן ענלעכע אַנטוויקלונג פון פשט האָט אויך דורגעמאַכט „גריילעך" (פון גרויל).

[8] פאַר לאַנגע צייטן. זע ז׳ 179.

דאָמיט דאָס דאָ זאָל זיין באשטאט
אל אונזער לייב און אונזער זיילן.
דאָרט וועלן מיר זיך ריידן זאט
און גאָטס הילף וועלן מיר דערציילן
און ניט פון פאריז נאָך וויענע נאָך איזאבעלע.
דאָס זיי וואָר אין גאָטס נאָמען, אָמן סלה.

5

אויף באַגעגענען מיר אין טעקסט גופא גרעסערע אָפּווייכונגען, וואו דער מחבר אַנטוויקלט אַלגעמיינע אידעען. מיר וועלן ברענגען אַלס אי־לוסטראַציע דעם אָנהייב פון זעקסטן טייל, וואו עס ווערט באַהאַנדלט די פּראָבלעם פון געלט און יחוס אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס דולפין וואַרפט אָפּ פּאַריזן.

„פארפלוכט מוז זיין דאָס געלט און גוט,
און אך ווער דאָ האָט דראָן זיין גלאָבן!
דער מענטש דרום טאָג נאָך נאכט ניט רוט,
און אָפּט מיט רעכט און אָפּט מיט ראָבן[1];
און אָפּט פארקויפט מען פלייש און בלוט
נאָר דאָס מען א האָהען שאץ וויל האָבן.
דער טייוול פירט׳ס הין אז פייער שוועבל[2]
און אז א גראָסער ווינט פירט דען נעבל.

וויל אייגער זיינער טאָכטער געבן איין מאן
אָדער זיין זינען[3] געבן ווייבער,
מען פראָגט ניט, אָב ער א מזל[4] קאָן,
אָב ער איז א לערנער אָדער שרייבער;
נאָרט[5] אויף דאָס געלט דאָ טרעפט דער צאָן,
און ווען ער ווער אן אייזלס־טרייבער,
א צווערג, א נאר, א שטונף[6], א לאפן[7];
האָט ער נאָרט געלט, דאָ איז מען נאָך אים שנאפן.

א קנאָב, א מייד, גיי הין און שניץ
און זיי דיך דרויף מיט איי׳ם באראָטן.

[1] =רויבן.
[2] אזוי ווי פייער (פירט אַוועק) שוועבל.
[3] דאטיוו: זיינע זין.
[4] דאָ מיטן פשט: פראָפעסיע.
[5] =נאָר.
[6] א קלאָץ, א טעמפּער קאָפּ.
[7] גאָרנישט.

זיין ערשטע פראַג, זיין ערשטער גיך[1]:
„האָט זי פיל געלט?‟ „האָט ער דוקאַטן[2]?‟
מען פראָגט ניט מיין אויף זין נאָך וויך[3],
אויף פרומקייט נאָך אויף וואָל געראָטן.
דאָס געלט דעקט אן איטלעכע בייזע מ״דה,
ווען ער שוין ווער א ממזר בן הנידה!

זיך, איז אַ טראָפּ[4] נייערט געקערבט[5]
אָן זיין זעלבס לייב אָדער געשלעכטן,
האָט ער׳ס פון אלטער שאָן געערבט[6]
אן איטלעכס דינג[7] נעבוך[8] פאַרשוועכט׳ן[9],
זיין קענען אלס דאָמיט פאַרדערבט,
קיין לאָב, קיין גוטס קאָן אים׳ס צוטרעכטן[10]—
האָט דען דער רייך[11] א ברוך[12] פיר שפּאַנען דיקער[13],
זאָ איז די שאנד נישט און געלט דער עיקר!

אן אלטער מאַן אין דער וועלט
האָט אָפט וואָס דאָ זאָלט האָבן אַ יונגער,
און נאָרט דרום דאָס ער האָט געלט
א יונגע דירן[14] אים[15] באַצוואונג[16] ער;
דערנאָך ער זי ביינאכט דערקעלט[17]
און אין זיין אָרמען שטירבט זי הונגער.
אונזער ווייזן[18] האָבן עס וואָל פאַר[19] פאַרבאָטן[20],
ווען[21] יונג מיט אלט קאָן נימערמיין[22] רעכט האָטן[23].

ביים אויסלאָז רימט דער מחבר שטאַרק וויענעס געטריישאַפט צו איר מאַן, פאַר וועלכער זי האָט פאַרדינט נאָך אַ צווייטע קרוין. דערביי גיט ער צו מיט אַ קרעכץ: וואו געפינט מען היינטיקע צייטן אַ פרוי, וואָס זאָל זיין אַזוי געטריי?

[1] פשט: דאָס ערשטע וואָס ער ברענגט אַרויס פון מויל. [2] רענדלעך. [3] שכל. [4] =טראָפּ, נאַר. [5] קאַרבן — מאַכן איינשניטן; אַ געקאַרבטער—אַן אַדלמאַן. [6] =געאַרבט, באַקומען בירושה. [7] זאַך. [8] =נעבעך. [9] פשט: יעטווידע זאַך מאַכט אים שוואַך. [10] =צוטראַכטן. [11] דער רייכער. [12] ווינקלבראָך. [13] פיר, שפּאַן די דיק (די גרעב). [14] מיידל. [15] זיך. [16] האָט ער באַצוואונגען. [17] דערקעלטן— פאַרקילן. [18] חכמים. [19] פריער, פאַרצייטנס. [20] פאַרווערט. [21] ווייל, וואָרים. [22] קיינמאָל ניט. [23] האָטן—גיין צוזאַמען.

ווער איז די פרוי, ווער איז די מייד[1],
ווער איז די פולצל אָדער דירן[2],
דאָס זי ניט ליידן ווירד קיין לייד?
דאָס נעם איך מיר ניט אין מיין הירן.
זאָג, וועלכע ווירט פאַרמיידן א קלייד,
וועלכע ווירט וועלן א טאנץ פארלירן?
וועלכע ווירט וועלן ווארטן אָדער פארזוכן[3]
אן איינציק יאָר, א מאָנעט אָדער צוויי וואוכן[4]?

דער ערשט פרעמד יונג, דער דאָ קומט דאר
און איז זי גור איין מאָל אָנלאכן—
האָט ער מיט סעמט[5] א טאלאר[6]
און היפש יופע[7] און האָזן לאָזן מאכן,
ווען ער שאָן ווער א פארפלוכטער נאר[8]
און אונטיכטיק[9] אין אלן זאכן,
דאָ איז ער איר גאָר ליב און איז איר עבן
און שטעלט זיך, אז וועלט זי[10] אין[11] אין הימל הייבן.

און ווען נון נאָך א דריטער קעם[12]
מיט איינער היפשן גילדן קעטן[13]—
איך זאָג אייך צו, דאָס זי אין נעם[14]
און ווירט דעם פאָריקן אך פארצעטן[15]
אל ליבשאפט ווירט זי ווייזן דעם,
דרוף וויל איך וואָל מיין קאָפּ פארוועטן!
זיי האָבן א שטאנד גלייך אז די בלעטער
די דאָ זיין אויף דעם בוים מיט ווינד און וועטער.

איך זאָג ניט, דאָס זי[16] בייז זיין אלע;
מען שפריכט, ווי מען פינט אך פיל פרומען—

---

1 מיידל. 2 מיידל. 3 בײַשטיין אַ נסיון. 4 =וואָכן (דיאַלעקטיש). 5 =סאַמעט.
6 טאַלאַר — אַ לאַנגער בגד ביז די קנעכלעך. 7 יופּע, יאָפּע — אַ ראָק, וואָס שליסט נעט.
8 =נאַר. 9 =אומטיכטיק. 10 גלייך זי וואָלט געוואָלט (קאָניונקטיוו). 11 אים (אַקוזאַטיוו).
12 וואָלט געקומען. 13 =קייט. 14 וואָלט גענומען.

15 „ור צעטן". מיט אַ פּאָר זייטלעך פריער שטייט אויך: „איר הט וויל ריד [=רייד] בון טון בור צעטן". אין מגילת וויניץ סטראָפע קג (שטאָפּלען 192) האָב איך ביים זאַץ: „קיין ליגן האב איך דא אינן פר צעט" אויסגעדריקט מיין ספק וועגן דעם וואָרט; דורך די איצטיקע צוויי אויפווייזן איז באַרעכטיקט מיין השערה, אַז ס'איז דאָס מה"ד: verzetten—פארלירן, אוועקוואַרפן, פונאַנדערשיטן. 16 =זיי.

די זעלביק נים איך ניט אין כּלל,
האָב איך זי שאָן ניט אויסגענומען[1]
איך פינד אָבער פון זי קיין צאָל,
איך ווייס ניט, וואו זיי זיין הינקומען.
דרום זאָג איך: וואָל דעם קנאָב און דעם יונגען,
דער[2] צו קיינעם וויב זיין לוסט ני האָט באצוואונגען.

אונ׳ וואל דעם קנאב אונ׳ אך דער מייד,
אז לאנג אז זי זיין נוך צו געבן;
זי ווישן ניט וואש דא איז ורייד
אונ׳ וויא זיא האבן אזו גוט לעבן.
וויא אופּט ווערט עז עטליכן לייד,
די זיך צו ורויא[3], צו יונג ביקלעבן.
אונ׳ ווערלט איך אלי וויא אונ׳ וואַרים שרייבן,
זו מוישט[4] איך עז נוך צעהן טאג אן טרייבן.

טאָמער וועט מען אים ענטפערן, אַז זיין כּעס אויפן חתונה־לעבן וואַקסט זיך פון דעם, וואָס אים וויל קיינע ניט נעמען, פאַרלויפט ער באַלד אַליין דעם וועג:

איך האט אוט[5] שטעך די דעה אים קופף,
מן זיכט מירש אן אונ׳ מאג מירש גלאבן;
וויא וואל מן מויכט מיר זאגן: „שטופף
דיין מונד אודר ריד מיט דען טאָבן[6],
עז מאכט נון דז דו בישט איין טרופף
אונ׳ ווייִשט קייני די דיך וויל האבן".
נון מכט וויא איר ווילט די דוזיג פרידיג[7] —
גילובט זייא גוט, איך בין נוך ורייא אונ׳ לידיג[8].

---

[1] כאָטש איך האָב זיי ניט אויסגעשלאָסן בפירוש.

[2] לויט דער אינהאַלט וואָלט דאָ געדאַרפט שטיין דען [=דעם]. און אפשר האָבן מיר דאָ צו טון מיט איראָניע, באַגלייט מיט אַ כיטרען פינטל מיט די אויגן? יעמאָלט וואָלט מען אויך געקענט אָננעמען פאַר איראָניע דעם אויף ז׳ 187 ציטירטן זאַץ: „ווער איז די פולצל אדער דירן, דאָס זי ניט ליידן ווערט קיין לייד?". [3] =פרי.

[4] וואָלט איך געמוזט. [5] מה"ד ôt—גאָר, רק.

[6] פאַרשטאָפּ דיין מויל אָדער רעד מיט די טויבע.

[7] —פריידיק, דרשה.

[8] פגל׳ דעם הייַנטיקן פויליש־יידישן אויסדרוק „פרייליידיק". צי זאָל מען דערפון דרינ־

## 6

בן־יעקב האָט משער געווען, אַז דער אליהו בעהר, וועלכן ער האָט אַרויסגענומען פון אַן אומבאַקאַנטן מקור, איז אליהו בחור. פון אָפּגעהיטקייט וועגן האָט ער צוגעשטעלט אַ פֿרעגצייכן, ווייל ס'איז געווען ביי אים ניט מער ווי אַן אַבסטראַקטע סברא. צי קען אָבער ביי דעם, ווער עס האָט איבערגעלייענט די אויסצוגן, וועלכע איך האָב בכיוון ניט געקאַרגט, בלייבן נאָך אַ ברעקל ספק וועגן דעם מחבר? געוויס איז דער שרייבער פון „פּאַריז און וויענע" ר' אליה בחור, דאָס קען מען זאָגן מיט הונדערט פּראָצענט זיכערקייט, כאָטש מיר האָבן ניט דאָס שער־בלאַט פון דעם ראָמאַן, וואו דער מחבר איז מסתמא געווען אָנגערופן, און ניט דערפאַר, ווייל „אליהו בחור איז דער איינציקער יידישער שרייבער צו יענער צייט, וועלכער האָט זיך אינטערעסירט מיט דער וועלטלעכער ליטעראַטור", ווי עס שרייבט שאַצקי אין לאַנדויבוך ז' 195. ווען מיר זאָלן אָפּערירן בלויז מיט אַזוינע פאָרמעלע אַרגומענטן, וואָלט מען געקענט ענטפערן: אליה בחור איז אייבער, און דער אומבאַקאַנטער, וואָס האָט פאַרפאַסט אונדזער „פּאַריז און וויענע", איז דער אַנדערער. אין אַזאַ פאַל דאַרף מען משפטן ניט לויט אויסווייניקסטע סימנים, נאָר לויט זאַכלעכע, אינעווייניקסטע. און דאָ קומען מיר צום באַשלוס:

אין „פּאַריז און וויענע" קומט צום אויסדרוק אַזאַ מין בולטע קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט, אַז מען קען דעם מחבר דערקענען אויף אַ מייל. מיר האָבן דאָ די אייגענע גענג, די אייגענע איינפאַלן, די אייגענע וויצן, וואָס אין בבא־בוך. עס איז אוממיגלעך, אַז די פאַרפאַסער פון „בבא־בוך" און פון „פּאַריז און וויענע" זאָלן ניט זיין אידענטיש. און היות אין „בבא־בוך" איז דער מחבר אָנגעוויזן בפירוש און עס איז וועגן אים ניטאָ קיין שום ספק, מעגן מיר זאָגן: „פּאַריז און וויענע" איז אליהו בחורס צווייטער ראָמאַן. דערמיט מיין איך ניט פאַרשטייט זיך צו באַשליסן, וועלכע פון די צוויי זאַכן ער האָט געשריבן פריער. אויב די פראַגע וועט זיך בכלל לאָזן פאַרענטפערן, איז יעדנפאַלס נאָר דורך אַ בפרטיותדיקן אַנאַליז.

צי זיינען ביידע ראָמאַנען אליה בחורס בוך־ראָמאַנען אָדער ווערק צום זינגען? לויט אַלע סימנים דאָס צווייטע. מיר האָבן שוין געזען די טיפּישע

---

גען, אַז אליה בחור האָט דעם ראָמאַן געשריבן אין די יונגע יאָרן — אָדער ס'איז אפשר גאָר אַן אָנצוהערעניש אויף זיין צונאָמען „בחור"?

1 אויך ל. לאַנדוי זאָגט פעסט: „מיר ווייסן, אַז אליה בחור האָט געשריבן זיינע ריטערשע ראָמאַנען „בבא־בוך" און „פּאַריז און וויענע" אין אָטאַוואַ־רימאַ"; אָבער ער שטיצט דאָס ניט מיט קיין שום אַרגומענטן.

שפּילמאַנישע המצאות, וואָס וואַרפֿן זיך דאָ אין די אויגן. עס איז אויך באַוואוסט, אַז די איטאַליענישע אָטאַווא־רימאַ־פּאָעמעס פלעגן געזונגען ווערן מיט אַ ספּעציעלן ניגון, און דעריבער מעג מען משער זיין, אַז דער זעלביקער ניגון איז אָנגעווענדט געוואָרן אויך צו די יידישע איבערזעצונגען. איך האָב אפילו דערויף אַ בפירושן באַווייז: דער טעקסט פון דער אַרטוס־באַאַרבעטונג אין „אַכט־געזעץ"[1] הייבט זיך אָן מיט דער שורה:

„דען ניגון פון בבא בוך טרעפֿט זיך דרויף גאר עבן".

אַלזאָ דאָס בבא־בוך האָט געהאַט אַ ניגון[2]!

עס לייגט זיך אויפֿן שכל, אַז אליה בחור גופא האָט אויף זיינע לאַנגע וואַנדערונגען צייטנווייז פאַרדינט זיין שטיקל ברויט מיט זינגען פאַר געצאָלט, און צו דעם צוועק האָט ער זיך אפשר אָנגעשריבן זיינע ראָמאַנען.

ד״ר ל. לאַנדוי האַלט אפילו פאַר מיגלעך, אַז אליה בחור זאָל זיין דער באַאַרבעטער אויך פון דעם דריטן היינט באַוואוסטן סטאַנסן־ראָמאַן אין יידיש, פון דעם אָקאָרשטדערמאָנטן „אַרטוס־הויף". אָבער די איינציקע ראיה, וואָס ער קען ברענגען, איז: „קיין איין צווייטער יידישער פּאָעט איז ניט באַוואוסט וואָס זאָל האָבן געשריבן אין אַכט־געזעץ". איך בין זיכער, אַז די השערה איז אַ פ אַ ל ש ע. די שפּראַך, דער סטיל, די שילדערונגען זיינען אין דעם „אַרטוס" אויף אַזוי פיל אַנדערש, אַז ער מוז געהערן צו אַן אַנדער מחבר. כל־זמן מיר האָבן געקענט בלויז דאָס בבא־בוך, האָט מען זיך נאָך אפשר

---

1 דער איינציקער עקזעמפּלאַר וואָס האָט זיך אויפגעהיט (אין אָקספאָרד, קאַט׳ באָדל׳ 2024, 80 זייטן קוואַרט) איז געדרוקט אין פּראָג בערך 1652 — 1679; נאָך לויט דער שפּראַך האָט ל. לאַנדוי מיט רעכט געפּסקנט, אַז ס'איז אַ ווערק פון זעכצנטן יאָרהונדערט.

2 אַ. וועוויאָרקאַ וויל אויפווייזן אין „צייטשריפט" I ז׳ 254, הערה, אַז „ניגון" מיינט ניט דווקא אַלעמאָל אַ ניגון, נאָר ס'באַטייט מעטריק, משקל. „אַזוי ווערט אויפֿן „שמואל־בוך", אַ ווערק, וואָס איז לויטן כאַראַקטער ניט באַשטימט אויף זינגען, באַצייכנט, אַז עס איז געשריבן אויפֿן „ניגון" פונעם ניבעלונגען־ליד, אויף אַנדערע ביכער — אַז זיי זיינען געשריבן אויפֿן ניגון פונעם שמואל־בוך. און אַלע מיינען זיי דעם משקל". אַזוי פיל אויסגעפינסן אין איין קליינער הערה אונטערן טעקסט! פון וואַנען דרינגט עס אַ. וועוויאָרקאַ, אַז דאָס שמואל־בוך איז נ י ט געווען באַשטימט אויף זינגען? און וואו איז דאָס אויפֿן שמואל־בוך באַ צ ײ כ נ ט, אַז עס איז געשריבן אויפֿן משקל פון די ניבעלונגען?

נאָר דער שפּיץ קומט ווייטער: „דאָס וואָרט ניגון האָט אַריינגעפירט פיל פאָרשער אין טעות. אַזוי האָט מ. וויינרייך („שטאַפּלען" 162) אומזיסט געזוכט דעם ניגון פון מגילת ווינץ". אומזיסט געזוכט? אויף ז׳ 163 פון די „שטאַפּלען" קען אַ. וועוויאָרקאַ זיך איבערצייגן, אַז איך האָב דעם ניגון פון מגילת־ווינץ ניט נאָר געזוכט, נאָר אויך אָפּגעזוכט.

געמעגט שלאָגן מיט דער דעה. אָבער ווען מיר האָבן דעם פאַרגלייך־מאַטע־ריאַל פון צוויי אַזוינע בולטע ווערק, פון „בבא־בוך" און פון „פּאַריז און וויענע", איז פאַר מיין געפיל אַבסאָלוט זיכער, אַז דער איקס, וואָס האָט איבערגעפורעמט דעם אַרטוס אין סטאַנסן, איז נ״ט אידענטיש מיט אליה בחור.

# ז: צוויי יידישע קינות אויף כמעלניצקיס גזרות

## 1

אין מיין בוך „שטורעמווינט"[1] האָב איך אויף ז"ז 5—76 געגעבן אונ־טערן קעפל: „באַגדאַן כמעלניצקי און זיין צייט" אַ־שילדערונג פון די גזרות, וואָס יידן זיינען אויסגעשטאַנען אין די יאָרן ת"ח און ת"ט (1648—1649) אויף אוקראַינע. יעגער עטיוד איז געשריבן אויפן סמך פון העברעישע, פוילישע, רוסישע און אוקראַינישע מקורים; צו מיין גרויסן באַדויערן האָב איך דאָרט נאָך ניט געקאָנט אויסנוצן די צוויי יידישע טעקסטן וואָס זיינען אונדז פאַרבליבן פון כמעלניצקיס צייט. גיב איך זיי איצטער דאָ—ווי אַ צוגאָב צו יענער היסטאָרישער באַשרייבונג און פאַראיינס ווי מאַטעריאַל צו דער יידי־שער ליטעראַטורגעשיכטע.

אויף וויפיל מיר איז באַוואוסט, זיינען דיביידע קינות אין ערגעץ ניטאָ במציאות, אויסער אין דער באָדלעיאַנע, וואו איך האָב זיי קאָפּירט. איך באַצייכן זיי פון קורצקייט וועגן מיט „קינה א" און „קינה ב".

א) דאָס ערשטע ליד: „קינה על גזירות הקהילות דק"ק אקר"יינ"י" איז פאַראַן אין דער באָדלעיאַנע אין צוויי דרוקן. איינער (קאַט' באָדל' 3693) גיט ניט קיין יאָר, נאָר ס'שטייט אָנגעוויזן: בשנת זאת=1648, אַלזאָ אוממיטלבאַר נאָך די גזרות. לויט דעם שלעכטן זאַץ און אָפּדרוק איז שטיינשניידער משער, אַז ס'איז אַ פּראָגער אויסגאַבע. דער צווייטער דרוק גיט אָן דעם דרוקאָרט אַמסטערדאַם, נאָר דערפאַר איז ניט אָנגעוויזן קיין יאָר; שטיינשניידער האַלט, אַז ס'איז געדרוקט „באַלד נאָך 1648"[2].

---

1 פאַרלאַג טאָמאָר, ווילנע 1927.

2 פון דער אַמסטערדאַמער אויסגאַבע ברענגט שטיינשניידער דעם זאַץ: „דיא חשובה קינה אונ' דער טייטש (אל מלא רחמים) איז וואָרדן גידרוקט. זיינן אך צו דער צייט גיוואָרן פר צוקט", און טייטשט דאָס אַזוי, אַז ווען דער אַמסטערדאַמער דרוק איז אַרויס, איז שוין דער ערשטער געווען „פאַרצוקט" (אויסגעפאַרקויפט). אָבער אויך צום סוף פון דעם פּראָגער עקזעמפּלאַר שטייט, ווי מען קען זען פון מיין איצטיקן איבערדרוק, גאַנץ ענלעך: „דיא חשובה קינה אונ' דער טייטשי אל מלא רחמים איז ווערן [=וואָרן] גידרוקט אויף דיא דא זיינן וואָרן פר צוקט". בכן איז איינס פון די צוויי: אָדער אויך פּראָג איז ניט די ערשטע

איך האָב פאַרגלייכט אין אָקספאָרד ביידע טעקסטן און בין געקומען צום באַשלוס, אַז זיי זיינען כמעט ווי אידענטיש. אָבער אין סטראָפע 3 אַ שטייגער פעלט אין אַמסטערדאַם דער זאַץ: „מיט קאסיס זיינען דיא רשעים גילאפן אז מען שנייד זנגין". דער דורכלאָז איז געוויס ניט קיין צופאַל: איך מיין, אַז דער אַמסטערדאַמער אַרויסגעבער האָט דאָ אויסגעמעקט בכיוון דעם סלאַוויזם, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז אין מערב-אייראָפע וועט מען אים ניט פאַרשטיין. איך האָב זיך דעריבער אין מיין איבערדרוק געהאַלטן דורכאויס ביים ערשטן (פראָגער) דרוק[1].

די ערשטע שורות פון דעם אַריינפיר צו דער קינה זאָגן דוכט זיך גאַנץ קלאָר, אַז זי איז פריער געווען אויף לשון קודש; „און דערווייל פיל לייט ניט קענען עס פאַרשטיין", האָבן זיי געבעטן, מען זאָל עס „אין דייטשן... דרוקן". אָבער עס האָט מיר ניט אָפּגעגאָלטן צו געפינען וועלכע עס איז שפור פון אַזאַ העברעישן טעקסט; אויך דעם העברעישן אָריגינאַל פון דעם אל מלא רחמים צום סוף האָב איך ניט געפונען. פונדעסטוועגן קענען מיר דעם יוסף בן הר"ר אלעזר ליפמאן ז"ל אשכנזי מזיאל [=מאַזעלן?] מפראָ-סטיץ, וואָס רופט זיך אָן אין דעם אַקראָסטיכאָן סטר' 23—62, אָננעמען בלויז פאַרן איבערזעצער[2]. ווייל די קינה איז געוויס געשריבן געוואָרן פון אַן אויגן-עדות, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט כמעלניצקיס שחיטות, אַניט וואָלט די שילדערונג ניט געווען אַזוי פרטימדיק און לעבעדיק; און ר' יוסף זאָגט דאָך אונדז אַליין אויס, אַז ער איז גאָר אַ מערישער ייד, פון דער קהילה

---

אויפלאַגע, אָדער (און דאָס לייגט זיך מיר מער אויפן שכל) „פאַרצוקט" באַטייט דאָ עפּעס אַנדערש. איך רעכן, אַז דער פראָגער אַרויסגעבער האָט געמיינט צו זאָגן: „די חשובע קינה און דער טייטש אל מלא רחמים זיינען געוואָרן געדרוקט אויף יענע [קדושים] וואָס זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן" [פאַרצוקט געוואָרן, ד"ה צוגענומען געוואָרן, פון דער שווערד]; דער אַמסטערדאַמער איבערדרוקער האָט דאָס אָבער ניט פאַרשטאַנען און פאַרדרייט די ווערטער און דערמיט אַריינגעפירט שטיינשניידערן אין טעות.

1 בלויז אין צוויי ערטער, וואו אין דעם פראָגער עקזעמפּלאַר איז אויסגעריסן אַ שטיקל, האָב איך געמוזט דערגאַנצן לויט אַמסטערדאַם. דהיינו, סטראָפע 22 זיינען דער-גאַנצט די ווערטער „דיא שאף אונ' ווידר", סטראָפע 29: „מיט שווערטיר אונ' מעסיר".

2 שטיינשניידער ,Die Geschichtsliteratur der Juden, פראַנקפורט-מאַין 1905, ז' 123 רעדט וועגן אים ווי וועגן דעם מחבר פון דער קינה. אַגב רופט ער אים אָן „בן אליעזר" און „מזיא". סטראָפע 35 ווייזט אונדז אָבער, אַז דער מאַן האָט געהייסן „בן אלעזר", און אין סטר' 54 זעען מיר, אַז אין דעם וואָרט „אל" זיינען ביידע אותיות געדרוקט פעט, אַלזאָ מזיאל. אַזוי לייענט טאַקע ד. קויפמאַנן (זע די נאָענטסטע הערה). אויך צונץ, ,Zur Literaturgeschichte der synagogalen Poesie ז' 435, באַצייכנט יוספן אלס דעם מחבר.

קרעמזיר, און „דער שוועד" (די שוועדישע מלחמה) האָט אים פאַרטריבן פון זיין שטיינערן הויז.

צום סוף פון דער קינה האָט ר' יוסף אַריינגעפלאָכטן (און דאָס איז שוין געוויס יאָ זיין אייגנס) אַ באַשרייבונג פון דעם חורבן, וואָס האָט געטראָפן זיין פאָטערשטאָט קרעמזיר אין 1643. די דאָזיקע סטראָפעס (67—74) האָבן ניט קיין שייכות צו כמעלניצקיס גזרות, נאָר איך האָב זיי איבערגעלאָזן בכדי ניט צו צעשטערן די גאַנצקייט פון דעם לידו[1].

ב) די צווייטע קינה, אָן אַ יאָר און אָן אַ דרוקאָרט, האָט שטיינשניי־דער, אויף וויפיל איך זע, פאַרפעלט צו פאַרצייכענען אין זיין קאַטאַלאָג, הגם דאָס ביכעלע איז שוין אין זיין צייט געווען אין דער באָדלעיאַנע. דער טעקסט פאַרנעמט 7 זייטלעך; אויף דער אַכטער געפינט זיך אַ האָלצשניט: אַ קאָזאַק מיט אַ פּיקע אין איין האַנט, מיט אַ פּיסטויל (?) אין דער צווייטער; לעבן אים אַ האַרמאַט; הינטער אים אַ מחנה זעלנער.



די קינה ב באַהאַנדלט די געשעענישן פון יאָר 1656, וועלכע איך מוז דאָ כאַראַקטעריזירן, מחמת אין „שטורעמווינט" ז' 75 האָב איך זיי באַהאַנדלט בנשימה אחת.

נאָכדעם ווי כמעלניצקי האָט דערשפּירט, אַז פּוילן איז אים גובר, האָט ער זיך אונטערגעגעבן דעם מאָסקווער צאַר. דאָס איז געווען יאַנואַר 1654. באַלד נאָכדעם האָט מאָסקווע אָנגעהויבן אַ מלחמה מיט פּוילן און אָפּגעהאַלטן אַ ריי נצחונות. דעם זעלבן יאָר איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די מאָס־קוויטער סמאָלענסק, אין 1655 — ווילנע, קאָוונע און גראָדנע. פון דרום האָט זיך דערווייַלע געריקט אויף דער פּוילישער טעריטאָריע כמעלניצקי מיט זיינע קאָזאַקן, וועלכער האָט איינגענומען לובלין. אַפילו לעמבערג איז באַלעגערט געוואָרן, אָבער אָן ערפאָלג. פון מערב האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף פּוילן נאָך אַ דריטער שונא — די שוועדן. עס האָט געהאַט אַ פּנים, ווי די פּוילישע רעפּובליק וואָלט שטיין ערב אונטערגאַנג; נאָר מאָסקווע האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס לוינט איר ניט, שוועדן זאָל ווערן צו שטאַרק, האָט צאַר אַלעקסיי מיכאַילאָוויטש בעשלאָסן אַ וואָפנשטילשטאַנד מיט די פּאָליאַקן, כדי צו האָבן פרייע הענט קעגן די שוועדן.

די מאָסקעווּיטישע נצחונות אין ליטע און רייסן האָבן טייער געקאָסט דער דאָרטיקער יידישער באַפעלקערונג.

[1] וועגן די צרות, וואָס די יידישע קהילות אין מערן זיינען יעמאָלט אויסגעשטאַנען, זע פּראָפ' דוד קויפמאַנן, „שוד השוידים בקהילות מעהרן בשנת ת״ג, ממזרח וממערב [ברייבין] III (1896) ז' 77—93; אויף ז' 93 דאָרט זיינען איבערגעדרוקט די 5 סטראָפעס פון אונ־דזער ליד, וואָס רעדן וועגן קרעמזיר.

אין וויטעבסק אַ שטייגער האָבן זיך די בירגער 14 וואָכן געהאַלטן אַנטקעגן דעם מאָסקעוויטער חייל, און בעת דער באַלעגערונג האָבן יידן מיט אַלעמען צוגלייך געבויט באַפעסטיקונגען, געגעבן געלט, געגאַנגען אויף אויסשפיר. ווען די שטאָט איז איינגענומען געוואָרן, האָט דער רוסישער קאָמאַנדיר אַרויפגעלייגט אויף יידן אַ היפשע קאָנטריבוציע און דערנאָך פאַרשיקט די רייכע יידן קיין טיף רוסלאַנד, וואו זיי זיינען אָפּגעזעסן ביזן אַנדרוסאָווער שלום פון 1667[1]. אַוועקפאָרנדיק האָבן זיי איבערגעלאָזן טייערע חפצים ביי די שטאָטלייט, נאָר די קבלות זיינען ביי זיי פאַרפאַלן געוואָרן אין דער צייט פון גירוש, האָבן די שטאָטלייט שפּעטער געלייקנט, אַז זיי האָבן עפּעס באַקומען.

אין מאָהילעוו האָבן די שטאָטלייט דערשפּירט אַ שעת־הכּושר זיך אָפּצורעכענען מיט דער יידישער קאָנקורענץ און האָבן אויסגעפּועלט ביי די נייע באַלעבאַטים, אַז מען זאָל אַלע יידן אַרויסטרייבן פון שטאָט און זייערע הייזער צעטיילן צווישן דעם מאַגיסטראַט און דער רוסישער מאַכט. דער גירוש איז ניט צושטאַנדגעקומען — צוליב וואָסער סיבה ווייסט מען ניט. ווען ס׳זיינען אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום צוגעטראָטן צו מאָהילעוו די פּוילישע מחנות, האָט דער רוסישער קאָמאַנדיר פּאָקלאָנסקי געהייסן אַלע יידן אַוועקגיין אין פּוילישן לאַגער; ווי נאָר זיי זיינען אַרויס הינטער דער שטאָט, האָבן די מאָסקעוויטער זיי אַלעמען אויסגעהרגעט[2].

פון ווילנע זיינען כּמעט אַלע יידן אַנטלאָפן, בשעת עס האָט זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז די מאָסקעוויטער גייען. די שטאָט האָט איבערגעלעבט אַ שרעקלעכע זיבעצנטאָגיקע שׂרפה; אויך דער גאַנצער יידישער קוואַרטל איז חרוב געוואָרן. שרעקלעכע עפּידעמיעס האָבן געווילדעוועט און פאַרלענדט די וואָס זיינען גאַנץ געבליבן פון שווערד, פון פייער און פון הונגער. די שטאָטישע קריסטן צוזאַמען מיט זייערע וואָיטן און ראַטמענער האָבן אָפּגעגעבן דעם צאַר מזל־טוב צו זיין נצחון און זיך משתּדל געווען ביי אים, ער זאָל באַשטעטיקן אַלע פריערדיקע פּריווילעגיעס און אַחוץ דעם פאַרווערן יידן צו וואוינען אין שטאָט. 1658 האָט צאַר אַלעקסיי טאַקע אַרויסגעגעבן אַ כּתב („גראַמאָטאַ״) צום ווילנער וואָיעוואָדע, ער זאָל אַרויסשיקן אַלע יידן פון שטאָט, נאָר צי איז דער באַפעל אויסגעפאָלגט געוואָרן איז ניט באַוואוסט. ווען ווילנע

---

[1] זע שטורעמוויטש ז׳ 76.

[2] לויט ווי מען דערציילט האָט דער פאַקט פּאַסירט אום צום־גדליה. אין משך פון הונדערטער יאָרן האָט מען דעם טאָג געזאָגט קינות אין אַ סך שולן צום אָנדענק פון די מאָהילעווער קדושים, און אין מאָהילעוו גופא מאַכט מען זיי נאָך ביז היינט אַן אל מלא רחמים אין דעם טאָג.

איז 1661 צוריק פארגומען געוואָרן פון דעם פוילישן חיל-פירער מיכאַל פּאַץ האָבן יידן באַקומען צוריק די „רעכט" פון פאַר דער מלחמה¹.

ענלעכע יסורים האָבן אויך איבערגעלעבט די אַנדערע יידישע קהילות פון ליטע-רייסן. אונדזער קינה גיט ניט קיין איינצלהייטן, אָבער זי שילדערט זייער איינדריקלעך די טויטשרעק וואָס האָט יעמאָלט אַרומגענומען דעם גאַנצן יידישן ציבור.

## 2

עס וואָלט מיך פאַרפירט צו ווייט פון דעם איצטיקן ענין, ווען איך זאָל דאָ געוועז נעמען אויספאָרשן באַריכות, וואָס די ביידע יידישע קינות טראָגן אַריין נייס אין דער קענטעניש פון די פאַקטן. איך וועל זיך דעריבער באַנוגענען מיט אויפשטעלן בלויז אַ רשימה פון די שטעט און פערזאָנען, וואָס ווערן דאָ דערמאָנט (א אָדער ב באַטייט די קינה א אָדער ב, דער ציפער — די סטראָפע, אמ"ר — דעם „אל מלא רחמים", וואָס איז צוגעגעבן צו א).

**שטעט:**

אומאַן — א 37.
אָסטרע — א 52.
באַר — אַ 66.
וויניצע — א 52.
טולטשין — א 37, א 48.
לובלין — ב 6, ב 23.
לעמבערג — ב 12.
מעזשיבאָזש — א 66.
נעמיראָוו — א 3 א"וו, א 47.
פּאָרעבישטש (Pohrebiszcze) — א 29.
פּאָלאָנע — א 66. דאָ איז די גזרה געשען מיטוואָך, דריי טעג אין אָב (לויט האַנאָווער, יון מצולה: „ביום ג' א' בחדש אב").
פּרילוק — א 29.
קראַסנע — א 52.
שאַריגראַד — א 52.
ווייטער נאָך קרעמזיר אין מערן — א 67 א"וו.

**פערזאָנען:**

זכריה חזן — א 60.
חיים — א 12, אמ"ר.

---

¹ די פאַקטן זיינען דער „יעווריייסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ" XV 647, XI 154, V 581, 639—640.

יחיאל (גערופן יחיאל־מיכל) — א 11, אמ״ר.
יצחק — א 12, אמ״ר.
ישראל — א 12, אמ״ר.
לאָזער — א 37.
עזריאל בן יעקב יצחק — א 12, אמ״ר.
שלום חזן — א 63 און 64, ב 21 (צי איז דאָס ביידע מאָל דער נעמ־לעכער?).
שלמה — א 12, אמ״ר.

ווייטער פון די קרעמזירער קרבנות:
יצחק כהן — א 69.
מרדכי — א 69.

פון כמעלניצקיס אָנפירער:
אַלעקסאַנדער — א 4.
יאַשקע — א 4.
קריוועניאָס — א 45, ב 11.

ווייטער פון די שוועדן:
טאָרסטנזאָן — א 69.

*

די קינה ב איז אָן שום ספק געשריבן אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון קינה א. אַ גאַנצע ריי אויסדרוקן חזרן זיך איבער[1]:

א קעפל, ב קעפל: דערוויל פיל לייט ניט קענען עס פאַרשטיין, קען עס ניט אַזאַ צו הערצן גיין.

א קעפל, ב קעפל: גאָטס שטראָף פאַר זיך זען, זיך צו גאָטס פאָרכט גענען.

א קעפל, ב קעפל: דאָרינען ווערט אַלץ בקיצור לעזן, אַז ווער ער זעלבערט דערביי געוועזן.

א קעפל און 71, ב קעפל: ער זאָל אַמאָל אָן אויפהערונג לאָן.

א 14, ב 19: קריעה רייסן.

א 32, ב 10: מיט הרוגים העט מען קענען מאַכן אַ ברוקן.

א 33, ב 20: די ברכה על השחיטה.

א 63, ב 29: ווען איך געדענק, טוט מיין הערץ פאָכן; וואָס זיי האָבן אָנגעטראָפן אַלץ דערשטאָכן.

אָבער אַחוץ דעם דאָזיקן צוזאַמענהאַנג, וואָס וואַרפט זיך ממש אין די

[1] דאָ אין די ביישפּילן איז דער אויסלייג מאָדערניזירט.

אויגן, זעען מיר די פאַרבינדונגס־ליניעס מיט דעם גאַנצן מין היסטאָרישע פּאָעזיע וואָס מיר פאַרמאָגן. דער נוסח פון אלף־בית און דער אַקראָסטיכאָן וואַקסן אַרויס פון דער העברעיִשער דיכטונג פון מיטלעלטער, ספּעציעל פון די סליחות און קינות, און ווערט ברייט אָנגעווענדט אויך אין עלטערע ייִדישע שריפטן. דאָס בילד: „אינדערפרי האָבן מיר געוואָלט ס׳זאָל ווערן באַכט — און בייַנאַכט, ס׳זאָל שוין ווערן אינדערפרי" שטאַמט אויך פון דער העברעיִשער טראַדיציע (דברים כח, סז) און דערמאָנט אונדז אַ שטייגער אין מגילת ווינץ. „אוי לנו כי חטאנו" איז דער צוזונג אין דעם קלאָגליד אויפן חורבן פון אונגאַריש־בראָד 1683[2]. די ווענדונג צו דער זון, זי זאָל שיינען, (א 21) חזרט זיך איבער אין דעם שבתי־צבי־ליד (סטר׳ 31), וואָס ווערט איבערגע־דרוקט אין דעם בוך. מיט איין וואָרט, אַ שטראָם פון טראַדיציע, וועלכע איז אַזוי שטאַרק, אַז ער ווערט ערטערווייז פאַרגליווערט אין אַ שאַבלאָן. אָבער דאָס שטערט ניט, אַז די באַשרייבונג זאָל זיין פאַרביק און בולט און וויכטיק[3].

צו קינה א איז צוגעגעבן דער ניגון: צו זינגען לויט „אדיר איום ונורא".

ביידע טעקסטן זיינען דאָ אָפּגעדרוקט אות־באות לויט די אָריגינאַלן[4]. צוגעגעבן זיינען נאָר די אָפּשטעלצייכנס (אין אָריגינאַל שטייען בלויז · און :) חוץ דעם דאַרף דער לייענער האָבן אין זינען, אַז אַנשטאָט די צייכנס ב און בֿ, פּ און פֿ, ת און תֿ, כ און כֿ פון אָריגינאַל זיינען דאָ, צוליב דרוק־טעכנישע טעמים, גענוצט ב און ב, פּ און פ, ת און ת, כּ און כ.

3

## קינה על גזירות הקהילות דק"ק אקר"ייני.

איר ליבן רבותי, ווישט, / אז די קינה גאר שין[5] אויף לשון הקודש גימכט איזט. / און דר וויילּ[6] פיל לייט ניט קענין עז פר שטין, / קען עז ניט אזו צום הערצן גין / האבן גיבעטן לייט / קיגן דר הייליגי צייט, / אין דייטשן צו דרוקן הלבי פירטל ביגן[7], / אין סדור צו ליגן[8], / גאט שטראף פאר זיך זעהן, / זיך צו גאטש פארכט גינעהן.

---

[1] „שטאַפּלען" ז׳ 140—192. אין דעם אַריינפיר דאָרט זיינען אויך פאַראַן אַלגעמיינע ידיעות וועגן אונדזער היסטאָרישער פּאָעזיע. זע אויך דאָס גאַנצע קאַפּיטל (XI).—פגל׳ ד״ר י. שאַצקי, יעדער ייִדישער דור האָט זיין איכה, פון אַן אַמעריקאַנער צייטונג איבערגעדרוקט אין ווילנער טאָג 1927, נומ׳ 180.

[2] אַרויסגעגעבן פון פּראָפ׳ ד. קויפמאַנן 1894 אין מגוו״י (און אויך אין אַ באַזונדער אָפּדרוק, ווי אַ ביילאַגע צום יאָרבאַריכט פון דער פּריוואַטער גימנאַזיע אין אונגאַריש־בראָד).

[3] זע למשל די קולטורהיסטאָרישע וויכטיקע באַשרייבונג פון די חתונה־מנהגים אין קינה א סטראָפע 39—40.

[4] זע די הערה 1 אויף ז׳ 193.

[5] = שיין. [6] ווייל, מחמת. [7] = האַלבע פּערטל בייגן. [8] =לייגן.

דארינן ווערט אלש בקיצור לעזן, / אז ווער ער זעלברט דר ביי גי־ וועזן: / וואש זיך פאר מעשים האבן פאר לאפן / אונ איין טייל קהלות דיא עש האט גיטראפן. / ווער ווערט לייאנן דיא קינה, / ווערט זיך גוויש בזינה[1] / תשובה תפילה צדקה צו טאן[!], / אז ער[2] זאל מאל[3] אויף הערן לאן[4]. / קיגן גזירות לנד אקריי״בי ליט״א מערי״ן / בלד אין הייליגן לאנד פירן.

ווער זיא[5] האט גימכט וויל איך זאגן, / דער שוויד האט אין[6] אך[7] טון יאגן / אויז זיינם שטייני הויז; / איצונד איין מלמד אין דער קלויז. / דר וויל זא איין צרה איז קומן, / גילערנט פון אבינו יעקב דען פרומן / מהנה אושפיזא צו זיין[8] / אוני בהיטן ווייטר פר פיין. / טוט איין מצוה קויפן / גשווינד דר צו לויפן; / לאזט זיא ניט זיין צו טייאר; / מן גיבט דאך פר איין בריב[9] איין דרייאר.

בזכות זה אונש דר ליזן / פון הענד דיא ביזן, / ירושלים צו זעהן, / קרבנות גינעהן. / קיגן דער קינה / בא יבא רנה; / דיא פר שפרייטן צו אנגדר טרייבן, / אין ספר חיים איין שרייבן.

אוני דער ניגון גיט אז אויף אדיר איום ונורא / יו״י יציל מכל צרה. / אלף בית פארנן[10] און פון מחבר אך די חתימה. / יישיב לכם הכתיבה והחתימה.

1 איר ליבי פריינד לאט[11] אונש וויינן אונ קלאגן
אויף דיא גזרות וואש גישעהן זיין אין אונזרן טאגן!
בשנת חבל״י משי״ח[12] טעטן אונש קאזקין יאגן
מיט גרוש אכזריות, איז ניט מיגלך צו זאגן!

2 בפרט איר פרומי ווייבר אונ מיידן,
וויא איז פאר שטערט ווארדן אונזר פריידן!
עז איז בילך[13] צו רייסן דיא קליידן.
אוי וויא גשריאן איבר דער גרושי ליידן.

3 גרוש נעמראב[14] דיא קהלה קדושה פר לבגן[15];
וועלין שרייבן וויא עז בעונותינו הרבים איז דער גנגן:
מיט קאסיס זענן דיא רשעים גילאפין אז מען שנייד זנגן;

---

[1] = באזינען. [2] גאט. [3] אמאל. [4] לאזן. [5] די קינה. [6] אים. [7] אויך.

[8] אויפצונעמען געסט. [9] דא מיטן פשט: חיבור. [10] פון פארנט, פריער.

[11] לאזט; לאזט אונדז — לאמיר. [12] „חבלי משיח“ איז בגמטריא ת״ח.

[13] בארעכטיקט; דערפון אונדזער קאמפאראטיוו „בילכער“ און אויך (דורך איבערפורע־ מען די ענדונג) „ביליק“, וואס דאס מיינט אייגנטלעך: פאר א יושרדיקן פרייז.

[14] = גירוש נעמיראוו. זע „שטורעמווינט“ ז׳ 47—50. [15] פון לאנג אן.

זיא[1] העטן זיך ליברשט לאזן פון טאטרין פאנגין...

4 דער יאשק״י אונ׳ דער אלכסנד״ר,
דיא שונאים ימח שמם איינר וויא דער אנדר:
וויא זיא זאכן[2] זיבנצעהן קהילות קדושות קאמן צו אננדר,
אזו באלד זאמלטן זיא זיך אויז אלי לנדר,

5 האבן זיך צום ערשטן בישט אין אז פין[?][3] לאזן זעהן,
כלומר[4] משוה זיין[5] טעטן זיא יעהן[6],
אבר דיא שטאט לייט טעטן אינן דיא קעפ פר דרעהן;
די מכה איז ליידר יום ד׳ ך סיון[7] גישעהן.

6 ווארן זיך ווידר גשווינד זעצן צו פפערד,
אז העטן זיא אוועק צו רייטן ביגערד.
דער וייל האט מן איין גשרייא פון פולשי[8] זעלניר גיהערט,
דז דיא יהודים זאלטן לויפן אין שלאס אן ביקש, אן שווערט.

7 זייאר מחשבה רעה איז בעו״ה גיראטן,
ווידר איין קול גימכט, עז זיין קאזקין שלוחי שטן.
אויף דעם כלל ישראל האבן זיך דיא פויארן ביראטן,
מיט הקין אונ שפיסן, אז וועלט מן פלייש בראטן.

8 חזירים, שונאים זיינן אין שלאס גילאפן,
אלש גיהרגת וואש זיא האבן אן גיטראפן
מיט איין ביטר גשרייא, אז העטן זיך שיכור אן גזאפן,
רבש״ע[9]! העלף דיא צו דיר האפן.

9 טייל יהודים מייניטן[10] נעבך צו אנטרינן,
דען זיא הטין איין לאך הינטר דעם שלאס טאן גפינן;
איז אבר גיוועזן קיין חילוק דרוישן אדר דרינן,
עש העט זיך ניט ארגיר קענן[11] שפינן.

10 יאגן, שלאגן טעטן זי אלי גלייך,
עש דר טראנקין[12] פיל אים טיפן טייך;
די שון ווארן אויז גישווומן[!] ווארן גיהרגת אן דר ברמיגלייך[13],
ניט גישונט יונג נאך אלט ארום[14] אדר רייך.

11 כבוד הגאון מוהרר מיכל, איין רב פר דיא גנצי וועלט,

---

[1] די נעמיראָווער יידן. [2] אימפערפעקט: זיי האָבן געזוכט. [3] אויסגעריסן אין אָריגינאַל.
[4] כלומרשט. [5] אויסגלייכן, דורכקומען. [6] זאָגן. [7] כ׳ סיון, אום מיטוואָך. [8] = פוילישע.
[9] רבונו של עולם. [10] אימפערפעקט: האָבן געמיינט. [11] וואָלט ניט געקאָנט.
[12] אימפערפעקט: עס זיינען דערטרונקען. [13] = אומדערבאַרמיקלעך [14] = אָרעם.

איז אך דורך אירי הענד ווארן גיפעלט[1],
מיט גרושה אכוריות אויף דער גסין אונ פעלד,
מער אז איך שרייבן קאן אדר מעלד.

12 ליידר, וויא האט דער חורבן קענן גרעשר זיין,
אז זעלכי רבנים אזו איין טוט זעלן נעמן איין!
הקדוש רבי ישראל ורבי עזריאל—אוי וויא דער גרושי פיין!
הקדוש רבי חיים ורבי שלמה, פר פינסטרט דער זונן שיין!

13 מיר מעגן וואל קלאגן מיט וויא[2] אונ ברומן,
אז אונש זיין זעלכי קדושים וועק קומן!
אירי נשמות ווערן גוויס רואן בייא אנדרי פרומן—
עשרה הרוגי מלכות דיא על קידוש השם זיין אום קומן.

14 נון מאג וואל איטלכר וויינן אונ קריעה רייסן,
וואש דא האבן גיטאן ריקם[3] פויארן אין רייסן!
די הייליגי ספרי תורות צוריסן מיט פלייסן[4],
דרום טוט שרייאן אז איין פרויא טוט שווער קרייסן[5].

15 ספרי תורות צו הקיט[6] דרויז גימכט פאסטליז[7] א[ויף] פיסן,
הייליגי תורה, ווי זאל דיך דאש ניט פאר דריסן?
אוי וויא, וויא האט מען פר אונרייינגט דייני ריד זא זיסן,
דרום מיין אויגן מיט טרערן אז איין באך[8] פליסן.

16 ערד אונ אש זאל מן זיך אויף דען קאפ ליגן[9],
דען דיא צרה איז ניט צו שרייבן אויף פיל ביגן[10]!
פאר צער קענן מיר זיך ניט רירן נאך ריגן[11].
הער גאט, בהיט ווייטר פאר אירי פיילר אונ ביגן[12].

17 פארט וויל איך דיא תורה איין קשיא פרוגן[13]:
זיין דען די הייליגי אותיות ווידר אין הימל גיפלוגן?
איין תירוץ קאן מן זאגן, איז ניט גילוגן:
ווייל אירי לערנער זענן גיהרגת ווארן מיט שווערט און בוגן.

18 צו וועם זאל דיא הייליגי תורה ווערן גיברכט[14],
כלומר ווען ישראל אז די בהמות ווערן גישחט?
ווער ווערט זיא לערנן טאג אונ' נכט?
דער הלבן[15] האט זיא איר כבוד ווינג[16] גיאכט.

---

1 פעלן—מאכן פאלן, דערהרגענען. 2 = וויי. 3 רשעים, גאטלאָזע מענטשן. 4 בכיון.
5 גיין צו קינד. 6 = צעהאקט. 7 = פאסטעלעס. 8 טייך. 9 = לייגן.
10 = בייגן, בויגנס. 11 רעגן זיך — באוועגן זיך. 12 פיילן און בויגנס.
13 פראגן, דיאלעקטישע בייפארם, = פרעגן. 14 = געבראכט. 15 דעריבער. 16 = ווייניק.

19 קליין און גרויס, יונג און אלט,
אלש גיהרגת ווארדן בעו״ה מיט גיוואלט!
וויא ליגן אין מיסט לייבר וואל גישטלט[1],
כמה נפשות אז בוימר אין דעם וואלד!

20 ראבן און כלבים האבין מתים אויף גיגעשן;
נאר ביינר ביגראבן—וויא שייצלך[2] האט מן אונש גימעשן[3]!
טמאים וטהורים פר מישט, ווער קאן דאז פאר געשן;
וויא זיינן די חשובים[4] צו דר ערד גיוועשן.

21 שיני זון, וויא האשטו קענן דיין ליכט שיינן,
אם טאג מן האט טאן פר לירן אל דיא מיינן?
אין שוס[5] דער מוטר אירי קינדר דיא קליינן,
אויף איר אייגנן מנין[6] גישחט דיא ווייבר ריינן!

22 תמימים זענן גילעגן טוט הין און ווידר[7];
איר ווייבר גיוויינט אויף אינן[8], גיפאלין נידר.
אזו האט מן זיא אויף אינן[9] גשחט אז דיא שאף און ווידר..
וויא[10], וויא קענן פר צער גנץ בלייבן דיא גלידר!

23 אופין[11] לאגן דיא מתים אונטר דער זונן;
איין קדוש דען אנדרן בידעקט, דער אינטר־שט[12] האָטש גיוואונן[13],
אוי וויא איבר דער מכה אורבליצלינג[14] און[!] פר זונן[15],
פינף הונדרט קינדר צו גפינן אין ברונן[16]!

24 נעבך אז דיא אוקסין צו שחיטה ווארן גפירט,
נימט[17] האט איר בלוט בידעקט אז זיך גבירט[18],
בילך איז זיך צו קליידן אין איין זק בשמירט,
דען קאפ קאלן[19] אז איין אדליר דער די פעדרן פר לירט.

---

[1] וואָל געשטאָלט (ג׳ איז די עלטערע פאָרם פון דעם פּאַרטיציפּ: געשטעלט) — פון אַ שיינעם געשטאַלט.

[2] מיאוס, שרעקלעך. [3] מעסן—מעסטן; פּשט: ווי שרעקלעך האָט מען אונז באַהאַנדלט.

[4] אין טעקסט שטייט פאַרקירצט: חשובי׳. [5] שויס. [6] = מאַנען.

[7] דאָ און דאָרט. [8] אויף זיי. [9] זיי אויף זיי — די ווייבער אויף די מאַנען.

[10] = ווײ. [11] = אָפן. [12] אונטערשטער.

[13] דעם אונטערשטן איז געווען גוט. [14] פּלוצלינג. [15] אומפאַרזונען—אומגעריכט.

[16] ברונעם. [17] =נימאָט, נימאַנט — קיינער. [18] ווי ס׳דאַרף זיין.

[19] מען וואָלט דאָס געקאָנט אויסטייטשן ווי אַ צייטוואָרט פון נה״ד kahl, מה״ד kal; אָבער היות ניט אין דוו״ב און ניט ביי לעקסערן איז אַזאַ צייטוואָרט ניט פאַרצייכנט, ווערט אפשר זיין באַרעכטיקט אָנצונעמען דאָס פאַר אונדזער היינטיק גאָלן, פון דעם סלאַווישן שורש.

25 יעגר אונ קאזקין זיך גיזומליט אז די בינן,
עש איז קיין טעם וסברות צו רידן מיט אינן,
דר ווייל זיא זיין פויארן, האבן פלעגן צו דינן·
האבן גישעכט אן איינם טאג דיא פעטר[1] מיט איר זינן[2].

26 יחיד, זע, וויא הרגת מן דיא מוטר מיט איר קינד,
מיט אכזריות ניט וויא מן עש אין דער תורה גפינד;
די מתים לאזן ליגן אים רעגן אונ ווינד,
אך פיל לעבנדיגר הייט אין גרובן גיווארפן גשווינד.

27 ווער האט זעלכי מעשים גיהערט פאר אלטי צייטן,
אזו באכזריות אום צו גין מיט דען לייטן?
צו טיטן אויף דעם קברות גאבן שוחד אויף אלן זייטן,
לויפטן צום טוט אז וועלט[3] מן איין חתן אנטקעגן רייטן.

28 סודות התורה ווארן צו ריסן אונ פר שטערט,
פיל גישעחט אונ ווינג צו גידעקט מיט ערד;
האבן אלש גיטאן, נימנט האטש גיווערט,
דען דער מלך איז גילייך[4] גישטארבן אין דעם גיבערד[5].

29 פאריבישט אונ פרילוק, קהלות העטן ניט קענן זיין בעשר,
זיינן גיהרגת גוארן[6] מיט שווערטיר אונ מעסיר.
הייזר מחריב גיוועזן אז די שלעסר;
אלי טאג זיין גיוועזן דיא צרות לענגר אונ גרעסר.

30 בין גלייך אז איין שאף, ווייש זיך ניט צו ווענדן,
טוט אונש בירויבן אונ שענדן,
מיט געלט נאך גוט האט מן ניקש קענן ענדן,
מציל צו זיין פון אירן הענדן.

31 נשים ובתולות מטמא גיוועזן אונ גישענט,
אך פיל כופר גיוועזן[7], פון יהוד[8] וועק גיווענט,
פיל שולן איין גיליגט[9] ביז אויף פיר ווענד.
ליבר גאט, ווארום הלשטו דיך אויף[10], זע אונזר אילענט[11]!

32 הערט צו דען חורבן, ווער קענש שרייבן אדר דרוקן?
פאר לייד זאל מן דיא האר אויש פלוקן[12]...

---

[1] פאָטערס. [2] זין. [3] גלייך מען וואָלט געוואָלט. [4] = גלייך, תיכף.
[6] באַנעמען, העוויות. פשט: ביי די דאָזיקע ווילדע מעשים. [6] געוואָרן.
[7] געבראַכט צו שמד. [8] פון דעם גלויבן אין דעם אייניציקן גאָט.
[9] איינלייגן—צעשטערן. [10] אויפהאַלטן זיך—זוימען זיך. [11] = עלנט, אומגליק.
[12] אויסרייסן.

די מענשן גיוועזן אין איר אויגן אז מוקין,
מיט הרוגים העט מן קענין מכין איין ברוקן[1].

33 רבון העולם! דיא לייט אז בהמות גישחט,
אונ דיא ברכה על השחיטה גאר הוך גימכט,
דיא איבריגי אמן גשריאן, אז האט גיקרכט[2];
וויא האבן זיא אונש גישפאט אונ אויז גילכט[3]...

34 רבותי, ווער קאן אלי מעשים דר שרייבן,
וואש דאש און ביטעמת[4] פאלק טעט טרייבן!
איינר פרויא פלייש אויז גשניטן בייא לעבנדיק לייבן,
גירעט: עז איז נון כשר גווייקט, לאז מען עש מיט זלץ רייבן...

35 אל עזר! העלף, גאט, דיין פאלק דען ארמן;
זע אונזר לייד, פאר שרומפין זיין דיא דערמן[5],
לנד אקריי״יני פר שטערט[6] אין דער לרמן[7]...
הער גאט, לאז דיך עש דאך דער ברמן!

36 ליבר גאט, זיך[8] וואש גישיכט[9] דיינם פאלק דיא ליבן:
צו טיילן אין גורל אז קרויט אדר ריבן,
אויף איינם ריק[10] זיין קומן זעקש אדר זיבן,
אייני גיהיישן קעכין, די אנדר הור, זיבד אונ שנד גטריבן[11].

37 יודן אל גימיין[12], וויא קאן מן פר צער דויארן[13],
אז דא זיין איין גילאפן בק״ק טולטשין די פויארן;
ק״ק הומניע[14] אין דער ליטא אויף איר בלוט טאן לויארן,

---

1 בריק. 2 = געקראכט. 3 = געלאכט.

4 = אומבאטאמט (אומבאטעמט) — עקלדיק. 5 געדערעם.

6 אין אָריגינאַל שטייט צווישן „פר“ און „שטערט“ א טאָפּלפּונקט (:), נאָר ווי איך פאַרשטיי איז דאָס פּשוט אַ דרוקפעלער.

7 = לאַרמען; אויפגעלאָף, מהומה. דאָס וואָרט איז אַריין אין דייטש דורך האָלאַנד, פון דעם איטאַליענישן all arme און ענלעכע פאָרמען אין אַנדערע ראָמאַנישע שפראַכן. דורך אַ פאַלשער טראַנספּאַלטונג a+larm האָט זיך אין דייטש אויסגעבילדעט der Lärm, אין פּויליש larum, אין יידיש ליאַרעם. נאָר פון וואַנען האָבן מיר דאָ דאָס וואָרט אין לשון נקבה? צי אונטער דער ווירקונג פון דער פּוילישער בייפאָרם larma (פּור״ב II 685)?

8 זע. 9 געשעט. 10 רשע, דראַב.

11 טרייבן דאָ מיטן פּשט: אָפּטון, די פאַרבינדונג מיט דעם צייטוואָרט האָבן מיר ניט בלויז דאָ; זי איז זייער פאַרשפּרייט אין דער יידישער שפּראַך. וועגן דער דאָזיקער מערקווערדיקער קאָנסטרוקציע זע מיין לעקסיקאָלאָגישן עטיוד „טרייבן“ אין „צייטשריפט“ I ז' 219—222.

12 „אל געמיין“ הייסט אייגנטלעך „גאַנץ קהל“, און אַזוי איז געמיינט דאָ.

13 אויסהאַלטן. 14 הומאַן, אומאַן.

איבר דען קדוש הגאון מוה״ר לאז״ר זאל מן טרויארן.

38 פרפלוכט זאל ווערן דער טאג אונ שטונדן,
אז אונש האבן גילטסערט[1] זעלכי הונדן!
ווייבר אן הלז איין שטריק גיבונדן,
כלומר טובל גיוועזט ביז דאז ווסיר גינג אין מונדן.

39 מיט גישפעט מיט פינגר נאך גטיטן[2],
מיט בריטליך[3], צאבלני[4] שויבן[5] איין חתן אנטקיגן גריטן;
דער קאזק גיוועזט דער חתן אונ דיא בתולה אין דר מיטן,
גפירט צו דר חופה מיט טלית אונ קיטל, אז יודן זיטן.

40 נעביך פר אונרייניגט דיא פרומן מיט גישפעט,
חתנה גימכט, ליגן גפירט צו בעט,
אלש נאך גישפאט, אויף יודש[6] גירעט,
דען זיא האבן בייא יודן גדינט, איר ברוט גיזעט[7].

41 זער איז צו דר שרעקן, ווינג צו צעכן[8],
ווען דיא קנעכט אן אירי הערן ברעכן[9];
עש איז קיין טעם וסברות מיט איגן צו שפרעכן,
ניקש אנדרשט אז הויאן[10] אונ שטעכן.

42 לאזט אייך נאך איין חידוש ווישן לאן,
וואש איין שקצה[11] משרתת איר ווירטן האט גיטאן.
זיא האט זיא גיבעטן זאלט איר אירי קליידר אן טאן,
אונ זעלט מיט איר דער פון[12] גאן.

43 הוכר גאט, דער ברם דאז עילנט וועזן,
אז זיא[13] הא[ט] גפירט זי[14] וואו דיא רצחנים זענן גיוועזן;

---

[1] דרוקפעלער אנשטאט גילעסטרט=געלעסטערט; געשענדט.

[2] נאכגעטייט (טייטן — ווייזן מיטן פינגער).

[3] בארעטלעך, היט וואס חשובע מענטשן פלעגן טראגן. [4] =סויבלנע.

[5] לאנגער און ברייטער טייערער מאנטל מיט פוטערוואַרג.

[6] נ. שטיף האט אין דעם אויבן (ז' 17 הערה 1) ציטירטן ארטיקל שוין אנגעוויזן אויף דעם אויסדרוק „יידיש" אין דעם ליד.

[7] געזעטיקט זיך פון זייער (די יידנס) ברויט.

[8] פונעם פשט „הוליען" האט זיך אפנים ארויסגעוויקלט דער פשט, וואס ווערט דא גענוצט: פרייען זיך.

[9] ברעכן (די געטריישאפט) — פעלשן. [10] האקן. [11] = שיקסע.

[12] פון דאנען, אוועק. [13] די שיקסע. [14] די יידישע באלעבאסטע.

שפראך זי: האשטו אויז גיקערט אונ ארביסן גילעזן[1]?
אזו האשטו מיר גיטאן, איצונד קאנשטו ניט גינעזן[2].

44 הער גאט, וויא קאנשטו דיך אויף הלטן,
אז זיא דיא טראגנדי ווייבר די בייך[3] שפלטן[4]?
נון, ווען שון[5] האבן גיזינדגט דיא אלטן,
ווארום זאל מן מיט קלייני קינדר אזו שלטן אונ וולטן[6]?

45 אין תמוז יום ד' זעקש טאג אין חודש גישעהן דאז,
דיא לייט צו בראכן גלייך אז איין גלאז,
דען קינדר דיא הייליגי מילה אפ גשניטן אז איין גראז;
גלייך אז עמלק האט גיטאן קריוו"ה בא"ן[7].

46 שייצליך גיהויזט מיט דיא הייליגי רייניקייט,
צוריסן בעו"ה, אויף דער ערד גישפרייט,
נשים דרויף טמא גיוועזן מיט שלקהייט[8],
אונ דיא שול צו ליגט[9] מיט בוזהייט.

47 כמה שנים זענן מיר נון אין ביטרן גלות,
פאר האפן בעשרונג—ערשט גרעשרי בהלות!
אזו אך דיא פון נעמרוב זענן אנטלאפן מיט גרושי יללות,
ערשט זיינן שטערקר גיוועזן די קללות.

48 נאך טולטשין[10] זענן גילאפן פר גרושן גידרנג[11],
דארטן האט מן זיא גיקוועשט[12] מיט ביצוונג[13];
אז אייבר ווייכט דעם ליבן[14], ביגעגנט אים איין בער אין גנג,
זא לויפט ער אין הויז—בייסט אין איין שלנג.

49 זא דא אך: זיא האבן גימיינט, זיא זיין אנטרונן,
דר וייל זי האבן פוליש פאלק[15] דרין גיפונן;
האבן אבר גיפעלשט, אז זיא[16] טונן;
דרום האט מן זיא[17] גיהקט ביז דש דאז בלוט איז גירונן.

50 יאר אונ טאג צו קלאגן, וויניג גין צום טנץ[18],

---

[1] פשט? [2] בלייבן געזונט, געראטעוועט ווערן. [3] בייכער. [4] =שפאלטן.
[5] ווען אפילו. [6] = שאלטן און וואלטן; באלעבאטעווען, פראווען, קאמאנדעווען.
[7] = קריוועניאס. [8] = שאלקהייט, שאלקהאפטיקייט — רישעות.
[9] צעלייגן —צעשטערן. [10] זע „שטורעמווינט” ז' 50—54. [11] = געדראנג.
[12] = געקוועטשט. [13] = באצוואנג. [14] דעם לייב.
[15] פויליש פאלק — פולישע זעלנער. [16] דאס פויליש פאלק. [17] די יידן.
[18] זאל דאס זיין געמיינט אין בוכשטעבלעכן פשט?

וויא שייצלך איזט פאר זעהן ווארן דיא שנק[1]!
לייט צו אכטן אז איין אפיל[2] אדר איין מרנק[3],
אך גאט, וויא בלייבט אונזר הערץ גאנד!

51 מייני טרערין אז איין באך זענן גיפלאסן
אויף דער גזירה ביטר אויש דער מאסן[4],
דיא הרוגים אין בלוט וועלגרן לאסן;
אך פיל קהלות קדושות וועק גילאפן אויף פיל שטראסן[5].

52 זאל איך אלע קהלות שרייבן ווער זיא זענן,
איז ניט אפשר[6]; איך ווער ניט קענין;
ק״ק אוסטרא, וויניצא וויל איך נענן,
שאריגראד, קראסני[7] זיך אך טון צו אנטרעין[8].

53 יאמרן, קלאגן, דיא פריליכקייט אויף זייט,
איבר פינף הונדרט גיוואונטי[9] לייט.
קיין פלסטר[10] נאך זלבן[11] איזט ברייט.
אך גאט, דרליז אונש, עש איז הוכי צייט.

54 אל רחום, טוא אונזר צרות זעהן,
ווידר צו דיין גיבאד גינעהן,
ברוך הבא טו צו אונש יעהן,
ווידר אין ארץ ישראל פפלנצן אונ זעהן[12].

55 מרום וקדוש! וואך, מיט דיין הילף ניט שלאף!
וויא לנג ווערן זיין פר שפרייט דיין שאף?
דער טוט[13] איז בעשר אז מן זיכט[14] זעלכי שטראף.
ווער עש נאך[15] איין דוכס אדר איין גראף[16]!

56 פיל ליבר ווער איך ניט גיוועזט גיבארן,
צו זעהן מיין פאלק אזו שענטליך פאר לארן.

---

[1] = שאנס. פאַרזען די ש׳—דורכלאָזן אַ געלעגנהייט, ניט געראָטן.
[2] אין אָריגינאַל שטייט: „אפיל״. 173. א ענלעכן געברויך זע ז׳ [3] = מאַראַנץ.
[4] אויס דער מאָסן — איבער דער מאָס. [5] „שטראָס״ — גרויסער וועג, שליאַך.
[6] העברעיִשע ווענדונג („אי אפשר״): איז ניט מיגלעך. [7] אָסטרע, וויניצע, שאַרי־
גראָד, קראַסנע. [8] אָנטרינען?
[9] = געוואונדטע. „פאַרוואונדטע״, „געוואונדטע״ איז טאַקע מער באַרעכטיקט,
איידער אונדזער דייטשמערישע פאָרם „פאַרוואונדעטע״.
[10] = פלאַסטער. [11] = זאַלבן. [12] = זייען. [13] = טאָט, טויט. [14] זעט.
[15] וואָלט עס כאָטש געווען. [16] אַרויסצורעדן מיט O (גראָף).

וועלט[1] שווייגן, ווען מיר ווארן[2] פאר קויפט ווארן,
אום איין זעקסר איין נפש, אונ קיין קונה צו ארפארן[3].

57 רעכט וויא דא שטיט: צו אבנט ווינשט מען מארגן[4].
דרייסג נפשות העטין זיך אין איין בשטייא[5] פר בארגן,
האט דיא אייגיני מוטר איר קינד דר ווארגן,
אז מען עש ניט זאל הערן וויינן איז גיוועזט ביזארגן.

58 וויא[6] איז אונזר שונהיט[7] פון הוך נידר גיפאלין,
איבר ענטפרט איין הנט אין דיא אנדר, אז איין בלין[8]
פנגן לאזן, אליין צו דען טאטרין גיפאלין,
האט אונש גיזעט[9] מיט וורמיט[10] אונ גלין[11].

59 סדר האבן זיא געבן[12], ווערש[13] הערט, זיין הערץ קרענקט.
שיני בתולות דעם איברשטן קאוק חמעל גישענקט,
מטמא נשים גיוועזן, דער נאך דר טרענקט;
זעלכי מעשים קיין מענש גידענקט.

60 טאפיל איך מיך וואונדר, וויא קענשטו[14] שווייגן;
זיכשט, אז זיא אויף ספר תורת[15] מיט פיסן שטייגן.
רבי זכריה חזן קלויבט אויף שטיקר, טוא אייך ניט לייגן,
איז אין דער שול נהרג גיווארן פאר קערט דיא גייגן[16].

61 יוא, וויא שענטליך זיא אויף אונש טרעטן!
הייליגר שבת, ווארום זאלשטו ניט פאר אונש בעטן?
ווערן דען דיא שונאים אונש פר טרעטן[17]?
ווערן זיא ליכט צינדן אדר חלה צום שבת קנעטן?

---

1 איך וואָלט. 2 וואָלטן. 3 געוואויר ווערן, געפינען.

4 אין מגילת ווינץ סטר׳ 16 דאָס אייגענע בילד; אויך אין וויטעבסקער פנקס, זע יעוור׳ ענצ׳ V .642 5 =באַסטיי; באַפעסטיקונג. 6 =ווי. 7 שיינקייט.

8 =באַלן, באַלעם (פילקע). 9 געזעטיקט. 10 =ווערמיט. 11 =גאַלן, מיט ווערמיט און גאַל—מיט ביטערניש. 12 פשט? 13 =ווער׳ס. 14 דו—גאָט.

15 אין דער ליטעראַטור פון 17טן י״ה געפינען מיר אָפט די שרייבונג „תורת“ אַנשטאָט דעם קאָרעקט-העברעישן „תורות“, ריקם אַנשטאָט „ריקים“, חרב אַנשטאָט „חרוב“ אאז״וו (זע אויך דאָס שבתי-צבי-ליד אין דעם נאָענטסטן עטיוד); אַ סימן, אַז די אויסשפּראַך פון דעם ענד-טראַף איז שוין יעמאָלט אויך געווען פאַרטונקלט: טוירעס און ניט „טוירויס“, כאָרעוו און ניט „כאָרוב“. זע אויך ז׳ 201 און ז׳ 212.

16 גייג — פידל. „פאַרקערט די גייגן“ אַפנים מיטן פשט: מיט די פיס אַרויף. אין דוו״ב האָב איך אַזאַ פשט פאַר דער דייטשער שפּראַך ניט געפונען.

17 פאַרבייטן.

62 צירונג דעש שבת גפינט מן בייא קיין פאלק מין[1],
דרום זייא אונזר מליץ פאר הקב"ה בעטין גין,
אז דוא האשט דר ליזט אדם וחוה אלי צווין[2];
דרויף זאגט משה[3] מזמור שיר ליום השבת מיט גדיז[4].

63 ווען איך גידענק, טוט מיין הערץ[5] פאכין,
וואש זיא האבן אן גיטראפן, אלש דער שטאכן;
אך ר' שלום חזן איין פייאר טאן קאכן;
ריבונו של עולמים, לאז ניט אן גיראכן[6].

64 ער איז גיוועזן איין שטרקר פרומר העלד,
פר זיין טוט פיל שונאים אליין גיפעלט;
לסוף האט ער זיך פר שלאסין אין זיינם גיצעלט,
גיזונגן על חטא, אז העט ער זיך פאר דען עמוד גישטעלט.

65 אפילו גוים האבן גיהט דריבר רחמנות.
ליבר גאט, דר ברם[7] דיך איבר יתומים ואלמנות
אונ איבער דיא אלמנות היות ועגונות;
אך גאט, וויא העטן גרעשר קענן זיין דיא עוונות.

66 יום ד', ג' בחודש אָב, אז כפלעגן צרות צו זיין,
האט מן אך דיא ק"ק פאלאנא"ה גינומן איין
מיט צוועלף קהלות[8] זענן אנטלופן א ביין,
ק"ק מעזיבוש אך ק"ק באר[9], חמשת אלפים
נפשות גיהרגט מיט גרושה פיין.



67 נון וויל מיר איין שרייבן הלטן שיר,
ווען מיר אך שרייבן פון חורבן דק"ק קרעמזיי"ר,
וויא וואל[10] עש איז גישעהן פינף יאר דער פיר[11],
שנ"ת ג'[12], ט' תמוז וואר פר שטערט איר שיני ציר.

[1] = מייך, מער. [2] = צוויין; אלע ביידע.

[3] פגל' בראשית רבה, פרשה כב, צום סוף: „אמר ר' לוי המזמור הזה אדם הראשון אמרו ונשתכח מדורו ובא משה וחדשו על שמו" (ראשי-תיבות פון „מזמור שיר השבת"=משה).

[4] געדיין (Gedön), געטיין, קאָלעקטיוו הויפּטוואָרט פון „טאָן"; שאַלונג.

[5] אין אָריגינאַל שטייט: „הערן". [6] אומגעראָכן — אָן ראַכע. [7] = דערבאַרעם.

[8] קהלות וועלכע זענען... [9] מעזשיבאָזש, באַר. [10] הגם. [11] פאַר דעם, פריער.

[12] ת"ג = 1643.

68 אם ערב שבת איז גיוועזן דיא ביזי שטונד,
זיבנצן נפשות גיהרגט, פיל גיוואונד[1] ,
פיל גיפנגןני] גיבראכט אום איר גיזונד,
דיא ליפליכי קהלה פר ברענט אין גרונד.

69 דארשטן זון[2] דר שווידש הייבט מן יענראל
האט גימכט טרויאריגי הערץ[3] איבראל,
נשים אין[ן] מקוה גיפאלין צו טאל[4],
הקדוש מוהר״ר מרדכי ומוהר״ר יצחק כהן גיהרגת מיט איין מאל.

70 מיין טרויארן קאן איך ניט אויף הערן,
דז פנים קא[ן] מן ווישן מיט טרערין,
פיל זייבן בע ונד, ווישן בי[ט] וואו הין צו קערן,
זיי דען[5] אויף דען אלמעכט[יגן] הערן.

71 חי וקים! זע וויא מען אונש האט טון ביטן[6],
דיא קדושים מיט מיתות משונות טאן טיטן,
גישלאגן, גיוואונט, גפירט אין קייטן;
לאז מאל איין אויף הערונג זיין, עש טוט פון ביטן[7].

72 זעכט, ליבי אָבות, טוט נאך אייער קינדר פראגן,
אייאר חסידים וצדיקים זער טון פלאגן;
טריסט אונש, כיר זיין נון כפל גישלאגן,
דרום דען איברגן איר זינד צו פרטראגן[8].

73 קומט אל מיט משה רבינו צו בעטן גאט,
דז מיר ניט ווייטר קעמן צו שמאך אונ שפאט,
דז בלוט פון קדושים דיא ערד ניט בידעקן לאט,
ביז ער[9] פאר אונזר אויגן זיך גירעכנט האט.

74 אלי דיא אויף אונש שטין זאל ער צו ברעכן,
מיט זיין נקמה קליידר אן אינן רעכן,
צו געבן אינן דאז כוס פורענות [!] צו צעכן[10],
אבר אייערי זינד זיין פר געבן, זאל ער שפרעכן.

---

[1] זע הערה 9 אויף ז׳ 207. [2] Torstenson. [3] הערצער.

[4] אומגעקומען. „פאַלן צום טאָל" (ד"ה אראָפּ) איז אַן אויסדרוק פון די שפּילמענער-פּאָעמעס, למשל פון שמואל-בוך.

[5] זיי דען = סיידן. [6] = בייטן. [7] עס איז נייטיק. [8] מוחל זיין.

[9] גאָט. פּשט: לאָזט ניט, אַז די ערד זאָל באַדעקן דאָס בלוט פון די קדושים, ביז וואַנען גאָט וועט זיך רעכענען (נקמה נעמען) פאַר אונדז אין די אויגן.

[10] טרינקען.

75 אויף הער צו וויינן, שטיא אויף פון דער ערדן;
זארג ניט, ווערט באלד בעשר ווערדן.
אליה נביא קומט, דער גריטן איז אויף פייאריגי פפערדן,
מיט דיא שונאים פירן איין שלעכט גיבערדן[1].

76 משיח זיין ליבן קנעכט ווערט [ער] דר וועקן,
עמלק אונ שונאים איר נאמן אויש מעקן,
אונזר ליידיגר[2] נוקם זיין אן שווערט אן שטעקן,
דען ער ווערט אלש משפטן מיט זיינם שמעקן[3].

77 [נ]חמות אונ בשורות טובות ווערן מיר שויאן[4],
אל דיא צו גאט האפן אונ פאר טרויאן,
קען[5] ירושלים פריד אופפר ברענגן מנין[6] אונ פרויאין,
אין בית המקדש וואש הקב״ה ווערט זעלברט בויאן.

78 אמן וועלן מיר זאגן מיט פול מויל ברייט[7],
ווען מן ברענגט איין פריזנד[8] אונזר בריד‏ר פאר שפרייט.
פארגעשן ווערט ווערן אלי טרויארן אונ לייד,
קיין זאק מין צו קליידן, נייארט[9] גרושי פרייד.
אמן.

❀

דאש איז דער אל מלא רחמים וואש מן זאגט אלי שבת אויף די קדושים הידו[1] דיא זיין אום קומן בקהלות הקדושות בארץ רייסן ע״י האכזרים ימ״ש.

אל גאט דער ברמיגר דער דא אים הימל רוט,
פול דער ברמיקייט אונ גוט!
מך גפינען אונ מך ברייטן איין מנוחה נכונה
אונטר פליגל דיין הייליגה שכינה.
אין דיא מעלות דז דא זיין דיא קדושים דיא ריינן,
דיא גלייך אז לויטרקייט פון הימל טונן שיינן.
דיא הייליגן נשמות פון דיא צדיקים אונ חסידים אונ אויך
די פרומה חסידות אונ צדיקות דיא ווייבר,
די דא האבן איבר ענטפרט איר נשמות אונ לייבר

---

[1] שלעכט זיך באגיין. [2] באליידיקער, שונאים. [3] זאָל דאָס זיין דער זעלבער שורש, ווי האָלענדיש smakken—שלאָגן? [4] זען. [5] =קיין. [6] =מאַנען. [7] געגרייט. [8] =פריזאנט; פרעזענט, געשאַנק. [9] =נייערט, נאָר. [10] אדוני ינקום דמם.

און העלז צו דער שחיטה טון שטרעקן,
פון לעבנדיגן גאט וועגן מקדש השם צו זיין, דער שטרק
איבר אלי שטערקן.
דיא קהלות קדושת[1] איר הריגה אן דען טאג וויל איך
גידענקן וויא איר בלוט איז ווארן פר גאסן,
וויא פיל טויזנט אן צאל אונ אן מאסין.
אויך דש דם גיגנגן גאר געך,
אז דיא ווסיר דיא רינן אונ אויך די בעך.

אונ׳ נאך מער איז צו זיפצן אויף דיא תלמידים חכמים
צו פאר,
דז הש״י מדקדק איז מיט זיא אויף איין האר.
דיא קעסטליכן רבנים דיא זיינן גיוועזן שטרק אין דער תורה,
אז דיא טענן בוים אים וולד דיא דא האבן קיין מורא.
איין טייל איך קאן גידענקן אונ נענן,
די על קדושת השם הבן זיך לאזן בראטן אונ ברענן.

בראש דער קעסטלכר רב אונ גדול בישראל,
זיין נאמן איז גיוועזן מורינו הרב רבי יחיאל.
רבי מיכל[2] איז זיין נאמן גיוועזן צו גידענקן,
מן האט אים וואול גיקענט אין אלי קהלות אונ לענדר
אן אלי עקין.
ער וואר גלייך אז איין ליב אין דער תורה,
אונ אויך אין דיא מצות פון בורא.

והקדוש מוהרר עזריאל בן יעקב יצחק וואר דער אנדר
גיננט[3],
אונטר דיא גרושי רבנים אונ ראשי ישיבות וואר ער
וואול ביקנט.
והק׳ מוהר״ר חיים והק׳ מוהרר יצחק והקדוש מוהרר ישראל
והקדוש מוהרר שלמה זיא ווארן אך גרושי רבנים,
דיא תורה טוט שיינן אויז זיער פנים.

זונשט פיל גאונים וחסידי עולם דז מן ניט אלי נענן קאן
אונ ציילן,

---

[1] צו דער שרייבונג זע אויבן די הערה 15 אויף ז׳ 208.

[2] יחיאל־מיכל, דער נעמיראווער רב (זע שטורעמוויגט ז׳ 48).

[3] עס קערט זיך דאָ אום דער שאַבלאָנישער גראַם געגאַנט: באַקאַנט, וועלכן מיר האָבן פריער באַגעגנט אין די שפּילמאַנישע ווערק.

דז הש״י האט טאן זיא צו קדושים אויז דר ווילן.
זיא ווארן ראשי ישיבות אונ גדולים וויא מן דא הארט[1],
אויך אין פילפול אונ אין אלי מצות ניט גישפארט.
אונ אין אלי מצות גאר ביהענד,
אז דיא מלאכים דיא פון הקה״ב ווערן גיזענד.

איר נשמה איז אויז גנגין פון איין אומה שפילה מיט
דען שרפן שווערט,
דארויף זאל איטלכר ווינן דער דאז הערט.

אויך האט מן גשריבן ליידר,
וויא זיא האבן טון שניידן ספרי תורת צו שוך לעדר.

ווער קאן אלז דר ציילין אונ זאגן,
דארויף איז דאך צו זיפצן אונ צו קלאגן.

הש״י האט אויך גילאזין זיין גרים צארן,
אונ אן דר ברמיקייט זיינן [זיין] נהרג גיווארן.

איין טייל גישאחט און[2] פיל דר טרונקן אונ צו טרעטן בעונות,
מין אז אכצעהן טויזנט מיט מיתות משונות.

אויך דיא שינן גימעסטני[3] קינדר דיא דא האבן גילייכט
גלייך אז דיא זונן,
האט מן פיל טויזנט גיפונן אין איין ברונן.

אונ פיל צדיקים אין איר אייגנן בלוט ווארן זיך
ווען לגרן און ליגן[4];
ווער קאן עז דר שרייבן אויף צעהן ביגן.

זיא ווארן גישלייפט אונ גיווארפן פר דיא הינט אין
אלי גסין איבראל,
ער וואר נימץ[5] דער זיא בראך[6] צו קבר ישראל.

עז איז ניט גיוועזן אזו איין גזירה
זינט חורבן ב״ה[7] — וואז מוז דוא זיין פר איין עבירה!

נוא רבינו של עולם, דוא[8] ווייסט וואול, דאז בלוט
שרייט צו דיר, דוא בישט דער בורא,
אונ בישט דאך גינענט אל גדול ונורא.

---

[1] בייפארם פון „הערט". [2] אזוי אין אָריגינאל: מיט „ן", ניט מיט „נ".
[3] אפנים פון שורש מה״ד mesten, נה״ד mästen — שטאָפן, פעט מאכן.
[4] = לייגן. [5] נימץ = נימאנט; קיינער. [6] אנשטאָט „בראכט"; וואָס זאָל זיי ברענגען.
[7] בית־המקדש. [8] אין אָריגינאל (געווים א דרוקפעלער): „דויי".

וויא קאנשטו דיך אויף הלטן אונ שווייגן,
דוא בישט דאך מיט גבורה גינבט, דיא גנצי וועלט איז דיין אייגן.

דוא זאלשט דיך נוקם זיין מיט דיין גרים צארן דען הייסן,
אזו איז דיין היילגר נאמן גיהייסן.

דיא ערד זאל ניט צו דעקין דאז בלוט, פר פלוכט זאל זיא זיין,
ביז הקב״ה וועט לוגן פון הימל איין ליין[1].

אונ ווערט נוקם זיין דז דם פון צדיקים,
פון הנט דיא שונאים דיא ריקים.

אונ דיא נשמות זאלין רואן אונטר דיין כסא הכבוד אל נקמות,
אן ארט קדושי עליון, וואו דא זיין אירי נשמות.

באיר החיים צום איביגן לעבן אן גיריכט,
וואו דא איז דאז לעבן אייטל ליכט.

די חשובה קינה אונ דער טייטשי אל מלא רחמים
איז ווערן[2] גידרוקט,

אויף דיא דא זיינן ווארן פר צוקט.
מען מאג זיאביידן וואול לייאן,
ווען שון[3] הש״י ווערט אונש דער פרייאן;
בפרט ביום השבת, ווען מן איז מזכיר נשמות,
ווערן מיר זוכה זיין צו הערן נחמות.

נשלם ביום ה׳ לסדר וענתה השירה הזאת[4] לעד כי לא תשכח מפי זרעו. לפ״ק.

---

[1] =אליין. די שרייבונג איין ליין איז א „היפער־ליטעראַרישע״: דער שרייבער האָט געוואוסט, אַז וואו ער רעדט אַרויס „אַ״, דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל, מוז ער אויסלייגן „איין״ (אַזוי האָט געפאָדערט די אָרטאָגראַפיע); האָט זיך אים אָפּגעדוכט, אַז אין „אליין״ איז אַ אויך דער אומבאַשטימטער אַרטיקל. — דאָס מעג מיר דינען פאַר אַן אַרגומענט, אַז ס׳איז ניט געווען צו רידיקאַליש, וואָס איך האָב אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך — בשעת איך האָב געגעבן די אַלטע טעקסטן מיטן הײַנטיקן אויסלייג — געשריבן „אַ״ אָנשטאָט דעם „איין״ פון די מקורים.

[2] וואָרן (דרוקפעלער); געוואָרן. [3] אַפילו ווען. [4] „זאת״ איז בגמטריא ת״ח.

4

איר ליבן ווייבר, ווייסט, אז דיא
קינה גאר שין גימכט אויף טייטש,
דר מיט אז מען עז זאל ור שטין,
דז עז די לייט זול צו הערצן גין:
גוֿט שטראף פר זיך זעהן, זיך צו
גאטש כּארכט גינעהן. דריגן
ווערט איר אלש לעזן, אז ווען איר
ווערט דר בייא גיוועזן. תשובה,
תפילה, צדקה צו טאן, אז עש[1] זול
איין מאל איין אויף הערונג לאן
אונ' זאל אונש בהיטן פר פּיין,
אונ' זאל אונש פירן
אין הייליגן לנד
אנייך. אמן.

1 אן ערשטן טאג אין תשרי תט"ז איז דיא גזרה גיווארן,
דז זיא האבן בעו"ה אונזרי ידליך[2][!] דיא תפלה אן גיווארן.
אך גאט, וויא קאנשטו דאז צו זעהן
אזו איין מכה רבה איז גישעהן! אוי לנו כי חטאנו.

2 ביזה בריב הוט מן אויז דר ליטה ארויז גישרבן[!],
דז קיין יהודה אין דער גנצה מדינה איז ניט גיבליבן.
אך גאט וכו'.

3 גרושן צער טואן דיא יהודים האבן,
דז זיא טואן לויפן אין דיא וועלדר וואו דיא אויגן טראגן.
אך גאט וכו'.

4 דלות האבן דיא איבריגן יהודים ביקומן,
דיא פויארן האבן זיא גאלד אונ זילבר איין וועק גינומין.
אך גוט [!] וכו'.

5 הייליגן ספר תורת[3] טואן זיא אויף דער ערד צו שפרייטין
אונ' טואן ווייבר אונ' קינדר דרויף טיטן.
אך גוט וכו'.

---

1 אפשר מוז דאָ שטיין: „ער" (גאָט)?
2 =יידלעך. דעם זעלבן אויסדרוק האָב איך באַמערקט נאָך אין אַן עלטערן טעקסט, אין דער אסתר-פּאָעמע, כ"י האַמבורג 34, ז' b102: „אין איצט גימעלטר צייטן הבין זיך אונזר אידליך זער אר הובן".
3 זע אויבן ז' 208 הערה .

6 וועלכי יהודים זענן אויש דער ליטא דער פון גיקומין[1],
זענן בעו״ה אין ק״ק לובלין אום איר לעבין קומין.
אך גוט וכו׳.

7 זיבן הימל זענן צו הויף[2] קומין,
דז דיא תפילות פון ישראל ניט קענן פר אונזר הר גאט קומין.
אך גוט וכו׳.

8 ח׳ אלפים מאסקוויטר[3] האבין זיך צו הויף גימאכט
אונ׳ האבין ליטא אונ׳ רייסין חרב גימאכט.
אך גוט וכו׳.

9 טיר אונ טאר[4] האבין זיא גיבראכין
אונ׳ האבין מיט מעשר אין דיא הערצר גישטאכין.
אך גוט וכו׳.

10 יודן קינדר גרוש אונ׳ קליין האבן זי אויף דיא
גסין אויף גיפאנגין
אונ׳ האבין זיא אין קוט[5] גליגט אונ׳ זענן אז וויא
אויף דיא ברוקן דרויף גנגין.
אך גוט וכו׳.

11 כריווא נאז[6] איז מיט דען מאסקוויטר אין מענכי
שטאט אניין גיקומין,
דז דאז בלוט איז צו טיר אונ׳ פענשטר אין דיא
שטאט גירונין.
אך גוט וכו׳.

12 לעמברגר שלאס אונ׳ שטאט האבן זיא ניט איין גינומין;
זענן כמה מאות בעו״ה אין הונגר גישטארבין אונ׳ אום גיקומין.
אך גוט וכו׳.

13 מיידן אונ׳ יונגין זענין פון קדוש השם אין וושיר
אניין גישפרונגין;
האט בעו״ה קיינר קענין דר פון אנטרינן.
אך גוט וכו׳.

14 נ׳ אלפים טוט איין יהודי אויז דער ליטא געבין;
נאך דענוך[7] האבן דיא ריקס בעו״ה גינומין זיין לעבן.
אך גוט וכו׳.

---

[1] דאָ באַטייט „דערפון קומען״: אַוועקגיין בשלום. [2] צוגויף. [3] =מאָסקעוויטער.
[4] טאַר (מיט ס) =טויער. [5] קאָט (מיט ס) =קויט. [6] =קריוועגאָס. [7] פונדעסטוועגן.

15 ספר תורת טואן זיא פר שמאכין[1]
אונ׳ אויש דיא ספר תורת שיך דרויש צו מאכין.
אך גוט וכו׳.

16 עניים זענן די יהודים גיווארין,
ווייל זיא האבין לייב אונ׳ גוט אן גווארין.
אך גוט וכו׳.

17 פון וועשט וועגן[2] איז דיא גזרה גיקומין?
ווייל דער רייכה[3] האט דען ארמן ניט אן גנומין[4].
אך גאט וכו׳.

18 צדיקים אונ׳ רבנים האבן זיא גישחט,
אונ׳ זענן בעו״ה ניט צו קבר ישראל ווארין גבראכט.
אך גאט וכו׳.

19 קריאה[5][!] האבן דיא ווייבר גישריאן אונ׳ גריסן,
ווייל זיא דיא מאנין האבין ניט טאן דער היים דער ווישן[6].
אך גוט וכו׳.

20 רבנים אונ׳ חזנים אז דיא בהמות גישחט,
אונ׳ דיא ברכה על השחיטה גאר הוך גמאכט.
אך גאט וכו׳.

21 שלום חזן[7] האט אל מלא רחמים גיזונגן,
אונ׳ דיא מסקוויטר האבן גיטנצט און גישפרונגן[!].
אך גוט וכו׳.

22 תחיות[8][!] המתים זול בלד ווערן,
אונ׳ גוט זול ווייטר דיא ביזה גזרות פר שטערן.
אך גאט וכו׳.

23 אך האב איך בו״ה[!] פר נומן.
וויא לק״ק לובלין זענן בו״ה[!] פיל לייט ווידר אום גקומן.
אך גוט וכו׳.

---

[1] פאַרשעמען, שענדן. [2] צוליב וואָס. [3] רייכער.

[4] ס׳איז דערזעלבער סאָציאַלער מאָטיוו, וועלכן מיר באַגעגענען אין אַ סך אַלט-יידישע ווערק, למשל אין שמואלבוך (זע ז׳ 93 הערה 1) און אין דעם שבתי-צבי-ליד פון 1666, סטר׳ 43 א״וו (זע אין דעם גאָענסטן קאַפּיטל). [5] =קריעה. [6] געפינען. [7] זע ז׳ 209, סטראָפע 63—64. [8] ביי „תחיות" (=תחית) האָבן מיר אַ פאַרקערטן פאַל ווי אין „חובת" (=חובות), תורת (=תורות) אאַז״וו. ע״פ דקדוק דאַרף דאָ קיין ו ניט זיין, נאָר דער שרייבער האָט אים יאָ אוועקגעשטעלט (אויך אַ „היפּערליטעראַרישע" שרייבונג, זע ז׳ 214 הערה 1. ע״פ אַנאַלאָגיע מיט אַנדערע ווערטער, וואו ער איז געווען און האָט דך אויך ניט געהערט.

24 קליין אונ׳ גרוש, יונג אונ׳ אלט,
אלש גיהרגת ווארדן בו״ה[!] מיט שווערטר אונ׳ מיט גיוואלט.
אך גאט וכו׳.

25 יאגן אונ׳ שלאגן טעטן זיא אלי גלייך,
עש דער טראנקן פיל אין טיפן טייך.
אך גאט וכו׳.

26 מיר מעגן וואול קלאגן מיט וויינן אונ׳ ברומן,
אז אונז זעלכי קדושים זיין וועק גיקומן.
אך גאט וכו׳.

27 איִרי נשמות ווערן גוויש רואן בייא אנדרי פרומן[1],
(עשרה הרוגי מלכות) דיא (על קדושת השם)[2] זיין אום קומן.
אך גאט וכו׳.

28 ליידר, וויא האט דער חורבן קענן גרעשר זיין,
אז זעלכי רבנים אזו איין טוט זאלן נעמן איין.
אך גאט וכו׳.

29 ווען איך גידענק, טוט מיין הערץ פאכן:
וואש זיא האבן אן גיטראפן אלץ דער שטאכן.
אך גוט וכו׳.

30 רבון העולם, טוא דיא טוטן ווידר דר וועקן,
וואו מן זיא האט הין טאן צו דעקן[3];
דען זיא ליגן ור גראבן אין אלי עקן.
עמלק זאלשטו אויש מעקן.
אוי לנו כי חטאנו: אמן סלה.

---

[1] פרומע.

[2] די אויסדרוקן „עשרה הרוגי מלכות" און „על קדושת השם" זיינען געשטעלט אין האַלבע לבנות פון וועגן זייער באַזונדערער הייליקייט. ס׳איז אַ גאַנג וואָס איז געווען זייער אָנגענומען אין אונדזער עלטערער ליטעראַטור לויטן פרינציפּ „להבדיל בין קודש לחול".

[3] פּשט: וואו מען האָט זיי אַהינגעטאָן, דעק זיי צו?

# XI. אַ יידיש ליד וועגן שבתי־צבי

1

דאָס „שיין נײַ ליד פון משיח", וואָס דער לייענער וועט דאָ געפינען, איז גענומען פון אַ קליינטשיק ביכעלע — דער זאַצשפּיגל איז 10 אויף $5\frac{1}{2}$ צענטימעטער, און האַלטן האַלט עס אינגאַנצן 24 זייטן. דערפון זײַנען שוין די לעצטע דריי אַהער ניט שייך; זיי גיבן: „תיקוני תשובה מהרב הגדול רבי יצחק לוריא זצ"ל", צוזאַמען 16 „תיקונים" אויף פאַרשיידענע זינד. דאָס ביכעלע געפינט זיך אין דער באָדלעיאַנע אין אָקספאָרד. דער ביבליאָטעק־נומער, וואָס עס טראָגט, איז Opp. Oct. 654. אין שטיינשניידערס גרויסן קאַטאַלאָג פון דער באָדלעיאַנע איז עס פאַרצייכנט אונטערן נומער 3652. געדרוקט איז עס 1666 אין אַמסטערדאַם.

איך וועל זיך ניט אונטערנעמען צו זאָגן, אַז דער עקזעמפּלאַר אין דער באָדלעיאַנע איז דער איינציקער, וואָס האָט זיך אויפגעהיט. אָבער לכל־הדעות איז ער דער איינציקער, וואָס איז באַוואוסט. ניט דער בריטישער מוזעום, ניט די אַמסטערדאַמער ראָזענטאַליאַנא, ניט די פראַנקפורטער שטאָטישע ביבליאָטעק און ניט די מלוכה־ביבליאָטעקן אין בערלין און מינכען פאַרמאָגן עס ניט; שוין אָפּגערעדט פון די מזרח־אייראָפּעישע שטעט. און מעג מען משער זײַן, אַז אומגעקומען איז דאָס ביכל ניט אינגאַנצן מיט זײַן נאַטירלעכן טויט.

קיין גרויסע צאָל עקזעמפּלאַרן פון די אַלט־יידישע ביכער איז אונדז בכלל ניט געבליבן. פון 16טן יאָרהונדערט איז אַ ריי ביכער אינגאַנצן פאַר־פאַלן געוואָרן, און אויפגעהיט זײַנען מער ניט זייערע נעמען, וואָס ווערן צו־פעליק דערמאָנט אַנדערשוואו. ווייל קיין ספּעציעלע בעלנים־קאָלעקציאָנערן זײַנען ניט געווען, און דער ברייטער עולם האָט מיט אַזאַ חשק געלייענט די ביכלעך, אַז ער האָט זיי צעלייענט אויף שטיקלעך[1]. דאָ בײַ אונדזער ביכל איז אָבער צוגעקומען נאָך אַ ספּעציעלע סיבה. דער מחבר פון אונדזער ליד איז אינגאַנצן אַ שבתי־צביניק, פאַר אים איז דער סמירנער מקובל טאַקע דער יידישער מלך, און דאָס ביכל גייט אַרויס מיטן בפירושן צוועק מבשר צו זײַן

---

[1] זע אויבן ז' 34.

וועגן דער נאָענטער גאולה יענע יידן, „וואָס ווייסן ניט וואָס צו זאָגן". און טון טוט דאָס אונדזער מחבר אין אַ צייט, ווען שבתי-צבי איז שוין געזעסן געפאַנגען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דאָס הייסט, ווען זיין שטערן איז נאָך געשטאַנען אין זעניט, אָבער ער האָט זיך שוין גענומען נייגן צום אונטערגאַנג. אין יענעם מאָמענט איז נאָך די התלהבות געווען זייער גרויס, די מתנגדים האָבן נאָך געציטערט אַ מויל אויפצועפענען; אָבער גאָר אינגיכן איז געקומען די אַנטוישונג, „שבתי-צביניק" איז געוואָרן אַ זידלוואָרט. און כאָטש אין מזרח-גאַליציע, אין פּאָדאָליע, אין וואָלין האָבן די לעצטע פונקען פון דער באַוועגונג געטליעט נאָך צענדליקער יאָרן, ביז וואַנען עס האָט פון זיי מיט אַ נייער קראַפט אַרויסגעשלאָגן די פלאַם פון חסידות, זיינען אָבער שבתי-צביס תלמידים אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם ווי צעשטערער און פאַרניכטער פון יידישקייט. און ניט נאָר זיי, נאָר אויך זייער ליטעראַטור. די בלעטלעך, ביכלעך און תיקונים, וואָס זיינע אָנהענגער האָבן געהאַט אַרויסגעגעבן, האָט מען געברענט און געריסן, וואו מען האָט זיי נאָר געפּאַקט. געוויס איז אויך אונדזער ליד געפאַלן אַ קרבן פון דער אָרטאָדאָקסיע: די התפעלות פאַר דעם מלך שבתי-צבי קומט דאָך דאָ צום אויסדרוק אין אַזאַ בולטער, ניט-איינגעצאַמטער פאָרם.

וועגן אַן אויסגאַבע פון דעם אייגענעם ביכל, ברעסלע 1670, דערציילט וואָלף אין זיין „ביבליאָטעקאַ העברעאַ", באַנד 4, נומער 1125. אָבער ער אַליין האָט אַזאַ ביכל ניט געהאַט געזען, ער גיט דאָס איבער לויט אַ קאַטאַלאָג פון דער, אין 18 יאָרהונדערט באַרימטער, „ביבליאָטעקאַ ריימאַנניאַנאַ". ווען שטיינשניידער איז געקומען קיין אָקספאָרד, כּדי צו מאַכן דעם קאַטאַלאָג, און געפונען די אַמסטערדאַמער אויסגאַבע פון 1666 (די וואָס מיר פּובליקירן דאָ), האָט ער געפּסקנט, אַז די גאַנצע מעשה מיט אַ ברעסלער דרוק מוז זיין אַן אָפּדרוקטעניש; אָבער פאָרזיכטיק און געוויסנדיק, ווי אַלעמאָל, האָט ער וואָלפס ידיעה ניט פאַרשוויגן, נאָר צוגעשטעלט דערצו אי אַ פרעג-, אי אַן אויסגעשריי-צייכן. לאָזט זיך אָבער אויס, אַז אַזאַ ברעסלער דרוק, אָדער ריכטיקער, א י ב ע ר ד ר ו ק (וואָלף האָט וועגן דער אַמסטערדאַמער אויסגאַבע ניט געוואוסט) איז יאָ פאַראַן — אַן עקזעמפּלאַר דערפון געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון דער ברעסלער יידישער קהילה אונטערן נומער 2105. אָבער ס'איז אַן איבערדרוק מיט ד י י ט ש י ש ע א ו ת י ו ת, געמאַכט פון אַ משומד, כּדי מבזה צו זיין יידן. אַ קורצן באַריכט וועגן דעם ביכל האָט געגעבן מ. בראַן (Brann), מגווי"י 30 (1881), ז' 544.

דער טיטל און דער כאַראַקטער פון דעם איבערדרוק זיינען אַזוי טיפּיש פאַר דער תקופה, אַז עס לוינט זיך אָפּצושטעלן דערויף אויף אַ ווײַלע.

דאָ איז דער פולער שער:

„Ein schön Neu Lied / Vom Messia / Anfangs dem vermeinten Jüngsten Messiae im Morgenland / Schabbasi Zebhi, von Jakob Taussk /

von Prag / Zu Ehren aufgesetzt / Und im Jahr 1666 in Amsterdam mit Jüdischer Schrift gedruckt; jetzo aber / Damit der Juden blinde Thorheit unter den Christen bekannter werde / Aus dem Holländischen Jüdischen Exemplar, mit behaltenem Dialecto, Nachgedruckt in Bresslau / Im Jahre unseres wahren Messias / 1670. In der Baumannischen Erben Druckerey druckts Johan Christoph Jakob / Factor".

דאָס איבערגעדרוקטע ביכל איז גרעסער, ווי דער אָריגינאַל, עס האַלט 48 אָקטאַווזייטלעך, ווייל דער אַרויסגעבער האָט נאָך מוסיף געווען אַ באַריכט וועגן פאַלשע משיחים בכלל ביי יידן (די תורה האָט ער געשעפּט פון דעם געוויסן משומד גערזאָנס „ווערק" קעגן תלמוד) און אונטערן טעקסט צוגעשריבן אָנמערקונגען, וואו ער פּאָלעמיזירט מיט אונדזער מחבר. אַ שטייגער צו די ווערטער פון דער הקדמה: „זאָ לאנג אז איר זייט אין דיזער וועלט געוועזן, האָט איר קיין זעלכט הערלעך ליד געלעזן"[1], גיט ער צו אַ הערה: „וואו איז דאָ די הערלעכקייט? ניט אין אינהאַלט און ניט אין דער פּאָעטישער קונסט. אַ שרעק! אַזוינע נישטיקע שמירעריי זאָל זיין געהויבענער ווי אַלע לידער אין דער וועלט! און וואו זיינען די ביבלישע לידער? נאָר דאָס איז די יידנס גאַווהדיקע שוואַכקייט. וויפיל טייטשע ביכער זיי דרוקן, אַזוי פיל איבערגעטריבענע באַרימערייען געפינט מען דאָרטן געדרוקט אויף די שער־בלעטער. ווער עס וויל זאָל זיי מוחל זיין".

אָבער לאָמיר לאָזן דעם משומד דעם איבערדרוקער און זיך נעמען צום מחבר פון אונדזער ליד. ווער איז ער?

2

מיר מוזן זאָגן באַלד צום אָנהייב: מיר ווייסן וועגן אים גאָרניט אחוץ דעם, וואָס ער אַליין האָט אונדז דערציילט וועגן זיך. און דאָס ניט מער ווי דער נאָמען, וואָס מיר געפינען אַזש דריי מאָל אין דעם ליד. ערשטנס, אויפן שער; צווייטנס אין דעם אַקראָסטיכאָן, אָנהייבנדיק פון סטראָפע 23; און אין סטראָפע 72 הערן מיר דאָס אייגענע נאָך אַמאָל:

„יעקב טויסק פון פּראָג. אזאָ טוט ער זיך נענען".

ווייטער הייבן זיך שוין אָן די השערות.

די פאַמיליע טויטק (אַן אַנדער שרייבונג איז טויסיג, מסתמא נעמט זיך דער נאָמען פון דער טשעכישער שטאָט ט ו י ס) איז געווען ניט נאָר באַקאַנט, נאָר אַפילו באַרימט די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער אין פּראָג.

---

[1] אין דעם אַריינפיר און אין די אָנמערקונגען גיב איך די ציטאַטעס פון טעקסט, אַזוי ווי פריער, מיט אונדזער היינטיקער אָרטאָגראַפיע (אָבער פאַרשטייט זיך, מיט דער פאָנעטיק פון אָריגינאַל).

אַ טויסק איז געווען יענער פּראָגער „פּרימוס“ רב שמואל, וואָס איז אין 1704 צוזאַמען מיט אַלע פּראָגער יידן ניצול געוואָרן פון אַ שווערער גזירה; די געשעענישן זיינען באַשריבן אין אַ יידישער מגילה, וואָס פּראָפעסאָר א. פריימאַן. פראַנקפורט האָט אַרויסגעגעבן אין 1899 אין דעם „קבץ על יד“ פון דער חברה „מקיצי נרדמים“[1].

גאָך אַ צווייטער פאָרשטייער פון דער פאַמיליע ווערט דערהייכט און דערהויבן אין דער יידישער ליטעראַטור; דאָס איז רב סענדער טויסק, וואָס ווערט באַזונגען אין דעם „שין נייא ליד פון אופן“, פּראָג 1688. דער רב סענדער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דעם, וואָס ער האָט אויסגעקויפט מיט אַ ברייטער האַנט די געפאַנגענע פון דער שטאָט אָפען (בודאַפּעשט); פון אַן אויפרוף אין העברעיש און יידיש, וועלכן ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ ביסל שפּעטער[2], ווייזן מיר, אַז ער האָט דערביי אויסגעבראַכט זיין גאַנץ פאַרמעגן און זיך אַליין דערפירט צו אַ גרויסן אומגליק.

ענדלעך האָבן מיר נאָך אַ דריטן טויסק, שוין אַליין אַ שרייבער. דאָס איז הירשל בן יהודה טויסק, גערופן הירשל ווינשענק, וועלכער האָט אין פּראָג (פריער פאַרן יאָר 1674, ווי שטיינשניידער ווייזט אין דעם באָדלעיאַנע־קאַטאַלאָג) אָפּגעדרוקט אַ קלאָג־ליד אויפן טויט פון ר׳ ליפּמאַן חזן.

דאָס זיינען אָבער סוף־כל־סוף אַלץ ניט מער ווי ביישפּילן פאַר אונדזער ענין, ווייל קיין שום באַווייזן זיינען ניטאָ וועגן דעם, אין וואָס פאַר אַ באַציִונגען אונדזער ר׳ יעקב בן בנימין־וואָלף טויסק איז געשטאַנען צו די אויסגערעכנטע פּערזאָנען; און די פּרוּוון אויסצוגעפינען וועגן אים עפּעס פּרטים זיינען קענטיק אָן אַ האָפענונג. איך האָב איבערגעקוקט די רשימה פון די מצבה־אויפשריפטן פון אַלטן פּראָגער בית־עולם, וואָס האָק האָט אויפגעקליבן און פּראָפעסאָר קויפמאַן האָט אַרויסגעגעבן[3]. דאָרטן זיינען פאַראַן אויף ז׳ 138—149 עטלעכע הונדערט נעמען פון דער פאַמיליע; אָבער עס זיינען ניטאָ דאָרט ניט אונדזער יעקב (דאָס וואָלט אפשר ניט געווען אַזאַ וואונדער, ווייל עס קען געמאָלט זיין, אַז ער איז געשטאָרבן אין אַמסטערדאַם), ניט זיין פאָטער בנימין־וואָלף.

בלית ברירה מוזן מיר זיך באַנוגענען מיט דעם, וואָס מיר האָבן.

---

[1] „מגילת שמואל דער פּרימוס פון פּראג. אין דיזער ווערט דערציילט די נסים ונפלאות וואָס השי״ ב״ה ברוב רחמיו וברוב חסדיו להראש והקצין פרנס ושתדלן המפורסם בהר״ר שמואל טויסק ר״ה ופרימוס דק״ק כראג אונ דען גנצן כלל ישראל בשנת תס״ד גטין [!] הוט וויא ער פין [!] שקר בלבול נצול געוואָרן איז. הקב״ה זאָל ווייטער כל ישראל מציל זיין, וישלח משיחנו“.

[2] זע דעם טעקסט פון דעם אויפרוף און אַ גענויע באַשרייבונג פון די פאַקטן אין דעם אָקאָרשט דערמאָנטן אַרטיקל פון ד״ר בראַן, מגוו״י 30, ז׳ 544 א. וו.

[3] האָק־קויפמאַן, משפחת ק״ק פראג. פּרעסבורג 1892.

אַביסל גענויער קענען מיר כאַראַקטעריזירן, שוין אויפן גרונט פון דעם ליד, דעם פּסיכאָלאָגישן צושטאַנד און די ש־יפּטשטעלערשע אייגנטימלעכקייטן פון דעם מחבר.

## 3

מען טאָר יעקב טויסקן ניט חושד זיין אין וועלכע עס איז קינסטלערישע אַמביציעס, און טאָמער וואָלט ער זיי יאָ געהאַט, וואָלט ער אויך ניט געווען אימשטאַנד עפּעס בלייבנדיקס אַריינצוברענגען אין דער יידישער פּאָעזיע. ער איז געווען אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר, אָן דעם העכערן פלי פון געדאַנק און אָן דעם ספּעציעלן געפיל פאַר פאָרם, וואָס אַ פּאָעט מוז האָבן. זיין ליד איז דאָס, וואָס מען רופט „געלעגנהייט־פּאָעזיע", אַ ליטעראַרישער זשאַנר, וואָס איז נאָך היינט אויך ניט אויסגעשטאָרבן, און אַמאָליקע יאָרהונדערטער איז ער געווען פון די אָנגענומענסטע.

אויך מיט זיין באַנעמען די געשעענישן[1] שטייט ער ניט העכער פון זיין סביבה. פּונקט ווי דער גרעסטער טייל יידן פון זיין צייט איז ער איבערגעצייגט אין שבתי־צביס געטלעכקייט, און פּונקט אַזוי ווי אַלע מיינט ער, אַז שבתי־צביס זיצן אין תּפיסה איז אויך נאָר אַן אויסדרוק פון זיין געהויבנקייט: דער סולטאַן איז שוין גרייט געווען אים אַרויסצולאָזן, נאָר יעמאָלט האָט ער שוין ניט געוואָלט (סטר' 37). אינגיכן וועט ער זיך שוין באַווייזן אין זיין גאַנצער פּראַכט, און יעמאָלט וועלן יידן ענדגילטיק זיין אויסגעלייזט: אַלע וועלן זיך באַגעגענען ווי שוועסטער און ברידער אין ארץ־ישראל, און מען וועט לעבן איבעראַנייס צו פיר און פינף הונדערט יאָר (סטר' 50, 52).

מיט איין וואָרט, אונדזער מחבר כאַפּט ניט קיין שטערן פון הימל... אָבער גראָד דאָס גיט אונדז אַ ספּעציעלן אינטערעס צו זיין חיבור, ווייל מיר דערזעען דאָ אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון דעם גייסטיקן צושטאַנד, אין וועלכן די יידישע פאָלקסמאַסע האָט זיך געפונען יענע צייטן. מען איז שרעקלעך דערשלאָגן, מען זעט ניט קיין שום אויסוועג, סיידן עפּעס אַ נס זאָל געשען. אַליין איז מען אומפעיִק עפּעס צו טון, גאָט מוז העלפן. גיט נאָר אַ קוק, וויפיל מאָל גאָטס נאָמען ווערט דערמאָנט אין דעם ליד: ער וועט אויסשטרעקן זיין האַנט און וועט אויסלייזן זיין פאָלק נאָכדעם, ווי עס האָט אַזוי לאַנג געליטן. און אַז גאָט וויל, איז דאָך ניט שייך: יעמאָלט קען אַ פּשוטער סמירנער ייד באַזיגן דעם מעכטיקסטן הערשער פון דער וועלט און יידן קאָנען זיך אומקערן אין ארץ־ישראל, כּדי גאַנצענע טעג צו לערנען תּורה אין דעם לאַנד, וואו עס פליסט מילך און האָניק.

פיל הונדערטער יאָרן האָבן יידן אַזוי געקעכלט ביי זיך דעם משיח־

---

[1] אַן אויספירלעכע שילדערונג פון דער שבתי־צבי־עפּאָכע קאָן דער לייענער געפינען אין מיין „שטורעמווינט", ווילנע 1927, ז' 77—161.

געדאַנק און האָבן געגלייבט אי דוד אַלראָי, אי דוד ראובני, אי אַ סך אַנדערע גרעסערע און קלענערע פּרעטענדענטן אויפן משיח-נאָמען, — ביז וואַנען עס איז אויפגעשטאַנען דער גרעסטער פון די אַלע משיחים (פאַלשע קאָן מען זיי אפילו ניט אָנרופן, וואָרים וואָס איז אַזוינס אַן אמתער משיח?), שבתי-צבי. אָנהייבן פלעגט זיך אַזאַ באַוועגונג אַלעמאָל מיטן גרעסטן ענטוזיאַזם, און אויסלאָזן פלעגט זי זיך מיט אַ שווערער אַנטוישונג פאַר די מאַסן, וואָס פלעגן אַריינפאַלן נאָך אין אַ טיפערן יאוש, נאָך אין אַ טיפערן אומגלויבן צו די אייגענע קרעפטן. אַזוי איז אויך געווען נאָך שבתי-צביס דורכפאַל. אין אונדזער ליד זעען מיר אַ בילד פון דער יידישער מאַסן-פּסיכיק אין יענעם מאָמענט, ווען די באַוועגונג איז געשטאַנען אויפן הויכפּונקט. אין דעם ליגט די גרויסע ווערדע פון אונדזער מחברס מליצהדיקע פערזן.

נאָר ערטערווייז גיט זיך אים איין צו דערהייבן זיך אויף אַ העכערער מדרגה: קענטיק עכטע באַגייסטערונג ווירקט אַפילו אויף פּראָזאַישע גשמות. אויף עטלעכע פאַרביקערע ערטער וויל איך דאָ אָנווייזן. נעמט אַ שטייגער די ווענדונג צו דער זון און לבנה אין סטר' 31—32; עס שטעקט דערין ניט קיין גרויסע אָריגינעלקייט, ווי מיר האָבן געזען אויבן ז' 202, אָבער אַ געוויסער שוואונג איז פאַראַן. נעמט די סטראָפע 37: ווי גלאַט זי לייענט זיך. נאָר די גרעסטע אוממיטלבאַרקייט ווייזט דער מחבר אַרויס אין די סטראָפעס 43—46. ער געפינט דאָ אמת-האַרבע ווערטער פאַר די רייכע, וואָס ווילן ניט „מיטטיילן" (געבן צושטייער) די אָרימע אויף דער נסיעה אין הייליקן לאַנד אַריין. ער פאַררופט זיך בפירוש אויף שבתי-צביס נביאים, וואָס האָבן געהייסן אָנזאָגן, אַז די גבירים, וואָס וועלן קאַרגן געלט, וועלן באַקומען זייער שטראָף. די רייכע, וואָס וועלן טון זייער פליכט, וועלן האָבן דערפאַר כיבודים אין ארץ-ישראל; און די, וואָס וועלן פאַרשטאָפן זייער האַרץ, וועלן הי, אין גלות, פגרן אויפן מיסט. קענטיק אונדזער מחבר אַליין איז ניט געווען פון די גבירים.

## 4

אויף אַ ווײַלע מוז מען זיך אָפּשטעלן ביי דער טעכניק פון דעם ליד. הגם זי איז אַ גאַנץ פּרימיטיווע. דאָס ליד איז מסתמא געווען אָנגעשריבן צום רעציטירן, און אפשר איז יעקב טויסק אַליין געווען פון דער חברה זינגער, וואָס פלעגט אומגיין איבער חתונה-שטיבער, אייניקאָרהייזער און שענקען, כדי צו זינגען דאָרט עפּעס — האָט ער זיך פאַרפאַסט אַ ליד אויף אַן אַקטועלער טעמע, וואָס האָט געוויס דעם עולם שטאַרק גענומען. אויף אויסצונעמען ביים עולם איז ניט נייטיק געווען מחדש צו זיין עפּעס, גיכער פאַרקערט. ער האָט זיך אויסגעקליבן די פּשוטסטע סטראָפע, וואָס איז געווען מעגלעך: אַ סטראָפע פון פיר פערזן, וואָס גראַמען זיך לויט דער סכעמע אאבב[1], און צוגעגעבן

[1] מיר האָבן שוין פריער געזען אַ סך אַ מער קאָמפּליצירטן סטראָפן-בוי אין יידיש.

דערצו דעם פרוס־טראַדיציאָנעלן יידישן „אָמן“, ווי אַ צוזונג. טאָמער איז פאַראַן בירושה פון אונדזער עלטערער רעליגיעזער ליריק אַ שאַבלאָנישער גראַם:

„...גאָט,
דער הימל און ערד באַשאַפן האָט“,

ניצט אים אונדזער מחבר אַזש דריי מאָל (סטר׳ 21, 51, 67).

אויך אין דעם אויפבוי פון יעדן פערז באַזונדער איז ער זיך געבליבן ביים אָנגענומענעם יידישן נוסח, וואָס שטימט גראָד דורכאויס מיטן גייסט פון דער יידישער שפּראַך: ער האָט זיך ניט געפּלייסט צו שאַפן דווקא אַ רעגל־מעסיקן בייט פון באַטאָנטע און אומבאַטאָנטע טראַפן, ער האָט אויך ניט געקלערט וועגן ציילן די טראַפן. אַ דאגה, צי איינער מער אָדער ווייניקער, אַבי די צאָל טאַקטן שטימט; דאָס הייסט, אויב מען זאָל עס איבערזעצן פון דער נאָטן־שפּראַך אין דער מעטריק־שפּראַך: די צאָל הייבונגען (באַטאָנונגען) מוז זיין אין יעדן פערז די אייגענע. אין אונדזער מחברס פערן זיינען פאַראַן פיר הייבונגען, אַלזאָ:

„הימל און / ערד באַ / שאַפן / האָט /“

אָדער

„(זיי) / האָבן / וואָס איר / האַרץ באַ / גערט /“[1].

אָדער:

„זאָג אונז / וואָס אונזר / הער גאָט / שפּרעכט /“.

צו דער סכעמע ווערן צוגעפּאַסט ביים רעטשיטירן אַלע אַנדערע פערזן, סיי די, וואָס וואָלטן לויט אונדזער הייגטיקן קוק געמעגט זיין קירצער, סיי די, וואָס ווייזן זיך אונדז אויס צו קורץ. אַ שטייגער:

„פרייד און איטל / האַרצלעכקייט מיט / שאַלן אויס דער / מאָסן /“.

אָדער:

„רירט אייך אָר׳מע קאַרנקע / לייט איר ווערט דער / לייזט פון אייערע / שמאַרצן /“.

---

[1] דער טאַקט הייבט זיך אָן אַלעמאָל מיט אַ באַטאָנטן טראַף: יעדער טראַף (אָדער טראַפן), וואָס שטייט, ביזן ערשטן אַקצענט, הייסט „פאָרטאַקט“. דאָ האָבן מיר דעם פאָרטאַקט געשטעלט אין האַלבע לבנות.

אָבער אויך:

„לאָבט [לויבט] / גאָט מיט / פאַרכצום / קייט /".

אונדז, וואָס מיר זײַנען אײַנגעוווינט אין די הײַנטיקע ריטמען, דוכט זיך דאָס אויס מאָדנע און סיסטעמלאָז, און מען מוז מודה זײַן, אַז אין טייל פון זײַנע פערזן האָט אונדזער מחבר שוין אַריבערגעכאַפּט די מאָס: אַרײַנשפּאַרן פיר וואָגיקע טראָפן אין איין טאַקט, דאָס איז טאַקע צו געדיכט. אָבער בעצם איז יעקב טויסק גערעכט: ער האָט דאָ קיין בייס ניט אויפגעטאָן, ער האָט זיך נאָר געהאַלטן בײַם געזונטן פּרינציפּ פון יידישן פערזנבוי, וואָס געוועלטיקט סיי אין דער אַלטער ליטעראַטור אונדזערער, סיי אין הײַנטיקן פאָלקסליד, סיי (אומבאַוואוסטזיניק) אַפילו בײַם גרעסטן טייל פון אונדזערע פּאָעטן[1].

5

מיר גיבן איבער דעם טעקסטטפון דעם משיח-ליד אות-באות אַזוי ווי אין דעם אָריגינאַל, הגם די אַלט-יידישע אָרטאָגראַפיע קען זיך פּידוע ניט באַרימען מיט איר אויסגעהאַלטנקייט און מעג זיך נאָר פאַררופן אויף דעם, אַז יענע צײַט איז דער אויסלייג אין אַנדערע שפּראַכן, ספּעציעל אין דײַטש, אויך ניט געווען בעסער אײַנגערעגולירט. די אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור-וויסנשאַפט וועט געוויס ברענגען דערצו, אַז עס וועט געשאַפן ווערן אַ נאָרמאַליזירטע אָרטאָגראַפיע פאַר אונדזערע קריטישע טעקסט-אויסגאַבעס. אָבער אַזאַ וויכטיקע רעפאָרם קען ניט דורכגעפירט ווערן אַגב-אורחא, און אפשר איז נאָך בכלל צו פרי דאָס צו טון: לעת-עתה שטייט נאָך די אויפגאַבע צוצוגעוויינען אונדזער עולם צום נאַטירלעכן בילד פון אונדזערע אַלט-יידישע טעקסטן.

מיר וועלן דאָ געבן עטלעכע באַמערקונגען, וואָס וועלן פאַראייבס אויך סיסטעמאַטיזירן די ביזאַהער געגעבענע ידיעות וועגן עלטערן אויסלייג[2].

א) אין אונדזער אָריגינאַל, פּונקט ווי אין דער גאַנצער אַלט-יידישער שריפט, איז דער אונטערשייד צווישן ב, פּ, כּ, ת און ב, פ, כ, ת באַצייכנט ניט דורך אַ פּינטל (דגש) אין „האַרטן", נאָר דורך אַ פּאַסיקל (רפה) איבערן „ווייכן" אות צוליב דער באַקוועמלעכקייט פון אונדזער דרוק האָבן מיר זיך דאָ, פּונקט ווי אין די טעקסטן פון דעם לעצטן קאַפּיטל, אָפּגעזאָגט פון אָפּ-היטן די דאָזיקע אייגנטימלעכקייט.

ב) דער עלטערער אויסלייג האָט ניט געהאַט (אחוץ אין די גאָר אַלטע צײַטן, ביזן מיטן 16טן י"ה בערך) קיין שום נקודות. אויך האָט מען געשריבן אַ סך ווייניקער וואָקאַלן ווי הײַנט; מען האָט זיך פאַרלאָזן אויפן לייענער

---

[1] פגל' דעם אַרײַנפיר צו מגילת וויגץ, „שטאַפּלען", ז' 151 א"וו.

[2] זע אויך ז' 13, 86, 89; שטאַפּלען 108—114, יד"פיל 94—95.

גופא, אַז ער וועט זיך אָנשטויסן, אַז הנט=האַנט, הב=האָב, דר וועקן= דערוועקן אאַז״וו.

ג) דער אַלטער איבערקלאַנג („פוילקער״=Völker, „אויבר״=über, „אויך״=euch) איז אין דער צווייטער העלפט פון 17טן י״ה שוין אין דער שפּראַך געוויס ניט געווען, און אויך פון דעם אויסלייג איז ער צום גרעסטן טייל פאַרשוואונדן געוואָרן; אין אונדזער ליד געפינען מיר: „געקרינט״= געקריינט און ניט געקרוינט (gekrönt), „ביקז״ (ביקס) און ניט בויקז (büchs), „לייט״ און ניט „לויט״ (leut). אָבער אין איינציקע ערטער רייסט זיך נאָך דורך די קאָנסערוואַטיווע אַלטע שרייבונג, אַ שטייגער באַלד אויפן שער־בלאַט: „שוין״ (=schön), וואָס וואָלט לויט די כּללים פון 17 י״ה שוין גע־דאַרפט אויסגעלייגט ווערן: „שין״. מיר מעגן זיין זיכער, אַז מיר האָבן דאָ צו טון בלויז מיט אַ פאַרעלטערטער ש ר י י ב ו נ ג, אַזוי אַז לייענען מעגן מיר דאָס מיט דער פולער זיכערקייט ווי דאָס היינטיקע „שיין״.[1]

ד) דער o־קלאַנג: וואו דאָס היינטיקע ליטווישע יידיש האָט אַן „o״ מעגן מיר דאָ אויך לייענען o, אַלץ איינס צי ס׳שטייט א אָדער ו.

ה) „י״ באַטייט ניט נאָר i, נאָר אויך ê.

ו) דער f־קלאַנג ווערט באַצייכנט סיי דורך „ו״, סיי דורך „פ״: ס׳איז הייסט עס אַלצאיינס צי עס שטייט „וויל״ אָדער „פיל״, „ווריידן״ אָדער „פרייד״; די אויסשפּראַך פון די ווערטער איז אין ביידע פאַלן אינגאַנצן אידענטיש מיט דער היינטיקער.[2]

ז) דער s־קלאַנג ווערט אַ סך אָפטער באַצייכנט דורך „ש״ איידער דורך „ס״; אַזעלכע ווערטער ווי „(דו) שיקשט״, „הושטו״ אאַז״וו דאַרפן מיר לייענען אינגאַנצן אויפן היינטיקן שטייגער: „דו שיקסט״, „האָסטו״. וואָרט־אויס האָבן מיר טיילמאָל אויך דעם „ז״ אַלס סימן פון דעם אייגענעם קלאַנג; עס איז אַלזאָ גיטאָ קיין שום אונטערשייד אין דער אויסשפּראַך פון „דש״, „דאש״, „דז״, „דאז״, „דאס״, „דס״. דאָס וואָרט איז אינגאַנצן אידענטיש מיט אונדזער היינטיקער פאָרם „דאָס״ אין דער ליטווישער אויסשפּראַך dos.

ח) די פאָדערטראָפן ווערן אין די עלטערע יידישע טעקסטן, ווי מיר האָבן שוין געזען אַזוי פיל מאָל, תּמיד געשריבן באַזונדער. אַלזאָ: „אויז גיצונגן״, „דר הערין״ אאַז״וו.

ט) אונדזער ליד קען (ווי די גאַנצע עלטערע ליטעראַטור)[3] בלויז צוויי אָפּשטעל־צייכנס: אַ פּונקט (׳) און אַ טאָפּלפּונקט (:), וואָס ווערן געשטעלט אָן שום קאָנסעקווענץ צום סוף פון אַ פּערז; אינמיטן די פּערזן זייבען קיין

[1] נאָר דער נאָכקלאַנג פון i איז אַ שוואַכערער.

[2] אין איטאַליעניש־יידישע כּתב־ידן (זע ז׳ 118 א״וו) ווערט אויך „וו״ באַנוצט פאַר דעם f־קלאַנג.

[3] כּמעט אַזוי איז אויך אין די ניט־יידישע שריפטן פון יענער צייט.

שום צייכנס ניטאָ. מיר האָבן געשטעלט די אינטערפּונקציע אויפן הייַנטיקן שטייגער, כּדי צו פאַרגרינגערן דאָס לייענען.

י) אין דער שרייבונג פון די העברעיִזמען איז פאַראַן ביי אונדזער מחבר אַ דיפערענץ צווישן ווערטער, וועלכע ער האָט געוואָלט האָבן צו קענען. האָט ער, ווי דאָס האָט געטאָן כּמעט אונדזער גאַנצע עלטערע ליטעראַטור, בלייבן שטרענג ביים פאַרהייליקטן העברעיִשן אויסלייג; אָבער איינגעגעבן האָט זיך אים דאָס ניט, ווייל ער איז ניט געווען קיין גרויסער בקי אין העברעיִש. ער שרייבט: מורה, בורה, הסראה, סרים, מלאכים (אָנשטאָט מלכים), אאַז״וו. אויך שרייבט ער ניט דעם פּילצאָל ״ות״ אין אַזעלכע ערטער ווי ספר־תורות, נקמת, אומת, בשורת טובת — אַ דערשיינונג, מיט וועלכער עס איז אונדז שוין אויסגעקומען זיך צו באַגע־גענען. מיר האָבן אין דעם פּרט געלאָזן פּינקטלעך די שרייבונג פון אָרי־גינאַל.

## 6

צו דער אויסשפּראַך:

א) ״א״ ווערט אַרויסגערעדט ווי o ניט נאָר דאָרט, וואו דאָס הייַנטיקע ליטווישע יידיש האָט דעם קלאַנג, נאָר אויך אין אַזוינע ווערטער, ווי ״מאָן״ (=מאַן), ״וואָרן״ ״האָן״ (=האָבן), ״לאָן״ (=לאָזן), ״גאָן״ (=גיין). אאַז״וו. זע ז׳ 89.

ב) אַזעלכע ווערטער ווי ״הרץ״, ״שמרץ״ דאַרפן דאָ אַרויסגערעדט ווערן בפירוש מיט אַן a פּונקט אַזוי ווי הייַנט. אַזוינע שרייבונגען ווי ״שמארץ״ (סטר׳ 72), ״הארצין״, ״מאכטיג״ (סטר׳ 71) ווייזן, אַז דער דיאַלעקט פון אונדזער מחבר איז אין דעם פּרט געווען נאָענט צום הייַנטיקן וואַרשעווער יידיש, ד״ה אַז ער האָט אַרויסגערעדט a אַפילו דאָרט, וואו אונדזער הייַנטיקע שרייבונג האָט בהסכּם מיטן ליטווישן יידיש אַ e. צום זעלביקן אויס־פיר ברענגט אונדז אויך זיין גראַם שפּרעכן: לאכין. געוויס האָט ער אַרויס־גערעדט ״שפּראַכן״, ״קנאַכט״.

ג) מיר געפינען אין אונדזער טעקסט אַזוינע שרייבונגען, ווי ״איין הער״ (סטר׳ 32); צי דאַרף מען דאָס טאַקע לייענען אַזוי? דערויף גיט אונדז אָן ענטפער די שרייבונג ״איין זוא״ אויפן שער־בלאַט. קיין פאָרם ״איין זוא״ איז קיינמאָל ניט געווען אין דער שפּראַך, און דערקלערן לאָזט זי זיך נאָר אויף איין וועג: דער מחבר האָט געוואוסט, אַז בשעת מען זאָגט ״אַהער״, איז אָנגענומען צו שרייבן ״איין הער״, האָט ער זיך ממילא אָנגעשריבן ״איין זוא״ דאָרטן, וואו ער האָט גערעדט ״אַזוי״[2]. דערפון איז געדרונגען פאַר מיר, אַז

---

[1] זע ז׳ 208 הערה 15.

[2] פגל׳ ״איין ליין״ אויף ז׳ 241, הערה 1. אַזוינע קוריאָזע טעותן טרעפן זיך געבנוג אָפט אין ליטעראַרישע ווערק און לאָזן אונדז אָפטמאָל אַ סך הערן. ס׳איז פּונקט די זעלבע סיבה, צוליב וועלכער אַ פּוילישער ייד זאָגט אַמאָל: קליינע kunder, בשעת ער וויל רעדן ליטוויש.

אויף דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל, וואָס אונדזער מחבר שרייבט כּסדר „איין", מעגן מיר מיט זיכערקייט לייענען אויפן היינטיקן שטייגער ווי „א".

ד) אין דער סטר׳ 15 האָבן מיר די שרייבונג: דארף. דאָס איז אַן אָנצוהערעניש דערויף, אַז אונדזער מחבר האָט מסתּמא בכלל (אויף בהסכּם מיט דער היינטיקער ווארשעווער אויסשפּראַך) אַרויסגערעדט דעם „ו" פאַר ר פּלוס קאָנסאָנאַנט ווי אַן o.

ה) דער חולם אין אַזעלכע פאַלן ווי אונדזער „הויך", „גרויס", „געצויגן" ווערט אין אונדזער טעקסט געשריבן טיילמאָל פּשוט מיט אַ „ו", טיילמאָל „וי". די אויסשפּראַך איז געוויס אין ביידע פאַלן געווען די אייגענע: אַ o מיט אַ נאָכקלאַנג פון u(ou), און אפשר אַ בפירושער ou.

ו) אין דעם וואָרט „היצונדרט" אָנשטאָט „איצונדערט" האָבן מיר אַן אומאָרגאַנישן „ה"[1].

ז) ווי ס'ווייזן די גראַמען פאָרט: האָט (סטר׳ 7) אָדער גיבעט: ביגערט (סטר׳ 61) איז אַ r פאַר t כּמעט ניט אַרויסגערעדט געוואָרן.

ח) זייער כאַראַקטעריסטיש איז דער אָפּפאַל פון n אין די ענדונגען, וואָס באַגעגנט זיך כּסדר אין אונדזער טעקסט, און ניט נאָר אין אינפיניטיוו פון צייטווערטער[2], נאָר אויך אין אַנדערע פאָרמען: „לייאה" (לייע=לייען, לייענען), „דינה" (דינע=דינגען, דרינגען), „זיא זיינה (=זיינען) קומען", „אויז גינומה (=גענומען)".

## 7

צו דער פלעקסיע:

מיר ווילן דאָ ניט געבן קיין פולע אַלט־יידישע גראַמאַטיק און אַפילו ניט קיין גראַמאַטיק פון אונדזער טעקסט; עס גייט אונדז נאָר אין דעם צו פאָרמולירן געוויסע כּללים, וואָס זאָלן פאַרגרינגערן דעם פאַרשטאַנד פון דעם לידן[3].

א) אַדיעקטיוון און פּראָנאָמענס ווערן דאָ גענוצט אין דער „קורצער" פאָרם אָפטער איידער אין דער היינטיקער שפּראַך: מיר האָבן דאָ „דז הייליג לנד", אָבער אויך: „אין דער פינסטר צייט", „מיט זיינה רעכט הנט", „אין אל זיין גלידר", „ברידר מיין".

ב) מיר באַגעגענען דאָ פאָרמען, וועלכע זיינען אין היינטיקן יידיש ניטאָ, דערפאַר זיינען זיי אָבער יאָ פאַראַן אין היינטיקן דייטש: „דער ליבה" [=ליבע] גאָט", „ליבן ברידר". לאָמיר דאָ לאָזן אָפן די פראַגע, צי זיינען דאָס דירעקטע ווירקונגען פון ליטעראַרישן דייטש אָדער טאַקע אייגנטימלעכקייטן פון דעם מחברס שפּראַך.

---

[1] פגל׳ וועגן דער דערשיינונג נ. פּרילוצקיס אַרטיקל אין לאַנדוי־בוך ז׳ 366 א״וו.

[2] זע אויך ז׳ 181, הערה 12.

[3] פגל׳ אויך ז׳ 88—89.

ג) דער אימפּערפעקט פון צייטוואָרט באַגעגנט זיך האָנט ביי האָנט מיט אונדזער איצטיקער פאַרגאַנגענהייט־פאָרם (פּערפעקט) גענוג אָפט, אַזוי אַז עס שטעלט זיך די פראַגע: צי זיינען אַזוינע פאָרמען ווי „גאבן זיך" (13), „טעט זיא שלאגין", „האטין", „דורפטן" (14) אאַז"וו נאָך געהען אין מיטן 17טן י"ה לעבעדיקע רייד־פאָרמען אָדער מערניט ווי אַן אויסדרוק פון דער שטרעבונג צו דערנענטערן זיך צום ליטעראַרישן דייטש. היות אין האָלענדיש איז דער אימפּערפעקט ביז היינטיקן טאָג די נאָרמאַלע פאָרם פון פאַרגאַנגענהייט, מעגן מיר דאָ אפשר אָננעמען אַ האָלענדישן איינפלוס און משער זיין, אַז אויך אין דער יידישער אומגאַנגס־שפּראַך אין יענעם לאַנד איז דער אימפּערפעקט געווען אין געברויך. יעדנפאַלס זאָל מען ניט דרינגען פון אַזוינע פאָרמען ווי „מלך מצרים דר טרונק" אָדער „רופטן", אַז פאַר אונדזער מחבר איז געווען פרעמד דער אימפּערפעקט און ווענדיק דווקא זיין „ליטעראַריש" האָט ער אויפגעבויט גרייזיקע פאָרמען. אין דעם היינטיקן ליטעראַרישן דייטש (און אויך אין דעם נאָרמאַליזירטן מיטלהויכדייטש) זאָגט מען טאַקע ertrank און riefen, אָבער trunk און rufte אָנשטאָט rief באַגעגענען מיר אויך אין עלטערע דייטשע טעקסטן, סיי אין מה"ד, סיי אין פריניייהויכדייטשע. מיר האָבן אַלזאָ יעדנפאַלס ניט צו טון מיט קיין אינדיווידועלן גרייז פון אונדזער מחבר.

ד) די צוקונפט ווערט דורך אונדזער מחבר, פּונקט ווי אין דעם גרעסטן טייל פון אונדזערע עלטערע ליטעראַטור־ווערק, געפורעמט כמעט דורכאויס מיט „ווערן": „דוא ווערשט שרייאן" (20), „דער ווערט העלפין" (10), „מיר ווערן קומין" (2), „די טירקן ווערן זיין" (63). ווען מיר נעמען אין אכט דעם אויספאַל פון „ר" פאַר ט (זע וועגן דעם אויף זייט 229, פּונקט ז), וועלן מיר פאַרשטיין, פון וואַנען האָבן זיך צו אונדזער היינטיקער צוקונפט־בילדונג געגומען אַזוינע פאָרמען, ווי „דו וועסט", „ער וועט", „איר וועט". אין יענע פאַלן, וואו עס שטייט ניט קיין „ר" פאַר „ט", האָט דאָס היינטיקע יידיש גענומען ניצן אָפּגעשוואַכטע פאָרמען פון דעם צייטוואָרט „וועלן". אַן אָנצוהערעניש דערויף געפינען מיר אויך אין אונדזער ליד; סטר' 55 לייענען מיר: „איך וויל אייך פון אים שרייבן מער"; 68: „מיר וועלין דיך לויבן זער".

ה) מיר האָבן דאָ טיילמאָל די אַלטע פאַרטיציפּ־פאָרמען אָן גע־: געבן, קומין. אָבער לעבן דעם שטייען אויך די נייע פאָרמען: „גיגעבן".

ו) פאַראַן נאָך רעשטן פון דעם איינפאַכן קאָניונקטיוו: „דיא שמחה קענט ניט [=וואָלט ניט געקענט] גרעשר זיין" (69).

ווייטערדיקע גראַמאַטישע באַמערקונגען, אויף וויפיל זיי זיינען נייטיק צום פאַרשטאַנד פון טעקסט, זיינען געגעבן אין די הערות.

די סטראָפעס זיינען אין אָריגינאַל ניט נומערירט: די ציפער זיינען צוגעגעבן געוואָרן ביים איצטיקן איבערדרוק.

## 8

אויבן ז׳ 221 איז געווען דערמאָנט דער אַקראָסטיכאָן. ווען מיר נעמען די ערשטע אותיות פון די סטראָפעס אָנהייבנדיק פון 23, באַקומען מיר:

„אני יאקבן[!]בן לא״א [לאדוני אבי] כהר״ר [כבוד הרב רבן] בנימן[!] המכונה ר׳ וואלף טויסק למקק פראג הרירה״.

אַראָפּגערעכנט די צוויי אָרטאָגראַפישע אומפּינקטלעכקייטן (יאקב און בנימן) איז דא פאַראַן א בפירושער גרייז: הרירה אָנשטאָט „הבירה״. אָבער די זאַך לאָזט זיך גרינג אויפקלערן. מסתמא האָט דער מחבר געשריבן אין סטראָפע 70: „באַרייט איך צו״ (דער אויסדרוק „צובאַרייטן זיך״ איז פאַראַן עטלעכע מאָל אין טעקסט), נאָר דערנאָך האָט אפשר דער דרוקער אָדער דער מחבר אַליין ניט באַטראַכטערהייט אויסגעביטן דאָס וואָרט אויף א מער מליצהדיקס און ניט באַמערקט, אַז דערמיט צעשטערט ער דעם אַקראָסטיכאָן.

ס׳איז דאָ אָבער פאַראַן נאָך א רעטעניש, וואָס לאָזט זיך ניט אַזוי גרינג באַשיידן: ווי אַזוי מאַכט „למקק״? אָפּדרוקנדיק דאָס ליד צום ערשטן מאָל (אין צייטשריפט I), האָב איך צוגעגעבן רעזיגנירט: „דער ל אין למקק איז מיר ניט פאַרשטענדלעך״. אָן דעם ל קאָן מען לייענען: „...מקהלה קדושה פראג הבירה״. אַנטקעגן דעם האָט מיר ד״ר ב. וואַכשטיין־ווין אין א פּריוואַטן בריוו אַרויסגעזאָגט דעם שאַרפזיניקן געדאַנק, אַז דאָ מוז פעלן (צווישן דער סטראָפע 60, וואָס הייבט זיך אָן „לובין״, און דער נאָענטסטער סטראָפע, וואָס הייבט זיך אָן מיט „מאנט״) א סטראָפע, וואָס הייבט זיך אָן מיט ז; יעמאָלט וואָלט דער אַקראָסטיכאָן געווען: „... ר׳ וואָלף טויסק ז״ל מקהילה...״

די השערה האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַבסאָלוט באַרעכטיקט. ווי ד״ר וואַכשטיין האָט מיר געשריבן מיט א צייט שפּעטער, האָט ער געהאַט א געלעגנהייט צו זען דעם אויבנגעדאַכטן ברעסלער איבערדרוק[1], און דאָרט זייַנען פאַראַן גאַנצע 75 סטראָפעס אָנשטאָט די 73 פון דעם אַמסטערדאַמער דרוק. נאָך סטראָפע 60 („לובט...״) גייען צוויי סטראָפעס, וואָס לייענען זיך אַזוי:

61

Si huben all żu schreien an / mir haben unser Leben nit gesehen. Das kan kein Mensch nit machtig sein / von GOTT ist es geschehen: Si schrien all mit grusser Macht / Der Juden Globen is geracht. / Amen / etc.

---

[1] איך האָב אים ציטירט לויט בראַנען.

62

Zu loffen komen dort aus all di Land / unser Melech (König) anzusehen geren: Weil ihm GOTT hat solche Wunder getan / i[1] thten si ihm ehren: Das mus sein kein schlechter Mann / weil ihm GOTT hat solche Wunder gethan / Amen / etc.

דער אָקראָסטיכאָן איז אַלזאָ: „... ר׳ וואָלף טויסק זצ״ל..."

די דאָזיקע צוויי סטראָפעס, וואָס ד״ר וו׳ האָט מיר פריינדלעכסט צו-געשיקט, האָב איך דאָ אַריינגעשטעלט (אין מיין — בלית-ברירה סבראַדיקער — רעטראַנסקריפּציע אין יידיש) אין דעם טעקסט, אַזוי, אַז ער באַשטייט שוין דאָ פון 75 סטראָפעס און ניט פון 73.

פון דעם דאָזיקן פאַקט, וואָס עס פעלן אין אַמסטערדאַם צוויי סטראָפעס (און אויך פון דעם טעות מיט „הבירה") מוז מען אָבער מאַכן אַ באַשטימטן אויספיר: דער ברעסלער איבערדרוק איז געמאַכט געוואָרן ניט פון דעם אַמסטערדאַמער דרוק, וואָס אַן עקזעמפּלאַר פון אים געפינט זיך אין אָקספאָרד; מיט אַנדערע ווערטער, דער אַמסטערדאַמער דרוק, וואָס מיר קענען, איז ניט פון דער ערשטער אויפלאַגע. מען דאַרף זיך דאָס פאָרשטעלן אַזוי, אַז די ערשטע אויפלאַגע איז פון דעם באַגייסטערטן עולם באַלד צעכאַפּט געוואָרן און ס׳איז גייטיק געוואָרן אַ צווייטע; האָט דער איבערדרוקער בשעת מעשה פאַרפעלט און איבערגעהופּט דאָס און יענץ; דער ברעסלער טראַנסקריפּטאָר אָבער איז געווען מער זאָרגעוודיק אין דעם פּרט, האָט ער דעם טעקסט געגעבן בשלימות.

9

איין שוין נייא ליד
פון משיח:

כל ישראל לעבן הערט
מיר צו, איך וויל אייך
דען שרייבר געבן צו קענה:
ער הייסט יעקב טויסק פון
פראג איין זוא טוט ער זיך
נענה: דז ליד האט ער גאר
שוין גימאכט: ערשט דז אלף
בית אונ דער נאך זיין

---

[1] דאָס וואָרט איז ניט דייטלעך.

חתימה אוין
גיטראכט:

יום א׳ ר״ח תמוז
תכ״ו לפ״ק

## הקדמה

אין דען הויך גיערטין ליד ווערט זיך דער ורייאן איטלכר פרומר יוד, ווייבר אונ׳ קינדר, יונגן אונ׳ מיידן: דאז הויך גיערט ליד ווערט איטלכן יודיש קינד זיין הרץ דר פריידן[1]. זוא לנג אז איר זייט אין דיזר וועלט גיוועזין, האָט איר קיין זעלכז הרליך ליד גילעזין. אַפילו רבנים מעגין דינה[2] לייאה[3]. דיא גנצי וועלט ווערט זיך דר מיט פרייאה. ווייל הש״י האט אונז אין דיזה דורות לאזין דר לעבין אונ׳ האט איין יודשן מלך געבין. אך זיינה פיל נביאים אויף גישטנדין דר זידר[4]; וואז זיא אונז שרייבן גיבט אייגים איין כח אין אל זיין גלידר. פון אונזרן מלך ווערט איר אך אין ליד גרושה חידושים לייאה, דז אייך ווערט דאז הערץ דר פרייאה: וויא ער איז איין פרומר טפרר[5] העלד — שבתי צבי איז ער

---

[1] דאָס צייטוואָרט „דערפריידן״ (אָנשטאָט „דערפרייען״) איז צושטאַנדגעקומען אַזוי. „פריידי״ איז אַ סובסטאַנטיווישע בילדונג פון דעם צייטוואָרט „פרייען״ דורכן סופיקס ־ד (דייטש ־דע), וועלכן מיר האָבן נאָך אויך אין אַזאַ וואָרט, ווי שאַנד (אייגנטלעך שאַמ־ד) פון שעמען. די דאָזיקע אַבסטראַקטן־בילדונג אויף אַ דענטאַל (־דע אָדער ־טע) איז מער כאַראַקטעריסטיש פאַר צפון־דייטש, און אין יענע יידישע דרוק־ווערק, וואָס שטאַמען פון האָלאַנד, באַגעגענען מיר טאַקע אַזוינע פאָרמען ווי ליבטי (=ליבטע) אָנשטאָט ליבשאַפט, דיקטי (=דיקטע) אָנשטאָט דיקקייט אאַז״וו. אָט פון דעם אַבסטראַקטן סובסטאַנטיוו איז דערנאָך אויסגעפורעמט געוואָרן אַ ווערב: פריידן. מיר איז פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור באַוואוסט נאָר איין צווייטער אויפווייז פון דער פאָרם. אין אייזיק וואַליכס זאַמלונג ז׳ 8 לייענען מיר אין דעם ליד „אייניש מאל דש איך לושט ביקאם״: „מיט דעם ויל [=וויל!] איך ורײדין מיך״.

[2] דינה, דינגען—דרינגען.

[3] לייאה, אינפיניטיוו אָן ־ן, —לייען. אַזוי איז טאַקע די עלטערע פאָרם פון אונדזער צייטוואָרט (läi-en <lej-en <lejere <legere). די צווייטע ען־ענדונג איז צוגעוואַקסן שפּעטער, אַן ערך ווי ביי גנבען—גנבענען, סטאַרען—סטאַרענען אאַז״וו.

[4] דערזידער. זידער איז אַ קאָמפּאַראַטיווישע בילדונג צו מה״ד sît—זינט; אויך פאָרמען ווי derseider, deseider זיינען פאַרצייכנט אין דוו״ב 10, 370. דער פשט איז בעצם: פון יעמאָלט אָן; נאָר דאָ וועט אפשר בעסער זיין איבערצוזעצן: חוץ דעם, לעבן דעם.

[5] טאַפּער (נה״ד טאַפּפער) האָט אין דער עלטערער שפּראַך ניט דווקא דעם פשט: באַהאַרצט, קריגסמוטיק, נאָר אויך: רייך אין מעלות, ערנסט. די ציריכער דייטשע ביבל פון 1530 זעצט איבער דעם לאַטיינישן זאַץ mulierem te esse virtutis („אַז דו ביזט אַ פרוי פון

גימעלט[1]. אונזר שבטים זײן אל מיט אליה נביא בירײט אונז צו ברענגין אין הײליגן לאַנד מיט גרושה פרײד. אין װעלכה לענדר אונ׳ שבטים זײנה קומן, האבין זיא אלז מיט שרעקין אײן גינומן· איר מעגט מיט פרײד אל קומן צו לױפין אונ׳ אײך דאז הױך גיערט ליד צו קױפן.

*

1 אין אײן טײל ארטין װאו אונזר ברידר זײן, דיא װישן פון ניקש[2] צו זאגן,
דז משיח קומן זאל בלד אין קורצין טאגן:
היצונדרט, איר ליבן לײט.
הערט מן אײטל[3] גרושה פרײד.
אמן ואמן ואמן.

2 בידענקט, איר ליבן ברידר מײן, איבר אל, אויף אל דיא זײטן,
װיא מיר װערין אין ארץ ישראל קומן צו פארין אונ׳ צו רײטן!
השם יתברך װיל אונז ניט מער אין גלות לאזין,
מיר װעלין באלד הערין שופר משיח בלאזין.
אמן ואמן ואמן.

3 גרושה פרײד אין אמשטרדם הב איך פיל גיהערט אונ׳ אך גיזעהן,
װיא גוטה בריף גיקומן זײן װאז פרײד װאר דא גישעהן:
װיא דיא פארטיגיזן האבין דיא ספר תורה אויז גינומה[4].
דאר קיגן גיטנצט אונ׳ גישפרונגנה.
אמן ואמן ואמן.

4 דאז בית המקדש הוט גאט זעלבר גיבױט דז װערט איביג בלײבן:

---

טוגנט״) פונקט אַזױ װי בײ אונדז אין טעקסט: „dass du ein tapfer fromm Weib bist“.

[1] לכתחילה האָט „מעלדן“ באַטײט: מסרן. דערנאָך: אָנרופן, אַזױ װי אין אונדזער טעקסט און בכלל אין דער עלטערער ײדישער ליטעראַטור. די טײטש: „געבן צו װיסן“ איז ײנגער.

[2] אין דער עלטערער שפּראַך באַטײט ניט דאָס דײטשע nicht; ניקס—גאָרניט.

[3] אײטל—דורכאױס, הױלע.

[4] אױסנעמען די תורה — אַרױסנעמען זי פון ארון-קודש; פגל׳: „צו אױס-נעמעניש“.

**דיא רשעים ווערן דריבר האבין קיין מאכט, קיין צלילות[1]**
**קענה טרייבן[2].**
**אייטל אורגלן שעלמייא[3] ווערט מן דרינה הערן**
**אונזרן ליבן גאט צו ערין.**
**אמן ואמן ואמן.**

5 **האבן ווערין מיר דינה אל דיא פרייד פון ארגלין אונ׳ שעלמייא,**
**זיא אנטביטן[4] אונז אין אל דיא לנד דז מיר זיך זאלן פרייאן.**
**זיא האבן דארט קיין גלות מער,**
**זיא לעבן אל מיט ויידין זער.**
**אמן ואמן ואמן.**

6 **ווער נון אך וויל זיין דער פרייד, דער זאל אך באלד הין קומן:**
**אונזר מלך איז גיקריגט, דז האבן מיר ור נומן,**
**וויא ער איין ורומר מאן,**
**ויל גאטז וואונדר האט ער גיטון.**
**אמן.**

7 **זיא שיקן שלוחים אין אל דיא לנד, דיא שמחה טואן זיא שרייבן:**
**דז מיר זאלין מאכן פארט[5], ניט לאנג היא צוא בלייבן.**
**ווער דאך גאר קיין געלט, גוט האט,**
**איינר דען אנדערן — העלפן פארט.**
**אמן ואמן ואמן.**

8 **חידושים הערט מן אלה טאג וואז נסים דארט גישעהן;**

---

[1] צלילות. פון „צלילות״ — קלארקייט (בלשון סגי-נהור) אדער אפשר גאר לשון צלל — ווארפן א שאטן? דער אויסדרוק איז אזוי אומגעוויינטלעך (אויך די מומחים אין העברעיש, צו וועלכע איך האב זיך געווענדט, האבן מיר ניט געקאנט געבן קיין תשובה), אז איך האב דא חושד געווען א טעות-הדפוס אנשטאט „עלילות״. די השערה פאלט אבער אפ נאכדעם ווי ה׳ משה לערער האט מיר (אין א פריוואטער מיטטיילונג) אנגעוויזן, אז אין די שאלות ותשובות פון יואל סירקעס (דער ב״ח, געבוירן לויט יעוור׳ ענצ׳ אין לובלין 1561, געשטארבן אין קראקע 1640), פראנקפורט-מאין 1697, שטייט שאלה צט, שורה 17: „אך איז דער בחור עטלך מאל גיקומן [צו אן אשת-איש] בייא נאכט אונ׳ האט צלילות גטריבן״. אזוי איז אויך איבערגעדרוקט אין דער נייער אויסגאבע פון די שאלות ותשובות, אסטרע 1834.

[2] זע ז׳ 183 הערה 1 און „טרייבן״ אין „צייטשריפט״ I.

[3] שעלמיי, שאלמיי. אייגנטלעך די פלייט פונעם פאסטעך; ס׳קען אבער אויך באצייכענען א טייל פון ארגל.

[4] אנטביטן — אנזאגן, געבן צו וויסן.

[5] מאכן (זיך) פארט — אפטראגן זיך.

מיר וועלין זיך אך מכן וארט[1], דיא שמחה אך צו זעהן:
אונזר הגדל[2] איז דאך וואול גישטעלט.
שפּארט אייך ניט קיין גוט נאך געלט.
אמן ואמן ואמן.

9 טוט אייך ניט זוימן, ברידר מיין, קיין געלט זאָלט איר ניט שפּארן:
ווען מיר קומן אין הייליגן לנד אריין, זיינה מיר נייא גיבארן:
ווייל אונז וויל געבן דער ליבה גאט,
וואז ער אונז פאר שפּראכן האט.
אמן.

10 יהודים, ליבן ברידר מיין, זייט ווייטער פרייליך,
ווייל אונז הוט געבן דער ליבה גאט, מיר הבין אונזר מלך;
דער ווערט העלפין אל דיא לייט.
מיר האבן גיהופּט איין לנגה צייט.
אמן ואמן ואמן.

11 כל עולם, וואו מיר ברידר זיין אונ׳ ווערן דיא שמחה הערין,
דיא ווערן רייזן טאג אונ׳ נאכט נאך ירושלים גערן.
איר הגדל איז דאך וואול גישטעלט,
מיר מעגן קומן זונדר[3] געלט.
אמן.

12 ליבר הער גאט, לאז קומן די גאולה בלד, ניט מיט גרושין שרעקין:
אונזר גלות האט גאר לנג גיווערט, ווערשט אונז ניט לאזין שטעקן.
מיר האבן גליטן גרוש עלענט,—
מך אונזר גלות בלד איין ענד.
אמן.

13 מיט אונזר עלטרן האשט דוא אך גרוש גוטז גיטאן דא זיא
אין מצרים ווארן.
זיא האבן דארט גיארבט שווער, גאבן זיך[4] גנץ ור לארן:

---

[1] וארט=פּאָרט, ווי אויבן.

[2] הגדל באַטייט אין דער עלטערער שפּראַך ניט דווקא מסחר, נאָר „באַשעפטיקונג" און אַמאָל סתם: זאַך, עסק (פגל׳ אונדזער היינטיקן יידישן אויסדרוק: „אויך מיר א געשעפט!").

[3] זונדער — אָן.

[4] געבן זיך פארלאָרן — קלערן אַז מען איז פּ׳.

דו שיקשט צו פרעה משה, דיין גיטרייאן קנעכט, —
הושטו זיא אויז גיצוגין מיט דיינר מאכט.
אמן ואמן ואמן.

14 נאך שיקט פרעה אל זיין קנעכט אונ׳ טוט זעלברט נאך יאגן;
ישראל דורפטן[1] זיך ווערן ניט, גאט טוט זי זעלברט שלאגין.
ישראל ווארין בלד דר פרייט,
מצרים האטין גרושה לייט[2].
אמן ואמן ואמן.

15 סומה סמרום[3], גאט האט זי דר פרייאט דיא יונגן אונ׳ דיא
אלטן,
דא ישראל קאמן צו דען מער, דא הוט עז גאט גישפלטן.
קינדר ישראל גינגן דארך מיט גרושר ער,
מלך מצרים דר טרונק[4] מיט אל זיין הער.
אמן ואמן ואמן.

16 עץ[5], ליבן ברידר, זייט אך פרום ווי אונזר עלטרן זיין גיוועזן,
אונזר הער גאט ווערט אונז העלפן פארט אונ׳ מאכין באלד
גיבעזן[6];
אונזר שבטים זיין אל בירייט
צו העלפין אונז מיט גרושר ורייד.
אמן ואמן.

17 פון אונזרן מלך וויל איך היבן אן. וויא ער ור אונז טוט שטרייטן,
וויא גרושה כארכט האט מן ור אים וואו ער קומט מיט זיינה לייטן:

---

[1] דורפטן — אימפערפעקט פון דארפן. דאָס וואָרט ווערט אָבער דאָ געניצט ניט אין דעם פשט, ווי מיר האָבן עס היינט און אויך אין דער עלטערער ליטעראַטור, נאָר מיט דער טייטש פון בייהויכדייטש: טאָרן.

[2] לייט=לייד, יסורים.

[3] Summa summarum — די אונטערשטע שורה, מיט איין וואָרט.

[4] דערטרונק—פגל׳ אריינפיר, קאַפּיטל 7, פונקט ג.

[5] עץ — לכתחילה צווייצאָל-פאָרם (דו—עץ—איר; דיר—ענק—אייך); אָבער אין יידיש טיבאָנים מיטן פלוראַל. דער איינציקער זכר פון דעם אַלטן באַטייט איז דאָס — און אַזוי איז נאָך אין היינטיקן פוילישן יידיש אויך — וואָס עץ קען בשום אופן ניט באַנוצט ווערן פאַר דער העפלעכקייט-פאָרם; מען קען נאָר „אירצן", ניט „עצן".

[6] געבעזן — אַרויסגיין פון עפּעס גאַנצערהייט; דערפון אויך דער פאַרענגערטער פשט: געזונט ווערן. היינט האָבן מיר בלויז די דעפּאָנענס-פאָרם: געבעזן (און אויך: געבעזנט) ווערן.

זיא גיבן אים וואז ער ביגערט,
ער בידארף קיין ביקז, קיין שווערט.
אמן.

18 צו דען טערקין איז אונזר מלך קומן אין דער הייפט שטאט
פון טערקייעה;
אונזר ברידר וואריַן עז גיוואר, וויא טעטין זיא זיך ורייאן;
צו דען מלך הוב ער שפרעכן אן:
דיין קרוין מוז איך פון דיר האן.
אמן ואמן.

19 „קאן איך דאך ניט דען יודן גאט, דרום וויל איך דיך אך
ניט הערן“, —
גלייך אז פרעה האט גיטאן אונ׳ טעט זיין הערץ בישווערין.
אונזר מלך האט פאר אים גרוש וואונדר גיטאן,
איז ער דר שראקין מיט אל זיין מאן.
אמן ואמן ואמן.

20 „רעכט פערטיג איז אונזר גאט, הוב אונזר מלך אן צו שפרעכן:
דו ביזט גלייך אז פרעה ואר, דוא ווערשט עז ניט דר לאכין[1]!
דו ווערשט נאך שרייאן מיט אל דיין קנעכט:
דער יודן גלויבן איז גירעכט.

21 שרייאן ווערט איר אלי גלייך, איר טערקין אונ׳ אך היידן:
יהודים, נעמט וואז איר ביגערט אונ׳ ציכט[2] אל הין מיט
פריידן;
מיר פארכטין זיך ור אייער גאט,
דער דיא וועלט בישאפין האט.
אמן ואמן ואמן.

22 תיכף אז מיר ישראל תפילה טואן, גאט טוט אונז בלד דר הערין.

---

[1] דערלאכן — די פאָרם איז פאַראַן אויך אין עלטערן נה״ד (זע די פאָר וויזונגישן אין דוו״ב 3, 886), אָבער סתם מיט פשט: לאַכן. אין צוזאַמענבונד מיט דער ספּעציעלער פונקציע, וואָס דער פּאָדערטראַף דער- האָט באַקומען אין יידיש („טון עפּעס ביזן סוף“) האָט דך אויך דער פשט פון אונדזער וואָרט אַ ביסל געביטן. דער פשט פונעם זאַץ איז בערך אַזאַ: דו ביזט אַזאַ ווי פּרעה איז געווען, דיין לאַכן (=גדלות) וועט ניט געדויערן ביזן סוף. — דער אויסדרוק איז פאַראַן אין דער עלטערער ליטעראַטור אונדזערער.

[2] ציכט — ציט.

דא אונזר ברידר אויז גלות מצרים גינגן, וואז איר הערץ
טעט ביגערן.
מצרים ווארן בלינדה לייט,
ישראל מאכטן גוטה בייד[1].
אמן ואמן ואמן.

23 איר ליבן ברידר, יונג אונ׳ אלט, נעמט אייך דאז אין הרצין,
אויב איין טייל בייא אייך עבירות זיין, לייט איין וויניג שמרצין.
אויז גלות מצרים קאמן ניט מיט דיא ביזה לייט,
זיא שטארבן אין דער פינסטר צייט.
אמן ואמן ואמן.

24 נימנט[2] פון אונזר ברידר אין גנץ טערקייא, קיין הנדל
טואן זיא מער טרייבן;
אל דיא פרייד וואז איר הרץ ביגערט, איר סחורה[3] לאזן
בלייבן
אז[4] מלאכים זיינה זיא גיאכט[5],
זיא לערנן תורה טאג אונ׳ נכט.

25 יום ד׳ סיון תק״ו לפ״ק זיינה כתבים ארויז גיקומן,
וויא אונזר גאולה איז פאר הנדן[6] נאר אין איין קורצה
צייט צו קומן,
וועגט אייער הרץ מיט תשובה אלה גאר:
משיח קומט אין דיזן יאר!
אמן ואמן ואמן.

26 יהודים, ליבן ברידר מיין, מיר וועלן אל גרושה פרייד בגינה[7]:
מיר ווערין באלט פארין אין הייליגן לנד, פר פרייד טנצין
אונ׳ שפרינגן.

---

[1] בייד, נה״ד Beute—זאקרויב („שלל״).

[2] נימנט—קיינער ניט.

[3] סחורה—דאָ מיטן פשט: מסחר. לאָזן בלייבן — אוועקוואַרפן.

[4] אז—גלייך ווי.

[5] אכטן עמיצן אז...—קוקן אויף אים, ווי אויף...

[6] פאַרהאַנדן (vorhanden), דאָס הייַנטיקע פאַרהאַנען, פאַרהאַן, פאַראַן. פראַן. באַטייט בעצם: נאָענט צו דער האַנט; אויך עפּעס אַזוינס, וואָס דאַרף געשען אינגיכן.

[7] באַגינען—אָנהייבן. אין אונדזער הייַנטיקער שפּראַך האָט זיך דאָס וואָרט אָפּגעהיט בלויז אַלס צייט־אַדווערב.

פר געסין ווערט אונזר טרויארקייט,
אנדרשט ניט אז גרושה פריידן!
אמן ואמן ואמן.

27 איין פורטגיז הוט אן יום ב׳ סיון תד״ו די בריף פון די
גוטה בשורת גילעזין
צו אמשטרדם אין די פורטגיזר בית הכנסת; וויא וואר דז
איין פריליך וועזין!
דא ער דיא בריף האט אויף גיטאן,
וויא הויב מן איין ברוך הבא אן!
אמן ואמן ואמן.

28 קומט הער, איר ליבןברידר מיין, איך וויל אייך איין טייל
פון דיא חידושים שרייבן,
וויא זי אנטביטן שיינפרליך[1], מיר ווערין ניט לנג אין גלות
בלייבן:
דער טירקש מלך האט לאזין תפסין[2] מלך משיח, דען פרומן מאן,
האבן זיך אל דיא טירן קיגן אים אויף גיטאן[3].
אמן ואמן ואמן.

29 בידענקט, איר ליבן ברידר מיין, זיינה דז ניט גרושה וואונדר-
אונ׳ צייכן?
וויא אונזר מלך איז איין פרומר העלד, עז איז ניט מער
זיין גלייכן!
אויף דיא וואשר האט אונזר מלך אך גרושה חידושים גיטאן,
איר ווערט אייך פר וואונדרין, ווייב אונ׳ מאן.
אמן ואמן ואמן.

---

1 שיינפערלעך — נעמט זיך פון שיינבאר־ליך: דאָס וואָס עס שיינט אין די אויגן, דאָס וואָס עס איז קלאָר. אין היינטיקן יידיש האָט זיך דאָס קלאַנגיקע געשטאַלט פונעם וואָרט געביטן נאָך ווייטער: ב איז א ליפּן=קלאַנג, האָט ער אסימילירט צו זיך דעם נאַזאַלן צאָנקלאַנג ד און אים פאַרוואַנדלט אין דעם נאַזאַלן ליפּנקלאַנג מ. דעריבער איז ריכטי= קער צו שרייבן: (באַ־)שיימפּערלעך.

2 תּפסען (טאַפּסען) — נעמען תּפוס, אין תּפיסה.

3 אויפטון זיך — עפענען זיך: קעגן עמיצן — אנטקעגן עמיצן (מיר שטעלן זיך פאַר דאָס בילד אַנדערש און דעריבער זאָגן מיר: פאַר עמיצן). אגב שרייבט אונדזער מחבר קיגן [=קייגן], ווי דאָס שטימט ׳מיט דער מה״ד פאָרם און מיט דער אויסשפּראַך אין היינ= טיקן פּוילישן יידיש. די פאָרם מיט א קורצער e ווי מיר געפינען זי אין ליטווישן יידיש איז אַן אַנאָמאַליע, געוויינטלעך נאָר פון דעם שטאַנדפּונקט פון די קלאַנגען=געזעצן.

30 בלד ווערין מיר קומן אין אונזר לנד; ליבר גאט, לאז אונז גלינגן!
מיר ווערין דיך לובין מיט גרושה ורייד, שירה וועלן מיר זינגן!
אונזר עלטרן הבין שירה גיזונגן אין דען טיפן מער,
דוא ביזט איבר דיא וועלט איין גרושר הער.
אמן ואמן ואמן.

31 נון, שינהי[1] זון, אונ׳ ציך דיך אויז אונ׳ שיין אונז וואקר[2],
פלייסג!
יהושיע[3] האשטו אך גדינט. דא ער האט דר שלאגן מלאכים[4]
איין אונ׳ דרייסג,
דוא הושט אים אל זוא לנג גישיינט,
ביז ער האט דר שלאגן אל דיא פיינט.
אמן ואמן ואמן.

32 לבנה, קום דוא אך איין הער[5], לייכט מיט אל דיא שטערן!
דא אונזר עלטרן אין גלות מצרים גינגן — לייכט דוא אין
אך גאר גערן.
דוא ביזט אייטל דרברמיקייט.
דר ליז אונז אך מיט גרושה פרייד.
אמן ואמן ואמן.

---

[1] דרוקפעלע־ אָנשטאָט שייגה, באַפעל־פאָרם פון שיינען? אָדער אפשר „נך״ אָנ־שטאָט „אונ׳״? פגל׳ ז׳ 202 סטראָפע 21.

[2] וואַקער—פריש, מוטיק, לעבעדיק.

[3] די שרייבונג פון דעם נאָמען (יהושיע אָנשטאָט יהושוע) איז וויכטיק אויף צו געפינען אַ געוויסע דאַטע פאַר דער היסטאָרישער גראַמאַטיק. פארוואָס זאָגן די ליטוויש־רייסישע יידן sie און ניט sue, ווי ס׳וואָלט געדאַרפט זיין על־פי שכל, נעם איך זיך איצט ניט צו באַשליסן; אפשר האָבן מיר דאָ צו טון מיט אַן אַנטלייונג פון פוילישן דיאַלעקט. אָבער וויכטיק איז, אַז דאָ האָבן מיר נאָך אין מיטן 17טן יאָרהונדערט אַן אויפווייז פון דער i־פאָרם אין אַמסטערדאַם. אין מזרח־אייראָפע האָבן מיר אַזאַ ראַיה נאָך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט אָדער דריי פערטל פריער. אין דעם ספר „שמות הגיטין ע״פ אלף בית בלשון הקודש ובלשון אשכנז״ קאָפירט פון ר׳ שלמה לוריעס אַ תלמיד (ר׳ שלמה לוריע האָט געלעבט פון 1510, געבוירן אין בריסק, ביז 1573, געשטאָרבן אין לובלין) — דער ספר געפינט זיך אין כתב־יד אין דער באָדלעיאַנע, נייבויער נומ׳ 810 — געפינען מיר בסדר יהושיע. עס איז אַן אויפגאַבע פאַר דער יידישער וואָרטפאָרשונג אויסצוגעפינען די עלטסטע אויפווייזן פון דער פאָרם אין פאַרשיידענע געגנטן.

[4] מלכים.

[5] פגל׳ ז׳ 228, פונקט ג.

33 אלמעכטיג ביסטו, גאט, אונ' קיינר מער, לאז דיא פרייד
בלד גישעהן!
אל דיא אומת גלובן ניט, אז משיח זאל קומן — לאז דיינה
וואונדר זעהן!
זיא טרייבן אויז אונז אירה שפאט;
העלף אונז, דוא ליבר גאט!
אמן ואמן ואמן.

34 אל דיא טירקן[1] אין אירן לנד, דיא ווערן זער דר שרעקן,
וויא אליהו הנביא ווערט שופר משיח בלאזן, איר לייט[2]
ווערט זיך דר וועקן.
אליה ווערט בלאזן מיט גרושין של[3],
זיא אויף איר פנים פל[4].
אמן ואמן ואמן.

35 כל עולם וואו מיר, ברידר, זיין, איבר אל אין אל דיא לנדין!
מיט גמילות חסד אן ארמה לייט, דיא גאולה איז נאנט פאר הנדין.
זייט אל פרום, איר ליבן קינדר מיין,
ווערט איר דיא גאולה זוכה זיין.
אמן ואמן ואמן.

36 הערט, וואז אונזר מלך האט גיטאן, שבתי צבי הוך גיבארן:
דיא טערקן האבין אין תפוס גינומן אין איינם טיפן טארן[5];
זוא בלד ער קאם אין דיא תפיסה אניין,
קאם אים איין גרושר שיין.
אמן ואמן ואמן.

---

[1] אַ גאָרמאַליזירונג לויטן דייטשן מוסטער האָבן מיר אויך אין דער שרייבונג „טירקן". עטלעכע מאָל רייסט זיך אַרויס ביים מחבר דער אויסלייג „טערקן", וואָס שטימט לויט אַלע אונדזערע ידיעות וועגן דער שפּראַך פון יענער צייט מיט דער פּאַקטישער אויסשפּראַך.

[2] א י ר ל י י ט — זייער לייד.

[3] ש אַ ל ן האָט אין דער עלטערער שפּראַך צוויי טייטשן: א) קלינגען, מאַכן אַ גערויש; ב) = דייטש jubeln.

[4] פ ל ה (= פאַלע) וואָלט געווען די פאָרם, אויף וועלכער מיר קענען זיך דאָ ריכטן צו-ליב דעם אָפּטן אָפּפאַל פון -ן; אָבער אונדזער שרייבער איז געגאַנגען ווייטער און אָפּגעוואָרפן דעם -ע אויך. אין אַלגעמיין איז דאָס אַ שלעכטער וועג, ווען מען גייט אויסטייטשן אייגנטימ-לעכקייטן פון אַ דיכטער מיט די באַדערפענישן פון גראַם; אָבער פאַר א ו נ ד ז ע ר מחבר ווערט דאָס מסתמא קיין פחיתות-הכבוד ניט זיין.

[5] ט אָ ר ן = טורעם, טורמע; אַ פאָרם, וואָס באַגעגנט זיך זייער אָפט אין דער עלטערער ליטעראַטור. זע למשל ז' 178.

37 רויט אז פייאר אל דיא פיר ווענט הובין אן צו ברענה;
אין דיא תפיסה זאכן זיא שיינפרליך, דאז מלאכים בייא
איס זענה.
דיא טירקן וואלטן אין לעדיג[1] לאן[2],
אונזר מלך וואלט ניט אויז דער תפיסה גאן[3].
אמן ואמן.

38 רענגנירן[4] ווערט אין ירושלים איבר קינדר ישראל אל אונזר
מלך הוך גיבארן,
שבתי צבי איז ער גימעלט, פון שבט יהודה אויז דר קארן[5].
וייל אין גאט הוט זעלברט צו איין מלך גימאכט,
דרום ווערט ער זיין גאר הויך גיאכט.
אמן ואמן ואמן.

39 ביט[6] אייך, ליבן קינדר: האט איינר אויף דען אנדרין איין
ביזן[7] מחשבה, טוט אייך פאר געבין,
דז איר מיט גוטין הרצין נאך ירושלים קומט, מיט פריידן
דארט צו לעבין.
אונזר ברידר שרייבן בישיידליך[8] קלאר:
משיח קומט אין דיזן יאר!
אמן ואמן ואמן.

---

[1] ל ע ד י ק — ניט מיט אונדזער פשט: פוסט, נאר מיטן עלטערן: פריי. פגל׳ ז׳ 188 הערה 7.

[2] ל אָ ן—לאָזן. אַ פאָרם, וועלכע איז, ווי מיר האָבן געזען, זייער אָנגענומען אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור.

[3] ג אָ ן — גיין.

[4] ר ע נ ג נ י ר ן — רעגירן; אַ פאָרם, וואָס איז זייער פאַרשפרייט אין דער עלטערער ליטעראַטור.

[5] א ו י ס ד ע ר ק אָ ר ן — אויסדערוויילט. אַן אויסדרוק, וואָס איז זייער באַליבט אין דעם קרייז פון אונדזערע אַלטע רעליגיעזע און וועלטלעכע פאָעמעס. זע ז׳ 160 הערה.

[6] ב י ט = (איך) בעט.

[7] ב י י ז ן — צי איז דער ן דאָ פשוט אַ טעות, אָדער עס שטעקט אין דעם עפעס אַ גראַמאַטישע אייגנטימלעכקייט?

[8] ב אַ ש י י ד ל ע ך — בפירוש. אַן אויסדרוק, וועלכן מיר קענען גרייליך ניצן נאָך הייַנט.

40 נאך מער הבין אויז שפעט[1] אונזר ברידר גשריבן, מיר זאלין
זיך דרויף ריכטן[2]:
אין דיזן יאר ווערין מיר זוכה זיין קרבנות צו שעכטין.
דאז בית המקדש איז וואָרין צו בּרייט[3]
קרבנות צו ברענגין אלה צייט.
אמן ואמן ואמן.

41 ישראל, ליבן ברידר מיין, הלט אייך ניט מין[4] פאר בּארגן!
מיר הערין אונ׳ זיכן[5] בשורת טובת: נון מיר דרפן ניט
מער זארגן.
השם יתברך האט אונז גשיקט דיא צייט
צו זיצן אין אייטל פרייליכקייט.
אמן ואמן ואמן.

42 מיר האבן גיהאפט מער אז טוזנט יאר אין אונזרן שווערן
גלות,
השם יתברך זאל משיח שיקן צו ליזן אויז אונזר צרות.

---

[1] שפעט (סאַפעט) איז די שטאָט אין-ארץ ישראל, וואָס הייסט אויף העברעיִש צפת (צפאַס). עס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, אַז אַלע יידישע שרייבער פון דער עלטערער צייט, וואָס דערמאָנען די שטאָט (און זי ווערט דערמאָנט אַ סך, ווייל זי איז געווען דער אמתער צענטער פון קבלה), רופן זי ניט מיט איר העברעיִשן נאָמען, נאָר מיטן דייטשישן, וועלכער נעמט זיך פון אַראַבּיש (Safed). אָט זייבּען אַ פּאָר אויפּווייזן, אַלץ פון זייער פּרומע ביכער: א) תוצאות ארץ ישראל, אַמסטערדאַם 1649, לעצטע זייט: „צו שפט זיין דרייא צעהן שולן אונ׳... צו ירושלים ע״ה...״; ב) גרשון ברי אליעזר, גלילות ארץ ישראל, צווייטע אויפלאַגע, פּירט 1691, בּויגן ב: „אין שפעט זיינן זיבצעהן שולן...״; ג) סבוב קברי צדיקים, קאַט׳ באָדל׳ 7193, אַן אַנאָנים ביכל, וואָס קען שטאַמען פון סוף 17טן אָדער אָנהייב 18טן י״ה, שרייבט שוין בפירוש: „צפת וואָרט [=וועֶרט] אים טייטש [!] גנענט שפעט״. אַ סימן, אַז די טענדענץ פון די „יידישע״ יידן צו שאַפן זיך אייגענע געאָגראַפישע באַצייכענונגען (וועלכע זיינען נאָך אָבּער אַבּסאָלוט ניט אויסגעפּאָרשט געוואָרן) האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אפילו פאַר די „הייליקע״ העברעיִשע נעמען.

[2] די אויסשפּראַך איז געוויס געווען „רעכטן״, מסתמאָ נאָך מיט אַ נטיה צו a, פגל׳ ז׳ 228, פּונקט ב.

[3] צובּאַרייט — צוגעגרייט.

[4] מיין — מער, ווי נאָך הייִנט אין אַ טייל פון פּוילישן און אוקראַיִנישן יידיש. די פאָרם האָט זיך אַנטוויקלט פון מה״ד mê מיט אַ נאַזאַלירטן e. אויף וויפיל מיר איז באַוואוסט, האָט זיך אין די דייטשישע דיאַלעקטן די אַנטוויקלונג אין ערגעץ ניט אָפּגערוקט ביז אַ בּפירושן ־ן. אין יידיש האָבן מיר די פאָרם שוין באַגעגנט אין שמואלבוך; זע ז׳ 96.

[5] זיכן — זעען.

ווייל מיר האבן מיט שמארצן[1] יוא דר ווארט דיא צייט,
האט אונז גאט אלה דר ורייט.
אמן ואמן ואמן.

43 בייארט אונזר גאט אליין, וואו איז מער זיין גלייכן[2]:
ער נעמט פאר זיך דיא תפילה פון ארמה לייט זויא וואל
אז פון דיא רייכן.
די רייכה טרייבן מיט איר געלט אייטל לושט אונ׳ ורייד
אונ׳ אכטין[3] ניט קיין ארמה לייט.
אמן ואמן ואמן.

44 האבן אונזר נביאים גישריבן אויז אירן לנד צו דיא רייכה לייטן,
זיא זאלין ארמה לייט וואול טיילן מיט[4], דאש זיא אך ניט
קומן ביצייטן.
ווערן זיא דיא ארמה לייט ניט וועלן הערין,
ווערן זיא אונטר וועגן איר געלט מיט זארג ור צערן.
אמן ואמן ואמן.

45 מיינן איין טייל רייכה לייט: זיא ווערן אין ארץ ישראל ניט
האבן צו לעבן,
ווען זיא ארמה לייט ווערן מכבד זיין אונ׳ ווערן צדקה געבן.
מען ווערט זיא דארט הלטן זישט דר[5] העכיר!
זיא זאלן נאר ברענגין שינה קידוש בעכיר.
אמן ואמן ואמן.

---

[1] די דאָזיקע שרייבונג מיטן א, ד״ה a, גיט אונדז א ראיה אויף דעם, ווי אַזוי מיר זאָלן לייענען דאָס וואָרט אין יענע פאַלן, וואו ס'איז געשריבן אָן א וואָקאַל. דאָס אייגענע איז אויך בנוגע דעם וואָרט, וואָס בעט זיך דאָ צום גראַם ביי אַלטע און מאָדערנע דיכטער: האָרץ, ניט הערץ.

[2] פשט: נאָר אונדזער גאָט, ווער נאָך איז געגליכן צו אים.

[3] אַ כ ט ן דאָ ניט אינגאַנצן ווי ביי אונדז: האָבן רעספּעקט, נאָר: לייגן אכט, אינטערעסירן זיך.

[4] מ י ט ט י י ל ן האָט ערשט אין דעם מאָדערנעם דייטש, און פון דאָרט אין אונדזער צייטונגס-לשון, באַקומען דעם פשט פון געבן א ידיעה. פריער איז דער באַטייט געווען א מער קאָנקרעטער: אויסטיילן חלקים, געבן א חלק. ווי עס לערנען אונדז די אויפווייזן אין דוו״ב 6, 2422, האָט מען אויך אין דייטש נאָך געזאָגט אין 18טן י״ה: Almosen mitteilen.

[5] די פאָרם ז י ש ט ד ר (=זיסט דער) אין מיר ניט אינגאַנצן קלאָר, הגם וועגן פשט קען דאָ ניט זיין קיין שום ספק. איך וואָלט גוטה געווען צו קוקן דערויף ווי אויף א ניט קאָרעקט געשריבענער קאָמפּאַראַטיווישער בילדונג (ז י ס ט ע ר ע״פ אַנאַלאָגיע מיט דייטש-דיאַלעק-

46 כיבודים ווערט מן דיא זעלביגן רייכן אן טון, ווען זיא ווערן
נאך ארץ ישראל קומן,
די דא האבן בוטץ גיטאן אן ארמה לייט אונ' האבן זיא
מיט גינומן.
מענכה רייכה הלטן דיא גאולה גאר ור נישט;
דיא ווערן היא פיגרן אויף דען מישט[1].
אמן ואמן.

47 וויא ווערט הימל אונ' ערד אונ' הוכה בערג האבן גרושה מורה,
אל דיא קרוטייאר[2] אונ' ווילדה טיר ווערן דר שרעקן פר
אונזרן בורה.
ער ווערט אויף דיא רשעים שרייאן מיט גרושן של,
ור וארכט ווערט אלץ דר נידר פל[3].
אמן ואמן ואמן.

48 ניט איינר האט זיך קענה ור ברגין אין דער זעלביג צייטן,
דיא אונזר עלטרן הבין מלחמה גיהלטן; השם יתברך טעט ור
זיא שטרייטן.
היצונדרט ווערט עז אל זויא גין,
השם יתברך ווערט אך זעלברט מיט אונז זיין.
אמן ואמן ואמן.

---

טיש ד ע ס ט ע ר אָנשטאָט desto) פון ז י ס ט. אָבער דאָס איז בלויז אַ השערה, וואָרים איך האָב ניט אין דער מינוט קיין באַווייזן, אַז דיסט איז אין דער פונקציע ביי אונדז גענוצט געוואָרן.—ד״ר אַלפרעד לאַנדוי מיינט, אַז מען קאָן דאָס פשוט באַטראַכטן ווי אַ דרוקפעלער אָנשטאָט „דעשטר״.

[1] מיסט.

[2] ס'איז דאָס לאַטייניש וואָרט creatura, וואָס אויב מיר וואָלטן עס בכלל גענוצט היינט אָנשטאָט באַשעפעניש, בריאה, וואָלטן מיר עס פאַריידישט דורך „קרעאַטור״. אין אונדזער עלטערער ליטעראַטור איז אָבער דאָס וואָרט געקומען ניט דירעקט פון לאַטיין, נאָר עס איז דורכגעגאַנגען דורך דער עוואָלוציע פון מיטלהויכדייטש צו פריניייהויכדייטש (זע ז' 18, פונקט א). איז אַזוי ווי פון hûs איז געוואָרן haus, פון mûs איז געוואָרן maus (הויז, מויז) און אַזוי ווייטער, אַזוי איז אויך פון די איינגעבירגערטע פרעמדווערטער natur און creatur געוואָרן נטויאר (צו לייענען natauer) און קרטויאר (צו לייענען kratauer). דאָס צווייטע וואָרט איז פון דער יידישער שפּראַך פאַרשוואונדן געוואָרן; natouer זאָגט מען נאָך היינט אין אַ טייל פון פּוילישן יידיש, אַ שטייגער אין לאָדז. מיר האָבן אַלזאָ אין דעם גערעדטן יידיש אַזש דריי פאָרמען פון דעם וואָרט: א) natur, ב) אַלס אַנאַלאָגיע דערצו אין אַ טייל פּוילישן יידיש (און אין אוקראַינע?) natîr, ג) די אַלטגעזעסענע פאָרם natouer.

[3] זע ז' 242 הערה 3 און 4.

49 השם יתברך הוט ור צייטן אונזר עלטרן אויף בערג סיני דיא
תורה געבן, קאנט אך נימנט זיין שטים הערן;
כל ישראל האטן גרושה פארכט, עז פיל אלז צו דיא ערדן.
כל ישראל רופטן[1] משה, גאטש גיטרייער קנעכט:
זאג אונז, וואז אונזר הער גאט שפרעכט.
אמן.

50 רבותי לעבן, הערט נון צו דיא פרייד וואז אונזר נביאים שרייבן;
כל ישראל ווערט דאז הערץ דר קוויקט, וויא מיר שמחה ווערן
טרייבן.
השם יתברך וויל אונז אלה געבן
אין גיזונטהייט אונזר יאר אויז לעבן.
אמן ואמן.

51 וויא פאר צייטן אונזר עלטרן, צו פיר פינף הונדרט יאר ווערן
מיר אלה לעבן;
דאז לאנד וואז אונז גאט פאר שפראכין האט ווערט ער אונז
ווידר געבן.
דאז גלייכין איז ניט פון אונזר גאט,[2]
דער הימל אונ׳ ערד בישאפין האט.
אמן ואמן ואמן.

52 וויא ווערט דאז איין גרושה שמחה זיין אין אל אונזר גלידר!
אין ארץ ישראל ווערט אייגער דען אנדרן דר קענה, שוועסטר
אונ׳ אך ברידר;
היצונדרט וויש אייגר פון אנדרן ניט צו זאגן,
ביז מיר ווערן ור זמלט אין קורצן טאגן.
אמן ואמן ואמן.

53 אך האבן אונזר נביאים גישריבן וואז דא ווערט מער גישעהן.
השם יתברך ווערט אך גרושה וואונדר טאן, דז ווערן מיר
בלד זעהן.
אין מצרים הוט השם יתברך אן זיא נקמת גיטון,
אי[3] זיא אונז וואלטן לידיג לאן.
אמן ואמן ואמן.

---

[1]) זע ז׳ 230 פונקט ג.

[2] פשט: צו אונדזער גאָט איז ניטאָ קיין גלייכן.

[3] אי — איידער (פגל׳ דאָס דיאַלעקטישע: איינעכטן).

54 לאזין ווערין זיא אונז באלד פרייא, השם יתברך וויל עז
האבין;
דיא מצרים וואלטין אונזר עלטרן אך ניט לידיג לאן, זיא
מוסטין הקין אונ׳ גראבן.
וויא איז אונזר גאָט איין גרושר הער,
מאכט זיא ור טרינקן אין טיפן מער.
אמן ואמן ואמן.

55 פון ערשטין[1] ליס[2] גאט הסראה טאן דען מלך פון מצרים,
ער זאָלט ישראל לידיג לאן אדר ער ווערט הבין ביזה חליים[3].
גאט מאכט אים זיין הערץ גאר שווער,
איך וויל אייך פון אים שרייבן מער.
אמן ואמן ואמן.

56 טראכטין טעט פרעה אונ׳ אל זיין קנעכט, וויא זיא אונזרה
ברידר וואלטין פלאגין —
גאט גאב אין ווידר איין ביזה צייט, מיט צעהן מכות
גישלאגין.
אל דיא רשעים זאל עש אל זויא גין,
דיא אויף אונז צו ביזן שטין.
אמן ואמן ואמן.

57 וויל איך אייך היצונדרט שרייבן מער פון אונזר מלך הויך
גיבארין, —
אויף אין הבין מיר לאנג גיווארט, פיל מענכה יאר אונ׳ טאגין,
אונז צו ברענגין אין דאז הייליג לנד;
גאט העלף מיט זיינה רעכט הנט!
אמן ואמן ואמן.

58 יהודים דיא אין ארץ ישראל זיין, דיא האבין אונז גישריבן
אויז אירה לנדין
צו אונזר ברידער איבר אל וואו יהודים זיין פאר הנדין:
אליהו הנביא איז גנץ צו בירייט.
וויא טרייבן זי איין גרושה ורייד!
אמן ואמן ואמן.

---

[1] פון ערשטן — צום אָנהייב, קודם-כל.

[2] ליס — אימפערפעקט; האָט געלאָזן.

[3] חלי — קרענק.

59 סרים אונ׳ דוקסים[1] אין אירן לנד, דיא הבין צו גיזעהן,
וואז אונזרין מלך שבתי פר ניסם זיין גישעהן:
אין איין גרוש פייאר שטעלט זיך דר ורומר מאן,
דאז הוט אים גאר קיין שאדין גיטאן.
אמן ואמן ואמן.

60 קומן[2] זיין צו לאפין פאלק אז זנד אין מער דיא וואונדר
צו גיזעהן,
מיט אונזרין מלך שבתי צבי וואז ניסם זיין גישעהן;
האבין גשריאן גרוש אונ׳ קליין:
„דז מוז גיוויש משיח זיין!"
אמן ואמן ואמן.

61 זיא הובן אל צו שרייאן אן: מיר האבן אונזר לעבן ביט גזעהן;
דאז קאן קיין מענש ניט מאכטיג זיין; פון גאט איז עש
גישעהן.
זיא שריאן אל מיט גרושר מאכט:
„דער יודן גלאבן איז גראכט!"
אמן ואמן ואמן.

62 צו לאפן קאמן דארט אויז אל דיא לנד אונזר מלך אן
צו זעהן גערן;
וזייל אים גאט הט זולכי וואונדר גיטאן, אי[3] טעטן זיא
אים ערן:
„דאז מוש זיין קיין שלעכטר[4] מאן,
ווייל אים גאט הט זולכי וואונדר גיטאן".
אמן ואמן ואמן.

63 לובין טעטין זיא אונזרין גאט איבר אל אין אל
דיא לנדין;
זיא שריאן[5]: „איבר דען יודן גאט איז קיינר מער פאר הנדין!

[1] דוקס — פירשט, פון לאַט׳ dux. עס איז טאַקע ניטאָ קיין שום גרונט צו שרייבן דאָס וואָרט „דוכס" און „דוכוס", איז שוין בפירוש אַ גרייז, הגם מען קאָן געפינען אויף דעם גרייז ליטעראַרישע פאָרבילדער.

[2] פגל׳ ז׳ 230 פונקט ה.

[3] ערשטער פשט: תמיד. דאָ בלויז אויף צו פאַרשטאַרקן די באַהויפּטונג.

[4] פשוטער, געוויינטלעכער.

[5] שריען — אימפּערפעקט; זיי האָבן געשריען.

וועז יהודים טואן פלייסיג איר גיבעט,
זיא האבין וואז איר הרץ ביגערט״.
אמן ואמן ואמן.

64 מאנט אייך נון זעלבר, ליבה ברידר מיין, נעמט אייך פיין
צו הרצין;
דאז גלות איז אונז מעכטיג[1] שווער, מירליידן גרושה שמרצין;
גאט זאל אונז באלד אויז דען גלות לאזין,
מיר זאלין הערין אליה שופר בלאזין.
אמן ואמן ואמן.

65 קומט הער, איר ליבן ברידר מיין, מיר וועלן אן קיין צרות
גידענקין;
דיא טירקן וועלן זיין אונזר קנעכט, זיא ווערן אונז דיא
גלעזר שווענקין.
מיר ווערין איינר אויף דען אנדרן ווינקן,
אין גיזונדהייט מלך שבתי צבי איינש טרינקן.
אמן ואמן ואמן.

66 קיין מלאכה ווערין מיר ניט טאן, נייארט[2] לערנין תורה;
גאט וועט אונז בהיטן אלי גאר, מיר ווערין האבן קיין מורה.
פיל ווערין ביקענה, דאז אונזר גאט
הימל אונ׳ ערד בישאפן הוט.
אמן ואמן ואמן.

67 פרייד אונ׳ אייטל הרצלכקייט מיט שלן אויז דר מאסין[3],
דען זכות פון אונזרה עלטרין האבין מיר גינאסין.
לובט גאט מיט פארכצום קייט,
ווייל ער האט אונז געבין איין זעלכה צייט.
אמן ואמן ואמן.

68 רירט אייך, ארמה, קרנקה לייט! איר ווערט דר ליזט פון
אייארה שמרצין;
לויבט גאט מיט גרושר פרייד אונ׳ מיט גנצין הרצין.

---

[1] מעכטיק — דאָ מיטן פּשט זייער, שטאַרק, גריילעך, ווי נאָך היינט טיילמאָל אין דער דייטשישער פאָלקסשפּראַך.

[2] נייערט ווערט אין דער עלטערער שפּראַך גענוצט ניט בלויז אין דער קאָמבינאַציע „ניט נאָר... נייערט...׳ ווי מען האָט דאָס געפּרווווט מיט ערפאָלג רעסטאַווירן איצט, נאָר בכלל מיטן פּשט: נאָר, בלויז.

[3] אויס דער מאָסן — איבער דער מאָס.

אונזר גאט איז פוליר דר ברמיקייט,
זיינה קינדר ישראל האט ער דר פרייאט.
אמן ואמן ואמן.

69 אין ירושלים ווערין מיר קומן בלד אונזר צו אנטפנגין[1].
וויא פיל הונדרט יאר האבין מיר גיהאפט! דיא צייט טוט אונז
פאר לאנגין.
ווייל אונז השם יתברך האט לאזין דר לעבין,
וועלין מיר אים איין ברוך הבא געבין.
אמן ואמן ואמן.

70 גיטרייאר גאט, מיר וועלין דיך ליבן זער, ווייל דוא אונז
האשט גיגעבן—
מיר האבין צו דיר גאר לנג גיהופט—זעלכה פרייד צו דר לעבין.
מיר הבין גליטן מענכה[2] שטרוף,
פור זאמל אונז אז דא פור שפרייטה שאף.
אמן ואמן ואמן.

71 האבין מיר גון גינאסין דען גרושין זכות פון אונזר עלטרין
דיא ורומה,
דז מיר האבן דר לעבט אין אונזר יאר, דז משיח איז גיקומה!
זייט פרייליך, ליבה ברידר מיין,
דיא שמחה קענט[3] ניט גרעשר זיין.
אמן ואמן ואמן.

72 רישט אייך צו[4], אל איר ליבן לייט, השם יתברך וויל אונז
ארץ ישראל דאז הויך גילובטה לאנד [געבן][5],
מיר זאלן דארט אין פריידן לעבין,

---

[1] אנטפאנגען — די עלטערע און קאָרעקטערע פאָרם פונעם צייטוואָרט, וואָס מוז גילטן ביי אונדז אויך, אויב מיר קענען זיך אָן דעם וואָרט ניט באַגיין. דער פשט: אנט־פאַנגען, פאַנגען יענעם אַנטקעגן גייענדיק, צונעמען. די בילדונג „עמפּפאַנגען", וואָס אונדזערע צייטונגס־מבינים האָבן אויסגעבאָרגט פון דייטש, איז דער רעזולטאַט פון אַ קלאַנגען־אַסימילאַציע, וואָס איז אין יידיש לאַוו־דווקא. די פאָרם „אַנט־פאַנגען" האָבן מיר אָפט אין דער עלטערער ליטעראַטור, אַזוי אָפט, אַז עס לוינט ניט צו ברענגען קיין ביישפּילן.

[2] מענכע — מאַנכע. די פאָרם מיטן איבערקלאַנג איז אָפט אין אונדזער עלטערער ליטעראַטור, אויך אין דייטשישע דיאַלעקטן.

[3] קענט — קאָניונקטיוו; וואָלט געקענט.

[4] צורישטן זיך — מכין זיין זיך.

[5] דאָס וואָרט געבן פעלט אין טעקסט; אָבער עס איז אַבסאָלוט קלאָר, אַז עס דאַרף דאָ שטיין.

דארט ווערין מיר אונזר לושט[1] מיט פריידן בישן[2],
צו אונז ווערט מילך אונ׳ הוניג פליסן.
אמן ואמן ואמן.

73 יהודים בלינדה, לאמה, קרנקה לייט ווערט גאט מאכן גינעזן,
גאט ווערט העלפין אל דיא לייט דיא קרנק זיינה גיוועזין.
בטריפטה[3] הארצין ווערן פריליך זיין,
דאז ביסדוא מאכטיג אליין.
אמן ואמן ואמן.

74 רבותיים לעבן, הערט מיך צו, איך וויל אייך דען שרייבר
געבן צו קענה:
ער הייסט יעקב טויסק פון פראג, איין זוא טוט ער זיך נענה.
דז ליד האט ער גאר שין גימכט:
ערשט דז אלף בית, אונ׳ נאך זיין חתימה אויז גיטראכט.
אמן ואמן ואמן.

75 הערט צו, איר ליבן ברידר מיין, טוט אייך וואול צו ברייטן,
דז מיר בלד נאך ירושלים קומן איטליכר ביצייטן.
דאז ווערט גישעהן אין דיזן יאר.
אמן, עז זאל ווערין וואר.
אמן ואמן ואמן.

דז ליד האט איין ענד, השם יתברך שיק
אונש אין ארץ ישראל אניין ביהענד.

---

[1] און [2] לושט — לוסט; דאָס צייטוואָרט „ב־סן" (נה"ד büssen) איז אין הייַנטיקן יידיש ניטאָ, און אין דער עלטערער שפּראַך האָט עס ניט דעם פּשט, וואָס היינט אין דייטש. דער ערשטער פּשט דערפון איז „גאַנץ מאַכן", און בנגע צום זינדיקער האָט עס פּונקט דעם אייגענעם געפיל־אינהאַלט ווי דאָס יידישע מתקן זיין, געפינען אַ תיקון. דערפון אַנטוויקלט זיך אַ פּשט: היילן, פאַרטרייבן (הונגער, דאָרשט) און אויך אַ ווענדונג seine Lust büssen, וואָס איז אין דער עלטערער דייטשישער שפּראַך, און נאָך ביז געטע, געווען זייער באַליבט: שטילן, באַפרידיקן. אלזאָ: דאָרט וועלן מיר אונדזער לוסט מיט פריידן ב־סן — דאָרט וועלן מיר זיך אָנפרייען ווי ס׳געהער צו זיין.

[3] באַטריבטע.

# XII. צוויי צייטונגסמעסיקע באַריכטן פון 17טן י״ה

## 1

ביי אַלע פעלקער, און אַזוי אויך ביי אונדז יידן, זיינען די צייטונגען צום אָנהייב געווען ניט קיין פעריאָדישע. „צייטונג" באַטייט „ידיעה", און „ניי-צייטונג" האָט תּחילת געמיינט דאָס אייגענע וואָס היינט „נייס"[1].

די צייטונגען זיינען הייסט עס געווען געגליכן צו אונדזערע היינטיקע איינטאָג-בלעטער; זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אין דער פאָרם פון אַ בראָשור צוליב אַ באַשטימטן געשעעניש. אַמאָל איז די טעמע געווען אַ וויכטיקע פּאָליטישע פּאַסירונג: מיר האָבן אַ שטייגער אַ יידיש ביכל אין פּראָזע, כמעט ווי כראָניק אין אַ היינטיקן בלאַט, וועגן דעם ווי די טערקן האָבן באַלעגערט ווין אין 1683; אַמאָל איז דאָס אַ געשיכטע, וואָס וואָלט אין אַ היינטיקער אַמעריקאַנער צייטונג געשטאַנען אין דעם „בינטל בריוו". אויך אונדזערע היסטאָרישע לידער קען מען צורעכענען צו די פאָרגייער פון דער פעריאָדישער פּרעסע.

צוויי אַזעלכע צייטונגסמעסיקע ביכלעך וועל איך איצט פאָרשטעלן פאַרן לייענער. איך האָב זיי ניט אויסגעקליבן לויט אַ באַזונדער סימן; ס׳גייט מיר נאָר אין דעם צו געבן אַ בילד פון דעם אינפאָרמיר-אַפּאַראַט, וואָס האָט געאַרבעט אין 17טן י״ה אין דער יידישער סביבה. ביידע זאַכן זיינען כאַראַקטעריסטיש לויט זייער אינהאַלט, און זייער זעלטן זיינען זיי אויך:

---

[1] שארית ישראל, דירענפורט 1799 (ערשטע אויסגאַבע אַמסטערדאַם 1743), ז׳ b: „...אונ׳ דא דער בריב קאם צו פעטרוניו. האט ער גלייך גשיקט צו דיא יהודום אונ׳ האָט זיא מיט די גוטי צייטונג משמח גוועזן". קהלת שלמה, אַמסט׳ 1744 (ערשטע אויסגאַבע פפד״מ 1722), נגc: אום שבת זאָל מען „נאך נייאי צייטונג אויך ניט פרעגן".

אויך אונדזער צייטונג האָט לכתחילה געהייסן „ניי-צייטונג". אַזוי געפינען מיר אין שטיגערס „סערקעלע": „ר׳ שמואל שראַבער האָט דעך אלליין... אין דיא נאַיצאַיטינג געלייגט..." און אַפילו אין „קול מבשר" 1869, נומ׳ 19: „מיינט איהר דאָך אַז איהר דרש׳ט שאָן מיט אייערע נייצייטונג..."

עס איז אַ סברא, אַז אין ערגעץ זיינען ניטאָ מער דערפון קיין עקזעמפלאַרן אַחוץ די איינציקע שטיק אין אָקספאָרד.

*

דאָס ערשטע ביכל איז: אַ מעשה פון אַ רוח אין קאָרעץ[1]. אַ קליין ביכעלע, ווי אַ פּאָסטקאַרטל די גרייס. געדרוקט איז דאָס מיט גרויסע אותיות, אַזוי אַז טעקסט איז פאַראַן ווייניק. נאָר ווי אינטערעסאַנט איז דאָס ביכל!

קיין יאָר און קיין אָרט פון דרוק איז ניט אָנגעוויזן. נאָר מען רעכנט, אַז דאָס ביכל שטאַמט פון דער צווייטער העלפט זיבעצעטן יאָרהונדערט. דאָס הייסט עס איז אַלט אַ יאָר 250—270, און געדרוקט איז עס אין פּראָג אָדער אין קראָקע. אָנגעשריבן זיינען די גאַנצע 32 זייטלעך אין גראַמען, אָבער אין זייער שלעכטע. צום אָנהייב ווערט דאָס ביכל רעקאָמענדירט פאַר די לייענער אין אַזאַ נוסח[2].

„דאָס מעשה וואָר געשען אין אונדזערן טאָגן,
דאָס די גאַנצע וועלט ווייס דערפון צו זאָגן,
און לאָז דאָס אייך ווסן,
דאָס אַל זיין טאָג איז ניט געשען זעלכע וואונדער און נסים.
דרום מעג איטלעכער מענטש דאָס מעשה קויפן, דען ער ווערט ויסן פיל חידושים צו זאָגן,
וואָס דאָ איז פאַרלאָפן אין אונדזערע טאָגן;
דורך דעם וועלן מיר זוכה זיין צו קומען אין הייליקן לאַנד אריין,
דערויף וועלן מיר זאָגן אָמן“.

און תּיכף אויף דער ערשטער זייט, באַלד נאָך דעם אריינפאָר, הייבט זיך אָן די געשיכטע גופא, געשריבן אין דעם זעלבן מין גראַמען. אין קאָטעלניע (אַ קליין שטעטל אויף אוקראַינע, זשיטאָמירער קרייז, וואָלינער גובערניע), האָט געוואוינט אַ פרומער ייד, ר׳ אליה האָט מען אים גערופן, וואָס האָט אויסגעהאָדעוועט אַ פיינע טאָכטער מיטן נאָמען מינדל. איז אין איר אריין אַ דיבוק, קיינער האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי. זי האָט געהאַט פון אים גרויסע ווייטאָגן. ער פלעגט זי צופּן ביים האַרצן, אַוועקשטעלן מיט די פיס קאַפּויר און דאָס קליידל פלעגט זיך פאַרט האַלטן, און דערביי האָט ער מיט חוצפה חוזק געמאַכט פון דעם עולם. מען איז געפאָרן מיט דעם

[1] קאַט׳ באָדל׳ 3922, נומער אין דער באָדלעיאַנע: Opp. Oct. 9460.
[2] דעם אויסלייג מאָדערניזיר איך.

מיידל צו מכשפות און דאָקטוירים, אָבער זיי האָבן ניט געקענט העלפן; עטלעכע האָבן נאָר געגעבן אַן עצה, מען זאָל איר די האָר ניט קעמען, ווען דאָס פאַרשאַטן דעם דיבוק. אַז עס איז געקומען נאָענט צו ראש־השנה, האָט מען געשיקט קיין פרילוקי[1] נאָכן דאָרטיקן שמש ר׳ איציק, „דען דער שמש רבי איציק איז מסוגל געוועזן צו פלוכן אויף דעם רוח מיט חרם און קללה". ר׳ איציק איז געקומען, מיט אַ מנין יידן אַריין אין דעם צימער פון דער בתולה און גוזר געווען אויפן רוח, ער זאָל זאָגן ווער ער איז: צי פון שדים און מזיקים אָדער אַן אומריינע נשמה. דער רוח האָט זיך זייער געבעטן, געוויינט איבער די חרמות און ענדלעך אויסגעזאָגט, אַז ער איז אַ זינדיקע נשמה און מען רופט אים יעקב. אָבער אַרויסטרייבן אים האָט דער פרילוקער שמש ניט געקענט.

איז מען אַוועק קיין פּאַוולאָוויטש. דער אַב־בית־דין האָט געוויינט אויף דער גרויסער פּיין פון דער בתולה, און דער גאַנצער בית־דין האָט זיך אונטערגענומען אַרויסצוטרייבן דעם רוח, וואָס האָט געפּייניקט זיין קרבן: אָט האָט ער זי געבויגן אויף צוריק, גלייך ער וואָלט איר וועלן צעברעכן אַלע ביינער, און זי האָט געשריען מיט אַ הויכן קול „שמע ישראל", אָט האָט ער זי געשלאָגן אין קאָפּ און אין מוח. מען האָט געשיקט נאָך דעם באַוואוסטן „ר׳ אברהם בעל־שם לק״ק פּרעמיסלא[2], דען ער איז מסוגל געוועזן צו זעלכע ענינים". ער איז געקומען און אָנגעהויבן אויף אַ נייעם וועג: געדעמפט דעם רוח מיט שוועבל און ביטער ווערמיט. אָבער „דער רוח ימח שמו האָט זיינער דאָס געשפּעט געטריבן", איז דער בעל־שם אַוועק אַהיים.

האָט מען געבראַכט די בתולה קיין לובאַרטאָוו[3]. דאָרט האָבן זיך שוין עטלעכע בעלי־שמות גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט דעם דיבוק געדעמפט מיט פאַרשיידענע זאַכן. ער אָבער האָט נאָר איינגעשלונגען דעם דאַמף און זיך באַהאַלטן אין דער בתולהס דיך. דאָ האָט ער איר גענומען ברעכן דעם ביין פון פוס, און דעם מוח האָט ער איר אויך פאַרקערט. האָט זי אָנגעהויבן צו שרייען צו גאָט, ווייל זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט זען: רבונו של עולם, וואָס בין איך שולדיק, וואָס דער רשע האָט געטאָן אַזעלכע גרויסע עבירות! דערנאָך האָט זי אַליין גענומען באַשווערן דעם רוח מיט יענע חרמות, וואָס זי האָט געהערט פון די בעלי־שמות, און געבעטן גאָט, ער זאָל זי דערלייזן אין זכות פון דער עקדה. דער רשע (דאָס הייסט דער רוח) האָט צוגעהערט די אַלע רייד, איז ער אַריין צום מיידל אין קאָפּ און גענומען שרייען: „בין איך דען מחויב צו ליידן פון דער טמאה ארורה אַל אירע רייד?

---

[1] מסתמא ניי־פּרילוק, באַרדיטשעווער קרייז, ניט ווייט פון קאָטעלניע.

[2] זאָל דאָס זיין פּערעמישלע (פּשעמישל) אין מזרח־גאַליציע?

[3] היינט הייסט דאָס שטעטל „ליובאַר".

איך וויל איר אָנטון גראָסע לייד. און האָט אָנגעהאָבן אויסצופליקן איר האָר, און האָט וועלן צעברעכן איר גוף גאַנץ און גאָר״.

אינדעם האָט מען געבראַכט דעם גרויסן אַב־בית־דין ר׳ יעקב פון מי־ראָפּאָליע[1]. פאַר אים האָט זיך דער רוח שטאַרק דערשראָקן און האָט זיך באַהאַלטן ביי דער בתולה אין דיך; האָט די בתולה גענומען לויבן גאָט. זי האָט אויסגעזונגען גאַנץ „אדיר איום ונורא״ און דערנאָך געזאָגט: „רבונו של עולם, פאַרוואָר אַל די טאָרן [טויערן] זיין צוגעשלאָסן, און די טאָרן פון טרערן זיינען אָפן״. ר׳ יעקב האָט שוין באַלד געהאַט אַרויסגעטריבן דעם רוח מיט זיינע השבעות, — האָט זיך פּלוצים אין לובאַרטאָוו אָנגעהויבן אַ שרפה. אויף די געשרייען „עס ברענט!״ איז זיך די גאַנצע חברותא פונאַנדערגעלאָפן, ווייל יעדערער האָט מורא געהאַט, אַז זיין שטוב זאָל ניט ליידן. איז „דער רוח ההדיוט״ צוריק אַריינגעשפּרונגען צום מיידל אין קאָפּ, איז בטל געוואָרן די גאַנצע פעולה.

עס האָט זיך אָבער געטראָפן נאָך עפּעס ערגערס: עס איז געוואָרן אַ בלבול אויף דער קהילה. „דען די ערלים וואָרן גיין צום שר[2] קלאָגן אויף דער בתולה. דען זיי זאָגן דאָס דער רוח האָט אָנגעצונדן די שטאָט״. האָט דער פריץ גוזר געוועזן, אַז אויב מען וועט פאַקן די בתולה, זאָל מען זי תיכף פאַרברענען, כדי דאָס שטעטל זאָל ניט געשעדיקט ווערן אַ צווייטן מאָל; „און אָן די לייט די אין האָבן משביע געוועזן זאָל אויך זיין די גזרה״. האָט קהל געמוזט קלערן ווי אַזוי וואָס גיכער אַרויסצופּטרן פון שטאָט די קראַנקע צו־זאַמען מיט די „משביעים״ (באַשווערער). „און אַז מען איז געקומען צו זוכן די בתולה פון דעם פריץ, דאָ האָט דאָס קהל געשיקט אַוועק די בתולה לק״ק קאָרעץ[3]״.

דאָ האָט געוואוינט אַ גרויסער גאָטספאָרכטיקער מאַן, ר׳ ברוך קאָט. ווען ער איז אַריין אין שטוב און מען האָט אים געזאָגט, ווי דער שטייגער איז ביי יידן: „ברוך הבא, ר׳ ברוך!״, האָט זיך דער רוח באַלד איבערגע־שראָקן. ער איז אַריין צו דער בתולה אין קאָפּ און גענומען שרייען: איז דאָס דער ר׳ ברוך וואָס זיין שם גייט פון סוף עולם ביזן אַנדערן סוף עולם? טאָ זאָל ער זיך זעצן ביי מיר פון דער רעכטער האַנט, ווייל ער איז ווערט, מען זאָל אים אָפּגעבן כבוד. ס׳ איז געווען דער ערשטער טאָג פּסח. האָט ר׳ ברוך געענטפערט דעם רוח, אַז ער מוז איצט אַוועק אין שול, טאָ זאָל ער דער־ווייל לכבוד יום־טוב ניט פּייניקן דאָס מיידל; דער רוח האָט צוגעזאָגט און געהאַלטן וואָרט. דערנאָך האָט אים ר׳ ברוך געהייסן וואַרטן אַ צווייטן מאָל

---

[1] אין טעקסט איז געשריבן „מריפּוליה״; ביי 30 קילאָמעטער פון לובאַר.

[2] צום פריץ פון שטעטל.

[3] אויך אין וואָלינער גובערניע, ביי 75 קילאָמעטער פון לובאַר.

ביז נאָך דער סעודה, און דער רוח האָט ווידער געענטפערט: „איך וויל דיר צו ווילן זיין״.

ווען ר׳ ברוך איז שפעטער געקומען צו אים, האָט אים דער רוח אויסדערציילט זיין גאַנצע געשיכטע. ער הייסט טאַקע יעקב. ווען ער האָט געדאַרפט שטאַרבן, זיינען געקומען די מלאכי־חבלה און אים מיט זייערע העררנער אַרויסגעריסן די נשמה. מען האָט אים אַפילו אין גיהנום ניט אַריינגעלאָזן, נאָר מען האָט אים איבערגעגעבן צו אַ מזיק, „האַלב אַז אַ הונט און האַלב אַז אַ בהמה״. יענער האָט אים געפּייניקט, איינגעשווגען און אויסגעשפּיגן, און אַזוי עטלעכע שדים און מזיקים נאָך אַ פּאָר מאָל. צווישן מיל־שטיינער האָט מען אים צעריבן זיין גוף און זיין נשמה. שפּעטער האָט מען אים ווידער גאַנץ געמאַכט, און זיין נשמה איז אַריין אין אַ חזיר, דערנאָך אין אַ ריינער בהמה; האָט ער זיך שוין דערפרייט, אַז דורך דער ברכה פון דעם שוחט וועט ער אויסגעלייזט ווערן; „ערשט האָט מיין בייז מזל גורם געווען, דאָס די בריאה איז דורך אַן ערל געשלאָגן געוואָרן״. פון דאָרט איז ער אַנטרונען געוואָרן אין אַ קעלער, און דאָ האָט ער זיך באַגעגנט מיט דער אויסגעלאַסענער פרוי, „וואָס איך בין מיט איר אשת איש געוואָרן ביי מיינעם לעבן״; זי איז אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רוח. זיינען געקומען צו גיין אין קעלער צוויי מוידן, האָבן זיי זיך אַריינגעכאַפּט אין די ביידע. אָבער די אשת־איש האָט דאָס געמאַכט נאַריש, אַן אישה האָט דאָך קורצן שכל און לאַנגע האָר, איז די מויד ביי איר באַלד געשטאָרבן; און ער האָט זיך געשטאַרקט, אַריין פריער אין אַלע אָדערן און אַלע גלידער, און איצט וועט ער מער ניט אַרויסגיין. ער האָט פאַר זיין לעבן אָפּגעטאָן אַלע עבירות אין דער וועלט, נאָר איין מצווה האָט ער פאַרדינט: ער האָט געראַטעוועט יידן פון גזלנים; דעריבער איז ער אַריין אין אַ גוף טהור.

ווען די חברותא האָט געזען, אַז ער גייט ניט אַרויס, האָט מען געטאָן אַזוי: גענומען אַ גרויסע פאַס, אינמיטן אַריינגעשטעלט אַ דעק, אין דעם דעק געמאַכט לעכער און פון אונטן געמאַכט „אַ קטורת דהיינו ווייִרעך און שוועבל און ביטער ווערמיט״. דער רוח האָט פריער ניט געוואָלט אַריינגיין אין פאַס, געסטראַשעט, אַז ער וועט דער בתולה צעברעכן איר געביין, נאָר ר׳ ברוך האָט אים געצוואונגען אַריינצוגיין „איבער זיין דאַנק״[1], און מען האָט די בתולה אַריינגעזעצט אין פאַס. האָט דער רוח גענומען שרייען: אַ משל וואָס דו טוסט צו מיר, גלייך ווי איינער האָלט דעם צווייטן ביי די הענט און אַ דריטער שלאָגט; אַזוי טוסטו אויך: דו הייסט מיך אַריינגיין אין פאַס, און זיי ווילן מיך מחרים זיין. ער האָט אָבער קיין ברירה ניט געהאַט און געמוזט אַריינגיין. ווען דער רויך פון דעם געדעמפ איז אים געוואָרן צו שווער, איז

[1] קעגן זיין ווילן.

ער אַרויפגעלאָפן צו דער בתולה אין קאָפּ. האָט מען אים געדרויכערט מיט שוועבעל אונטער דער בתולהס נאָז. ווען ער האָט געזען, אַז ער האָט ניט קיין מנוחה, האָט ער גענומען לויפן אַרויף און אַראָפּ און אַזוי געפּייניקט די בתולה, אַז זי האָט געחלשט און איז געלעגן מער ווי פינף שעה אין חלשות[1].

דער רוח האָט גענומען שרייען: אומזיסט זאָגט מען, אַז איר זייט רחמנים בני רחמנים, איר זייט רשעים ואַכזרים! מען האָט די בתולה אַוועקגעלייגט אויפן בעט, נאָר די באַשווערער האָבן פונדעסטוועגן געטאָן זייערס, משביע געווען ווייטער, „בדרך השיטה, ווי עס גייט". האָט די בתולה מיטאַמאָל געזאָגט מיט פרייד: ער איז אַרויס פון מיר, ער זיצט אויפן בעט, עד זעט אויס אַז אַ פליג וואָס מען הייסט גריל. זיי האָבן גענומען נאָך שטאַרקער מחרים זיין, געבלאָזן שופר — איז אַריין צוריק.

מען איז אַוועק אין שול; „בראש צווישן אַשרי ובאָ לציון אין דער שול האָבן מיר אים מחרים געווען מיט זיבן ספר תורות און זיבן שופרות געבלאָזן, און אַלע מאָל האָט מען די ליכט אויסגעלאָשן". דער רוח האָט געהערט, ווי די קליינע קינדער וויינען, איז אויף אים געפאַלן אַ גרויסע אימה. מען האָט צוגעשיקט צום רוח דעם שמש, ער זאָל אים אָנזאָגן „בדרך התראה", אַז אויב ער וועט ניט אַרויסגיין, וועט מען אים אַזוי פאַרשילטן אין אַלע קהילות, און אומעטום וועלן די קליינע קינדער ענטפערן אָמן; בעסער זאָל ער אַרויסגיין מיט גוטן, וועט רבי ברוך אויספועלן, אַז ער זאָל קומען אין זיין מנוחה אַריין. האָט דער רוח אָנגעהויבן צו וויינען, אַז ער וואָלט גערן געווען אַרויסצוגיין, נאָר ער קען ניט; פאַראַן אַ ממונה איבער אים, וואָס לאָזט ניט; ער הייסט „דוהא". „דאָ האָבן מיר געזוכט און געפאָרשט צווישן שמות, ביז דאָ מיר האָבן געוואָר געוואָרן, דאָס ער הייסט ניטוהא". ווייבאַלד אַזוי, איז איין כיתה פון די באַשווערער אַוועק אין פעלד און משביע געווען דעם ממונה איבערן רוח, און די צווייטע האָט אין שול משביע געווען דעם רוח. דער דיבוק איז שוין געוואָרן גאָר שוואַך, האָט ער צוגעקלערט אַ רמאות און געזאָגט צו דער חברותא: לאָזט מיך אָפּ איצטער, לאָזט מיך צו רו די נאַכט, און ווי נאָר די הינער וועלן נעמען קרייען גיי איך אַרויס. זיי האָבן ניט געוואוסט, צי מען קען אים גלייבן, רבי ברוך אַליין איז ניט געווען דערביי; אָבער דער רוח האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט די ווערטער, און פאַרמאַטערט זיינען זיי געווען פון דעם לאַנגן תענית (ס'איז געווען אַ דאָנערשטאָג), האָבן זיי געגלייבט און זיינען אַוועק. אויף מאָרגן אינדערפרי האָט ער פון זיי חוזק געמאַכט: איך האָב געזאָגט אַז איך וועל אַרויסגיין ווען די הינער וועלן קרייען, און געקרייט האָט גאָר דער האָן!

---

1 „אונ׳ וואר אין חלשות אז פינף שעות אום אויף גיהערט".

פרייטאָג צו נאַכט¹ האָט אָבער דער רוח געהייסן דער בתולהס פאָטער, ער זאָל תיכף לויפן נאָך ר׳ ברוכן. ר׳ ברוך האָט אים געגעבן תקיעת־כף, אַז ער וועט בעטן פאַר זיין נשמה. איז דער רוח שטילערהייט אַרויס דורכן פוס, אַזוי אַז קיינער, ניט די הויזלייט און ניט די שלאָפעדיקע בתולה אַליין, האָט ניט געשפירט. אויף מאָרגן איז געוואָרן אַ גרויסע שמחה אין שטאָט: דער רוח איז אַרויס! האָט מען געבראַכט צו דער בתולה אין שטוב אַ ספר־תורה, אויפגעהאַנגען איר שמות אויפן האַלז. „און איך דער כותב, גיט צו דער אַנאָנימער פאַרפאַסער פון דעם ביכל, בין געבליבן זיצן ביי איר אַליין, דאָס דער רוח זאָל זיך ניט ווידער אומקערן צו איר אַריינגיין״. רבי ברוך האָט אויך געגעבן דער בתולה אַ מאַן. מיר זאָלן אַלע געניסן זיין זכות און זוכה זיין צו קומען אין משיחס צייטן אין הייליקן לאַנד אַריין.

## 2

צי דאַרף איך זיך פאַרענטפערן, וואָס איך האָב איבערגעגעבן אַזוי גע־נוי דעם אינהאַלט פון דער שוידערלעכער געשיכטע? איך רעכן, אַז ניט, ווייל זי לאָזט אונז אַ סך הערן אין פאַרשיידענע באַציִונגען.

ערשטנס קען דוכט זיך ניט זיין קיין שום צווייפל, אַז דאָ ווערט גע־שילדערט אַ ווירקלעכע פּאַסירונג. איך מיין ניט צו זאָגן, אַז עס איז טאַקע געזעסן אַ דיבוק אין דעם מיידל און דער גערימטער רבי ברוך קאַט האָט אים אַרויסגעטריבן, אָבער אַז עס איז געווען אַזאַ קראַנק מיידל, וואָס מען האָט זי אומגעשלעפּט לאַנגע מאָנאַטן פון איין שטעטל אין צווייטן, פון איין בעל־שם צום צווייטן באַכדעם ווי זי איז עטלעכע יאָר געווען קראַנק (אין דעם ביכל שטייט, אַז פינף יאָר),—דאָס איז ביי מיר זיכער. דער גאַנצער גאַנג פון דער שילדערונג איז אַזוי נאַטירלעך, אַז מיר וואונדערן זיך גאָרניט, ווען מיר ווערן געוואויר צום סוף, אַז דער שרייבער פון דעם ביכל איז בייגע־ווען ביי דער גאַנצער פּאַסירונג.

אַ פּסיכיאַטער אַ ספּעציאַליסט וועט קענען אין דער דערציילונג געפינען אַ סך מאַטעריאַל פאַר זיין וויסנשאַפט. לאָמיר אָבער פּרווון מיט אייגענע כוחות פונאַנדערפּלאָנטערן דעם קנויל. אַ סך זאַכן וועלן אונדז דאַן קלאָר ווערן.

וואָס איז געווען די סיבה וואָס דאָס מיידל איז קראַנק געוואָרן? מיר הערן, אַז איר שוועסטער איז געשטאָרבן מיט אַ קורצער צייט פריער איידער דער רוח האָט זיך דעם ערשטן מאָל באַוויזן. דער טויט פון דער שוועסטער האָט געוויס געמאַכט אויף איר אַ שווערן איינדרוק. ווייטער הערן מיר אין איין אָרט, אַז געשען איז די זאַך „אין דער צייט פון דעם קריגס־טומל אין

---

¹ „פרייטאג צו נכט״.

קליין פוילן". עס איז שווער פעסטצושטעלן, וואָס פאַר אַ קריג דאָס איז געוועזן, דאָס הייסט אין וועלכע יאָרן די זאַך איז פאָרגעקומען (זאָלן דאָס זיין געווען אין כמעלניצקיס מלחמות?); נאָר יעדנפאַל האָט די קריגס-מהומה אויך ניט געקענט צוגעבן רו דער קראַנקער. זי האָט קענטיק באַקומען די פאַליקע, און אין יענער צייט האָבן קינדער אין די וויגן געוואוסט, אַז די פאַליקע (עפילעפסיע) בעמט זיך פון אַ דיבוק. אַזוי האָבן געגלייבט יידן און קריסטן, הויכע און נידעריקע; זייער כאַראַקטעריסטיש איז דאָ דער עפּיזאָד ווי די ערלים זיינען געגאַנגען באַקלאָגן זיך צום פריץ און דער פריץ האָט געהייסן פאַרברענען דאָס מיידל. די קראַנקע אַליין האָט אויך ניט געצווייפלט אין דעם, אַז זי גייט אום מיט אַ דיבוק, און ווייל זי איז געווען אַ פרומען יידנס אַ טאָכטער, איז זי קיין עם-הארצטע ניט געווען, האָט זי אין דער צייט פון די אָנפאַלן כלומרשט גערעדט תורה-ווערטער אין נאָמען פון דעם דיבוק, דערנאָך אַליין פון זיך גערעדט תורה און געזאָגט תפילות און געבעטן, אַז גאָט זאָל זי אויסלייזן.

די באַשרייבונג פון דעם, ווי אַזוי דער רוח לויפט פון איר קאָפּ אין דיך אַריין, ווי אַזוי ער רייסט איר די האָר און שטעלט זי קאָפּויר מיטן קאָפּ אַראָפּ, גיט אונדז אַ געטרייען בילד פון אירע קאָנוואולסיעס. ניט נאָר די אַרומיקע, נאָר אויך זי אַליין איז געווען זיכער, אַז דאָס פייניקט זי דער רוח. ווען מען האָט זי אַרומגערינגלט מיט דאַמפּן פון שוועבל און נאָך חוץ דעם געריכערט איר שוועבל אונטער דער נאָז, איז קיין וואונדער ניט, וואָס זי האָט געחלשט; קיין געזונטער מענטש וואָלט דאָס אויך ניט געקענט אויסהאַלטן. די אַרומיקע האָבן אָבער געגלייבט, אַז דאָס האָט דער רוח זי געמאַכט חלשן.

אפשר האָט נאָך די געשיכטע געהאַט אַ ספּעציעלן פּאַטאָלאָגישן באַזיס אויך, און אפשר שטעקט אין דעם דער סוד, וואָס רב ברוכן האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוטרייבן דעם רוח גראָד פרייטאָג צו נאַכטס, בשעת קיינער איז ניט געווען דערביי. די פראַגע לאָמיר לאָזן אָפן; מיגלעך איז דאָס געוויס, ווי מיר ווייסן פון דער פּראַקטיק פון אַ סך שפּעטערדיקע בעל-מופתים. אַ פּאָר ווערטער נאָך וועגן דעם היסטאָרישן ווערט פון דער דערציילונג.

דאָס שטעטל קאָרעץ, וואו ברוך קאָט האָט באַוויזן זיין גבורה, האָט אין 18טן און 19טן יאָרהונדערט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ביי חסידים. אָבער אויב אונזער ביכעל שטאַמט פון 17טן יאָרהונדערט — און אַזוי האַלט ניט קיין קלענערער ווי שטיינשניידער — דאַן האָבן מיר דאָ צו טון מיט געשעענישן וואָס זיינען פאָרגעקומען, ווען עס איז נאָך קיין חסידישע באַוועגונג ניט געווען, אַפילו נאָך פאַר ר' ישראל בעל שם טוב. און דאָ קומען מיר צו דערקענען פון אונזער קליין ביכעלע די גאַנצע סביבה, אין וועלכער דער חסידיזם איז שפּעטער אויפגעשטאַנען. אין וואָלין, אין פּאָדאָליע, אין מזרח-גאַליציע האָט די שבתי-צבי-באַוועגונג געפונען זייער פיל אָנהענגער, און ווען שבתי-צבי איז געפאַלן, זיינען געבליבן זיינע אָנהענגער, ספּעציאַלסטן אין

„פּראַקטישער קבלה": אין טון כּישוף, שאַפן זיך מיט שדים און רוחות, אַרויסטרייבן דיבוקים און אַזוי ווייטער. דער בעל־שם־טוב ר' ישׂראל, דער גרינדער פון הסידות, איז אויך געווען צום אָנהייב איינער פון די בעלי־שמות. ער האָט זיך געוויס אַרויסגערוקט צוליב זיינע גרויסע פעיקייטן און צוליב זיין מאָראַלישער הייך; אָבער עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס ער איז אַרויסגעוואַקסן גראָד פון יענעם געגנט, וואָס איז געווען איינגעטונקט אין דעם שדים־ און רוחות־גלויבן, און זיינע נאָכפאָלגער האָבן זיך שפּעטער ווידער ספּעציאַליזירט אין דעם זעלביקן פאַך.

ה' מ. לייזעראָוויטש אין וואַרשע האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער אין ליובאַר געהערט דערציילן אַ גאַנץ ענלעכע געשיכטע; נאָר קיין פּרטים האָט ער מער ניט געוואוסט. ווענד איך זיך דעריבער צו די לייענער פון יענע מקומות, זיי זאָלן זיך פּרווון דערמאָנען אָדער געוואויר ווערן, ווי אַזוי די זאַך ווערט דערציילט אָדער איז דערציילט געוואָרן. דאָס איז אינטערעסאַנט פאַר דער געשיכטע פון אונדזער קולטור (אָדער אומקולטור). צי האָט עמעצער אַמאָל געהערט דערמאָנען דעם נאָמען פון אונדזער רב ברוך קאַץ? צי שטאַמט ניט אַמאָל אָפּ פון אים עמעצער פון די שפּעטערדיקע חסידישע רביים? אָדער איז אפשר אַן ענלעכער פאַקט ווי אונדזערער דער־ציילט אין אַ שפּעטערדיקן חסידישן ספר?

דעם שטאָף פאַר זיין „דיבוק" האָט אַנ־סקי אויך געבראַכט פון דעם זעלביקן ווינקל פון אוקראַינע, און דעם נאָמען מיראָפּאָליע האָט ער געוויס גענומען פון די דערציילונגען וואָס ער האָט פאַרשריבן אין דעם געגנט.

## 3

דאָס צווייטע ביכל וואָס איך גיי דאָ באַשרייבן איז גאָר פון אַן אַנדער כאַראַקטער. עס איז געדרוקט בערך אין דער זעלבער צייט, אָבער אַ סך שענער, דייטלעכער און זויבערער. עס איז אַרויס אין יאָר 1675 אין אַמסטער־דאַם, וואו מען האָט געקענט די מלאכה פון דרוקן אַ סך בעסער ווי אין פּראָג אָדער נאָך ווייטער אויף מזרח.

אויך דאָ האָבן מיר געוויס צו טון מיט אַ פאַקטישער פּאַסירונג, און מיט אַזאַ מין פאַקט וואָס איז אונדז אויך היינט נאָך גאַנץ גוט באַקאַנט, מער־ניט וואָס דער אויסגאַנג, ווי איר וועט זען, איז געווען אַ ביסל אַן אַנדערער איידער היינט. עס איז די געשיכטע פון אַ יידן, וואָס האָט געלאָזן זיין ווייב אַן עגונה; ווען ער וואָלט געלעבט אין אַמעריקע, וואָלט מען אָפּגעדרוקט זיין בילד אין דער גאַלעריע פון פאַרשוואונדענע מענער.

דאָס ביכל רופט זיך: „אַ שיין ניי ליד וואָס צו האַמבורג איז געשען"[1],

---

[1] קאַט' באָדל' 3636.

און עס איז אָנגעוויזן, אַז מען קען דאָס ליד זינגען „בניגון איין מאלט דאש איך לושט ביקאם״[1].

דער אָנהייב לייענט זיך אַזוי (אויסלייג מאָדערניזירט):

הערט מיר צו, איר ליבע לייט,
וואָס זיך האָט פאַרלאָפן צו דיזער צייט,
וואָס צו האַמבורג איז געשען:
עס איז געקומען אויס פוילן א בייזער מאַן,
דער דאָ האָט גאָר פיל מעשים רעים געטאָן,
דאָס האָט גאָט ניט לענגער קענען צוזען.

איינער א יונה ימח שמו איז געקומען פון פוילן קיין האַמבורג און האָט זיך דאָ גענומען אַ צווייטע פרוי, וואָס האָט געהייסן „פריידכען״. די ערשטע פרוי פון פוילן האָט לאַנג אַרומגעזוכט דעם מאַן אין אַלע עקן, ביז וואַנען „די לייט, די אַזוי אַרומוואַנדערן אַלע צייט״, האָבן איר דערציילט וואו ער איז און אַז ער האָט גענומען אַן אַנדער פרוי. פאַר גרויס לייד האָט זי זיך שיר די האָר פון קאָפּ אויסגעריסן, נאָר זי האָט באַשלאָסן, אַז זי וועט דאָס אים ניט שענקען. זי איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמסטערדאַם, וואו זי האָט געהאַט אַ ברודער, און האָט זיך איינגעבעטן ביי אים, ער זאָל פאָרן מיט איר קיין האַמבורג.

דרום מיין ליבער ברודער, מיין ליבס קינד
ציך מיט מיר נאָך האַמבורג געשווינד,
דאָס איך מעכט ביי דען הדיוט[2] קומען.

זיי זיינען ביידע אַוועק. עס איז געווען אַ האַרטער ווינטער. זיי זיינען באַלד פאַרפרוירן געוואָרן אין וועג, נאָר זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דער חברה־מאַן וועט געוואויר ווערן וועגן זייער קומען, וועט ער אַנטלויפן.

ווען יונה האָט דערזען דעם שוואָגער, איז ער שיר ניט דערשטיקט גע־וואָרן פאַר מורא, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער אים אַ זאָג געגעבן:

שלום עליכם, איי וואו קומט איר הער? זאָגט מיר דאָך עפּעס נייע מער?
[שלום עליכם, פון וואַנען קומט איר עס; וואָס הערט זיך עפּעס בייס?]

— אָ, ס׳זיינען פאַראַן גרויסע נייס, האָט געענטפערט דער שוואָגער: מיר האָבן געהערט וועגן דיר אין דער פרעמד. ווי אַזוי קומסטו צו נעמען אַ צווייטע

---

[1] דאָס דייטשע ליד: „איינמאל דא איך לוסט בעקאם / צו פרייען איינען יונגען מאן״ איז געווען באַליבט ביי יידן; מיט 75 יאָר פריער האָט עס אייזיק וואליך (זע ז׳ 60 א״וו) פאַר־צייכנט אין זיין העפט.

[2] הדיוט — פּראָסטער מענטש.

ווייב און דערצו נאָך אַן אויסגעלאַסענע פרוי? און וואָס האָסטו געטאָן מיט מיין שוועסטער וואָס דו ביסט ניט ווערט צו רעדן מיט איר?

האָט דער „טמא" אָנגעהויבן צו שרייען: „ס'איז שקר וכזב, איך בין ניט איר מאַן! איך קען זי ניט אָדער איר משפחה!"

דער שוואָגער האָט אים גערופן צו בית־דין, וואָס ער פאַרלייקנט זיין ערשטע פרוי. פריידכען איז נאָך געקומען צו דער ערשטער פרוי רייצן זיך: אַז קיין העלער וועט זי ניט אָנזען אין די אויגן, זי וועט נאָך דאַנקען גאָט אויב זי וועט באַקומען אַ גט.

דאָס בית־דין האָט געפסקנט, אַז איידער עס וועט קלאָר ווערן, וועלכע פון די ביידע פרויען ער מוז געבן גט, זאָל זיך יונה יעדנפאַל באַזעצן באַזונדער. אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק און געפירט זיך ווייטער אויפן זעלביקן שניט ווי פריער.

אַז די ערשטע פרוי האָט שוין גאָר קיין אַנדער אויסוועג ניט געהאַט, איז זי אַוועק צו דער שטאָטישער „עצה"[1]. דאָרט האָט מען אויסגעהערט פריינדלעך איר בקשה, און ווייל עס האָט געמאַכט אַן איינדרוק, אַז אַלץ וואָס זי רעדט איז אמת, האָט מען איר מיטגעגעבן אַ בריוול[2] צו דער פּאָליצייִשער וואַך. דאָרט האָט איר דער „אָפיצירער" געגעבן פיר „מושקעטירער", זיי זאָלן פּאַקן דעם חברה־מאַן. דער שוואָגער איז אויך מיטגעגאַנגען. זיי זיינען געקומען אין פריידכענס וואוינונג, געזוכט אומעטום, נאָר יונה איז אין ערגעץ ניט געווען. די וואַך האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין, האָט זיך אָפּגערופן דער שוואָגער: זאָל מען געבן אַ זוך אין קוימען, אפשר איז ער דאָרטן באַהאַלטן. האָט מען אַ קוק געטאָן און אַרויסגעשלעפּט אים פון דאָרטן[3]. ער איז געווען שטאַרק אָנגעשראָקן, און ווען זיי האָבן אים געבונדן שלעפּן, האָט ער געמיינט, אַז מען וועט אים תיכּף קעפּן. האָט ער אַ געשריי געטאָן: לאָזט מיך, איך וועל אַליין גיין מיט אייך!

מען האָט אים איינגעזעצט אין תּפיסה. דאָרט איז געווען גוט קאַלט, און עסן האָט מען אויך געגעבן ניט איבעריקס פיל. פריידכען איז גראָד אויפגעשטאַנען פון קימפּעט. זי האָט געבראַכט דעם מאַן עסן און אים געזאָגט: פרעג ביי איר וואָס זי וויל, דו ביסט דאָך גרייט צו געבן איר אַ גט. פריידכען איז אויך געגאַנגען צו דער „עצה", געמיינט, אַז זי וועט דאָרט עפּעס פועלן, אָבער אומזיסט. האָט מען אונטערגעשיקט צו דער ערשטער פרוי מענטשן, וועלכע האָבן מיט איר איינגעטענהט אַזוי:

---

1 צום שטאָט־ראַט. אויך אין מגילת ווינץ געפינען מיר דעם אייגענעם אויסדרוק, זע שטאַפּלען ז' 165.

2 „איין בריבכין".

3 „דא גיפונדן זיא בר המן דריגן שטין".

זיך[1] דו, וואָס דו געדענקסט[2],
דאָס צו אַ בר־ישראל אום דאָס חיות ברענגסט;
ער ווערט אפשר געקעפּט אָדער גאָר געהאַנגען.

האָט זיך די יידישע גזלנטע געלאָזט איינרעדן.

די גוטע פרוי גינג צו דעם רשע ביי די תּפיסה הין
און שפּראַך צו אים: דו מעכטסט מיך לייכט געפינען אין דעם זין,
איך וואָלט אָן דיר טון אַ היפּשע נקמה;
אָבער איך האָב ברוך־השם אַ יידיש הערץ;
ווען דו מיך גלייך האָסט געבראַכט אין גראָסע שמערץ,
איך באַדענק אָבער מיין נשמה.

האָט ער איר געענטפערט: ווען די אויסגעלאַסענע וואָלט מיך ניט גע־נומען, וואָלט צו די אַלע צרות ניט געקומען. אָבער איך וועל איר אָפּטון: איך וועל אַוועק אין אַ ווייטן לאַנד, וואו מען קען מיך ניט, און וועל נעמען אַ דריטע פרוי.

איז די ערשטע, די פּוילישע, אַוועק צו די הארן פון שטאָטראַט און געבעטן, מען זאָל איר מאַן שענקען דאָס לעבן. האָבן זיי געענטפערט: אויב דו בעטסט וועלן מיר דיר פאָלגן, נאָר מען וועט אים אַרויסטרייבן פון שטאָט צוזאַמען מיט דער אויסגעלאַסענער; אָבער לויף אויף גיך אַוועק צו די רבנים, זיי זאָלן פריער אַרויסקריגן פאַר דיר אַ גט.

אַזוי איז טאַקע געשען: יונה האָט געמוזט געבן גט, און ער מיט פריידכען זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון האַמבורג[3].

31 אזו זאל עש איינים איטליכן רשע גין,
דער זייני ערשטי פרוי לאזט שטין
אונ׳ טוט זיך איין אנדרי נעמין:
דער קאן ניט בלייבין אן קיינים אורט,
ער איז פאר לארין היא אונ׳ דארט
אונ׳ מוז זיך זיין חלק פאר גאט אונ׳ אויך פאר לייטין שעמין.

עס איז געווען אין האַמבורג אַ גרויסער טומל, ווען מען האָט דעם הדיוט יונה מיט פריידכען אַרויסגעיאָגט פון האַמבורג; כּל עולם האָט עס געזען

33 אונ׳ האבין געהאט איין גרושי נקמה דראן.
דרום זייא גיווארינט איין אידר ערליך מאן
אונ׳ נעם זיך קיין צווייא ווייבר.

---

[1] זע. [2] געדענקען — בדעה האָבן.

[3] ווייטער די ציטאַטעס מ׳טן אויסלייג פון אָריגינאַל.

עש העט יונה באלד גיקאשט זיין לעבין,
קיין צווייא פפעניג העט מאן פאר אין גיגעבין —
דאש זאגט אייך יחזקאל בן החבר רבי זכריה
דער שרייביר.

ווער ער איז געווען, אַט דער יחזקאל, ווייסן מיר ניט; קיין אַנדערע זאַכן זיינע זיינען ניט באַקאַנט. אין דער לעצטער סטראָפע זאָגט ער אויס גאַנץ אויפריכטיק, אַז ניט אין פריידיקן מאָראַל איז אים געגאַנגען, נאָר אין די פאָר גראָשן:

34 איר ליבן רבותי קענט אייך וואול גידענקין,
ווארום איך אייך דאש ליד טוא שענקין:
איין קליינע מתנה מיר צו געבין ווערט אייך ניט פאר דריסן.
דא דארך ווערט איר דען זוכה זיין
באלד צו קומן אין ארץ ישראל אריין,
דאש מילך אונ׳ הוניג טוט פליסן. אמן ואמן.

## 3

מיט 13 יאָר שפּעטער ווי די דאָזיקע געשיכטע וועגן יונהן איז אָפּגע-דרוקט געוואָרן, אין 1686, האָט שוין עקסיסטירט אין אַמסטערדאַם אַ פּעריאָדישע יידישע צייטונג. זי האָט געטראָגן דעם נאָמען „קוראַנטן"[1], וועלכער איז געווען אָנגענומען אין גאַנץ אייראָפּע און איבערהויפּט אין האָלאַנד גופא, וואו כמעט יעדע שטאָט האָט זיך געהאַט איר Courant[2]. די צייטונג איז גע-גאַנגען צוויי מאָל אַ וואָך: דינסטאָג (אונטערן נאָמען „דינשטאגישי קורנטין") און פרייטאָג („פרייטאָגישי קורנטין")[3]. דאָס בלאַט איז געווען ניט גרויס, סך-הכל צו 4 צווייִשפּאַלטיקע זייטלעך אַ נומער, און דער פאָרמאַט איז געווען גאָר אַ קליינטשיקער, $15\frac{1}{2}$ אויף 9 צענטימעטער. עס האָבן זיך אויפגעהיט נומערן פון אויגוסט 1686 ביז אויגוסט 1687[4]. צי איז די צייטונג אַרויסגעגאַנגען פריער אָדער שפּעטער איז ניט באַוואוסט; קיין שום נומעראַציע האָט זי ניט געהאַט, הגם געגאַנגען איז זי גענוג רעגולער, און אין דעם לעצטן נומער וואָס האָט זיך אויפגעהיט איז ניטאָ קיין שום באַמערק, אַז די אויסגאַבע שטעלט זיך אָפּ.

די צייטונג האָט געדינט אויסשליסלעך דער אינפאָרמאַציע. זי האָט גע-

---

1 פון פראַנצויזיש courant, לויפיק.

2 דער Amsterdamsche Courant, געגרינדעט 1623, גייט נאָך אַרויס ביז הייַנט.

3 איינמאָל איז אַרויס אַ נומער דאָנערשטאָג, האָט ער געטראָגן דעם נאָמען „דונרשטאגישי קורנטין".

4 דער איינציקער עקזעמפּלאַר פון דער צייטונג (84 נומערן) געפינט זיך אין דער מאָנ-טעסינאָס-ביבליאָטעק אין אַמסטערדאַם (זע אויבן ז׳ 40).

בראַכט נייס וועגן מלחמה, פּאָליטישע ידיעות, יידישע כראָניק פון פאַרשיידענע לענדער, אַ ביסל פון דעם מאַטעריאַל וואָס מיר רופן היינט ניטפּאָליטישע סענסאַציע, אויך מודעות פון צייט צו צייט.

אונדזער ערשטע צייטונג האָט לגבי לייטן ניט שטאַרק פאַרשפּעטיקט. ביזן 16 י״ה איז אין גאַנץ אייראָפּע ניט געווען קיין איין פעריאָדישע אויסגאַבע. 1615 האָט אין ווין אָנגעהויבן אַרויסגיין די ערשטע וועכנטלעכע צייטונג. מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט האָלאַנד געשאַפן די ערשטע פעריאָדישע אויסגאַבעס, וואָס זיינען געגאַנגען צו צוויי מאָל אַ וואָך. די ערשטע טעגלעכע צייטונג האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין (אין ענגלאַנד, אונטערן נאָמען Daily Courant) ניט פריער ווי אין 1702. בנוגע דעם אָנהייב־פונקט פון אונדזער פרעסע האָבן מיר הייסט עס ניט וואָס אַראָפּצופאַלן ביי זיך.

און ווי אַזוי איז מיטן אינהאַלט?

ווען מיר גיבן היינט אַ קוק אויף אָט דער „באָבען פון דער יידישער פרעסע”, נעמט אונדז אָן אַ חידוש און אַ רחמנות צוגלייך. אַזוי האָט דאָס יעמאָלט אויסגעזען אַ יידיש בלאַט! אָבער דאָס איז אַ פאַלשער, אומהיסטאָרישער צוגאַנג. ניט קיין דייטשע און ניט קיין ענגלישע און ניט קיין האָלענדישע צייטונג איז דאַן ניט געווען אָרגאַניזירט בעסער. אונדזער „באָבע” איז געשטאַנען אויף דער הייך פון דער צייט. טאָמער איז די מדרגה ניט קיין איבעריקס הויכע, איז די צייט שולדיק, ניט אונדזערע „קוראַנטן”.

# XIII. פון אַלט צו נײַ

## 1

ווען מיר פּרוּוון פּעריאָדיזירן די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, קומען מיר דאָ צו אַן ענלעכער צעטיילונג אויף אַלט, מיטל און נײַ, ווי מיר האָבן דאָס געהאַט ביי דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך[1]. נאָר די כראָנאָלאָגיע און דער תּוכן דעקן זיך ניט.

באַהאַנדלענדיק די געשיכטע פון דער שפּראַך האָבן מיר פריער פון אַלץ אָפּגעצאַמט די תּקופה פון אַלט-יידיש, ביז 1500 בערך, ווען יידיש איז נאָך געווען זייער נאָענט צום דייטשן מקור; דערנאָך האָבן מיר פון 18טן י"ה [2] גענומען רעכענען די צייט, ווען ס'איז שוין אין זיין גרונדגעשטאַלט געווען דאָס הייַנטיקע, דאָס נ ײַ ע יידיש. ממילא איז געבליבן צווישן דעם 16טן און דעם 18טן יאָרהונדערט אַ שטח, וועלכן מיר האָבן באַצייכנט מיט מיטל-יידיש; אין דער דאָזיקער מיטלסטער תּקופה האָבן די פונצענטרישע טענדענצן (ד"ה די שטרעבונג אַוועקצוגיין פון דעם דייטשן מקור) געווירקט וואָס ווייטער שטאַרקער און ענדלעך גובר געווען.

הייסט עס אויב מיר נעמען די געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך און מיר ווילן אַרויסגעפינען די אונטערשטע שורה, מעסטנדיק זי מיט דעם גראַד פון איר זעלבשטענדיקייט, קאָנסטאַטירן מיר אַ כסדרדיקן שפּאַן באַרג-אַרויף. אין 18טן י"ה האָט זי געשוועבט אין אַ לעבנס-געפאַר, און ס'וואָלט געוויס געקומען אַ קאַטאַסטראָפע אויף יידיש אַדאַנק דעם פונאַנדערפאַל פון דעם מערב-יידישן קיבוץ — האָט זיך אָבער דער שווערפּונקט פון דעם „יידישן" יידנטום שוין געהאַט יעמאָלט אַריבערגעטראָגן קיין מזרח-אייראָפּע, אַזוי אַז די יידישע שפּראַך איז לפי-ערך גיך געקומען צו זיך פון דעם קריזיס.

די קרומע, וואָס איך צייכן דאָ אָן, גיט אַ סכעמאַטישע פאָרשטעלונג

---

[1] זע אויבן ז' 11 א"וו.

[2] אָן אַ גענויערער דאַטירונג, וואָרים אַז די פאַקטן זייגען נאָך ניט גענוג אויסגעפאָרשט, אַז היסטאָרישע תּקופות לאָזן זיך בכלל ניט באַשטימען לויטן לוח.

וועגן דעם היסטאָרישן פּראָצעס; ס'איז געוויינטלעך מערניט ווי אַ סכעמע, אָן איבעריקע פּרעטענזיעס אויף פולקומער פּינקטלעכקייט.




די פונקטירטע ליניע, וואָס הייבט זיך אָן נאָך 1700, באַצייכנט דאָס מערב־יידישע

אַנדערש איז אין דער געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור. דאָ איז ניטאָ קיין גלייכער באַרג־אַראָפּ; דאָ איז דער וועג אַ געשלענגלטער: אויפ־שטייג — ירידה — אויפשטייג.

דער אָנהייב איז דער נעמלעכער: מיטן געבוירן פון דער שפּראַך ווערט אויך געבוירן די ליטעראַטור, ביידע תחילת אין קוים אָנזיכטיקע פאָרמען. אָבער אין 14טן יאָרהונדערט, ווען די שפּראַך איז נאָך גענוג אומ־באַהאָלפן, גענוג נאָענט צום „קריסטלעכן" דייטש, הייבט זיך שוין אָן אַ לי־טעראַרישע אַנטוויקלונג, וואָס דערגרייכט אין 15טן י"ה און אין אָנהייב 16טן צו איר הויכפּונקט: ס'איז די צייט פון דער געזונגענער אָדער רעציטירטער עפּישער פּאָעמע. אַרום מיטן 16טן י"ה, ווען די דרוקערקונסט האָט זיך גיך גענומען פאַרוואַנדלען אין אַ דרוק־מלאָכה און זיך אויסגעשפּרייט אַלץ מער, האָט דאָס געלייענטע בוך זיך אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט לגבי דער שפּילמאַנישער רעציטאַציע[1]; פון יענער צייט האַלט שוין אַזוי אָן די איבערוואָג פון דער שריפט איבער דעם וואָרט. אָבער אויך אין פרט פון לייענביכער

---

[1] הגם אויפגעהערט האָט די געזונגענע פּאָעזיע נאָך לאַנג ניט. סיי די היסטאָרישע, סיי די אַזוי־גערופענע „געטלעכע" לידער, וועגן וועלכע עס וועט באַלד קומען צו רייד, זיינען צום גרעסטן טייל געזונגען געוואָרן, אפילו נאָך אין 18טן י"ה. אויך בערל בראָדער, וועלוול זבאַ־רעזשער, אליקום צונזער אאַז"וו, וואָס האָבן געלעבט שיר ניט אין אונדזער צייט, זיינען בלויז די יורשים פון דער אַלטער שפּילמאַנישער טראַדיציע.

איז דאָס 16טע יאָרהונדערט ניט געבליבן הינטערשטעליק. סימנים פון אַן אַראָפּנייג האָבן זיך באַוויזן אין 17טן יאָרהונדערט, נאָך דעם ערשטן פּערטל; צום ערשטן שוואַכע, דערנאָך ווערן די ריסן אין דער וואַנט קענטלעכער; דער סוף פון 17 און כמעט דאָס גאַנצע 18טע יאָרהונדערט זיינען געווען אַ צייט פון ירידה — גראַד יעמאָלט, ווען די פאָלקסשפּראַך (צום ווייניקסטן אין מזרח-אייראָפּע) האָט זיך עמאַנסיפּירט פון די דייטשע השפּעות. אַ נייער אויפשטייג איז אָנגעקומען ערשט צום אָנהייב 19טן י״ה. אייכעל און וואָלפסזאָהן[1] זיינען די שוואַלבן, וואָס מאַכן נאָך קיין פרילינג ניט; שלמה עטינגער[2] האָט געמאַכט דעם פרילינג, הגם נאָך אים זיינען ווידער אָנגעשטאַנען מאַיאָווע פראָסטס.

אַלזאָ אין 17טן י״ה לאָזט זיך פאַמעליך אַראָפּ דער ניוואָ פון אונדזער ליטעראַטור; אין 18טן איז שוין דאָס ניט קיין אַראָפּלאָזן, נאָר אַ פאַלן. וואָלט זיך דערמיט אויסגעלאָזט די יידישע ליטעראַטור (אַזוי האָט זיך געדוכט אונדזערע ערשטע משכּילים אין מערב- און מזרח-אייראָפּע), וואָלטן מיר דאָס אָנגערופן די תּקופה פון דעגענעראַציע; ווייל עס איז געקומען נאָכדעם אַ נייער אויפשטייג, רעדן מיר וועגן אַן איבערגאַנג-צייט.

אין דעם עטיוד גייט ניט וועגן אויסשעפּן די טעמע, וועלכע איז זייער רייך אין מאַטעריאַל, און געוויס וועל איך צוליב דער קורצקייט פאַרזען איינס אָדער דאָס אַנדערע; אָבער איך בין אויסן בלויז דעם אַלגעמיינעם איבערבליק.

2

מיר האָבן שוין געזען: דאָס 16טע יאָרהונדערט האָט מיט כּבוד אויפגעהאַלטן און באַרייכערט די ירושה, וואָס איז אים אָנגעקומען פון די פריערדיקע צייטן. די אַלטע געזאַנגען (שמואל-בוך, מלכים-בוך) זיינען ווייטער אומגעגאַנגען, נייע (דניאל, שופטים, יהושע אאַז״וו) זיינען באַשאַפן געוואָרן. אליהו בחורס ראָמאַנען זיינען געווען אַ שטאַפּל ווייטער נאָך די פריערדיקע פּאָעמעס פון דיטריך, פון הילדעבראַנט, פון קיניג אַרטוס. די ריינע לייענביכער, די פּראָזאַישע, האָבן זיך אויך אויף וואָס צו פאַררופן. די „מעשה בריאה וזמרה״[3] איז אַ שיינע התחלה פון אַ יידישער נאָוועלע. דאָס „קו-בוך״ האָט אַריינגע-

---

[1] וועגן איציק אייכעלס דראַמע „רב הענעך אָדער וואָס טוט מען דערמיט״ זע ב. שטיף אין „רויטע וועלט״, כאַרקאָוו 1926, נומ׳ 7—8 און 10. וועגן וואָלפסזאָהנס „לייכטזין אונד פרעממעלייא״ ז. רייזענס „פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע“ I, וואַרשע 1923, ז׳ 25—63 (דאָרט אויך איבערגעדרוקט דער פולער טעקסט פון דער פּיעסע) און מיין רעצענזיע אויף ז. רייזענס בוך אין „ביכערוועלט״, וואַרשע 1923, נומ׳ 5.

[2] זע דאָס נאָענטסטע קאַפּיטל.

[3] זע ב. שטיף אין יידפיל ז׳ 118—120; מ. עריק, לאַנדויבוך ז׳ 153—162.

בראַכט צווישן יידישן עולם אַ גרויסע צאָל משלים-שטאָפן[1]. ווייטער גייען, פון אַן אַנדער אינהאַלט, דאָס „ספר מידות“ איסני 1542[2], עטלעכע חומש-איבער-זעצונגען, די ערשטע געדרוקטע איבערזעצונג פון סידור[3], דער יוסיפון אין יידיש, דער „מצות נשים“[4] און נאָך. און טאָמער זיינען די עלטסטע היינט באַוואוסטע אויסגאַבעס פון „מעשה-בוך“ און פון „בראַנטשפיגל“[5] געדרוקט 1602 (ביידע אין באַזעל), זיינען זיי אָבער אויך געשאַפן געוואָרן נאָך אין 16טן י״ה, און אַ סברא, אַז מען האָט זיי שוין געדרוקט פריער אויך. דאָס אייגענע דער „צאינה-וראינה“, וואָס פון זיינע ערשטע אויסגאַבעס זיינען פאַר-פאַלן געוואָרן אַלע עקזעמפּלאַרן ביז איינעם[6].

אָבער מען דאַרף גאָרניט אויסרעכענען אַ ל ץ, וואָס דאָס 16טע י״ה האָט אויפגעטאָן, און ס'איז ניט מיגלעך אויך נאָכדעם ווי מיר האָבן געזען אין די פריערדיקע קאַפּיטלען[7], אַז פיל פון יענער צייט איז אומגעקומען אויף

---

[1] דאָס בוך איז באַקאַנט פון אַ פּאָלעמישער ווענדונג אין דער הקדמה צום מעשה-בוך (זע אויבן ז' 150). אין שבתי בַס' ביבליאָגראַפיע שפתי ישנים, אַמסטערדאַם 1680, ז' 10b ווערט דערמאָנט: „קוא בוך אברהם בר' מתתיה והוא ספר מוסר במשלים ובמליצות לכל חיות ועופות ואחר כל משל הביא המוסר היוצא ממנו בחרוזות בלשון אשכנז: והוא כמו (משל הקדמוני): דפוס בערין [=וועראָנע]. שט״ו [=1555] 4 [=קוואַרט]“. נאָך שבתין האָט שוין קיינער פון די ביבליאָגראַפן אָט דאָס בוך ניט געזען, אפילו שטיינשניידער אויך ניט. עס איז אָבער פאַראַן אַ „ספר משלים“, אַרויסגעגעבן פון משה בר' אליעזר וואַליך („וולך“) פון וואָרמס אין פראַנקפורט-מאַין 1687, וואו עס שטייט אין דער הקדמה: „עז ווערט זונשט גהיישן קוא בוך“; ס'איז אַלזאָ אַ באַאַרבעטונג אָדער אַ נייע אויסגאַבע פון דעם אַלטן קו-בוך. אָט דאָס „ספר משלים“, וואָס איז באַצירט מיט שיינע האָלצשניטן, איז 1925 אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַ פאַקסימילירטן איבערדרוק דורך דער סאָנטשינאָ-געזעלשאַפט אין בערלין. דיזעלבע געזעלשאַפט האָט אין 1926 אַרויסגעגעבן אַ ד י י ט ש ע איבערזעצונג פון דעם גאַנצן „ספר משלים“. (לויט שטיינשניידער, Hebräische Übersetzungen des Mittelalters, בערלין 1893, ז' 959, קאָן די אויסגאַבע זיין פון ווערענע 1594; ער גיט אויך די ליטעראַטור-אָנווייזן.) דאָרט ברענגט פּראָפ' פּ' דעם באַווייז, אַז דער משה וואַליך פון דעם „ספר משלים“ איז אַן אייניקל פון יענעם א י י-ז י ק ו ו אַ ל י ך, מיט וועלכן מיר האָבן זיך שוין באַגעגנט עטלעכע מאָל (זע למשל אויבן ז' 60).

[2] זע שטאַפּלען ז' 103—110; דאָרט ז' 104 הערה אַ ביסל ליטעראַטור; בעל-דמיון אין „צוקונפט“ 1924, נומ' 2.

[3] פון יוסף בר יקר, איכענהויזן 1544.

[4] ערשטער דרוק ווענעציע 1552.

[5] זע וועגן דעם ספר מ. עריק אין דעם שוין ציטירטן אַרטיקל, צייטשריפט I.

[6] לויט שטערן-לייצמאַן ז' 296 איז די ערשטע היינט באַקאַנטע אויפלאַגע (די איז אָבער זיכער ניט די ערשטע!) פון קראָקע 1620.

[7] זע למשל ז' 46, ז' 50, ז' 52 הערה.

אייביק. ווי דאָס זאָל ניט זיין: צום סוף פון 16טן י״ה האָט די יידישע ליטע־ראַטור גאַנץ פיין געקאַנט באַשטיין איר שטעטל אין אייראָפּע — סיי לויט איר פילזייטיקייט און סיי לויט איר קינסטלערישער קוואַליטעט. כאָטש די לאַסט פון דעם יחוסדיקן העברעיִש האָט געדריקט אויף די פּלייצעס פון דער פאָלקס־שפּראַך, זייִנען אָבער פאַרט באַשאַפן געוואָרן ווערק, וואָס פאָדערן אַכטונג. אין דעם גייעם יאָרהונדערט, אין דעם 17טן, איז מען אַריינגעטראָטן מיט אַ שיינעם פאַרמעג. ווי אַזוי זשע איז געגאַנגען ווייטער?

אין כּמות איז די שאַפונג ניט קלענער געוואָרן; פאַרקערט, דער דרוקער־פּרעס האָט געשפּרייזט פאָרויס. דער צאינה־וראינה איז פיל מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן און האָט זיך פאַמעלעך פאַרוואַנדלט אין דעם פּאָפּולערסטן פאָלקס־בוך. די צווייטע העלפט פון יאָרהונדערט האָט שוין געבראַכט צוויי פולע איבערזעצונגען פון תּנך, בליצס און וויצנהויזנס (1676—1679 און 1679, ביידע אין אַמסטערדאַם), אין דער צייט וואָס אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט מען בלויז דערלאַנגט צו דרוקן דעם חומש מיט הפטורות. יצחק בן אליקום פון פּויזן האָט אָנגעשריבן דעם „לב טוב" (1620), אַ מוסר־ספר, וואָס האָט זיך באַלד אָוועקגעשטעלט לעבן דעם בראַנטשפּיגל און אים אַרויסגע־שטופּט אינגאַנצן[1].

אויב דאָס איז בלויז אַ נאָכפאָרעמונג נאָך עלטערע מוסטערן — אַ חזן יעקב בן יצחק האָט אַפילו אַרויסגעגעבן 1693 אין פירט אונטערן נאָמען „קהלת יעקב" אַ געגראַמטע באַאַרבעטונג פון חומש, יהושע און שופטים אויפן שטייגער פון „שמואלבוך" — זייִנען פאַראַן אויך עטלעכע ביי צווייגן וואָס זייִנען אויס־געוואַקסן אין 17טן י״ה.

ערשטנס די היסטאָרישע לידער. דעם אָנהייב זייערן קען מען

[1] דער „בראַנטשפּיגל" איז אַרויס צום לעצטן אין פפד"מ 1706; אין מזרח־אייראָפּע איז ער ניט אַריבער. פאַרקערט, דער „לב טוב" איז געווען אַ גאַנגהייער פּאָפּולער סיי ביי די מערבדיקע, סיי ביי די מזרחדיקע יידן. אין די פיל׳ שריפטן פון ייוו"א II, ז׳ 377 האָב איך ציטירט פון דעם ספר „כוכבא דשביט" (אַמסט׳ 1695), וואָס קלאָגט זיך, אַז מענטשן האָבן זיך אַריינגעלאָזן אין לייענען ביכלעך און מעשיות פון די אומות העולם, ווייל זיי זייִנען מיד צו לייענען אין גרויסע ספרים, „אונ׳ בייא איין טייל איז דער לב טוב אויך נוא צו ריסן". דער קהלת שלמה, אַמסט׳ 1744 (ערשטע אויסגאַבע דאָרט, 1722) שרייבט ז׳ נהa: „וכל מי שיש בו יראת שמים ישתדל להיות לו בביתו ספר הנחמד לב טוב הנדפס בלשון אשכנז שיהיה רגיל בו, ואז טוב לו בעולם הזה ובעולם הבא". נאָך מיט קנאַפּע 50 יאָר צוריק האָט מען אַרויסגעגעבן דעם „לב טוב" אין ווילנע. איך באַזיץ אַן אויסגאַבע פון 1864, אַ צווייטע פון 1879 („съ Виленскаго изданія 1864 г."), געדרוקט ביי פין, ראָזענקראַנץ און שריפטזעצער. אויף דעם צווייטן עקזעמפּלאַר איז פאַראַן אַ דערלויב און אַ שטעמפּל פון דער ווילנער צענזור פון 2טן דעצעמבער 1880 אַרויסצוגעבן דאָס איבעראַנייס. צי איז דער דערלויב אויסגענוצט געוואָרן, ווייס איך ניט.

אויפוויין פריער[1], אָבער די ערשטע גרעסערע שאַפונג פון דעם מין איז די מגילת ווינץ (געשריבן בערך 1616)[2], און דער גאַנצער ווייטערדיקער וואוקס פון דעם מין פּאָעזיע באַלאַנגט שוין צום 17טן י״ה (קינות אויף כמעלניצקיס גזרות, שבתי-צבי-ליד, פוילישע-קדושים-לידער, ליד וועגן ווילנער בלוט-בלבול אאז״וו) און טראָגט זיך אַריבער אין 18טן[3].

ווייטער פאַרנעמען אין 17טן יאָרהונדערט אַ גרויסן אָרט די אַזוי גערופענע געטלעכע לידער, דאָס הייסט די רעליגיעזע ליריק: לויבלידער צום אייבערשטן, שירים לכבוד די יומטובים, רעיונות וועגן דער זינדיקייט פון דעם מענטשן און וועגן טויט. ווידעראַמאָל איז דאָס אַ זשאַנר, וואָס זיינע אָנהייבן זיינען היפּש עלטער: די לידער, וואָס דער מהריל (געשטאָרבן 1427) האָט באַקעמפט אויף דער שוועל פון 14טן און 15טן י״ה, האָבן אויך געטראָגן אַזאַ רעליגיעז-עטישן כאַראַקטער (זע אויבן ז׳ 53), דאָס אייגענע אַנדערע עלטערע לידער פון פאַרשיידענע כתב-ידן[4]. אָבער אין 17טן י״ה, און אין אַ היפּשער מאָס אויך אין 18טן, רוקט זיך דער מין ליטעראַטור אַרויס אַלץ בעסער צום אויבנאָן[5].

## 3

נאָר ווען מען נעמט מאַכן אַ סך-הכל פון דער דאָזיקער שפע, קען מען זיך, נאָך אַלעמען, פאָרט ניט באַפרייען פון דעם איינדרוק:

---

[1] שטיינשניידער האָט אין זיין Geschichtsliteratur אַריינגערעכנט אַהער אויך אליה בחורס ליד אויף דער שרפה פון ווענעציע (זע אויבן ז׳ 142 און 154); אָבער אין דער אמתן איז דאָס ניט קיין היסטאָריש ליד אין אייגנטלעכן זינען, ווייל דער סוביעקטיווער מאָמענט וועגט דאָ צו שטאַרק אַריבער. אין אייזיק וואַליכס זאַמלהעפט (זע אויבן ז׳ 60) זיינען פאַרשריבן אויך עטלעכע היסטאָרישע לידער; זיי זיינען מיט אַ ניט-יידישן אינהאַלט און פון אַ דייטשן אָפּשטאַם, אָבער זיי ווייזן, לויט וואָס פאַר אַ מוסטער עס האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפן אונדזער אייגענע היסטאָרישע דיכטונג. די „גזרה אויז אוישטרייך״, געשריבן סוף 16טן י״ה (כתב-יד באָדלעיאַנע ביבליאָטעק 2213) איז פּראָזע.

[2] דער גאַנצער טעקסט מיט אַן אַריינפיר אָפּגעדרוקט אין שטאַפּלען ז׳ 140—192.

[3] ד״ר ל. לעווענשטיין האָט אין 14 Zeitschrift für hebr. Bibliographie (1910), ז׳ 125—127 אָפּגעדרוקט אַ רשימה פון 52 יידישע היסטאָרישע לידער. דאָס צעטל איז אָבער ניט קיין פולשטענדיקס.

[4] למשל די וואָס זיינען איבערגעדרוקט ביי באַסינען I, ז׳ 8—19.

[5] די רעליגיעזע ליריק, וואָס נעמט אַרום פיל צענדליקער לידער, איז נאָך כמעט ניט אָנגערירט געוואָרן פון אונדזער ליטעראַטורפאָרשונג. איך האָב בדעה צו באַהאַנדלען זי אין דעם דריטן באַנד פון מיין מקורים-זאַמלונג „דער קוועלברונעם״. די ערשטע צוויי בענד וועלן האַלטן: I) די קריטישע אויסגאַבע פון דעם שמואלבוך; II) דראַמאַטישע ווערק ביזן אָנהייב 19טן י״ה.

דאָס 17טע יאָרהונדערט איז אַ צייט פון יוסטן דורכשניט, און מיט אַ נטיה באַרג-אַראָפּ; אין 18טן י״ה האַלטן מיר שוין ביי אַ בפירושער עפּיגאָנען-ליטעראַטור.

דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אַז אַלץ איז טאַלענטלאָז און ווערטלאָז; ס׳איז אָבער בלויז אַ מער-ווייניקער געשיקטע נאָכמאַכונג, אין בעסטן פאַל אַ נאָכשאַפונג, ניט קיין שאַפונג. מען גייט ווייטער אויף די אויסגעטראָטענע וועגן, און דער האָריזאָנט פאַרענגערט זיך אַלץ מער.

דאָס אַשכנזישע יידנטום האָט איבערגעלעבט אַ צושטאַנד פון ירידה, און דאָס האָט זיך געמוזט אָפּרופן אויף דער ליטעראַטור. די פאַרוויילונגס-ביכער זיינען כמעט דורכאויס איבערדרוקן: בבא-בוך, זיגמונט און מאַגדאַלענע און דאָסגלייכן[1]. פריש און לעבעדיק איז גליקל האַמיל אין אירע זכרונות (געשריבן אויפן שוועל פון 17טן און 18טן י״ה)[2], איז דאָס אָבער ניט קיין ליטעראַטור ממש, ווייל זי האָט דאָך געשריבן מערניט ווי פאַר דער פאַמיליע, אָן אויסקוק אויף פירסום ביים פובליקום. אַ גאַנץ נישקשהדיקער אויפטו איז געווען די היסטאָרישע כראָניק „שארית ישראל״, וועלכע מנחם-מאַן אַמעלאַנדער האָט אָפּגעדרוקט 1743 אין אַמסטערדאַם ווי אַ פאָרטזעצונג פון דעם אַלטן „יוסיפון״, אָבער קיין „שיינע ליטעראַטור״ איז דאָס אויך ניט. די איבערזעצונג פון „מנורת המאור״[3] איז אַריינגעדרונגען אין יידישע הייזער, ווייטער דער אָריגינעל אין יידיש געשריבענער „שמחת הנפש״[4]; אָבער קיין גרויס פרינציפּיעל

[1] די „שיני ארטליכי געשיכטן״, אַמסטערדאַם 1710 (זע אויבן ז׳ 25), האָט צוגעגען אין אַ איבערזעצונג פון האָלענדיש אַ געשיכטע פון באָקאַטשיאָ, זיינען ניי; אָבער זיי זיינען קינסטלעריש אומגעהייער שוואַך.

[2] עס איז אַ ווייטאָג צו זאָגן, אַז נאָך ביז היינט האָבן מיר ניט אין אַ מאָדערנער אויסגאַבע גליקלס „זכרונות״. שוין באמת צייט פאַר די יידישע פאַרלעגער דאָס צו פאַרריכטן! וועגן גליקל האָט אַ ביסל געשריבן ש. ניגער אין זיין באַוואוסטער אַרבעט „די יידישע ליטעראַטור און די לעזערין״, „דער פנקס״, ווילנע 1913, ז׳ 85—138 (פאַראַן אַ סעפּאַראַטע אויסגאַבע, ווילנע 1919). זע אויך ז. רייזענס לעקסיקאָן פון דער יודישער ליטעראַטור און פרעסע, ערשטע אויפלאַגע, וואַרשע 1914, ז׳ 171—175.

[3] געשריבן אַרום 1300 אין שפּאַניע, אין העברעיש; ערשטע יידישע אויסגאַבע אַמסטערדאַם 1701.

[4] ערשטע אויסגאַבע פּפד״מ 1707, שפּעטער איבערגעדרוקט אָן אַ שיעור. — עס איז אויך פאַראַן אַ צווייטער טייל „שמחת הנפש״, געדרוקט בלויז איין מאָל אין פירט 1727, וועלכער האַלט „געטלעכע לידער״ מיט נאָטן. דעם דאָזיקן צווייטן טייל האָט ד״ר י. שאַצקי אָפּגעדרוקט 1926 אין אַ פרעכטיקער פאַקסימילירטער אויסגאַבע אין 550 עקזעמפּלאַרן (מאַקס נ. מייזעל, ניו-יאָרק) און צוגעגעבן אָן אויספירלעכן ביאָגראַפישן און ביבליאָגראַפישן אַריינפיר וועגן דעם מחבר פון „שמחת הנפש״ אלחנן קירכהאַן.

בייס שטעקט ניט דערין. זייער כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אַזוי פיל תּחינות קומען אויף אין 17טן י״ה און מערן זיך נאָך שטאַרקער אין 18טן[1]; דאָס שפּיגלט אָפּ דעם פֿאַקט, וואָס די רעליגיעזע אינטערעסן רוקן אָפּ ערגעץ אויפֿן צענטן פּלאַן אַלע אַנדערע.

אַ מער אינטענסיווער צוזאַמענבונד מיט אייראָפּע האָט אָנגעהאַלטן, קען מען זאָגן, נאָר אויף איין געביט: אין טעאַטער[2]. אויב מען איז דאָ אויך ניט דערגאַנגען צו קיין קינסטלעריש באַמערקווערדיקע שאַפֿונגען, האָט מען אָבער היפּש געגנאַשט פֿון אייראָפּע אי אין דעם פּיעסע-בוי, אי אין דער טעכניק. ווייטער איז מען געווען צום גרעסטן טייל אָנגעווּיזן אויף זיך אַליין, אָפּגעריסן פֿון דעם אייראָפּעישן גייסטיקן שטראָם. אויף יענער זייט ווענט פֿון דער יידישער גאַס האָבן די פֿראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן אָוועקגעזעצט דעם שׂכל אויפֿן טראָן, האָט לעסינג אין זיין „נתן דער בעל-חכמה״ געזונגען דאָס שיר-השירים פֿון מענטשלעכקייט און טאָלעראַנץ; און ביי אונדז האָט געוועלטיקט דער אַסקעטישער שבט-מוסר, וואָס סטראַשעט מיט חיבוט-הקבר פֿאַר הנאה האָבן פֿון עסן און טרינקען און וואָרנט די פֿרויען, זיי זאָלן חלילה ניט אומגיין מיט אָפּגעדעקטע קעפּ. אויב עס איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך די יידישע גייסטיקע געטאָ ביזן 16טן י״ה איינגעשלאָסן — מיר האָבן געזען גענוג פֿעדעם, וואָס האָבן יעמאָלט פֿאַרבונדן די יידישע וועלט מיט דער ניט-יידישער — איז זי אָבער כּמעט ווי אַ רעאַליטעט פֿון מיטן 17טן ביזן 18טן יאָרהונדערט. קיין וואונדער ניט, אַז די ערשטע משׂכּילים האָבן זיך אָפּגעקערט פֿון דעם מין חיבורים, ווען זיי האָבן דערזען דורך אַ שפּעלטעלע אַ שטראַל פֿון דער ליכטיקער שיין. לעסינג האָט מער געערעדט צו זייער האַרץ און קאָפּ איידער דער „שבט מוסר״ און דער „צאינה-וראינה״, און אין דער צייט ווען די יידישע מאַמעס אין דייטשלאַנד האָבן נאָך האַרציק געוויינט איבער די תּחינות, האָבן די טעכטער שוין פֿאַרגאָסן טרערן אויף דעם יונגן ווערטערס ביטערן מזל[3].

---

[1] אַ שיינעם אַנאַליז פֿון די תּחינות האָט געגעבן ש. ניגער אין זיין אָקאָרשט דערמאָנטער אַרבעט. — אין אַמער׳ פּנקס I ז׳ 171 האָט ד״ר י. שאַצקי רעפֿערירט וועגן אַן ענגלישער אַרבעט אויף דער טעמע: פֿ ר י ה אָ ף (Solomon B. Freehof) Devotional Literature in the Vernacular, 1923, 44 זייטן.

[2] פֿגל׳: ד״ר י. שיפּער, געשיכטע פֿון דער יידישער טעאַטער-קונסט און דראַמע I, וואַרשע 1923; II, וואַרשע 1925; ווייטער: ד״ר י. שאַצקיס רעצענזיע אויף שיפּערס ווערק אין טעאַליט, ניו-יאָרק, 1924 נומ׳ 3, און פֿיל׳ שריפֿטן פֿון ייוו״א II, ז׳ 215—264; מיין אַרטיקל: צו דער געשיכטע פֿון דער עלטערער אַחשורוש-שפּיל, פֿיל׳ שריפֿטן פֿון ייוו״א II ז׳ 425—452.

[3] „ווערטערס ליידן״ זיינען אַרויס 1774. געטע (געבוירן 1749 אין פֿראַנקפֿורט-מאַין) האָט קינדווייז גוט געקענט יידיש. ער דערציילט אין זיין Dichtung und Wahrheit (I, 4), אַז ער האָט אין די קינדערשע יאָרן, בכדי איינצוגעניטן זיך אין שפּראַכן, געמאַכט

מיד, שווערוואַגיק, אומשעפעריש איז געווען די יידישע ליטעראַטור אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט. עס האָט זיך געדוכט, אַז זי שטאַרבט אָפּ מיט אַ נאַטירלעכן טויט, און אומפרייִנד האָבן איר שוין געהאַלטן אַ פעדער ביי דער נאָז. אָבער אומגעריכט פאַר די בני־דור איז צוגעקומען פריש בלוט, און איצטער זעען מיר, אַז אין זיין קערן איז דער אָרגאַניזם אַפילו יעמאָלט געווען געזונט.

דאָס איז שייך ניט נאָר צו דער יידישער שפּראַך, נאָר אויך צו איר טרעגער און באַשעפער, צום יידישן פאָלק גופא: נאָך דעם מאַטעריעלן חורבן פון דער דרייסיק־יאָריקער קריג און פון כמעלניצקיס גזרות, נאָך דעם גייס־טיקן חורבן צוליב דער שבתי־צבי־באַוועגונג האָבן זיך יידן אין אַ לפי־ערך קורצער צייט אָוועקגעשטעלט צוריק אויף די פיס מאַטעריעל אַזוי גוט ווי גייסטיק. דאָס מערב־יידנטום האָט אַרויסגעגעבן פון זיך די השכלה־באַווע־גונג, דאָס מזרחדיקע יידנטום — דעם חסידיזם. ביידע באַוועגונגען האָבן געשטעלט אין זייער דינסט די יידישע שפּראַך און זי געמאַכט פאַר אַן אינסטרומענט פון קאַמף; דאָס האָט אַריינגעבלאָזן אין איר אַ פרישן גייסט. וואָלט די השכלה פאַרבליבן אַ מערבדיקע באַוועגונג, וואָלטן אירע יידיש־ווערק (אייכעל, וואָלפס־זאָהן) געבליבן ספּאָראַדישע דערשיינונגען און דערטרונקען געוואָרן אין ים פון אַסימילאַציע. אָבער די געשיכטע האָט געוואָלט אַנדערש אויספירן מיטן יידישן פאָלק: צוזאַמען מיט דעם ווי די פונדאַמענטן פון דעם מערב־יידנטום זיינען אונטערגעשוואָנקט געוואָרן האָט זיך דער צענטער פון דעם אַשכּנזישן יידנטום אַריבערגעטראָגן קיין מזרח־אייראָפּע. און דאָ, אין דער פעטער שוואַרצערד פון דעם געשלאָסענעם נאַציאָנאַלן קיבוץ, האָט אויך דער דאַרער צוויג פון דער השכלה גענומען אַרויסגעבן בלִיונג. אַלע שרייבער פון 19טן י״ה, אַפילו מענדעלע, אַפילו פּרץ, זיינען דאָך געקומען צו אונדז פון דער השכלה.

די חסידישע באַוועגונג האָט אין דעם יאָרהונדערט, ווען זי איז אַרויס־געטראָטן אויף דער סצענע, ניט געפונען קיין אָפּשפּיגלונג אין דער יידישער ליטעראַטור[1]; ר׳ נחמן בראַצלאַווערס „סיפּורי מעשיות״ זיינען שוין אַ פּראָ־

---

אַ ראָמאַן פון 6—7 ברידער און שוועסטער, וואָס זיינען זיך פונאַנדערגעפאָרן איבער פאַרשיידענע לענדער און שרייבן יעדערער אין אַן אַנדער שפּראַך וועגן זיינע איבערלעבונגען; האָט דער מוזי־ניק זיך גענומען פאַר יידיש. צוליב דעם האָט ער, געטע, זיך אַריינגעטאָן אין יידיש, כדי זיך אויסצולערנען שרייבן עס (das barocke Judendeutsch) אַזוי גוט ווי ער האָט עס שוין געקענט לייענען. דערביי האָט ער דערזען, אַז עס פעלט אים אויך די קענטעניש פון העברעיִש, האָט ער אָנגעהויבן לערנען העברעיִש אויך.

[1] ווי אַ פאָרלויפער פון דער חסידישער באַוועגונג מעגן מיר באַטראַכטן דעם „טייטש זוהר״, מער באַוואוסט אונטערן נאָמען „נחלת צבי״, וואָס צבי הירש כאָטש פון קראָקע האָט אַרויסגעגעבן 1711 אין פראַנקפורט־מאַין. דער ספר איז גיך געוואָרן פאָפּולער אין דער חסידי־

דוקט פון דעם אויפגייענדיקן 19טן י״ה. אָבער געווירקט האָט זי שוין געוויס פריער מיט איר זאַפטיקער פרישקייט, מיט איר אוממיטלבאַרקייט, און מיט הונדערט פופציק יאָר נאָך דעם בעש״ט האָט די נעאָ־חסידישע ריכטונג נאָכאַמאָל באַפרוכפּערט די גאַנצע יידישע ליטעראַטור.

דער חולה איז דעם קריזיס בייגעקומען, די לעבנס־קרעפטן האָבן געזיגט.

## 4

מיר מעגן שוין איצט נעמען פאַרגלייכן די עלטערע יידישע ליטעראַטור — דער נאָמען איז כולל אין זיך די אַלטע תּקופה און די מיטלסטע, ביז וואַנען השכלה און חסידות רייסן זיך אין איר אַריין — מיט דער נייערער. געוויס אָפּט הערט מען אַ דעפיניציע: די עלטערע ליטעראַטור איז געווען אַ רעליגיעזע, די נייערע איז אַ וועלטלעכע. דאָס איז ניט ריכטיק. אונדזער גאַנצע באַטראַכטונג האָט געוויזן, ווי שטאַרק עס איז געווען פאַרטראָטן אין דער אַלטער ליטעראַטור אונדזערער דער וועלטלעכער עלעמענט, און אָקאָרשט האָבן מיר געזען, אַז אפילו אין די צייטן פון דער גרעסטער איינגעשרומפּנקייט, נאָך 1700, האָט דאָס „עולמשע״ קוועלעכל ניט אינגאַנצן אויפגעהערט צו ריזלען.

נאָר עפּעס אַנדערש איז יאָ ריכטיק: די עלטערע ליטעראַטור אונדזערע איז געווען אַ קאָנסערוואַטיווע; זי איז געווען דאָגמאַטיש־טרייסטנדיק־גאָטספּאָרכטיק, אין דער צייט וואָס די נייערע ליטעראַטור איז אַן איבערקערעריש, אַ קאַמף־ליטעראַטור. אין מיטלעלטער (און אונדזער מיטלעלטער, דאָס מוז מען כסדר געדענקען, ציט זיך שיר ניט ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע) איז דאָס לעבן פון אַלע פעלקער, אויך דאָס ריין־וועלטלעכע, געווען באַדעקט מיט אַ רעליגיעז־מאָראַלישן צופּוץ. דער קיניג פון פראַנקרייך האָט געהייסן „דער קריסטלעכער קיניג״; די דייטשע קייסאָרים זיינען געווען קייסאָרים איבער דער „הייליקער רוימישער אימפּעריע פון דער דייטשער נאַציע״; בשעת דאָס יינגל אין פּושקינס דראַמע „באָריס גאָדונאָוו״ בעט פאַר דעם הערשער, פאָרמולירט ער דאָס אַזוי: „לאָמיר בעטן פאַר אונדזער הערשער... דעם זעלבסטהערשנדיקן צאַר פון אַלע קריסטן״. אָבער ניט נאָר אין דער פראַזעאָלאָגיע זעען מיר דאָס, נאָר אויך אין דער (סוביעקטיוו אויפריכטיקער) פאָרמולירונג פון פּאָליטישע צילן: די אַראַבער האָבן געקעמפט קעגן די אומגלויביקע אין נאָמען פון מחמדס הייליקער אמונה, און ווען יאַן סאָבעסקי איז געגאַנגען שיצן ווין קעגן די טערקן, האָט דאָס ווידער געהייסן, אַז מען גייט ראַטעווען דאָס קריסטנטום פון די הייַדן. יידן זיינען אויך ניט געווען קיין

---

שער וועלט, ווייל ער איז שטאַרק אַנטקעגנגעקומען די מיסטישע שטימונגען פון דער צייט („דיא גאולה קאַן ניט אנדערש קומן אז דורך דיא קבלה״).

יוצא מן הכלל; נאָר ביי אונדז זיינען די וועלטישע (פּאָליטישע) עלעמענטן געוועזן נאָך שוואַכער, ממילא דער רעליגיעזער צודעק נאָך שטאַרקער.

דאָס מיינט ניט פאַרשטייט זיך, אַז קיין אַרויסווייזונגען פון וועלטלעכן לעבן (פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע) זיינען ניט געווען. עס איז ניט אַזוי ווי גידעמאַן טייטשט, אַז יידן האָבן ניט געהוליעט און ניט געשפּילט אין קאָרטן, ווייל אַ ראיה — די רבנים אסרן דאָס כּסדר אין זייערע חיבורים. פּונקט פאַרקערט: פון דעם וואָס די מוסר־זאָגער טאַדלען זעען מיר, וואָס עס איז אין לעבן יאָ געווען. אָבער די ליטעראַטור האַלט איין דעם עולם; זי שאַצט אָפּ יעדע זאַך לויט ווי די רעליגיע הייסט.

דער סימן־מובהק פון דער נייערער ליטעראַטור איז — פון זינט דער השכּלה־צייט — וואָס זי האָט אויפגעהערט מעסטן דעם מענטשן מיט דער מאָס פון רעליגיע. זי איז ניט קיין אַנטי־רעליגיעזע, ווי די אָרטאָדאָקסן האָבן איר אויפגעוואָרפן[1]; אָבער איר ציל איז צו ברעכן די טראַדיציע; איר פּרוּווּשטיין איז שוין ניט די רעליגיע, זי האָט שוין אַנדערע וואָג־און־מאָס.

דאָס אַלטע איז ניט איינגעזונקען געוואָרן ווי קורח אָן אַ שפור; אינגאַנצן האָט זיך די קייט פון ירושהדיקייט פאַרט ניט איבערגעריסן. בערל בראָדער, וואָס האָט אויסגעטראָטן דעם וועג פאַר דוד עדעלשטאַדטן און מאָררים ראָזענפעלדן, דערמאָנט מיט זיין „ליד פון דער שרפה אין בראָד" די שרפה־לידער פון 18טן י״ה. אייזיק־מאיר דיקס און אַפילו נאָך מענדעלעס ערשטע שער־בלעטלעך זיינען גאַנץ ענלעך צו די נאַיווע רעקלאַמע־נוסחאות פון 16—18טן י״ה. ווען מיר קוקן זיך איין אין אונדזערע הייַנטיקע תחינות, דערקענען מיר אין זיי טיילמאָל מיט פאַרוואונדערונג אונדזערע אַלטע „געטלעכע לידער". די טעכניק פון דערציילן („לאָמיר לאָזן דעם בן־מלך און זיך נעמען צו דער בת־מלכּה") האָט אונדזער מאָדערנע פאָלקס־מעשה געירשנט פון דער אַלטער ליטעראַטור. אויך אין אונדזערע ליבע־פאָלקסלידער, וואָס מען האָט געוואָלט פּסקענען, אַז זיי זיינען ניט עלטער פון 19טן י״ה, האָט זיך אַפּנים אויפגעהיט פיל שטאָף און פאָרם פון פאַר פירהונדערט יאָר[2]. אָבער דער איבערבראָך פון אַלט צו ניי איז פאַרט געווען אַ גוואַלדיקער.

עס איז אָנגעשטאַנען אַ נייע תקופה, אַ קאַמף־תקופה. צוויי שונאים, די השכּלה און די חסידות, באַמבאַרדירן פון צוויי זייטן די פעסטונג פון דער פאַרגליווערטער פאַרגאַנגענהייט: די ערשטע מיט די וואָפן פון שׂכל, די

---

[1] מרדכי פּלונגיאַן (1814—1883), איינער פון די קעפּ פון די ווילנער משׂכּילים, איז געווען פאַרנאַנט ביי די אָרטאָדאָקסן פאַר אַן אַפּיקורס. אין דער אמתן איז ער געווען אַ פרומער מאַן, ווי דער גאַנצער קרייז יעמאָלטיקע משׂכּילים, און ער פלעגט זיך ווינצלען: „איר וועט זען, אויף מיין קבר וועלן נאָך צדיקים קומען מתפּלל זיין".

[2] זע י. ל. כּהנס ארבעט „יידישע פאָלקסלידער", אמער׳ פּנקס I, ז׳ 65—123.

צווייטע אין נאָמען פון האָרץ. פלוצלינג זעען זיך די משכּילים אַרום, אַז די חסידים, וועלכע מ׳האָט פריער כמעט ניט באַמערקט, זיינען דער געפערלעכ-סטער שונא, ווייל זיי צינדן אָן דעם המון מיט התלהבות. הייבט זיך אָן אַ בייער קאַמף, פון השכּלה קעגן חסידות, וועלכער פילט אויס אונדזער ליטעראַ-טור-געשיכטע פון דער „הפקר-וועלט"[1] ביזן „פוילישן יינגל". די שלום-ושלווה-צייט איז פאַרביי.

די דייטשע משכּילים האָבן איבעריכן מוותּר געווען אויף דער יידישער שפּראַך, ווייל זיי האָבן זי מער ניט באַדאַרפט (סיידן אויף אָפּצוהוזקן אַמאָל פון די אַלטע אין אַן אומליטעראַרישער „הלצה"); האָט זי זיך אָבער איינ-געפעסטיקט אין מזרח-אייראָפּע. דאָ האָבן די משכּילים אויך געקוקט אויף יידיש מיט ביטול, אָבער ניט אַלע: מענדל לעפין און שמואל-יעקב ביק[2] זיי-נען דער בעסטער באַוויז, אַז ניט אַלע.

## 5

אויב מיר זאָלן פּרוּוון אָנצייכענען אַ קרומע פאַר דער אַנטוויקלונג יין דער יידישער ליטעראַטור, וועלן מיר באַקומען אַזאַ בילד:




דאָס באַטייט:

צווישן 1500—1450 איז דער ערשטער הויכפּונקט; בערך ביז 1625 אַ הויכער ניוואָ; פון 1625 הייבט זיך אָן דער באַרג-אַראָפּ, וואָס ווייטער שאַרפער; אַרום 1800 דער טיפפּונקט, און פון יעמאָלט אָן דער אויפשטייג, וואָס גייט אַ סך גיכער, איידער דאָס פאַלן, וואָרים אין איין יאָרהונדערט,

---

[1] אין אַ געוויסער מאָס קען מען אַפילו צורעכענען אַהער שוין „לייכטזין אונד פרעמ-מעלייא", וואו ר׳ יוספכה פיגורירט ווי אַ חסיד; די פּיעסע איז נאָכגעפורעמט נאָך מאָליערס „טאַרטיף".

[2] וועגן מענדל לעפינס קאַמף פאַר יידיש זע ז. רייזען, פון מענדעלסאָן ביז מענדעלע I, ז׳ 147 א״ח. ביקס בריוו אין דעם העברעישן אָריגינאַל אָפּגעדרוקט אין „כרם חמד" I, ווין 1833.

אין פּנטן, איז דאָס „יידישע״ יידנטום שוין געקומען צו זיך נאָך דעם גרויסן אָנווער וואָס עס האָט געליטן אין דער ערשטער השכלה־צייט.

ביי דעם פּונקט פון דעם וועג, וואו די יידישע ליטעראַטור פאַרנעמט זיך צוריק שאַרף באַרג־אַרויף, שטייט שלמה עטינגער, דער זאַמאָשצער דאָקטאָר.

# XIV. שלמה עטינגער

## 1

זוכן מיר אַ ריכטונג אין דער יידישער ליטעראַטור, צו וועלכער מיר זאָלן קענען שלמה עטינגערן מצרף זיין, וועלן מיר אים מוזן פאַררעכענען צו די משכילים: אי ער אַליין האָט זיך געבילדעט (און געענדיקט דאָס העכע-רע שטודיום, וואָס דאָס רוב משכילים האָבן זיך וועגן דעם קוים דערוועגט צו טרוימען), אי ער האָט דעם עולם געוואָלט בילדן.

אָבער ער פאַסט זיך פאָרט ניט אינגאַנצן אַריין אין די ראַמען פון אונדזערע פאָרשטעלונגען וועגן די השכלה-שרייבער.

דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דעם משכילס פערזענלעכקייט — איך מיין די משכילים פון דער ערשטער צייט — איז דער געוואַלדריס אין זיין גשמה: יעדערער פון זיי האָט איבערגעלעבט אַ טראַגישן איבערבראָך, און דער שפרונג פון געטאָ צו געטע האָט איבערגעלאָזן שפורן אויף שטענדיק. עטינגערס לעבנסוועג איז אויך געווען ווייט ניט קיין גלאַטיקער[1], אָבער אין די קאָנ-פליקטן פון זיין לעבן האָט דער דראַנג צו וועלטלעכע קענטענישן געשפילט אַ קנאַפּע ראָלע[2], און דערפאַר אפשר האָט ער ניט געהאַט אין זיך די פאַר-ביסנקייט קעגן די אַלטע יידישע לעבנספאָרמען, וועלכע גייט אַדורך פון יוסף פערלען און איטשע-בער לעווינזאָנען דורך גאָטלאָבערן און ערטערן ביז סמאָלענסקינען, לינעצקין און מענדעלען. פון אַלע זיבעציק משלים עטינגערס וועלן מיר דוכט זיך נאָר אין איינעם, אין די „שמאַטעס"[3], קענען אָנווייזן אַ בפירושן משכילישן אויספיר: דאָ הייסט ער יידן גיין דינען פאַר זעלנער מיט אַ פריילעך געמיט, „וואָרן די גוטע, וואָס גייען אין קרוינען, ווייסן שוין איט-

---

[1] אַ ביאָגראַפישע דערגאַנצונג צו דעם קאַפּיטל גיט דער אַריינפיר (ז"ז XI — LXIV), צו מיין צווייבענדיקער אויסגאַבע „ד"ר שלמה עטינגערס כתבים", ווילנע, קלעצקין, 1925.

[2] זע כתבים ז' XX.

[3] כתבים I, 194.

לעכן ווי צו באַלוינען"[1]. עס איז בײַ עטינגערן בשום־אופן ניטאָ דער טראַפּאַ־רעט, אַז אויפגעקלערט איז גוט ממילא און פרום איז שלעכט ממילא. אַ סקעפּטישע באַציִונג צום אויבנאויפיקן אויפקלערעכץ קוקט בולט אַרויס פון אַזאַ משל ווי „דאָס פּיקסל מיט דעם בער". אין „וויטעלע" (I, 238) שמיצט ער געשמאַק די צביעות פון די כלומרשט־פרומע, אָבער אַנטקעגן דעם ווערט אין דעם „הולך רכיל" (I, 246) אויסגעלאַכט דער אַרענדאַר, וואָס וויל ניט אַנדערש „אַראָפּרייסן די מאַסקע" פון דעם רבין. דער פוסטער פראַנצויזיש־ריידער („אַסותא", I, 272) איז ניט קיין גרעסערער יחסן איידער דער עם־הארץ דער מלמד („די שדים", I, 256). דאָס אייגענע אין „סערקעלע" (II, 289—454): רעדלעך און ר' דוד זיינען טאַקע אי אויפגעקלערט אי גוט; אָבער ר' משה דאַנצקער איז אַ מענטש פון אַלטן שניט און פאַרט אַן אָרנטלעכער מאַן, חיים און חווה קערן זיך ניט אָן מיט השכלה און זיינען ביידע זייער סימפּאַטיש; און פרידעריקע ווידער, מיט איר גאַנצן „דייטש" מישטיינסגעזאָגט, איז לעכערלעך און אָפּשטויסנדיק. אַגב זיינען די ביידע אויפגעקלערטע אויך געטריי דער טראַדיציע.

אַרום און אַרום זיינען עטינגערן ניט איבעריקס שטאַרק אָנגעגאַנגען געזעלשאַפטליכע פראַגן. זיין צוגאַנג צום לעבן קען מען פאָרמולירן אַזוי, אַז ניט צוגעהעריקייט צו אַ צד איז דער עיקר, נאָר מענטשלעכקייט איז דער עיקר. זיינע ווערק זיינען פול מיט מוסר: אַט אַזוי און אַזוי האָט איר זיך צו פירן אויף דער וועלט.

זיין פילאָסאָפיע איז ניט קיין קאָמפּליצירטע. כאַפּ ניט אַריבער די מאָס, דער מיטן איז אַ גאָלדענער שליטן. זיי אויפריכטיק, מאַך ניט קיין אָנשטעלן.

---

[1] מען האָט געדאַרפט פאַרמאָגן אין זיך אַ היפּשע דאָזע דרייסטקייט צו גיין פאַרטיידיקן בײַ יידן ניקאָלאַיס גזרות; אָבער די משכילים האָבן זיך גונטערגענומען, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז פון דער רעה וועט אַרויסקומען אַ טובה. זייער בולט, מיט דער זעלביקער אַרגומענטאַציע ווי עטינגער, האָט דאָס אַרויסגעזאָגט גאָטלאָבער אין 1879 (זע א. פרידקין, אַברהם־בער גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע, ווילנע 1925, ז' 210): „די רוסישע רעגירונג האָט [אין יאָר תקפ"א] אָנגעהויבן צו נעמען זעלנער בײַ יידן. ס'איז קיין שום ספק ניט, אַז די רעגירונג איז אויסן געווען די טובה פון די יידן: זי האָט געוואָלט אויסגלייכן זיי מיט די בירגער פון לאַנד און געבן זיי גוטע גע־זעצן, כדי זיי זאָלן לעבן ווי די איבעריקע ניט־יידישע באַפעלקערונג. ווען די יידישע מנהיגים וואָלטן געהאַט פאַרשטאַנד אָנצונעמען דעם דאָזיקן באַפעל בסבר פנים יפות און דאַנקען דער רעגירונג, וואָס זי האָט די יידן גענומען אויף דינסט צוגלייך מיט אירע איבעריקע פילע פעל־קער, וואָס לעבן אין איר שוץ, וואָלט די רעגירונג אויך אויף זיי געהאַט אַן אויג צום גוטן". „אָבער, לאָזט אויס גאָטלאָבער, דאָס איז דעמאָלט געווען אוממעגלעך, מחמת די יידן האָבן זיך געפונען אין אַזאַ מצב, בײַ וועלכן זיי האָבן ניט געקענט פאַרשטיין, אַז די רעגירונג האָט אַ גוטע כוונה, און האָבן עס אָנגענומען פאַר אַ גזרה, און האָבן גוזר־תענית געווען און געוויינט און גע־ריאָגט אויף דעם אומגליק".

העלף אויס דעם חבר, ווייל אַמאָל קענסטו באַדאַרפן אָנקומען צו אים, אָבער פאַרגעס ניט וועגן זיך אַליין, ווייל אַן אַנדערער וועט פאַר דיר ניט זאָרגן. בלאָז ניט פון זיך, ווייל די וועלט האָט פיינט דעם בעל-גאווה. אָט אַזוינע אידעען קען מען גרינג אַרויסשיילן פון זיינע ווערק. אין די משלים דאַרף מען אַפילו ניט שיילן, דאָרט פאָדערט דער זשאַנר אַליין, אַז ס'זאָל זיין צוגעגעבן אַ מוסר-השכל:

גרייט דיר אָן אין די גוטע צייטן,
דו זאָלסט האָבן אין דער נויט,
ווּעסטו נישט דאַרפן צו קומען צו לייטן
בעטלען אַ שטיקעלע ברויט.
(דער היישרעק. I, 170)

אָדער:

ווער עס גראָבט אַ גרוב
אונטער זיין חברס שטוב,
פאַלט זיך אַזוי פיין
אַליין אין אים אַריין.
(דער וואָלף מיט דעם אייזל. I, 128)

אָדער:

צו פאַרלאָזן זיך אויף אַ דריטן
מוז מען תמיד וויכן;
עס איז בעסער מיט גוטן
צווישן זיך צו פאַרגלייכן.
(דער שליש. I, 114)

פון וואַנען וואַקסט אָט די תורה? אויב עס האַנדלט זיך וועגן פאַבלען, איז לאַפאָנטען דער אומבאַשטרייטלעכער פּאָטער אירער: ער האָט פאַרזאָרגט מיט טעמעס, מיט פאָרם און מיט לעבנס-חכמה געללערטן און לעסינגן, קראַשיצקין און קרילאָוון. נעמען מיר אָבער דעם ענין ברייטער, האָבן מיר דאָ צו טון מיט דעם אַלגעמיינעם באַלעבאַטישן מאָראַל-קאַנאָן, וואָס די שטאָטיש-בירגערלעכע אייראָפּע האָט באַשאַפן און וואָס האָט געוועלטיקט אומבאַגרענעצט ביזן מיטן 19טן יאָרהונדערט[1].

---

[1] אַז אויך אַן אַלטער פאַבל-שטאָף קאָן באַקומען אַ נייעם אינהאַלט, זעען מיר ביי יהואָשן („פאַבלען", ניו-יאָרק 1912). עטינגערס „דער היישרעק" (I, 169) גייט אויפן אויסגעטראָטענעם וועג פון לאַפאָנטענען, קרילאָוון אאַז"וו: אַז מען גרייט ניט אָן ערב-שבת, האָט מען ניט אויף שבת. מיטן זעלבן וועג איז געגאַנגען ריוועסמאַן, דעם זיידנס משלים, פעטערבורג 1908, ז' 34, „די זומערפויגעלע און די מוראַשקע". זיין אויסלאָז איז אַזאַ:

— איך האָב אַ זומער אָפּגעשפּילט אַ גאַנצן!

— נו, אויב אַזוי, טאָ גיי, זיי מוחל, טאַנצן!

## 2

עטינגערס כּוח, עטינגערס ווערדע אין דער יידישער ליטעראַטור שטעקט הייסט עס ב י ט אין זיין אידעישן באַגאַזש. דאָ האָט ער קיין בייס ניט אַנטפלעקט, דאָ איז ער אינגאַנצן אַ מענטש פון דורכשניט. זיינע גרויסע אויפטוען ליגן אויפן פאָרמעלן פעלד: שפּראַך, ריטם, קאָמפּאָזיציע, טעמע.

שרייבער מיט אַ יאָדערדיקן יידיש זיינען פאַראַן היפּש אין דער השכּלה-צייט: אַקסענפעלדס ווערק, לינעצקיס ווערק, אַפילו וואָלפסזאָהנס „לייכטזין אונד פרעממעלייא" זיינען אַ קוועלברונעם פאַר דעם יידישן לעקסיקאָגראַף און גראַמאַטיקער. אָבער עטינגער איז עפּעס אַנדערש. ער איז ניט נאָר רייך, ער איז אויך עלעגאַנט אין זיין שפּראַך. ער האָט זי געפיילט און געשליפט מיט 30 יאָר פאַר מענדעלען, אין דער צייט וואָס ביי די אַנדערע משׂכּילים האָט איר צו טון מיט אומגעשליפענע בריליאַנטן און גאַנץ אָפט ווערט איר באַליידיקט פון דער מגושמדיקייט. עטינגער פאַרבייגט אויך ניט דעם יידישן טאָן, ער נוצט אויך אויס ברייט די מיטלען פון דער פאָלקסשפּראַך; אָבער זיינע סלאַוויזמען זיינען כּמעט ביז איינעם מיט אַ מאָס, די אויסדרוקן זיינען געלייטערטע, און אַפילו סערקעלעס שעלטן-זיך ווירקט ניט אויף אונדזערע נערוון. שטעלט אַוועק אַנטקעגן דעם לינעצקין![1]

ער האָט געהאַט אַ שטענדיק וואַכן געפיל פאַר דעם ניואַנס פון וואָרט. סערקעלע רעדט אַנדערש ווי ר' יוחנן, און וויטעלע די צנועה רעדט ווייטער אַנדערש. און גאָר אַ נייער סטיל קלינגט ווידער אין די קונציקע פּרוון פון איבערזעצן תּנך- און תּפילה-טעקסטן (II, 548—553): „זיי וועלן זיך פרייען און וועלן זינגען די פעלקער, וואָרן דו וועסט ריכטן אַלע פעלקער גלייך און דו וועסט פירן די פעלקער פון דער ערד, סלה. עס וועלן דיך לויבן די פעלקער, גאָט, עס וועלן דיך לויבן די פעלקער אַלע".

אַנדערש יהואש, די וועהוערקע און דער זינגפויגל (ז' 45). די וועהווערקע האָט פּרעטענזיעס צום זינגפויגל, פאַרוואָס ער האָט ניט געזאַמלט דעם גאַנצן זומער.

דער פויגל, פון ניט עסן אָפּגעשוואַכט,
האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט:
„איך האָב געזוכט מיט מיין געזאַנג
דעם גאַנצן וואַלד צו געבן פאַרגעניגן
און קיינמאָל ניט קיין צייט געקריגן
צו געבן וועגן זיך אַ טראַכט..."

[1] דערצו קומען נאָך צו עטינגערס שפּראַך-שעפערישע חידושים. פגל' כּתבים I, ז' XXX א"וו.

ספּעציעל אין איין פּרט האָט עטינגער פּולקום אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אויף פאָרם־געפיל און אַרויסגעוויזן זיין מייסטערשאַפט: ביים שילדערן נ י ט ־ י י ד י ש ע פּאַרהעלטעניש. צוליב דעם, וואָס די יידישע שפּראַך איז אַזוי ענג צונויפגעבונדן מיט דעם ספּעציפישן שטייגער לעבן פון די יידישע מאַסן, איז נאָך עד־היום שווער צו האַלטן די דיסטאַנץ צווישן י י ד י ש און י י ד י ש ל ע ך; אָדער מען מיינט, אַז אַ געהויבענע שפּראַך פאָדערט דייטשמעריש[1], אָדער מען פאַלט אַריין אין דעם צווייטן עקסטרעם און מען איז דעם טעקסט מגייר[2]. אויב דאָס איז היינט אַזוי, איז מכל־שכן מיט הונדערט יאָר צוריק. אין גאָטלאָבערס „דעקטוך" (געשריבן 1837, אַלזאָ אין עטינגערס צייט, געדרוקט אין וואַרשע 1876) זינגט די העלדין פריידעלע אַן איבערזעצונג פון שיללערס „An der Quelle sass der Knabe", איז די פערזן:

Komm herab, du schöne Holde
Und verlass dein stolzes Schloss;
Blumen, die der Lenz geboren,
Streu ich dir in deinen Schoss

זעען ביי גאָטלאָבערן אויס אַזוי:

קום אַהער, דו שיינע זיסע,
וואַרף אַוועק דיין רייכע משפחה.
מיט דעם שווייס וויל איך אַרבעטן,
גאָט וועט געבן אונדז די ברכה.

„בלומען, וואָס דער פרילינג האָט געבוירן" און „מיט דעם שווייס וויל איך אַרבעטן"! און דאָס האָט דאָך דער שרייבער געמיינט אויף אַן אמת, ס'איז דאָך ניט קיין טראַוועסטיע!

## 3

מיט עטינגערן האָט אַזוינס ניט געקענט געשען. נעמט זיינע „צוויי צאַפּעס" (I, 144). די שפּראַך איז דאָ יידיש ווי אין אַלע אַנדערע משלים: „מדינה", „כאַפּן דאָס גרעסטע גליק", „זיי האָבן שיר די ציין געקליבן" אאַז"וו;

[1] אין 1918 האָט מיר אַ יידישער שריפטשטעלער געלייענט זיין איבערזעצונג פון „נאָראַ", וועלכע ער האָט געהאַלטן אין מאַכן לויט דער באַשטעלונג פון אַ יידישן טעאַטער. ווען איך האָב אים געפרעגט, צו וואָס ער האָט אַריינגעשטעלט אהין דאָס וואָרט „פּיללייכט", האָט ער געענטפערט: „פאַר נאָראַן פּאַסט ניט צו זאָגן א פ ש ר, ס'איז פּראָסטלעך".

[2] אין דער ניו־יאָרקער יידישער איבערזעצונג פון איבסענס „גייסטער" (בערך 1908; איך מוז ציטירן לויטן זכרון, ווייל איך האָב ניט דאָס ביכל ביי דער האַנט אין דער מינוט פון שרייבן) באַגריסט מען דעם פּאַסטאָר: „ברוך־הבא, גלח". דאָס איז אַן איבערזעצונג פון דעם זאַץ, וואָס לייענט זיך אין דייטש: „Guten Tag, Pastor!". די ו ו ע ר ט ע ר האָט דער איבערזעצער איבערגעגעבן, נאָר דעם עיקר, דעם ג ע פ י ל ־ ט אָ ן, האָט ער פאַרזען.

אָבער עס איז ניטאָ יענע ספּעציפישע יידישלעכקייט, וואָס וואָלט דאָ געוועזן געווירקט קאָמיש, מחמת עס רעדט זיך וועגן אַ פּאַשאַ און וועגן לאָרדן; אין שיללערס „דער ערב" (I, 65) זיינען דיאָניסאָס און דאַמאָן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שלמנאָסר און יואב. נאָר מען שפּירט פאָרט, אַז די האַנדלונג קומט פאָר ביים הויף פון אַ פּאַרציייטישן טיראַן, ניט אין אַ יידיש שטעטל. אָבער איבערהויפּט איז ווערט געריימט צו ווערן די באַלאַדע „וואַלהאַיד".

וואַלהאַיד איז איבערגעזעצט פון דייטש; איר מחבר איז טעאָדאָר קערנער, דער דיכטער, וואָס איז 1813, נאָך קיין 22 יאָר ניט אַלט, געפאַלן אין דער מלחמה קעגן נאַפּאָלעאָנען[1]. ס'איז ווייט ניט קיין ערשטקלאַסיק ווערק: אַ ביסל אַ פאַרשפּעטיקטע (און פאָרט אומצייטיקע) שאַפונג לויט דעם שאַבלאָן פון בירגערס באַרימטער Lenore[2]. אויב אַזאַ איז דער אָריגינאַל, איז קיין חידוש ניט, וואָס די איבערזעצונג האָט אים ניט אַריבערגעוואַקסן קינסטלעריש. אָבער עטינגער האָט זיך פאָרט אַרויסגעוויזן פאַר דעם גרעסערן אויפטוער. קערנער האָט אָנגעשריבן אַ מיטלמעסיקע זאַך אין אַ רייך אַנטוויקלטער שפּראַך, אין דער צייט וואָס עטינגער האָט זיך אַליין געדאַרפט באַשאַפן זיין שפּראַכיקע פורעם. עס איז אים געוויס גענוג שווער געוועזן ניט אַריינצופאַלן

---

[1] אין די הערות צו די כתבים (II, 593—596) האָב איך אויפגעשטעלט דעם זאַץ, אַז די באַלאַדע איז אַן איבערגעזעצטע; אָבער אַפילו אַזעלכע קענערס פון דער דייטשער באַלאַדע, ווי ערנסט ליסויער און פּראָפ׳ פערדינאַנד גרעגאָרי, האָבן ניט געקאָנט אָנווייזן דעם דייטשן מחבר. איצט האָט מיר צוגעדינט אַ צעטל, וועלכן איך האָב נאָך ניט געהאַט אין האַנט בשעת איך האָב אַרויסגעגעבן די כתבים. דאָס צעטל האָב איך, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע, באַקומען דורך דער פריינדלעכער פאַרמיטלונג פון ה׳ נחמן מייזל פון איינעם פון עטינגערס יורשים. ס'איז אַ רשימה, געשריבן אייגנהענטיק דורך עטינגערן, וואָס הייבט זיך אָן אַזוי: „ש. עטינגער'ס / אַללע יידישע כתבים, / נאָכגעמאַכטע, איבערזעצטע און אייגענע, / אין דריי חלקים". די איינטיילונג איז דאָ אַזאַ: 1) טהעאַטער [סערקעלע]; 2) משלים; 3) לידלעך, קליינע מעשה־לעך, מוסר־ און קאַטאָוועס־ווערטלעך. אין דער לעצטער גרופּע שטייט באַלד אויפן ערשטן אָרט: „וואַלהאַידע באַלאַדע פאַן קערנער".—ז. רייזענס מיטטיילונג (לעקסיקאָן II, 738), אַז די באַלאַדע איז קלייסטס, איז פאַלש. — אין דער זעלבער רשימה געפינען מיר נאָך באַצייכנט (אַחוץ די, וואָס איך האָב שוין לויט 1M אָנגעוויזן זייער מקור אין די כתבים): דער הינד מיט דעם פלייש—עזאָפּ [און ניט „פעדראָ", ווי אין כ"י 1M]; די פרוממע בערען—פלאָריאַן [פראַנצויזישער משלים־דיכטער, 1755—1794]; פילאַקס—געללערט; דיא שדים—געללערט; דיא בעלי עצות—האַגעדאָרן; דער היישרעק—לאַפאָנטען; דער בעל־הלואה—געללערט; דער וואָלף מיט רעם ציקעלע—לעססינג; דיא בין מיט דער הין—געללערט; דאָס לויב פין דעם עצלות—לעססינג; דן מיט דיא פאות—לעססינג; ביים „לעכט" איז צוגעשריבן: „אַ שטייגער ווי שיללערס גלאָקע"; ביים „קלאָגליד" און ביי „רחל באַ איהר קינדס קבר" איז צוגעגעבן „עלעגיא".

[2] בירגערס „לענאָרע", וואָס איז אַזוי פיל נאָכגעפורעמט געוואָרן אין דייטש און אין אַנדערע שפּראַכן, איז געשריבן 1773.

אין דער באַגריפֿן-וועלט פֿון שידוך, תּנאָים און מחותּנים; נאָר ער איז דעם נסיון בײַגעשטאַנען און האָט אָנגעשריבן אַ ליד, וואָס לויט דער שפּראַך איז עס ריין יידיש, אָבער עס איז אָפּגעהיט דער קאָלאָריט פֿון דער סביבה וואָס ווערט באַשריבן.

וואָס איז שייך צו דער מעטרישער קוואַליטעט פֿון עטינגערס לידער, קען מען זאָגן קורץ: זיי זײַנען כּמעט ווי אָן אַ פּגם. די זעלבע וואַלהייד אַ שטייגער איז געשריבן אין אַ גענוג פֿאַרוויקלטן משקל — נאָר עטינגער האָט דעם משקל איבערגענומען פּינקטלעך און אים אויסגעהאַלטן פֿון אָנהייב ביזן סוף. אין דעם „ערבֿ" איז ער אָפּגעטראָטן פֿון שיללערן, אָבער די מאָס וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן גייט דורך פֿון דער ערשטער שורה ביז דער לעצטער; אין „דער שכּור" (I, 43) האָט ער זיך אַרויסגעוויזן ממש פֿאַר אַ ווירטואָז פֿון דעם פֿערז). ווי האַמעטנע זעט אויס אַנטקעגן אים מענדעלעס פֿערזן-בוי! ערשט בײַ פֿרוגן, צום סאַמע סוף פֿון יאָרהונדערט, האָט די יידישע פּאָעזיע צוריק גענומען קולטיווירן די פֿאָרם.

4

גאָר אַ באַזונדער אָרט פֿאַרנעמט „סערקעלע", עטינגערס גרעסט ווערק.

„סערקעלע" איז אַ טעזיס-דראַמע: זי דאַרף ווייזן, אַז אומרעכט ווערט סוף-כּל-סוף באַשטראָפֿט און יושר טריומפֿירט. דעריבער זײַנען אויך די כּאַראַקטערן צום גרויסן טייל פֿאַרקערפּערער פֿון אייגנשאַפֿטן. איבערהויפּט זעט מען דאָס בײַ די פּאָזיטיווע העלדן. די נעמען זאָגן שוין אויס ווער זיי זײַנען. ר' דוד הייסט גוטהערץ, און אויך אויף רעדלעכן קען מען זאָגן: כּשמו כּן הוא[1]. ער איז אַ סטודענט און „רעדט ווי אַ בוך" (דער גרעסטער קאָמפּלימענט, וואָס הינדע קען אויף אים זאָגן!), אָבער ער איז אויך אַ גאָטס-פֿאָרכטיקער ערלעכער ייד. עס וואונדערט אונדז אויף אַ האָר ניט, וואָס ער טראָגט דעם נאָמען מאַרקוס, דעם מוסטער-נאָמען פֿון אַ מוסטער-משׂכּיל סײַ אין אייכעלס „רבֿ הענעך", סײַ אין וואָלפֿסזאָהנס „לייכטזין אונד פֿרעממעלייא". הינדע איז דאָס כּשרע יידישע מיידל, וואָס מען מעג זיך בענטשן מיט איר: געטריי ביז אין טויט אַריין, שטיל און באַשיידן ווי אַ טײַבעלע; און זי וועט בעסער אויסשטיין אַלע יסורים אין דער וועלט איידער מורד צו זײַן אין דער מומען, וואָס דער פֿאָטער האָט (לויט ווי זי מיינט) אַוועקגעשטעלט איבער איר פֿאַר אַן אַפּוטראָפּוסטע.

מיט איין וואָרט: טייל פֿערזאָנען זײַנען געמאָלט צו סכעמאַטיש; אויך די האַנדלונג גייט שוין צו גראָדליניק, און עס איז צו גרויס די צאָל צופֿעליקייטן, דורך וועלכע דער קנויל פֿלאָנטערט זיך אויף אין פֿינפֿטן אויפֿצי. אָבער דער צוגאַנג און די דרכים זײַנען ניט עטינגערס. ער האָט געשאַפֿן אין גייסט

[1] redlich — אָרנטלעך, ערלעך.

פון זיין צייט. אַלע ליטעראַרישע מינים האָבן זיך אין יענער תקופה געהאַט זייערע פעסטע נאָרמען און פאָרבילדער: פונקט ווי משלים שרייבן האָט זיך די וועלט געלערנט ביי לאַפאָנטענען, אַזוי האָט אויפן פעלד פון דער קאָמעדיע געקיניגט מאָליער. וועלכע קאָמעדיע פון 18טן יאָרהונדערט מיר זאָלן נעמען, וועלן מיר שטענדיק זען, אַז די פאַרשוינען דאַרפן דאָרט פאַרקערפּערן באַשטימטע אייגנשאַפטן, כדי אַרויסצוברענגען דעם מחברס עפּעס אַן אַלגעמיינע אידעע. אין יעדער קאָמעדיע פון יענער צייט קענען מיר איינטיילן די העלדן אין צוויי קאַטעגאָריעס: גוטע און בייזע. די גוטע זיינען מענטשן מיט אַלע מעלות, די שלעכטע זיינען כולו שלעכט. און ווייל „סאַמע גוטס נאָר גאָר אַליין קען אין דער וועלט ניט באַשטיין"[1], קומט אויס ממילא, אַז די נעגאַטיווע טיפּן זיינען תמיד מער געראָטן ווי די פּאָזיטיווע. אַזוי איז אויך ביי עטינגערן: די אידעאַלע פּערזאָנען זיינען שאַבלאָנישע „רעזאָנערן", מוסר-זאָגער; אָבער סערקעלע, רב יוחנן, גבריאל הענדלער, שמעלקע טרויניקס[2] זיינען לעבעדיקע, בלוטפולע געשטאַלטן, הגם אויך זיי זיינען אין דעם מחברס כוונה טרעגער פון געוויסע ליידנשאַפטן אָדער חסרונות.

פאַראַן אַ ווערק אויסער דער יידישער ליטעראַטור, צו וועלכן „סערקעלע" איז בפירוש ענלעך אין אינהאַלט און אין געדאַנקען-גאַנג: דעם רוס פאָנוויזינס „ניעדאָראָסל"[3]. דאָס קלינגט מאָדנע אין פלוג; וואָרים כאָטש מיר געפינען אין עטינגערס משלים, לידער און קאַטאָוועסלעך געוויס פרעמדע איינפלוסן, איז מען ביי אַ משכיל אין זאַמאָשטש מיט הונדערט יאָר צוריק אַ סך גיכער נוטה צו זוכן דייטשע, פוילישע, אַפילו פראַנצויזישע איינפלוסן, איידער רוסישע. אָבער לאָמיר נאָר אָקאָרשט אַ קוק טון דעם אינהאַלט פון דער קאָמעדיע.

פּראָסטאַקאָוואַ, אַ פּריצטע, איז די אמתע באַלעבאָסטע ביי זיך אין הויף. דער מאַן אירער איז ביי איר אונטערן קנאַפּל. פאַראַן נאָר איינער וועמען זי האָט ליב בלינד; דאָס איז איר זון מיטראָפאַנושקאַ, וואָס לויט אים הייסט דאָס ווערק[4]. ער איז אַ גראָבער יונג, קאָן קנאַפּ די אותיות, נאָר די מאַמע קוועלט אָן פון אים, פון זיינע חכמות און פון זיין בילדונג. פאַראַן ביי

[1] „סערקעלע", „אַ וואָרט פריער".

[2] צי באַטייט דער נאָמען, אַז ער געטרויט קיינעם ניט אָדער אַז אים קאָן מען ניט געטרויען?

[3] פאָנווידין, אַ רוסישער קאָמעדיע-שרייבער, געבוירן 1744, געשטאָרבן 1792. זיין „ניע-דאָראָסל" האָט ער אָנגעשריבן 1782.

[4] Недоросль איז דער טייטש אַ ניט-דערוואַקסענער, אַ מינדעריאָריקער. אַזוי האָט מען גערופן די פּריצישע זינדלעך, וואָס זיינען געווען יינגער פון 15 יאָר און האָבן נאָך ניט גע-דאַרפט גיין דינען אין מיליטער. מיטראָפאַנושקאַ איז באמת עלטער פון 15 יאָר, נאָר מען באַ-האַלט דאָס אויס.

זיי אין שטוב אַ פּלימעניצע סאָפיע, וועלכע מען באַהאַנדלט זייער שלעכט; פּראָסטאַקאָוואַ וויל זי חתונה מאַכן מיט איר ברודער סקאָטינין, נאָר סאָפיע ווערט זיך, ווייל זי האָט ליב אַ יונגן אָפיציר מילאָנען.

עס קומט אָן סאָפיען אַ בריוו פון איר פעטער סטאַראָדום (וועגן וועלכן מען האָט געמיינט, אַז ער איז געשטאָרבן אין סיביר; פּראָסטאַקאָוואַ האָט שוין אַפילו אַלע יאָר אין דעם טאָג פון זיין טויט געהייסן מתפּלל זיין פאַר זיין נשמה), אַז ער לעבט און האָט זי געמאַכט פאַר זיין איינציקער יורשטע און קומט באַלד צו פאָרן. איצטער בייט זיך אינגאַנצן דער מומעס באַציִונג צו סאָפיען; זי וויל שוין איצטער חתונה מאַכן סאָפיען מיט מיטראָפאַנושקען. סטאַראָדום קומט צו פאָרן, זעט די שווידערלעכע פירונג אין שטוב, נעמט צו סאָפיען און מאַכט זי חתונה פאַר איר געליבטן מילאָנען; אַ דעלעגאַט פון דער רעגירונג, פּראַוודין, נעמט צו ביי פּראָסטאַקאָווען די מאַכט איבער איר הויף צוליב איר אוממענטשלעכער באַציִונג צו די לייבקנעכט. מיטראָפאַנושקען שיקט מען אַוועק דינען. די קאָמעדיע ענדיקט זיך מיט סטאַראָדומס אויסרוף: „אָט זיינען די פרוכט פון שלעכטע מידות״.

דער פּאַראַלעליזם גייט דאָ דוכט זיך מיר אַזוי ווייט, אַז איינס פון די צוויי: אָדער ביידע האָבן זיך פאַרקוקט אויף איין מערב-אייראָפּעיִשן מוסטער, וועלכער איז נאָך לעת-עתּה ניט אויסגעפונען געוואָרן, אָדער עטינגער האָט אַנטליען דעם סוזשעט ביי פּאָנווייזינען[1].

אָבער אָנגענומען אַפילו דאָס צווייטע, איז נאָך דערמיט אויך בשום-אופן ניט געמינערט עטינגערס אויפטו. ניט נאָר וואָס אַ גאַנצע ריי העלדן זיינען ביי, ניט נאָר וואָס דאָס לשון איז אַ פּרעכטיקס, אָן דעם מינדסטן זכר פון פּרעמדקייט; אויך די פּאַרשוינען גופא זיינען אַרויסגענומען פון יידישן לעבן, און אַזוי ווי פּראָסטאַקאָוואַ, סקאָטינין און מיטראָפאַנושקאַ זיינען נאַציאָנאַלע רוסישע געשטאַלטן, אַזוי זיינען סערקעלע און פרידעריקע, גבריאל און שמעלקע נאַציאָנאַלע יידישע פיגורן.

היינט קומט „סערקעלע״ אויס ביי אונדז גוט נאַיִו. אָבער וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג צו מעסטן אַ פּיעסע פון אָנהייב 19טן יאָרהונדערט, געשריבן לויטן נוסח פון 18טן יאָרהונדערט, מיט דער מאָס פון אונדזער היינטיקן געשמאַק? אויב דווקא פאַרגלייכן, איז מיט די פּראָדוקטן פון יענער תקופה: מיט אַקסענפעלדס, גאָטלאָבערס, פאַלקאָוויטשעס, אַפילו מענדעלעס

---

[1] ביי די רוסישע ליטעראַטור-היסטאָריקער האָב איך ניט געפונען קיין אָנווייז, אַז „ניעדאָראָסל״ זאָל זיין געבויט לויט אַ פרעמדן „אָפּיר״; פאַרקערט, מען ווייזט אָן כסדר, אַז די פּיעסע איז אַן אויסדרוק פון ריין-נאַציאָנאַלער שאַפונג. — איבעריקנס קאָן מען ניט זאָגן, אַז ס׳איז אויסגעשלאָסן, עטינגער זאָל האָבן געקענט די רוסישע קאָמעדיע; ער האָט זיך למשל געקענט באַקענען מיט איר אין אַדעס.

דראַמאַטישע ווערק. דאָ זעען מיר ביים ערשטן בליק, אויף וויפיל עטינגער האָט אַריבערגעשטייגט יענע אין פאַרשטיין די פאָדערונגען פון דער בינע.[1]

אָבער „סערקעלע" דאַרף זיך ניט שייען צו שטעלן זיך צום פאַרגלייך אויך מיט ניט־יידישע ווערק. „סערקעלע" איז פאַר יענער צייט אַ קאָמעדיע פון אַ גאַנץ נישקשהדיקן אייראָפּעיִשן דורכשניט.

5

זיינען מיר אַלזאָ ווידער צוגעקומען צום פונקט, וואָס ווייזט זיך אַרויס פאַר דעם קערן־פונקט פון עטינגערס שאַפן: די אייראָפּעיִשקייט פון זיין פאָרם. אין דער צייט פון דיטריך און אַרטוס, פון שמואלבוך און פון אליה בחורס ראָמאַנען איז אונדזער ליטעראַטור געווען אַ טייל פון דער אייראָ־פּעיִשער, אָבער שפּעטער איז די יידישע ליטעראַטור כמעט צוויי־הונדערט יאָר אומגעגאַנגען באַוואָקסן ווי אַ ירושלמי, איינגעפרעסט אין דעם ענגן שניר־לייבל פון אַסקעטישן דין. דאָס פענצטער קיין אייראָפּע איז געווען פאַרצויגן מיט אַ געדיכטער שיכט מאָך. די חסידישע באַוועגונג האָט יאָ געפּרוווט מורד זיין אין דער אַלמעכטיקן אות פון דער הלכה; אָבער ווען זי האָט גענומען אַרויסברענגען איר אומגעהייערע ענערגיע מכוח אל הפועל, אַ שטייגער אין ר' נחמן בראַצלאַווערס מעשיות, איז דאָס איבעראַנייס געווען אַ בראשית, אָן שום אָנלענען זיך אין די ליטעראַרישע דערגרייכונגען פון דער ניט־יידישער וועלט. עטינגער איז דער ערשטער, וואָס באַנייט נאָך דעם לאַנגן איבעררייס דעם אַלטן וועג. ביים לייענען אים באַקומען מיר דעם געפיל, גלייך צו אַ געפאַנגענעם אין דער תפיסה וואָלטן זיך אומגעריכט דערטראָגן טענער פון אַ וויטן געזאַנג. בלאַסע טענער, שוואַכע טענער — אָבער פאַרשיידענע טע־נער; און דער עיקר — זיי קומען פון דרויסן, פון דער פריי.

אין די לירישע לידער עטינגערס באַגעגענען מיר זיך מיט די שפּורן פון סענטימענטאַליזם. דער שרייבער באַזינגט דעם וואַלד, די לאָנקע, די לבנה. ער לויבט דאָס דאָרפישע לעבן, וואָס ווייסט נישט פון טומל און הוהאַ. ער איז מקנא דעם פּאַסטעך, וואָס היט די שאָף אַזוי ווי זיינע קינדער און זינגט זיך דערביי זיין לידל. ער דערמאָנט זיך ביים אָנהייב פון דעם נייעם יאָר, אַז דעם מענטשנס לעבן דרייט זיך ווי אַ רינגעלע און אַז אַלץ וואָס אויף דער וועלט גייט פאַרביי; אָבער דער בטחון צום אייבערשטן, געדענקט ער, קאָן אונדז געבן אַן אָנהאַלט און אַן אָנשפּאַר.

אין „סערקעלע" האָבן מיר, ווי שוין געזאָגט, אַ שטיק מאָליער אין אַ

---

[1] דעם בעסטן באַווייז, ווי סצעניש „סערקעלע" איז אין תוך, האָבן מיר געהאַט מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען די פּיעסע האָט אין דער אינסצענירונג פון ז. טורקאָוו (מיט אסתּר־רחל קאַמינסקי אין דער טיטל־ראָלע) אויסגעהאַלטן הונדערטער אויפפירונגען.

יידישן גלגול; אין די משלים אַ שטיק לאַפאָנטען. אויך לעסינג שפּירט זיך מיט זיין שכלדיקער אָפּגעצירקלטקייט; ער האָט געשריבן ווייַנלידער, געשריבן אָדעס צום נייעם יאָר, און עטינגער נאָך אים. עטלעכע זאַכן („דאָס ליד פון דעם עצלות"; „מנשה שוטה"; „דן מיט די פּאות") זיינען דירעקט איבערגעזעצט פון לעסינגן[1]. „דאָס ליכט" טראָגט אַריבער אין יידיש אַ ניצוץ פון שיללערשן גייסט[2].

דורך „וואָלהייד" האָט צו אונדזער ליטעראַטור דערגרייכט אַן אָפּגלאַנץ פון דער אייראָפּעישער באַלאַדע-דיכטונג. אַ גראַף מיט אַ ריטער טרעטן אַרויס פאַר אונדז אין אַ שלאָס; אַ בייזער פאָטער זוכט פאַר זיין טאָכטער אַ מאַן פון הויכן אָפּשטאַם; אַ געליבטער איז גרייט אויף אַלץ פון דער געליבטערס וועגן; אַ מת פון קבר שטייט אויף און ווירקט מיט ביי דער האַנדלונג; דער האָן, אַן אומבאַדינגט נייטיקער אַקסעסואַר ביי די ראָמאַנטיקער, פאַרטרייבט מיט זיין געקריי די שאָטנס פון דער נאַכט. ווידער האָט מען אין יידיש געזונגען וועגן דער ליבע וואָס איז שטאַרקער ווי דער טויט — אַ מאָטיוו, וואָס איז אַנטשטומט געוואָרן ביי אונדז זינט „מעשה בריעה וזמרה".

דורך עטינגערן איז די יידישע ליטעראַטור איבעראַנייס געוואָרן אַ טייל פון דער אייראָפּעישער. אמת, די אָפּשפּיגלונג איז אַזוי ווי אין אַ פאַרקלענערגלאָז[3]. עטינגער איז ניט געווען דער וועלטן-שטורעמער, דער איבערקערער מיט אַ גרויסן אימפּעט. עס האָט אַ פּנים ווי דער הויכער קאָלנער וואָלט געהאַלטן אין געפּענגעניש ניט נאָר דעם האַלדז, נאָר טיילמאָל אויך דעם

[1] לדוגמא די דערמאָנטע צוויי „קאַטאָוּצלעך" לעסינגס אין אָריגינאַל:

Grabschrift des Nitulus

Hier modert Nitulus, jungfräulichen Gesichts,
Der durch den Tod gewann; er wurde Staub aus nichts.

Auf die Galathee

Die gute Galathee, man sagt, sie schwärz' ihr Haar;
Da doch ihr Haar schon schwarz, als sie es kaufte, war.

[2] אַ צווייטע באַאַרבעטונג פון שיללערס Glocke איז הירש רייטמאַנס „דער קיטעטל", ווין 1863. זע ד"ר אַלפרעד לאַנדוי אין „יד"פיל 211 א"וו.

[3] וואָס קענען מיר שוין רעדן, אויב די קריטיקער קאָנסטאַטירן אַפילו בנוגע דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור, אַז ביזן 19טן י"ה פלעגן אַלע מערב-אייראָפּעישע ריכטונגען אין איר פאַרקליינלעכט ווערן. ניט קיין קלענערער ווי דער אַקאַדעמיקער וועסעלאָווסקי שרייבט: „ווי נאָר אַ עפּעס ליטעראַרישע שטרעמונג פלעגט אַריבערגיין צו אונדז, פלעגט זיך איר באַדעס פאַרשמעלערן און פאַרפלאַכערן („по мере пересадки к нам известного литературного течения его основа с'уживалась и мельчала").

גייסט. ווײַבאַלד אַזוי, האָט ער אין זײַן פּיאָנירן־שטעלונג ניט געקענט מיטאַמאָל אַ שטופּ טון די ליטעראַטור אויף נײַע רעלסן. די אומגליקלעכע אומשטאַנדן פון זײַן לעבן, וואָס האָבן אים קיין איין שורה ניט געלאָזט אָפּדרוקן כּל־ימיו, האָבן נאָך מער רעדוצירט זײַן השפּעה; און ווען מען איז וועגן אים געוואויר געוואָרן מחוץ דעם גדר פון די משׂכּילישע אַנשי־שלומנו, האָט שוין די ליטעראַטור אָנגעשפּאַרט ווײַטער. אָבער זײַן באַטײַט איז פּאָרט אומגעהײַער גרויס: ער האָט באַפרוכפּערט אונדזער וועלט. ער האָט דער ערשטער נאָך יאָרהונדערטער געוויזן מיט זײַנע ווערק, אַז מען קען האַרמאָניש פאַרקניפּן **מענטש** און **ייד** און **יידיש**.

# XV. אייזיק־מאיר דיק

## 1

די יידישע ליטעראַטור איז איצט אַוועק אַזוי ווייט פאָרויס, אַז מען האָט שוין אַבסאָלוט פאַרגעסן די שרייבער וואָס זיינען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער ליטעראַטור אונדזערער מיט אַ פּאָר צענדלינג יאָר צוריק און האָבן דאַן באַהערשט די מוחות פון די לייענער. דאָס יידישע לעבן האָט זיך אינגאַנצן איבערגעביטן, און ממילא איז די באַציִונג צו די יעמאָלטיקע שריי־בער געוואָרן אַן אַנדערע. ניט מען הערט זיי, ניט מען ווייסט זיי.

אָבער קיין יושר איז דאָס ניט. געוויס וועט מען ניט האָבן קיין ריינע עסטעטישע באַפרידיקונג פון אַקסענפעלדס אָפּשפּעטן פון די חסידים און פון גאָטלאָבערס אָפּטמאָל איבערגעפּעפערטע המצאות. ביי אַ דורכשניטלעכן היינטיקן לייענער איז דער געשמאַק אָפּטמאָל אַ פיינערער איידער ביי אַ שרייבער פון אַ 50—70 יאָר צוריק. אָבער אָפּוואַרפן זיי אינגאַנצן דאַרף מען ניט. זיי זיינען פאַר אונדז גוטע עדות פון זייער צייט, פון דער שפּראַך און דעם שטייגער לעבן וואָס זיינען דאַן געווען. איז ווער עס וויל געוואויר ווערן, ווי אַזוי האָבן געלעבט זיינע זיידעס און עלטערזיידעס — און אָן דעם נעכטן קען מען דאָך אייגנטלעך אויך דעם היינט ניט פאַרשטיין און דעם מאָרגן ניט פאָרויסזען — דער מוז זיך נעמען צו יענע פאַרגעסענע ביכלעך. און עס וועט דערביי באַשערט זיין אַ ביסל הנאה אויך, אויב מען וועט זיך נאָר אַריינלייענען, ווייל קערנדלעך פון טאַלענט געפינען מיר היפש, מען דאַרף זיי נאָר קענען אַרויסגראָבן.

איינער פון יענע שרייבער, וואָס האָבן אין 19טן י״ה אויסגעטראָטן אַ וועג פאַר אונדזער היינטיקער ליטעראַטור, איז אייזיק־מאיר דיק פון ווילנע. איך וויל מאַכן אויפשטיין פאַר דעם לעזערס אויג דאָס לעבן, שטרעבן און שרייבן פון דעם מאַן, וואָס איז אַמאָל געווען אַזוי גרויס, אַז די גאַנצע יידישע וועלט האָט מיט אים געקלונגען, און אַצונד איז ער אַזוי אומגערעכט פאַרגעסן געוואָרן.

סך־הכל 35 יאָר ליגט ער אויפן ווילנער בית־עולם. אַ סך יידן געדענ־

קען אים נאָך, אָט דעם בכבודיקן אַלטיטשקן, וואָס פלעגט אַלע אינדערפרי אַרויסגיין פון זיין שטוב (פריער אויף קליין-סטעפן גאַסביים שהיטה-שטיבל, דערנאָך אויף גרויס-סטעפאַן גאַס) און זיך דורכגיין איבער דער שטאָט — אַזוי טאָג-איין טאָג-אויס און יאָר-איין יאָר-אויס. זיין וועג איז געווען צו דער יידישער גאַס און צו דער יאַטקעוועער גאַס צו, דאָרט וואו יידן האַלטן זייערע קלאָגעדיקע קרעמלעך, וואו דער שוסטער האַמערט דעם שוך און דער שניידער שטשאָבעט מיט דער נאָדל. היפש צייט פלעגט ער פאַרברענגען אויפן שולהויף. דאָ, ביים "רער", וואו ס'איז געווען דאָס בעסטע וואַסער פון שטאָט און דינסטמיידלעך פון גאַנץ שטאָט פלעגן קומען מיט זייערע קרוגן, איז געווען אַ שטענדיקע בערזע. ר' אייזיק-מאיר איז געווען אַ חשובער ייד, אַלע האָבן אים געקענט און געאַכט; אָבער מען איז ניט געלאָפן פאַר אים, ווייל מען האָט ליב געהאַט זיין שמועס. ער האָט ניט געהאַלטן פאַרשלאָסן דאָס מויל, ניט פויל געווען אויף אַ וויץ. און נאָך ערשט לעבן צווישן ווילנער עולם הונדערטער גלייכווערטלעך וואָס גייען אום אין אייזיק-מאירס נאָמען. אַ פּאָר פון זיי מוזן מיר דערציילן אַגב-אורחא.

אייזיק-מאירס ווייב, וואָס ער האָט פון איר געהאַט פאַרביטערטע יאָרן, איז געווען קראַנק. האָט אים אַ באַקאַנטער געפרעגט: "וואָס מאַכט אייער ווייב, ר' אייזיק-מאיר?" האָט ער זיך אָפּגערופן: "געזינטער איז זי, נאָר בעסער ניט".

געווען אַמאָל אין ווילנע אַ גענעראַל-גובערנאַטאָר ביביקאָוו, זייער אַ שטרענגער שררה. איינמאָל זיינען יידן דערגאַנגען, אַז דער גענעראַל וויל קומען באַקוקן די גרויסע שול. זיי זיינען פאַרציטערט געוואָרן פון שרעק, און מען האָט אָנגעהויבן ראַמען און קערן. אָבער ביביקאָוו איז געקומען און די רעוויזיע איז אַראָפּ גלאַט. "אין אָוונט, שמועסט זיך אייזיק-מאיר, גיי איך מיר איבער דייטשע גאַס און זע, אַז יידן שלעפּן עפּעס באַהאַלטענערהייט אונטער די פּאָלעס. פרעג איך ביי זיי: יידן, וואָס טראָגט איר דאָ? ענטפערן זיי: די גזרה איז שוין ברוך-השם אַריבער, טראָגן מיר די בלאָטע צוריק אין שול אַריין!"

ווען אייזיק-מאיר איז אַלט געוואָרן, האָט ער געזאָגט: "איי, שוין צייט צו קייען די ערד, נאָר ניטאָ קיין ציין..."

דער עולם האָט געקוקט דעם אַלטן אין מויל אַריין און געוואַרט אויף זיינע גלייכווערטלעך.

אָבער אייזיק-מאיר איז געווען ניט סתם אַ ווערטלזאָגער. אַ סך מער ווי דאָס מויל האָט ער געהאַלטן אָפן די אויגן און אויערן. ס'איז ניט געווען קיין איין פּאַסירונג אין לעבן פון ווילנער יידן, וואָס ער זאָל זי ניט באַלד נעמען און באַשרייבן, אַמאָל מיט אָנצוהערענישן און אַמאָל מיטן גאַנצן אמת. אַלע פּאָר וואָכן פלעגט דערשיינען זיינס אַ ביכל, פלעגט ער אַהין מיט אַ

ברייטער האָט אַרייַנפּאַקן בילדער פון לאָקאַלע ווילנער געשעענישן און אויך חקירות וועגן אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן.

## 2

קיין סך לאָזט זיך ניט דערציילן וועגן דעם לעבן פון אַ יידישן שרייַבער אין 19טן יאָרהונדערט. ניט דערפאַר ווייל ס'איז ניט אינטערעסאַנט: אַ שילדערונג פון דיקס וואַנדערונגען איבער די שטעטלעך, זיין זיצן אויף קעסט ביי שווער און שוויגער „אין איידעס־שטיבל", זיין גנבענען זיך צום גלח, ער זאָל אים אויסלערנען אַ ביסל דייטש, איז אפשר ניט ווייניקער דראַמאַטיש, ווי די דועלן ביי שרייבער פון אַנדערע פעלקער. אָבער אונדזערע שרייבער האָבן ביי זייער לעבן וועגן דעם געשוויגן, און איצטער זיינען די באַשרייבונגען אָפּגעשטאָרבן צוזאַמען מיט זיי. בלויז ווען ניט ווען געפינען מיר עפּעס אַ פּרט אין אַ צופעליק אויפגעהיטן בריוו אָדער מען דערגייט נאָך עפּעס ביי עמעצן פון די עלטערע לייט.

אויף וויפיל מיר ווייסן, איז דער גאַנג פון דיקס לעבן געווען אַזאַ.

ער איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע צום אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט. וועגן דעם יאָר פון זיין געבוירן־ווערן זיינען פאַראַן ספקות; גיכער ווי אַלץ 1814[1]. דער פאָטער איז געווען חזן אין ווילנע. דער זון האָט געלערנט אין חדר, אַרויסגעוויזן אַ שאַרף קעפּל. מען האָט אים פּרי חתונה געמאַכט. די פּרוי איז גיך געשטאָרבן; ער האָט חתונה געהאַט אַ צווייטן מאָל אין נעסוויזש (אַמאָל מינסקער גובערניע), און איז אַריבער צו שווער און שוויגער אויף קעסט. דאָ האָט ער אויך, ביים אָרטיקן גלח, צום ערשטן מאָל פאַרזוכט דעם טעם פון השכלה דורך דעם וואָס ער האָט זיך גענומען לערנען דייטש. שפּעטער האָט ער זיך אומגעקערט קיין ווילנע און אָנגעהויבן געבן פּריוואַטע „שטונדן".

פון דער צייט פון זיין פּראַקטיק אַלס פּריוואַטער לערער האָט זיך אויפגעהיט אַזאַ אַנעקדאָט. איינע אַ באַלעבאָסטע, ביי וועלכער ער האָט געלערנט מיט די קינדער, האָט אים נאָך דער לעקציע אַריינגערוקט אין האַנט זיין געצאָלט; אַ סך מענטשן צאָלן נאָך היינט אַזוי אַ לערער אָדער אַ דאָקטאָר, גלייך ווי מען וואָלט דאָ געטאָן עפּעס אַ בושהדיקע זאַך. דיק האָט דאָס געלט צוגענומען, נאָר ער איז געבליבן שטיין, ניט צו רירן זיך פון אָרט. די באַלעבאָסטע האָט זיך געוואונדערט. ענדלעך האָט זי געפרעגט: „אויף וואָס וואַרט איר?" „איר זאָלט מיר באַצאָלן". „איך האָב דאָך אייך געגעבן געלט". „דאָס האָט מיר דאָך געגעבן אַ נדבה..."

איין צייט איז דיק געווען אַ לערער פון אַ רוסישער שול פאַר יידישע קינדער, וואָס אַ גרופּע משכילים האָט געגרינדעט אין 1841. דערנאָך האָט

---

[1] זע דעם אַרטיקל פון פּ. קאָן: „ווען איז געבוירן געוואָרן אייזיק מאיר דיק?" אין „שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט", פילאָלאָגישע סעריע, באַנד II, ז' 229—344.

זיך די שול פאַרמאַכט, איז ער געבליבן אָן פּרנסה. אפשר האָט ער שוין יע־מאָלט, אין די פערציקער יאָרן, אָנגעהויבן שרייבן. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער. די עלטסטע געשיכטע זיינע, וואָס איז אונדז באַקאַנט (אָבער ס'זיינען געוויס געווען אַנדערע נאָך פריער) איז „דער פּרוש פון באַרדיטשעוו", אַ קליינע דערציילונג וועגן דער פאַלשקייט פון בעלי־מופתים, געדרוקט 1856 אין וואַרשע אָן דעם מחברס נאָמען. 1864 הערן מיר שוין, אַז ער האָט אָנגעשריבן ביי 200 דערציילונגען; 1888, מיט פינף יאָר פאַר זיין טויט, רעדט מען וועגן איבער דרייהונדערט, און היינט איז מען משער, אַז די אַלגעמיינע צאָל פון זיינע גרעסערע און קלענערע ווערק דערגרייכט ביז פיר־הונדערט.

כּל־זמן ער האָט געשריבן, האָט ער געהאַט ברויט. זיין אָפּמאַך מיט ראָמס באַרימטער דרוק איז געווען אַזאַ, אַז אַלע וואָך מוז ער צושטעלן דריי בויגן באַשריבענע שרייב־פּאַפּיר צום פּרייז פון צוויי רובל זילבער פאַר אַ בויגן[1]. ביי דיקס כּתב האָבן בערך דריי אַזעלכע בויגנס אַריינגענומען אין זיך אַזוי פיל ווי אַ דרוקבויגן. מיט אַנדערע ווערטער: דיק האָט געהאַט בערך זעקס רובל אַ וואָך אויף חיונה. אַ ביסל פלעגט נאָך צופאַרדינען זיין ווייב, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט טענדלעריי, אָבער איר פאַרדינען האָט אים געקאָסט גענוג געזונט. מען דערציילט, אַז זי האָט זיך גאַנץ ווייניק פאַרנומען מיט באַלעבאַטישקייט, און דיק אַליין פלעגט מוזן גיין אויפן מאַרק איינקויפן עסן פאַר זיך און די קינדער. זיין הומאָר האָט אים אָבער דאָ אויך ניט פאַרלאָזן. פלעגט ער באַגעגענען אַ באַקענטן, פלעגט ער זיך אָפּרופן: „הלמאַי ביי זיי, ביי די גוים, שעמט זיך ניט אַ קסיאָנדז צו גיין מיט אַ קאָשיק?"

שפּעטער, ווען ער איז אַלט און שוואַך געוואָרן און ניט געקענט מער אַרבעטן, האָט ער טאַקע געליטן נויט, און אַ גוטער פריינד האָט זיך דורך די בלעטער געמוזט ווענדן צום עולם, מען זאָל מיט עפּעס קומען צו הילף דעם אַלטן שרייבער, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן פאַרן כּלל[2].

געשטאָרבן איז ער אָנהייב 1893, אין דער שטאָט ווילנע, וואו ער האָט אָפּגעלעבט זיין לעבן, וואָס ער האָט זי ליב געהאַט מיט אַ האַרציקער ליבע, דאָרט רוט זיין געביין. אויף זיין מצבה קען מען איבערלייענען, אַז געבוירן געוואָרן איז ער אין יאָר תּקס״ז[3] און געשטאָרבן איז ער ז' שבט תּרנ״ג.

---

[1] דער אָריגינאַל פון דעם קאָנטראַקט געפינט זיך אין מוזעאום פון דער ווילנער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אויפן נאָמען פון ש. אַנסקי.

[3] פאַרשיידענע ביאָגראַפישע פּרטים אין ז. רייזענס לעקסיקאָן I², ז' 711—716.

[3] דאָס וואָלט באַטייט 1807, און דאָס דאָזיקע יאָר ווערט טאַקע דאָס רוב אָנגעוויזן דורך די ביאָגראַפן. לויט מיין מיינונג האָט אָבער פּ. קאָן אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל איינגאַנצן אָפּגעפרעגט די דאָזיקע דאַטע און דערוויזן 1814 פאַר דיקס געבוירן־יאָר.

## 3

צווישן די ווילנער משכּילים איז דיק געווען גאַנץ אָנגעזען, הגם ער איז ניט געשטאַנען אויפן ערשטן אָרט. ערשטנס דערפאַר, ווייל ער האָט זיך ניט געיאָגט נאָך כּבוד און פּיינט געהאַט זיך צו רוקן; ווען די משכּילים האָבן זיך אָפּגעריסן פון קהל און געגרינדעט אַן אייגענע שול (די „בערלינער שול" האָט מען זי גערופן, היינט הייסט זי טהרת־הקודש), איז דיק דאָרט געווען צווישן די גבאים, נאָר פון באַשיידנקייט וועגן האָט ער געטאָן די אַרבעט פון אַ שמש און זיך קיינמאָל ניט געשטעלט דאַוונען אויבנאָן.

דער צווייטער טעם איז געווען, וואָס ער האָט געשריבן יידיש. אין יענער צייט איז אַ לייטישן ווילנער משכּיל ניט אָנגעשטאַנען צו האָבן עסקים מיט יידיש; גערעדט האָט מען אַ צעקיילטן־צעביילטן דייטש, און געשריבן האָט מען העברעיש. דיק איז געווען דער איינציקער, וואָס איז אַוועק אויפן וועג פון יידיש. ער האָט אויסגעצייכנט געקענט לשון־קודש, געווען אַ גרויסער למדן, און מיט זיינע פּירושים אויף מדרש, וואָס זיינען אַריינגעפלאָכטן אין זיינע יידישע דערציילונגען, האָבן זיך געקוויקט אַזעלכע קענער ווי דער ווינער פריידיקער אַדאָלף יעלינעק. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ פּאָר העברעישע ביכלעך, אַ שטייגער אַ באַשרייבונג פון משה כאָנטעפיאָרעס פאַרברענגען אין ווילנע; אָבער זיין גאַנצע גבורה האָט ער אַריינגעלייגט אין יידיש שרייבן, און ניט צופעליק, נאָר מיט אמתער באַוואוסטזיניקייט און איבערגעגעבנקייט.

עס איז ניט געווען ביי אים די באַציִונג צו יידיש ווי ביי אונזער דור; פאַרקערט, ביי אים איז אויסגעקומען, אַז צוליב פּראַקטישע צוועקן דאַרפן יידן אַוועקוואַרפן יידיש, הגם די שפּראַך האָט אין זיך אַ געוויסע צאַרטקייט[1]. עסטעטישע מאָטיוון האָבן ביי אים ניט געשפּילט קיין ראָלע; ער האָט זיך גערעכנט מיט דער נוצלעכקייט. די וועלט איז גרויס און ברייט, יידן דאַרפן אומעטום אַריינדרינגען, מוזן זיי קענען שפּראַכן און פריער פאַר אַלץ די שפּראַך פון לאַנד, רוסיש. אַזוי האָט אייזיק־מאיר געהאַלטן צוזאַמען מיט אַלע משכּילים. אָבער דיזעלבע מאָטיוון פון תּכלית האָבן אים אויך געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל זיך אין זיין טעטיקייט באַנוצן מיט דער פאָלקסשפּראַך און זיך ניט רעכענען מיטן חוזק און מיטן ביטול פון זיינע גוטע פריינד. דאָס פאָלק רעדט יידיש און מען דאַרף צום פאָלק צוקומען, — טאָ וואָס קען זיין פאַר אַ ספק, אַז נאָר אין יידיש מוז מען ריידן צו דער מאַסע? עס זיינען פּונקט די זעלבע מאָטיוון, וועלכע האָבן מיט אַ צען יאָר שפּעטער געבראַכט צו יידיש מענדעלע מוכר ספרים.

אַברהם־יעקב פּאַפּירנאָ, שפּעטער אַליין אַ שרייבער, וואָס איז געווען מיט אַ יאָר דרייסיק יינגער פאַר דיקן, האָט אין די 60ער יאָרן, ווען ער איז

---

[1] זע זיין „שבעים־מאָלצייט".

נאָך געווען אַ תּלמיד אין דער ווילנער ראַבינער־שול, ניט איינמאָל געפירט מיט דיקן דעבאַטן וועגן דעם, פאַרוואָס ער שרייבט אויף דער מיאוסער און צָרעטער פּאָלקסשפּראַך. מען דאַרף זיך דערמאָנען, אַז די ראַבינער־שול איז געווען אַ נעסט פון רוסיפיקאַציע: אַ תּלמיד אירער האָט זיך באַרימט אין אַ קאָרעספּאָנדענץ צום „המליץ"[3], אַז יידיש ווער: פאַרשוואונדן פון ווילנע און אָנשטאָט דעם דרינגט אַריין די רוסישע שפּראַך.

„יידיש איז דאָך אַזוי אָרעם און הילפלאָז, האָט געזאָגט פּאַפּירנאָ צו דיקן, און העברעיש איז אַזוי רייך און שיין!". האָט דיק זיך אָנגערופן: „צע־שטערן אַן אַלטע געביידע קען מען נאָר מיט אַ גראָבער האַק; שטעכן מיט אַ גאָלדענער שפּילקע וועט ניט העלפן".

אַ צווייטן מאָל האָט ער אָפּגעלאַכט פון פּאַפּירנאָן און געזאָגט: „ביי אייך אין ראַבינער־שול לערנט מען העברעיש און רוסיש, — די שפּראַך פון דעם לאַנד פון וואַנען מען האָט אייך אַרויסגעטריבן און די שפּראַך פון לאַנד, וואָס לאָזט אייך ניט אַריין".

אַן אַנדערש מאָל, גיט איבער פּאַפּירנאָ אין זיינע זכרונות, האָט דיק צו אים געזאָגט: „אומזיסט פאַראַכט איר דעם זשאַרגאָן. דאָס איז דער אַלטער פּראָסטער וואַנדערשטעקן פון אונזער אייביק געטריבענעם פאָלק. אונדזערע עלטערזיידעס האָבן זיך אויף אים אָנגעשפּאַרט גייענדיק פון מערב אויף מזרח, אַנטלויפנדיק פון די קרייצפאָרער, און דערנאָך זיינען זיי מיטן זעלבן וועג געגאַנגען פון מזרח אויף מערב נאָך די שחיטות פון כמעלניצקין און גאָנטען. אומעטום האָבן זיי געפונען הילף ביי אַחינו בני ישראל, מיט וועלכע זיי האָבן זיך געקענט אויפריידן. איר מיינט, אַז ערשט דאַרפן מיר שוין ניט דעם וואַנדערשטעקן? איך בין דערין ניט זיכער".

4

ביי אַזאַ מין פעסטער צוגעבונדנקייט צום געדאַנק פון שרייבן אויף יידיש האָט שוין דיק ניט געקענט נתפּעל ווערן פון דעם ביטולדיקן שמייכל פון די משכּילים. ער האָט געהאַט פאַר די אויגן דעם ציל צו העלפן דעם פאָלק מיט זיינע שריפטן, האָט ער דערביי געבראַכט פאַר אַ קרבן אי זיין קאַריערע פון אַ העברעישן שריפטשטעלער, אי דעם נאָמען וואָס ער וואָלט זיך געקענט איינקויפן אַלס אויסגעצייכנטער העברעישער בעל־לשון. נאָך מער, ער האָט אַפילו זיין אַמביציע פאַרבויגן: אויף דעם ווייטגרעסטן טייל פון זיינע זאַכן האָט ער זיך אונטערגעשריבן נאָר מיטן באַשיידענעם פּסעוודאָנים אמ"ד. היפּש ביכלעך זיינען אַרויס גאָר אָן אַ נאָמען אָדער אַפילו אונטער אַ פרעמדן נאָמען. טאָמער האָט דער רעדאַקטאָר פון „קול לעם" אין 1877 אָפּגעדרוקט אַ פּאָר דערציילונגען זיינע און צוועקגעשטעלט דעם פולן נאָמען: „א. מ. דיק",

---

1 „המליץ", 1867, נומ׳ 17, ז׳ 133.

איז דער אַלטיטשקער געווען אויסער זיך פון קרענקונג. עס איז אים טאַקע אין דער אמתן געגאַנגען נאָר אין דער זאַך, ניט אין כּבוד.

אָבער אויב ניט רום און ניט געלט, איז ער געבענטשט געוואָרן מיט אַזוינס, וואָס קיין יידישער שרייבער פאַר אים — און אויך נאָך אים — האָט ניט געהאַט: מיט אַן אומגעהייערער פּאָפּולאַריטעט. דוכט זיך, אַפילו שלום-עליכם קען זיך אין דעם פּרט צו אים ניט גלייכן. אַלע פאָר וואָכן פלעגט ראָמס דרוק אַרויסלאָזן זיינס אַ ביכל. דרוקן פלעגט מען דאָס אין 4000 עקזעמפּלאַרן, אין דער צייט וואָס היינט רעכנט זיך ביי אַ יידישן בוך 1000 עקזעמפּלאַרן פאַר אַ נאָרמאַלער אויפלאַגע. אַ סך ביכלעך זיינען איבערגעדרוקט געוואָרן צו עטלעכע מאָל. 1861 שרייבט דיק אין דער הקדמה צו אַ העברעישן ביכל, אַז פון זיינע זאַכן זיינען שוין פאַרקויפט הונדערט טויזנט עקזעמפּלאַרן; און ווען מיר וועלן זאָגן, אַז אַרום און אַרום זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן צען מאָל אַזוי פיל, וועט דאָס געוויס ניט זיין קיין גוזמא.

די פירער פון ראָמס דרוקעריי האָבן זייער אָפּמאַך מיטן באַרימטן מחבר פאַרגעשטעלט אַזוי, אַז דאָס טוען זיי אַ טובה אים אָדער דער השכלה-באַוועגונג; אויך דיק אַליין לאָזט זיך אין זיינע ביכלעך עטלעכע מאָל אַריין אין אַ שמועס מיטן לייענער און דער לייענערין, אַז ניט ער און ניט ראָמס וועלט-דרוק מיינען דאָ ניט דעם ריווח, מען טוט די אַרבעט נאָר פון דעם פאָלקס וועגן. אַז דיק איז פון זיין ליטעראַרישער אַרבעט ניט רייך געוואָרן, האָבן מיר שוין געזען, הגם דער עצם פאַקט פון צאָ ן האָנאָראַר אַ שרייבער איז דאַן ביי יידן געווען אַן אומגעהערטע זאַך: מחברים פלעגן יענע צייטן מוזן אויסזוכן זיך אַ מעצענאַט אָדער גיין איבער די נגידישע שוועלן קלייבן „פּרענומעראַנטן"[1], און די ראָמס זיינען מסתמא אויך געווען מאַטעריעל פאַר-אינטערעסירט, וויבאַלד זיי האָבן אויסגענומען אַ תּנאי אין דעם אָפּמאַך, אַז דיק טאָר קיין שום אַנדער פאַרלעגער ניט פאַרקויפן אַפילו קיין איין שורה קיין יידישע.

דער ברייטער עולם האָט אפשר ניט געוואוסט, אויסער אין ווילנע גופא, ווער איז עס אָט דער אמ"ד, וואָס שרייבט אַזוי קונציק, אָבער באַקענט און באַליבט זיינען זיינע זאַכן געווען איבער גאַנץ ליטע און רייסן. אויף דעם האָבן מיר אַ סך עדות און זכרונות פון יענער צייט[2].

---

[1] אויך אין די עלטערע צייטן איז ניט געווען קיין סך בעסער. אַ זעלטענער פאַל, ווען מען האָט יאָ געצאָלט האָנאָראַר: יוזל ווינצהויזן האָט באַקומען צו 4 טאָלער פאַר אַ בויגן פאַר זיין תּנך-איבערזעצונג, אַמסטערדאַם 1679. פגל' וואָלף, Bibliotheca Hebraea. — וועגן די האָנאָראַר-באַדינגונגען אין דער יידישער ליטעראַטור זינט 1860 זע ש. ל. ציטראָן אין „ביכערוועלט" 1923, ז' 15—24 און 326—336.

[2] פגל' דעם גרונטיקן שאַרף געפּאַסטן אַרטיקל פון ש. ניגער: „אייזיק-מאיר דיק

עס איז בוכשטעבלעך ניט געווען די יידישע שטוב, וואו מען זאָל אים ניט לייענען. שמואל יוסף פין, דער קאָפּ פון די ווילנער משכילים, א העב־רעיש־רוסישער שרייבער און אליין אַ פאַרביסענער קעגנער פון יידיש, פלעגט זאָגן, אַז ווען אַ ווילנער באַלעבאָסטע גייט אַרויס פרייטאָג מיטן קאָשיק אין מאַרק, וועט זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן צו ברענגען מיט זיך פאַר אַ פּאָר קאָ־פּיקעס עפּעס פון דיקס זאַכן; און דאָס איז ביי דער גאַנצער משפּחה פון די בעסטע שבתדיקע מאכלים.

ענלעך דערציילט אַן אַנדער משכיל אין יאָר 1874: „אויב איר ווילט פאַרשטיין, וואָס דיק האָט אויפגעטאָן, גייט אַרויס אין אַ מאַרקטאָג אין אַ ליטווישער שטאָט, וועט איר זען, ווי יידן און יידענעס, בעלי־מלאָכות און קרעמער רינגלען אַרום די פּאַקנטרעגער, וואָס קומען פון ווילנע, און באַצאָלן וויפיל מען וויל נאָר פאַר דיקס געשיכטעס".

דער אויבנדערמאָנטער אברהם יעקב פּאַפּירנאָ דערציילט אויך, ווי אַזוי אַ פּאַקנטרעגער האָט געבראַכט צו זיי אין שטעטל—דאָס איז געווען מענדע־לעס שטעטל, קאַפּוליע אין מינסקער גובערניע—דיקס צוויי ביכלעך, „כייציקל אליין" און „רב שמאַיע גוט־יום־טוב־ביטער".

„...אין אָוונט האָב איך ביי אַ גלעזל וואַרעמס געלייענט פאַר דער גאַנ־צער שטוב. דער ערפאָלג האָט איבערגעשטיגן אַלע וואַרטונגען. אַלע האָבן זיך איינגעהערט מיט קאָפּ, אַפילו די דינסט איז געבליבן שטיין ווי אַ צוגע־וואַקסענע אויף דער שוועל צווישן קיך און עסצימער. אַלע האָבן געלאַכט, גע־קליבן נחת. אינגיכן זיינען די ביכלעך אַוועק איבער דער שטאָט, און אומע־טום האָבן זיי געמאַכט אַ רושם. דיק איז פון יענער צייט אָן געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער אין קאַפּוליע, זיינע געשיכטעס פלעגט מען צעכאַפּן, די נעמען פון זיינע העלדן זיינען געוואָרן כּלל־נעמען, איינציקע אויסדריקן זיינען אַריבער אין אַלעמענס מויל. דאָס רוב פלעגן דאָס לייענען אום שבת יונגעלייט; על־טערע יידענעס, באַהאַווינט אין עברי־טייטש, פלעגן צוהערן מיט פאַרגעניגן; אָבער ערנצטע לומדים, באַלעבאַטים, וואָס האָבן מיט ביטול געקוקט אויף „ווייבערשע" ביכלעך, האָבן זיך אויך איינגעהערט מיט חשק: אין דעם קען דאָך קיין בייז ניט שטעקן. ס'איז דאָך מערניט ווי „מעשיות". איינער אַ יונגערמאַן אַ כוואַט האָט אַפילו איינמאָל איבערגעלייענט „כייציקל אליין" אין קלויז פון עמוד, בשעת די עלטערע, די שטרענגערע זיינען דאָרט ניט געווען. די ישיבה־בחורים און פּרושים זיינען צום אָנהייב געווען אויסער זיך פון דער דאָזיקער חוצפה, נאָר ווען זיי האָבן זיך איינגעהערט, האָבן זיי אויך גענומען לאַכן, געהאַלטן זיך פאַר די זייטן און פאַרשטייט זיך געלאָזן אויסלייענען ביזן סוף"[1].

ש. ל. ציטראָן געדענקט אויך פון זיינע קינדערשע יאָרן, מיט וואָס פאַר

---

[1] צו זיין דרייסיקסטן יאָרצייט)" אין „דאָס נייע לעבן" (ניו־יאָרק), 1923, נומ' 5.

אַן אינטערעס די ווייבער אין שטוב פלעגן אים הערן פאָרלייענען דיקן בשעת ער איז אַלט געווען אַ יאָר 7—8. דאָס הייסט אויך אַרום 1870: „ביי מיר איז שוין געווען ווי אַ חוק: יעדן פרייטאָג נאָך האַלבן טאָג, צוריקגייענדיק פון חדר, אַריינצוגיין צו יודל דעם פאַקנטרעגער און נעמען ביי אים פאַר אַ קאָפּיקע ניי-געלט דיקס אַ מעשהלע, וועלכע איך פלעג אים היטן אָפּטראָגן בחזרה זונטאָג גאַנץ פרי גייענדיק אין חדר. אַז עס פלעגט זיך טרעפן אַמאָל אַ פרייטאָג, ווען דיקס מעשהלעך זיינען אויסגעכאַפּט געוואָרן פון אַנדערע און איך האָב עס שוין ניט געקאָנט מער קריגן, איז ביי אונזערע שכנות יענעם פרייטאָג צו נאַכט פאַרשטערט געוואָרן זייער עונג שבת. אַזוי, געדענק איך, פלעגן זיי זאָגן.

אַ הייסער חסיד פון דיקס מעשה-ביכלעך בין איך פאַרבליבן אויך נאָכדעם ווי איך בין שוין אַרויס פון די קינדער-יאָרן: איך האָב זיי ניט אויפגעהערט צו לייענען אַפילו דאַן, ווען איך בין געוואָרן אַ העברעישער לעזער. צווישן אַ ווערק פון מאַפּון און אַ ווערק פון סמאָלענסקינען פלעג איך גאַנץ אָפט איבערלייענען אַ נייע דערציילונג פון דיקן. און איך מוז מודה זיין, אַז כאָטש איך האָב מיך דענסטמאָל, אונטער דעם איינפלוס פון די דאַמאָלסטיקע משכילישע טעאָריעס, באַצויגן צו דער יידישער שפּראַך מיט אַ גאַנץ קנאַפּער סימפּאַטיע, האָב איך דאָך דיקס ווערק געלייענט מיט דעם גרעסטן אינטערעס, און ווי נאָר איך פלעג זיך דערוויסן, אַז ער האָט אָפּגעדרוקט עפּעס וואָס נייס, האָב איך עס באַלד געזוכט צו באַקומען און איבערצולייענען".

אין ציטראָנס רייד איז זייער וויכטיק, אַז אַפילו ער, דער געבילדעטער, וואָס האָט זיך גאָר געמוזט על-פּי-דין שעמען מיט יידיש, האָט פאָרט שטילערהייט געלייענט דיקן, ווייל... ווייל ס'האָט זיך אים געוואָלט. ס'איז געווען אינטערעסאַנט: פּונקט די אייגענע מעשה ווי מיט די פּרושים און ישיבה-בחורים אין קאַפּוליער קלויז.

ד"ר יהודה-לייב קאַנטאָר, דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער באַוואוסטער העברעישער שריפטשטעלער, וואָס איז אַליין געווען אַ ווילנער און האָט דיקן גוט געקענט אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן, גיט אויך איבער, אַז כאָטש דיק פלעגט זיך אין זיינע ביכלעך כמעט אויסשליסלעך ווענדן צו דער „ליבער לעזערין", זיינען אָבער צווישן זיין פּובליקום געווען מאַנסבילן גאָר אין אַ היפּשער צאָל: „עס האָבן... געלייענט באַהאַלטענערהייט אויך באַלעבאַטים און קלויזניקעס, וואָס עס האָט זיי גאָרנישט געפּאַסט אַריינצוקוקן אין אַ זשאַרגאָן-ביכל; און ווען זיי האָבן אַליין ניט געלייענט האָבן זיי זיך צוגעהערט ווי עס האָבן געלייענט אַ זון אָדער אַ טאָכטער און האָבן דערביי געשמייכלט: פאַרשרפעט זאָל ער ווערן, דער יונגאַטש, אָבער ער מאָלט זיי אָפּ ווי לעבעדיקע".

אַזעלכע עדות אויף דיקס אומגעווייטלעכער פּאָפּולערקייט צווישן אַלע שיכטן עולם זיינען פאַראַן נאָך און נאָך, און שלום-עליכם איז גערעכט געווען, ווען ער האָט (לויט די השגות פון יענער צייט) אין 1888 אָנ-

גערופן דיקן ווי איינעם פון די „פיר גיגאַנטן" פון דער יידישער ליטעראַ-טור[1]. די אַנדערע דריי זיינען ביי אים: מענדעלע, לינעצקי און גאָלדפאַדען.

וואו שטעקט דער סוד פון אייזיק-מאירס באַליבטקייט? און וואו איז פאָרט די דערקלערונג, פאַרוואָס דער פּאָפּולערסטער שרייבער ביי יידן איז אַזוי גיך און אַזוי ראַדיקאַל פאַרגעסן געוואָרן?

לאָמיר זיך איינקוקן אין זיינע ווערק, וועלן מיר אפשר געפינען דעם באַשייד פון דעם רעטעניש.

מיר וועלן דאַרפן באַטראַכטן עטלעכע עלעמענטן פון זיינע שריפטן. אָבער ביי בעלעטריסטישע ווערק וואַרפט זיך פריער פאַר אַלץ אין די אויגן דער סיפור-המעשה, דער סוזשעט. טאָ לאָמיר זיך פריער באַקענען מיט די סוזשעטן פון דיקס אַ פּאָר דערציילונגען. זיי זיינען גענוג נאַיוו, אָבער גאַנץ טשיקאַווע אַפילו ביי היינטיקן טאָג.

## 5

### „דער פרוש פון באַרדיטשעוו".

מיט אַ צייט צוריק איז געקומען קיין באַרדיטשעוו אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 27 און געזעצט זיך לערנען אין בית-מדרש. מען האָט אַרויסגעזען, אַז ער איז אַ גרויסער למדן, און אַ למדן איז זייער אָנגענומען ביים עולם; האָבן אים די גרויסע לייט פון שטאָט שטאַרק ליב באַקומען און געוואָלט, ער זאָל עסן ביי זייער טיש. אָבער ר' לייבצע (אַזוי האָט מען אים גערופן) האָט ניט געוואָלט געניסן פון פרעמדס; ער פלעגט געבן דעם שמש ווייב אַ ביסל געלט, פלעגט זי פאַר אים קאָכן. אַזוי איז געגאַנגען אַ האַלב יאָר צייט. און וואָס פון טאָג איז ר' לייבצעס התמדה צום לערנען געוואַקסן, דאָס אייגענע זיין פרומקייט; און ווייל רעדן פלעגט ער זייער ווייניק, האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ ליטוואַק אַ גרויסן מאַן, וואָס איז אַוועק אָפּריכטן גלות.

אין באַרדיטשעוו איז געווען אַ גרויסער גביר, וואָס האָט פאַר זיין איינציקער טאָכטער געהאַט גענומען אַן איידעם אַ וואָוילערנער. האָט זיך דער גביר קוים איינגעבעטן ביי דעם ר' לייבצען, ער זאָל אַריבער צו אים אין שטוב און לערנען מיט זיין איידעם. מען האָט אים אָפּגעגעבן אַ פיין אייבערשטיבל און נאָך צוגעזאָגט צוואַנציק דוקאַטן אַ זמן. אין אַ צייט אַרום איז דעם גבירס טאָכטער מעוברת געוואָרן, און די גאַנצע שטוב איז געווען זיכער, אַז דאָס איז ר' לייבצעס זכות, ווייל ס'איז שוין געווען צוויי יאָר נאָך דער חתונה און זי האָט נאָך קיין קינדער ניט געהאַט; מען האָט שוין גענו-מען קוקן אויף אים ווי אויף אַ הייליקן מענטשן.

איינמאָל פאַר פסח איז געזעסן ר' לייבצע מיטן גביר ביים אָפענעם פענצטער און גערעדט וועגן תורה. איז פאַרבייגעגאַנגען אַ בחור מיט אַ קויש גלאָזוואַרג, און ר' לייבצען האָט זיך פאַרוואָלט האָבן עטלעכע פון די שיין געשליפענע גלעזער. ווען דער גביר האָט געבאָטן אַ צו קליינעם מקח, האָט

[1] אין „שמרס משפט", באַרדיטשעוו 1888.

דער פאַרקױפער אָנגעהױבן אים זידלען; איז דער למדן אין כעס געװאָרן און אױסגערופן: פון דײן גלאָזװאַרג זאָלסטו אַ גראָשן אױך ניט אַרױסנעמען! באַלד זײנען ר׳ לײבצעס װערטער מקוים געװאָרן: דער בחור איז אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, האָט ער זיך אױסגעגליטשט און צעבראָכן אַלצדינג ביזן לעצטן גלעזל.

דאָ האָט שױן דער גביר פאַרשטאַנען, אַז ר׳ לײבצע איז אַ געטלעכער מאַן, האָט ער אױסדערצײלט װעגן דעם אין דער גאַנצער שטאָט. פּסח צו די סדרים זײנען אפשר טױזנט מענטשן געשטאַנען אונטער ר׳ לײבצעס פענצטער און צוגעהערט זײן זיס געזאַנג.

אינגיכן האָט ר׳ לײבצע באַװיזן נאָך מופתים. װען אַ בעל־דרשער מיט אַ גבאי זײנען אַרײן אין שטוב בעטן אַ נדבה, האָט ער אין דעם גבאי דערקענט אַ פאַרשטעלטע אשה, אײנער אַן עגונה, װאָס איז געקומען פון אַ װײטער שטאָט, האָט ער געענטפערט, אַז איר מאַן װעט קומען אין דרײ טעג אַרום אין באַרדיטשעװ, און אַזױ איז געשען. אײנער אַ שליח פון אַ גרױסן שררה, װאָס איז געקומען צום גביר קױפן סחורה, האָט זיך צעקריגט מיט ר׳ לײבצען, האָט אים דער הײליקער מאַן געשאָלטן, אַז די ניכפּה זאָל אים כאַפּן, איז דער קאָמיסאַר באַלד אַנידערגעפאַלן און גענומען צאַפּלען מיט די הענט און די פיס; קױם מיט צרות האָט מען זיך אײנגעבעטן בײ ר׳ לײבצען, ער זאָל אים װידער מאַכן געזונט.

פון דער געשיכטע האָט שױן אױפגעלאַרעמט די גאַנצע שטאָט פון קלײן ביז גרױס, און דעם גבירס שטוב איז תמיד געװען פול מיט מענטשן, װאָס פלעגן קומען זיך אַן עצה האַלטן מיט ר׳ לײבצען — דער װעגן געשעפט, דער װעגן פאַמיליע־זאַכן. אין אַ סך שטעט האָט מען אים געװאָלט צונעמען פאַר אַ רב; ער האָט אָבער אַלעמען געענטפערט, אַז ער װיל ניט קײן רבנות, ער קלײבט זיך גאָר קײן ארץ־ישראל. דאָס איז דעם עולם זײער געפעלן געװאָרן, און מען האָט אים גענומען טראָגן צושטײער אױף דער רײזע. אַנדערע װידער האָבן געהאַט אַ געװאױנהײט צו שיקן אַלע יאָר קײן ארץ־ישראל נדבות, האָבן זײ זיך געפרײט מיט דער גוטער און זיכערער געלעגנהײט. ר׳ לײבצע האָט אַלע סומעס אַרײנגעשריבן אין אַ ספּעציעלן בוך, און אין דעם באַשטימטן טאָג איז ער אָפּגעפאָרן, באַגלײט פון די ברכות פון גאַנץ באַרדיטשעװ.

אין אַ חודש אַרום איז דער גביר געװען אונטערװעגנס צוליב געשעפט. אין דער אַכסניא זײנער האָט ער בײנאַכט דערהערט, אַז מען קריגט זיך הינטער דער װאַנט. אײנער האָט געשריען: די גלעזער אַלײן האָבן מיר געקאָסט 200 גילדן! אַ צװײטער האָט געשריען: װאָס איז מײן פלײש קופער און אײזן? מען האָט דאָך מיר די הױט אַראָפּגעשונדן, װען מען האָט דערקענט, אַז איך בין אַ פאַרשטעלטע נקבה! אַ דריטער האָט געטענהט: איך האָב מײן ראָלע פון אַ קאָמיסאַר גוט געשפּילט, מוזטו מיר געבן צום װײניקסטן 500 דוקאַטן! זאָגט

אַן אַנדער שטים, און דעם גביר האָט זיך די שטים אויסגעוויזן קענטלעך: וואָס פאַר אַ ווערדע האָבן אַלע אייערע אַרבעטן אַנטקעגן מיינע? זיצן צוויי יאָר פאַרשפּאַרט ווי אַ פּרוש און אויסגעדאַרט ווערן! דערביי איז דער גאַנצער סך־הכּל אַ פינף טויזנט טאַלער, און מען מוז דאָך נאָך אונטערשמירן אויך, — די חלה וועט אַוועקגיין אויף דער המוציא!

דער גביר האָט פאַרשטאַנען, ווער עס מאַכט דאָ די חלוקה. ער האָט גערופן דעם באַלעבאָס פון דער אַכסניא און די הויזלייט. מען איז אַריין אין דעם צימער, פון וואַנען די קולות זיינען דערגאַנגען, דערטאַפּט דעם ר׳ לייבּצען, געגעבן אים די פייערדיקע פּעטש, און יענער האָט זיך אויף דער שטעל מודה געווען, אַז אַלע זיינע מופתים זיינען געווען ניט מער ווי אָנשטעלן און אָפּגערעדטע זאַכן. מען האָט גערופן פּאָליציאַנטן, צוגענומען ביים רמאי דאָס געלט און אים גוט געשמיסן. נאָר ר׳ לייבּצע האָט געבעטן דעם גביר, ער זאָל אויף אים רחמנות האָבן, ווייל ער איז זיין אייניקלס פאָטער. —

דער גביר איז פאַר צער געשטאָרבן, דער איידעם האָט אָפּגעגט די טאָכטער, און באַרדיטשעוו האָט זיך געשעמט כּמה יאָרן, וואָס זי האָט זיך געלאָזט אָפּנאַרן פון אַזאַ ליידאַק.

## 6

„די שטיפמוטער“.

אין ווילנע האָט געלעבט אַ גביר ר׳ שאול בראָכעס. אַמאָל האָט ער געהאַלטן אַ שניטקראָם, נאָר דערנאָך האָט ער דעם האַנדל איינגעלאָזן און געמאַכט אַ קאָנטאָרגעשעפט[1]. געלעבט האָט ער ווי אַ האַלבער בטלן: לאַנג געדאַוונט, פיל געלערנט, ליב געהאַט צו פאַרבריינגען מיט אַ גוטן ברודער ביי אַ גלעזעלע משקה. דאָס געשעפט האָט געפירט נאָר זיין ווייב ברכה. זי האָט אים אָפּט געפּרוּווט אויסרעדן פאַר זיין פירונג, נאָר אומזיסט. זיי האָבן געהאַט צוויי קינדער, שלמה און טאַמאַרע, פון וועלכע זיי האָבן געהאַט אַ סך נחת. צו שלמהס בר־מצוה האָט ברכה געמאַכט אַ פיינעם מאָלצייט, צעטיילט זייער פיל צדקה און שטאַרק געהאָרעוועט. דערביי האָט זי זיך פאַרקילט, אויף מאָרגן איז זי קראַנק געוואָרן און אין עטלעכע טעג אַרום געשטאָרבן. זי האָט שוין פריער געהאַט געקלערט וועגן דעם, אַז זי מוז פועלן ביים מאַן, ער זאָל באַוואָרענען די קינדער; נאָר זי האָט דאָס ניט געטאָן בייצייטנס, און אין דער לעצטער שעה האָט זי דאָס ניט באַוויזן.

דער מאַן האָט אָפּגעוויינט דריי חדשים און זיך ניט געוואָלט טרייסטן. נאָר די צייט היילט אַלע וואונדן. עס האָבן אָנגעהויבן אַריינגיין אין שטוב שדכנים, און נאָך אין דריי חדשים אַרום האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ יונג ווייבל פון וואַרשע, וועלכע מען האָט גערופן גליקע די צדיקת; זי האָט געהאַט

[1] אַ באַנק.

אָפּגעגט איר מאַן ווייל ער פלעגט לייענען טרייף־פּסולע ביכער און טון נאָך אַפּיקורסות. זי איז אַראָפּגעקומען קיין ווילנע מיט אַ דינסטווייבל גנענדל, וואָס איז שוין געווען ביי איר אין שטוב אַ פּאָר יאָר.

וויבאַלד אָבער די צוויי זײַנען אַריין צו ר׳ שואלן אין שטוב האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גליקעס צדקות איז געווען אַ פאַלשע.

פון קיין געזעלשאַפט האָט זי ניט געהאַלטן, אַלע אַלטע איינגייער האָט זי דערוויטערט פון שטוב, איבערהויפּט די קרובים פון דעם ערשטן ווייב. דעם מאַן האָט זי אײַנגאַנצן אַרייַנגענומען אין די הענט און זיך געוואונטשן וואָס גיכער אַן אַלמנה צו ווערן. די קינדער האָט זי פּיינט געהאַט און באַהאַנדלט טיראַניש. זיי האָבן גראָד געהאַט גוטע קעפּ, נאָר דורך גליקעס גרויזאַמער דערציִונג זײַנען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַרגרעבטע און שמוציקע מענטשן.

אין צוויי יאָר צייט האָט גליקע שוין געהאַט כּמעט דעם גאַנצן פאַרמעגן אין אירע הענט, און ר׳ שואל איז שוין געוואָרן גאַנץ שוואַך פון שיכּרות און תּאווה. גליקען איז דאָס אָבער ניט געווען גענוג: מער ווי די כּתובה וועט זי דאָך ניט באַקומען, דער גרעסטער טייל פאַרמעגן וועט דאָך פאַרט אָנקומען צו די שטיפקינדער, ווייל זי האָט קיין קינדער ניט. זי האָט זיך אַן עצה געהאַלטן מיט דאָקטוירים, מיט גוטע יידן, נאָר אומזיסט. זי איז געוואָרן טרויעריקער פון טאָג צו טאָג. האָט גנענדל אײַנגערעדט דעם מאַן, ער זאָל אַראָפּברענגען אויף זײַנע הוצאות גליקעס ברודער שמעון פון בראָד; גליקע האָט אים זייער ליב, וועט זיך אומקערן איר פרייִלעכקייט. יענער איז טאַקע געקומען אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום, געזעסן ביי זיי אַ לענגערע צייט, און גליקע איז ווידער געוואָרן פרייִלעך. ער האָט געטרייסט דעם אַלטן און גליקען, אַז זיי וועלן נאָך זוכה זיין צו אַ קינד, און ער איז געווען גערעכט: אין אַ פּאָר חדשים נאָך ר׳ שמעונס אָפּפאָר איז גליקע מעוברת געוואָרן און האָט געהאַט אַ זון, וועלכן מען האָט אַ נאָמען געגעבן יצחק.

פון יענעם טאָג אָן האָט שוין גליקע ניט געקענט אָנקוקן אירע שטיפקינדער. זי האָט זיי געוווּמען באַהאַנדלען נאָך אַ סך ערגער ווי פריער, און דער מאַן האָט איר אין אַלצדינג נאָכגעגעבן. שלמה איז שוין אַלט געווען 17 יאָר, זיין שוועסטער טאַמאַרע איז געווען מיט אַ יאָר ייִנגער. האָט מען באַשלאָסן זיי חתונה צו מאַכן פון אַ וויטער מדינה, און מען האָט אויסגעזוכט פאַר זיי אויך אַ ברודער מיט אַ שוועסטער אין אַלט־אָפּען אין אונגאַרן. פאַרן אַוועקפאָרן האָט זיי גנענדל אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם געזעגענען זיך מיט זייער מאַמען, און דאַן זײַנען זיי אַוועק. זיי האָבן גאָט געדאַנקט, וואָס זיי זײַנען אַרויס פון אַזאַ געפענקעניש, און גליקע איז געווען צופרידן וואָס זי איז פון זיי פּטור געוואָרן.

אין אַלט־אָפּען ביי שווער און שוויגער האָבן זיך די צוויי זייער גוט אײַנגעלעבט. דער שווער איז געווען אַ היפּשער סוחר, האָט ער דעם זון און

דעם איידעם אויך אַריינגענומען אין געשעפט, און זיי האָבן פיין פּאַרדינט. אין א פּאָר יאָר אַרום זיינען געבוירן געוואָרן קינדער אויך: שלמהס ווייב האָט געהאַט אַ ייִנגל און טאַמאַרע אַ מיידל. דעם ייִנגל האָט מען אַ נאָמען געגעבן מנחם, דעם מיידל נחמה, און די עלטערן האָבן ביי זיך באַשלאָסן, אַז די קינדער זאָלן חתונה האָבן ווען זיי וועלן אויסוואַקסן.

זייער גליק האָט אָבער געדויערט ניט לאַנג. עס זיינען אָנגעשטאַנען אין אונגאַרן גרויסע מלחמות, עס איז געוואָרן אַ מגפה אין לאַנד, שלמה מיט זיין ווייב זיינען אומגעקומען, און אויך טאַמאַרעס מאַן, וואָס איז געווען אוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט, איז אוועקגעשטאָרבן. טאַמאַרע איז געבליבן אין יענער שטאָט, ווייט פון אירע קינדער. דער אַלט-אָפּגענער רב האָט אוועקגעשריבן קיין ווילנע צו ר׳ שואלן וועגן דעם גרויסן אומגליק, איז דער אַלטער געוואָרן אויסער זיך: נאָר ער און ניט קיין אַנדערער איז שולדיק, האָט ער געשריגן. מען האָט אוועקגעשיקט גנענדלען נאָך ביידע קליינע יתומים, און ר׳ שמעון, גליקעס ברודער, האָט געדאַרפט אַרויספאָרן פון בראָד איר צו־העלפן. אין אַ צייט אַרום איז גנענדל געקומען צוריק, נאָר אָן די קינדער. אונטער־וועגנס, האָט זי דערציילט, זיינען זיי אַלע קראַנק געוואָרן אויף פּעסט. זי אַליין איז אויך געווען נאָענט צום טויט, און די ביידע קינדער זיינען אוועקגעשטאָרבן.

טאַמאַרע איז אין דער ווייטער שטאָט וואו זי איז געווען אויך געוואויר געוואָרן וועגן דעם טויט פון די ביידע קינדער. האָט זי זיך שוין גאָרניט אומגעקערט מער אַהיים. דעריבער האָט זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז זי איז אויך געשטאָרבן, און אַזוי האָט טאַקע דער ברודער געשריבן צו גליקען. דאָס האָט גאָר דערשלאָגן דעם אַלטן שואלן: פון פיל ווייגען איז ער בלינד געוואָרן און איינגיכן אַוועק פון דער וועלט. קיינער איז אַרום אים ניט געגאַנגען אין דער צייט פון זיין קראַנקהייט און קיינער איז ניט געגאַנגען נאָך זיין לוויה; ער האָט געלעבט ווי אַ מנוול, איז געשטאָרבן ווי אַ הונט און באַגראָבן געוואָרן ווי אַן אייזל.

גליקע האָט דערגרייכט איר ציל: איר איציקל איז געווען דער איינציקער יורש פון דעם גאַנצן פאַרמעגן, און זי איז געווען דער אַפּוטרופּוס. זי איז אַלט געווען אינגאַנצן 32 יאָר,— יונג, רייך און פריי. זי האָט ווייטער גרויס געפירט דעם געשעפט, איר איציקל'ען האָט זי זייער שיין געלערנט. אויך צדקה האָט זי אָנגעהויבן געבן. אַלע יאָר פלעגן צו איר קומען אַ צען־צוועלף אָרעמעלייט פון איר שטאָט, פלעגט זי זיי האַלטן ביי זיך עטלעכע וואָכן, באַקליידן זיי און געבן צום סוף אַ פיינע נדבה. ווען איציקל איז געוואָרן בר־מצווה, האָט מען געמאַכט אַ פיינעם מאַלצייט, און באַלד נאָכדעם איז ער געוואָרן אַ חתן פאַר אַ באַרימטן כּיידל. די מוטער האָט צו אים צוגעשטעלט אַ ייִנגל פון אַ יאָר 15—16 מיטן נאָמען נאָטקע, פון די תלמוד־תורה־ייִנגלעך, ער זאָל אים פאָלגן אַ גאַנג.

אין אַ געוויסן טאָג איז גליקע קראַנק געוואָרן און ניט געקענט גיין אין געשעפט; האָט זי אַרויסגערופן אירן און איר מאַנס אַלטן באַקאַנטן ר׳ שעפּסלען, וואָס זי האָט אים געקענט פאַר אַן ערלעכן מענטשן, ער זאָל דערווײַלע איבערנעמען די בריוו און אונטערשרײַבן אַלע פּאַפּירן. צווישן די פיל בריוו וואָס פלעגן אָנקומען האָט ר׳ שעפּסל אײנמאָל געפונען אײנעם, וואָס איז אַפילו ניט געווען קיין געשעפטלעכער, נאָר אים האָט דער אינהאַלט אינטערעסירט מער ווי אַלע געשעפטן אין דער וועלט. דאָס איז געווען אַ בריוו, וואָס רב שמעון האָט געשריבן פון בראָד צו גליקען, און דאָרט איז געשטאַנען: „עס פרייט מיך זייער און זייער, אַז אונזער קינד איציקע וועט בקרוב חתונה האָבן למזל״, און ווײַטער האָט ער זיך געקלאָגט, וואָס גליקע האָט אים אויפגעהערט שיקן געלט. ר׳ שעפּסלען האָבן זיך די אויגן געעפנט אויף אַ סך זאַכן, נאָר ער האָט געשוויגן ביז אַ צײַט.

גליקע האָט דערווײַלע באַרניט געוואוסט וועגן דעם בריוו און איז זיך געווען פריילעך. זי האָט פאַר איציקלס כלה באַשטעלט אַ טײַערן בראַנזעלעט און האָט אים אַזוי לאַנג געוויזן אַלעמען ביז וואַנען ער איז פאַרפאַלן געוואָרן פון שטוב. עס איז געוואָרן אַ גרויסער לאַרעם; מען האָט אַרײַנגעזעצט אַלע באַדינער, אויף וועלכע מען האָט געהאַט אַ חשד. אויך דעם נאָטקען; ווײַטער די אָרעמעלײַט וואָס פלעגן קומען אַלע יאָר און זײַנען איצט אויך גראָד געווען בײַ גליקען אין שטוב. נאָך דער אויספאָרשונג האָט מען אַלעמען אַרויסגעלאָזן אַחוץ נאָטקען און די אָרעמעלײַט און נאָך אַ מיידל פון אַ יאָר פופצן, וואָס איז געווען אַ ניאַנקע בײַ אַ ווילנער גביר און די אָרעמעלײַט האָבן זי געשדכנט צו נאָטקען.

אונדזער טאַמאַרע איז זיך דערווײַל געזעסן אין דעם קלײנשטעטל אויפן טערקישן גרענעץ, ביז וואַנען עס האָט זי געטראָפן אַ פּריש אומגליק: זי איז אָפּגעברענט געוואָרן, אַז עס איז אויף איר ניט געבליבן קיין העמד. גוטע מענטשן האָבן צוזאַמענגעמאַכט פאַר איר אַ טאָלער צוואַנציק, זי זאָל אַוועקפאָרן קיין ווילנע, אפשר וועט זי עפּעס קריגן פון איר פאָטערס ירושה. זי האָט אַפילו פײַנט געהאַט די שטיפמוטער ווי דעם טויט, אָבער נויט ברעכט אײַזן. זי איז געקומען קיין ווילנע גראָד נאָך דער גנבה. צו גליקען גלײַך האָט טאַמאַרע ניט געוואָלט גיין, האָט זי זיך דערפרעגט צו ר׳ שעפּסלען. בײדע זײַנען געווען זייער צעטראָגן פון דעם באַגעגעניש, נאָר ר׳ שעפּסל האָט איר געזאָגט, זי זאָל זײַן רויק, עס קען נאָך אם ירצה השם אַלץ זײַן גוט.

עס האָט זיך טאַקע אײנגיכן אַלץ געביטן. מען האָט פאַרנומען אין פּאָליצײַ אַרײַן גנבֿנדלען און גליקען אַלײן אויך. און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צוויי קינדער מנחם און נחמה זײַנען גאָרניט געשטאָרבן, נאָר זיי זײַנען דאָס דער נאָטקע און יענע יונגע ניאַנקע. גנענדל האָט נאָר מיט פאַלשקײַט געשריבן אַזוי אַהײם, כדי גליקעס איציקל זאָל ווערן דער אײנציקער יורש. אין דער אמתן האָט זי מיט ר׳ שמעונען פאַרקויפט די קינדער צו בעטלערס —

אָט דאָס זיינען טאַקע יענע חברה־לייט וואָס פלעגן אַלע יאָר קומען צו גלי־קען קיין ווילנע, כּדי אַרויסצוציען ביי איר הונדערט טאָלער אַ יאָר. מען האָט אַלע שולדיקע איינגעזעצט. אויך דעם שמעונען פון בראָד, וועגן וועלכן מען איז שוין פון דעם בריוו געוואויר געוואָרן, אַז ער איז ניט גליקעס ברו־דער, נאָר איר געליבטער. מנחם האָט חתונה געהאַט מיט נחמהן, אַזוי ווי זייערע עלטערן האָבן אַמאָל געהאַט אָפּגערעדט דאָרט אין אונגאַרן, מנחם איז אָנערקענט געוואָרן פאַרן יורש פון גאַנצן אייגנס, און טאַמאַרע איז גע־בליבן באַלעבאָסטע אין איר פאָטערס הויז. איציקלען האָט מען אַרויסגעטריבן, און דער רב האָט געלאָזן אויסרופן אין אַלע שולן, אַז קיין ייד טאָר ניט טון מיט אים קיין שידוך, ווייל ער איז אַ ממזר.

די שולדיקע האָבן געקראָגן אַ האַרטע שטראָף. שמעון פּרצן האָט מען געשטעלט אויפן עשאַפאָט מיטן אויפשריפט: „גנב און נואף" און דערנאָך פאַרשיקט. גנענדלען האָט מען געשמיסן עפנטלעך און דערנאָך אויך פאַרשיקט. דעם האַרבסטן פּסק האָט באַקומען גליקע: זי איז זיך באַגאַנגען מיט די קינ־דער ווי אַ ווילדע חיה, האָט מען זי אויך באַהאַנדלט ווי אַ ווילדע חיה. מען האָט זי פאַרשפאַרט אין אַן אייזערנעם שטייג און דעם שטייג אַריינגעשטעלט אין אַ מענאַזשעריע; אַלע זונטאָג איז דער עולם געגאַנגען זען די ווילדע חיות, האָט ער געזען גליקען אויך. זי האָט די גרויסע שאַנד ניט אויסגעהאַלטן און איז אין אַ האַלב יאָר אַרום אַראָפּ פון זינען. דערנאָך, אַז זי איז בעסער גע־וואָרן, האָט טאַמאַרע אויסגעבעטן פאַר איר די פרייהייט און האָט זי גענערט אין ערן, און ווי מען זאָגט האָט טאַמאַרע אַ'ציקלען אויך ניט פאַרלאָזן.

## 7

### „כּייציקל אַליין".

אין ווילנע האָט געלעבט איינער אַ רב שמעריל שיפער. ער איז געווען אַ זון פון אָרנטלעכע עלטערן און אַליין אויך אַן אָרנטלעכער מענטש; זיין באַשעפטיקונג איז געווען פאַרבעריי, און ער האָט געצויגן דערפון גאַנץ פיין חיונה. ביסלעכווייז איז ער געוואָרן גוט אין שטאַנד, און מען האָט אָנגעהויבן אויף אים צו שמועסן, אַז ער איז אַ נגיד. ער וואָלט געקענט אָפּלעבן רויק און צופרידן אַלע זיינע יאָרן. האָט אָבער זיין ווייב קונע ניט אַזוי געמיינט ווי ער. ביים ערשטן שטיקל פאַרדינסט האָט זי זיך באַלד געקויפט אַ בינטל פּערל, ביים צווייטן פאַרדינסט האָט זי אַריינגעכאַפּט גוטע דימענטענע אוירינג־לעך, און מיט דער צייט האָט זי זיך שוין אָנגעהויבן שעמען מיט זייער פּרנסה. עס איז איר ניט אָנגעשטאַנען, מען זאָל זי רופן קונע די פאַרבערקע, האָט זי אַזוי לאַנג אַריינגערעדט דעם מאַן אין די אויערן, ביז וואַנען זי האָט ביי אים געפּועלט, ער זאָל פאַרקויפן דאָס פאַבריקל. ער האָט גענומען האַנד־לען מער גרויס און האָט מצליח געווען. ער איז געוואָרן וואָס אַ יאָר רייכער

און האָט געקראָגן דעם שם פון אַ גרויסן נגיד. אין אַ צייט פון אַ יאָר אַכט האָט מען שוין פאַרגעסן, אַז ער איז געווען אַמאָל אַ בעל-מלאכה. ער האָט געשטיצט געפאַלענע באַלעבאַטים, פלעגט געבן שיינע נדבות, אַזוי אַז מען האָט אים שוין מוחל געווען די קליינע עוולה וואָס ער איז געווען אַמאָל אַ פאַרבער.

חוץ דעם האָט זיך אים געמאַכט אַ געלעגנהייט צו האָבן ביי זיך אין שטוב די פיינסטע לייט פון שטאָט. זיין ווייב קונע האָט אים געבוירן אַ יינגל, האָט ער געמאַכט אַ ברייטן ברית מיט זייער אַ פיינעם מזל-טוב, און ווער קומט עס ניט אויף אַ רייכער סעודה? די רייכסטע לייט פון שטאָט האָבן ניט געפעלט ביי זיין טיש. זיין נאָמען האָט אָנגעהויבן קלינגען ווייט און ברייט, עס האָבן זיך געצויגן צו אים קרובים זיינע און אירע; ער האָט גאָרניט גע-וואוסט פריער, וואָס פאַר אַ גרויסע משפחה זיי האָבן.

ווען כייציקל איז אונטערגעוואַקסן, האָט מען גענומען זוכן פאַר אים פאַסיקע מלמדים. בין הזמנים פלעגט אין שטוב קאָכן ווי אין אַ קעסל. קיין היגן מלמד האָט רב שמערל ניט געוואָלט, וואָרים ער האָט נאָך אַמאָל גע-קענט קנעלן מיט שניידערשע קינדער אָדער מיט אַ פאַרבערס חלילה; פלעגט ער נעמען אַלעמאָל פון דער פרעמד. דער מלמד פלעגט אַלע שבת אויסלער-נען כייציקלען אַ שטיקל גמרא מיט אַ קשיא, און טאַטע-מאַמע פלעגן זיך פרעגלען הערנדיק. דער פאַרבעטענער עולם האָט זיך אויך צעריסן לויבנדיק. פלעגט דער רבי אַ צופרידענער גלעטן דאָס בערדל. דער אָרעמער מלמד אָבער, וואָס פלעגט דאָרט עסן שבת, פלעגט זאָגן: אַ וואויל יינגל; און ווען ער פאַלט נאָך אַריין צו אַ גרעסערן מלמד! דורך דעם פלעגט מען אַלע זמן בייטן דעם מלמד, און כייציקל האָט דערווייל באַקומען אַ נאָמען פאַר אַן עילוי.

באמת איז כייציקל געווען גאַנץ נאַריש, אָן תורה, אָן חכמה און אָן דרך-ארץ. ער איז געווען זייער צעבאַלעוועט, די ליפּן זיינען ביי אים שטענדיק געווען איינגעריכט אין קאַווע, און אַלע נאַכט פלעגט ער אַנטשלאָפן ווערן פאַר וועטשערע. ער איז שוין געווען 12 יאָר אַלט, האָט ער נאָך רעכט עברי ניט געקענט, ווייל קוים האָט ער געהאַט פאַרענדיקט אַלף-בית און טראַף, האָט מען שוין אָנגעהויבן מיט אים חומש מיט רש"י און באַלד דערנאָך גמרא. וועגן שרייבן איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדן. און דאָך האָט ער געהאַט דעם נאָמען פון אַן עילוי, און צו צוועלף יאָר פלעגט ער אומגיין מיט געשוואָלענע בע-קעלעך, וואָס מען פלעגט אים אַלץ קנייפּן ביי יעדן פאַרהערעניש. דערביי פלעגט מען אים נאָך זאָגן: „ביסט שוין ווערט אַ שיינע כלה". איז כייציקל געוואָרן געהויבן ביי זיך, און גאַנץ שטאָט האָט וועגן אים גערעדט. מען האָט אים גערופן „כייציקל אַליין".

זיין בר-מצווה האָט מען אויסגעריכט גאָר אויף אַ שיינעם אופן, און עס זיינען ווידער געקומען די גרעסטע לייט פון שטאָט, אַ פּאָר לומדים, דעם

רבינס גוטע פריינט, האָבן געוואָלט פרעגן דעם בחורל אַ פּאָר גוטע קשיות, האָט כייציקל באַוויזן זיין גוט קעפּל און געענטפערט נאָך איידער יענע האָבן באַוויזן צו ענדיקן די פראַגע. דער מלמד איז נעבעך רויט געוואָרן, אָבער דער עולם האָט זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק. ווייל ערשטנס ווער וויל דאָס קרענ־קען אַ בעל־שמחה, און צווייטנס האָט מען געוואָלט וואָס גיכער ענדיקן און בעסער וואָס נעמען אין מויל איידער אין די אויערן. שפּעטער, ווען מען האָט שוין געמאַכט אַ פּאָר כוסות, האָט איינער פון די געסט זיך אָפּגערופן: איך האָב פאַר דעם ייִנגל אַ רבין גאָר אַ וואונדער; דאָס איז דער מויציטער עילוי; עס זיינען פון זיינע תלמידים געוואָרן חתנים אין די גרעסטע הייזער.

ר׳ שמערל האָט קוים דערצויגן דעם זמן מיט דעם אַלטן מלמד און אַראָפּגעבראַכט דעם מויציטער. דאָס איז געווען אַ יידל פון אַ יאָר פער־ציק, אַ גרעבלעכער מיט אַ גוט אויסגעפּאַשעט בייכל פון פרעמדע טישן. ער פלעגט רעדן אַ ביסל אויף אַ זייט. אַ פּנים האָט ער געהאַט אַ לענגלעכס און אַ ביסל אַ פּאָקנדיקס און פול מיט זומערשפּרענקלעך; אַ געלע באָרד מיט צוויי שפּיצן, אַ גרויסן שטערן מיט לאַנגע קאַרבן און בלויע אויגן מיט גאַנץ לאַנגע ברעמען. אַן עילוי איז ער טאַקע געווען יונגערהייט, אָבער לערנען האָט ער ניט געקענט, ווייל פון קינדווייז אָן האָט ער זיך פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט פּשטלעך, און דעם אמתן פּשט האָט ער קיינמאָל ניט געוואוסט. דערביי פלעגט ער רעדן אויף אַלע לומדים, פלעגט זאָגן מבינות אויף אַלע גאונים און געווען אַ גרויסער עזות־פּנים. מען האָט אים אַמאָל געפרעגט, פאַרוואָס ער שטעלט זיך אַזוי שפּעט דאַווגען און לייגט טלית און תפילין ערשט בשעת דער עולם האַלט שוין ביי קריאת־שמע. האָט ער געענטפערט: איך בין ניט גלייך צו אַלעמען, איך פיר מיך אויף מיט דעם אייבערשטן אין שול אַזוי ווי איי־גענע מענטשן אויף אַ שמחה, די אייגענע גייען עסן ווען דער גאַנצער עולם האָט שוין אָפּגעגעסן.

אָט דער מויציטער איז דאָס אָנגעקומען צו כייציקלען אַליין. ער האָט נעלויבט דאָס ייִנגל גאָר אָן אַ שיעור, און דערמיט איז ער באַלד געוואָרן תקיף ביי זיינע עלטערן; און אַזוי ווי ער איז געווען צייטנווייז אַ שדכן אויך, האָט ער באַלד גענומען זוכן פאַר כייציקלען אַ שידוך. ווען כייציקל איז אַלט געווען 14 יאָר, האָט שוין די טיר ניט גערוט פון שדכנים, וואָס פלעגן עסן און טרינקען אין שטוב. מען האָט די פאַרהערער אונטערגעקויפט, און עס זיינען מיט מזל געוואָרן תנאים מיט אַ גרויסן גביר; אָבער צום אומגליק איז דער גביר צופעליק געוואויר געוואָרן, אַז רב שמערל איז אַמאָל געווען אַ בעל־מלאָכה, האָט ער אָפּגעלאָזן דעם שידוך. אַזוי איז גע־שען עטלעכע מאָל, און ר׳ שמערל האָט דערווייל אויף תנאים און שדכנות־געלט אויסגעבראַכט אַ העלפט פון זיין פאַרמעגן.

ענדלעך האָט אָפּגעגאָלטן: מען האָט געשריבן תנאים מיט אַ גרויסן גביר פון בראָד ר׳ שמשון. ווען ר׳ שמערל איז אַהין געקומען מיט צוויי

בריקעס צו פיר פערד און מיט אַ גאַנצן עולם, איז די ווילנער קאָמפּאַניע דאָרט אַפילו ניט שטאַרק געפעלן. נאָר מען האָט פאָרט געשטעלט אַ חופּה. די געסט זיינען געבליבן נאָך אַ פּאָר טעג און זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין. ר׳ שמערל האָט זייער געוואָלט, אַז דער מויציטער זאָל בלייבן מיט כייציקלען, נאָר דער שווער האָט שוין געהאַט אַרויסגעזען, אַז דער מלמד איז אַ גרויסער עם־האָרץ, האָט ער עס ניט דערלאָזן. דער מויציטער האָט פאַרן אַוועקפאָרן נאָך אָנגעזאָגט כייציקלען, אַז ווען מען האַלט אין לערנען, זאָל ער אַלעמאָל זאָגן פאַרקערט, — וועט מען יעמאָלט זען, אַז ער איז אַ גרויסער קענער.

עס זיינען געגוג געווען אַ פּאָר טעג, די מחותנים זאָלן זיך אַרומזען, וואָס פאַר אַ פאַרשוין כייציקל איז. איינמאָל ווען ער האָט געלערנט מיט אַ שוואָגער האָט ער גענומען אָנווענדן דעם מויציטערס תורה. דער שוואָגער האָט געזאָגט יאָ, האָט ער געענטפערט ניין, אַדרבא פאַרקערט. האָט אים דער שוואָגער געזאָגט: דער מהרש״אָ מאַכט דאָך אַזוי ווי איך זאָג. האָט כייציקל זיך ווייטער געשפּאַרט: ניין, אַדרבא, דער מהרש״אָ מאַכט פאַרקערט. האָט זיך אָפּגערופן דער שוואָגער: נו, לאָמיר אַראָפּנעמען דעם מהרש״אָ און זען! נאָר כייציקל האָט זיך געענטפערט אויף זיין שטייגער: אַדרבא, זאָל מען דעם מהרש״אָ ניט אַראָפּנעמען און ניט זען. עס איז געוואָרן אַ גרויסער געלעכטער, און כייציקל האָט נאָך געמיינט, אַז ער האָט דאָ געזאָגט אַ פיינע חכמה. דאָס יונגע ווייבל האָט אים אויך פיינט געהאַט ווי דעם טויט, און די גאַנצע משפּחה צוגעשטאַנען צו ר׳ שמשונען, ער זאָל אָפּגטן כייציקלען איידער זיין ווייב וועט ווערן פון אים מעוברת.

די עלטערן זיינען זיך נאָך דערווייל געפאָרן. זיי האָבן שוין אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס זיי זיינען אונטערוועגנס, און פאַרפאָרן צוגאַסט צו אַ פּאָר קרובים. אַהיים זיינען זיי געקומען אין אַ וואָכן זיבן אַרום און צוגעפאָרן צו זייער שטוב אַ זייגער צוועלף ביינאַכט. אויף זייער קלאַפּן האָט עפּעס אַ באַקאַנטע שטים געפרעגט: „ווער איז דאָ?" דאָס איז געווען כייציקלס שטים. ער איז אונטערוועגנס אין ערגעץ ניט פאַרפאָרן, ער האָט ניט געהאַט צו שלעפּן מיט זיך קיין קופערטן, איז ער געקומען אַהיים פריער ווי די עלטערן.

פון דעם גרויסן בזיון איז ר׳ שמערל און אויך זיין ווייב גאָר דערשלאָגן געוואָרן. די צוויי טעכטער האָבן זיי געמוזט חתונה מאַכן פאַר פּשוטע מענטשן. כייציקלען אַליין האָבן זיי נאָכאַמאָל חתונה געמאַכט מיט אַן אָרעם מיידל, און אים געלאָזן צוזאַמען מיטן ווייב ביי זיך אויף קעסט. דער טאַטע האָט אָנגעזעצט, די מאַמע איז פאַר צער געשטאָרבן, און ר׳ שמערל האָט שוין נאָך איר אויך ניט געלעבט לאַנג. ער איז געשטאָרבן אין הקדש, און כייציקל האָט נאָך דעם פאָטערס טויט געמוזט לעבן פון קצבה. ווען די קינדער פון שטאָט

פלעגז אים זען, פלעגן זיי אים נאָכשרייען: „כייציקל אַליין!״, און דער נאָמען איז אים שוין געבליבן ביז זיין טויט.

## 8

אָט אַזוי האָבן אויסגעזען דיקס דערציילונגען. נאַיִוו לויט זייער אויפבוי, פשוט אין זייער אינטריגע, אָן קונצן. מיר האָבן דאָ דערציילט דעם אינהאַלט פון דריי ביכלעך; מען וואָלט געקענט איבערגעבן דעם סוזשעט ניט פון דריי מעשיות, נאָר פון דריי מאָל דרייסיק, אָבער קיין גרויס נייס וואָלט זיך דערביי ניט אַרויסגעוויזן. טיפּן געפינען מיר די פאַרשיידנסטע: יידישע און ניט־יידישע, ערנצטע און קאָמישע, פון דער היינטיקער צייט און פון דער פאַרגאַנגענהייט. אָבער דער גרונט־איינדרוק בלייבט פונדעסטוועגן דער אייגענער. דאָס איז דערפאַר, ווייל ניט דער סוזשעט איז ביי אים דער עיקר. דערפאַר פלעגט טאַקע דיק נעמען דעם סיפּור־המעשה פאַר זיינע דערציילונגען וואו עס האָט זיך געמאַכט.

„דער שנאָרער״ אַ שטייגער איז גענומען פון לעאָפּאָלד קאָמפּערטן, אַ יידישן שרייבער (אין דייטש) פון ביימען. „דער גלגול״ איז איבערגעזעצט פון יצחק ערטערס אַ העברעישער סאַטירע, „פייגעלע דער מגיד״ איז גענומען פון דעם דייטשן יידן בערנשטיין. „ר׳ שלמהלע דער פּער פון דער קהילה ב.״ איז אַן איבערזעצונג פון לעוואַנדעס רוסישן „דעפּאָ באַקאַלייניך טאָוואַראָוו״, און „דער גר צדק״ איז גענומען פון דעם פּוילישן שרייבער קראַשעווסקי. דערביי האָט ער כמעט קיינמאָל ניט אָנגעוויזן פון וואַנען ער נעמט, און טאָמער ווילן מיר וויסן, דאַרפן מיר זיך אַליין לאָזן זוכן. ניט ווייל דיק האָט געמיינט צו באַהאַלטן, צו מאַכן אַן אָנשטעל, אַז אַלצדינג פון אָנהייב ביזן סוף איז זיין אייגנס. דאָס האָט אים ניט אינטערעסירט, און זיינע לייענער נאָך ווייניקער. דער גאַנצער ענין פון אָריגינעלקייט, פון גילטן פאַר אַ מחבר, האָט ביי דיקן און ביי די מענטשן פון זיין צייט געשפּילט גאָר אַ קליינע ראָלע. אויף העברעיש יאָ — דאָרטן איז געווען דער שטייגער פון די משכילים צו באַרימען זיך מיט זייער קענטשאַפט און זייער שרייבעריי, אָבער אין יידיש! ווער האָט דאָס יידישע ביכל געהאַלטן פאַר עפּעס רעכטס? וועמען איז אָנגעגאַנגען די קונסט־מבינות פון די קעכנעס און גאַס־מענטשן?

ווי גלייכגילטיק דיק האָט זיך באַצויגן צום ענין מחברשאַפט זעט מען דערפון, וואָס ער האָט אויך זיין נאָמען געשטעלט גאַנץ זעלטן אויף די ביכלעך. דאָס רוב האָט ער זיך באַנוגנט מיט די ראָשי־תבות „אמ״ד״; אַמאָל איז דאָס אויך ניט געשטאַנען, איבערהויפּט אויף די ערשטע זאַכן, און עס האָט אים אַפילו ניט געאַרט, וואָס אויף טייל ביכלעך האָט זיך דער אַרויסגעבער אַליין אונטערגעשריבן אַלס פאַרפאַסער אָדער אַוועקגעשטעלט עפּעס אַ נאָמען פון דער הגדה. נאָך מער: אין דעם אָפּמאַך מיט ראָמס דרוק האָט דיק גענו־

מען אויף זיך די פאַרפּליכטונג איבערצומאַכן אין די מאַנוסקריפּטן אַלצדינג וואָס דער באַלעבאָס פון דרוק וועט אים הייסן. פאַרגלייכט דאָס מיט דער אַמביציעזקייט פון היינטיקע שרייבער!

דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס ניט דער סוזשעט און ניט דער כבוד זיינען געווען דער עיקר, נאָר דער מוסר, אָדער, ווי דיק און זיינע צייט-חברים האָבן דאָס גערופן, „די קריטיק״.

דער גאַנצער ענין שרייבן איז נאָר צוליב דער „קריטיק״. ביכלעך וואָס דערציילן גלאַט מעשיות האָבן ביי דיקן געהאַט אַ פּנים ווי פּאַרזיסט וואַסער, און ס׳האָט אים זייער ווייל געטאָן, וואָס ער האָט אויף די עלטערע יאָרן געמוזט זיך זעצן שרייבן גרויסע פּוסטע ראָמאַנען אין פיל טיילן, כדי בייצושטיין שמ״רס קאָנקורענץ. כל-זמן ער האָט געקאָנט גיין מיט ז י י ן וועג, איז זיין כוונה געווען אויסשליסלעך דער מוסר-השכל פון דער דערציילונג, און דעריבער איז ביי אים רעכט אַוועקצורעדן אויף דריי און פיר זייטלעך גלאַט מאָראַל, ביז וואַנען ער כאַפּט זיך, אַז ער איז אַראָפּ פון וועג. „נון איז שוין צייט, אַז מיר זאָלן זיך צו אונדזער געשיכטע אומקערן״ (די שטיפמוטער).— „נון מיינע לעזערין, גענוג, מער ברויך איך ניט דאָ צו שרייבן פון דיזן וויכּוח; דען ניט דאָ איז דער אָרט דערפון. פיללייכט וועלן מיר אונדז אָנטרעפן אין אַן אַנדער געשיכטע, וועלן מיר דאָרט שפּרעכן מער דערפון. דערווייל האָב איך דיך צוגעפירט נאָר צו דעם שפּיץ פון דיזן געשפּרעך, וואָס ס׳ליגט אין אים גרויסע וועלט-קענטעניש״ (ר׳ טרייטל דער קליינשטעטלדיקער נגיד)[1]. — און אַזוי כסדר. מען דאַרף איינגעבן די מענטשן מוסר, האָט ער געהאַלטן, אַזוי ווי אַ דאָקטאָר היילט מיט רפואות די פיזישע קרענק. נאָר אַזוי ווי די מענטשן וועלן דאָך דעם אמת ניט וועלן איינגעמען — דער אמת איז ביטער! — דאַרף מען דעם כ ר י י ן פון דער „קריטיק״ איינוויקלען אין דעם ה אָ נ י ק פון אַ דערציילונג. „נון מיינע טייערע לעזער און לעזערינען, איך נעם שוין פון אייך אָפּשייד. פאַרצייט מיר ווען איך האָב אייך פיללייכט איין האַרטעס וואָרט געזאָגט. איר מאַכט אייך אייערע איינגעמאַכטס פון כריין מיט האָניק, פון זויערע אַגרעס מיט צוקער, ווייל זיס מיט ביטערס שמעקט אַם בעסטן. אַזוי אויך איינע ערציילונג מיט מוסר״... (די שטיפמוטער).

מיר געפינען דעריבער ביי דיקן אַ גאַנצע ריי ביכלעך — און גראָד פון די בעסערע, — וואו דער עלעמענט פון ה אָ נ י ק איז זייער שטאַרק פאַרקירצט. קיין סוזשעט איז דאָרט ניטאָ, און דעריבער אומטעגלעך זיי איבערצודערציילן, נאָר דערפאַר געפינען מיר דאָרט אויסגעצייכנטע לעבנס- און זיטן-בילדער. אַזאַ ביכל אַ שטייגער ווי „רב שמאַיע גוט-יום-טוב-ביטער, די קלאַסישע געשיכטע פון אַ קהלשן מקבל, האָט אייגנטלעך ניט קיין אינהאַלט, און דאָך איז עס פון דעם בעסטן, וואָס דיק האָט אָנגעשריבן. אין דער

---

[1] די ציטאַטעס גיב איך, פון איינפאַכקייט וועגן, מיט אונדזער איצטיקן אויסלייג.

הקדמה צו אַן אַלטער אויסגאַבע פון דעם ביכל[1] זאָגט דיק אַרויס אַזוי בולט זיין שרייבערשן אַני־מאמין, אַז מיר מוזן ברענגען דערפון אַן אויסצוג:

„אין דיזן ערשטן קאַפּיטל וועט גערעדט ווערן עטוואָס איבער די קריטיק, דאָס הייסט צו וואָס נוצט די באַשרייבונגען פון די שלעכטע זיטן וואָס עס האָבן אין זיך די פאַרדאָרבענע מענטשן און צי איז דאָס רעכט אַזוי צו טון מן התורה און צי איז דאָס איצונד אויך ערלויבט פון דער רעגירונג.

„עס איז אַזוי אַ גרויסער אונטערשייד צווישן דעם קריטיקער (דאָס הייסט צווישן דעם מענטשן וואָס באַשרייבט די געשיכטע און די זיטן איינעס שעדלעכן מענטשן) און צווישן איינעם שעדלעכן מענטשן וואָס רעדט נאָר שלעכטס פון לייטן, אַזוי ווי עס איז אַן אונטערשייד צווישן אַ חונף און איינעם מענטשן וואָס דערציילט נאָר וואַרע מעלות פון איינעם אַנדערן. דער באַריידער מאַכט מיט זיינער צונגע איינע טיפע וואונדע דעם אַנדערן אין הערצן ווי אַ מערדער וואָס וויל נאָר טייטן; און דער קריטיקער פאַרוואונדעט ווי אַן אַרצט (דאָס הייסט ווי אַ דאָקטאָר) וואָס מאַכט איינע אָפּעראַציע אָדער ער צאַפּט אָפּ בלוט, אום דעם קראַנקן געזונט צו מאַכן. אָדער נאָך בעסער צו זאָגן: ווי יענע פּראָפעסאָרן וואָס צעשניידן איינעם טויטן קערפּער, אום צו פאַרשטיין, פון וועלכן פעלער ער איז געשטאָרבן, און דאַדורך וועלן זיי שוין קענען קורירן איינעם אַנדערן און רעטירן אַזעלכע וועלכע נאָך צו רעטירן מעגלעך איז. זיי באַשרייבן, וואָס עס האָט אים געשאַדעט, און דער צווייטער היטעט זיך שוין. דען דער קריטיקער וואָס באַשרייבט די געשיכטע פון איינעם בייזן מענטשן מיינט אויך דערביי ניט דיזן פאַרדאָרבענען צו רעטן, וואָס מען רופט אים אין טייטש „מאָראַליש טויט", דאָס הייסט וועלכער עס איז שוין מיט זיינער ערלעכקייט פאַרביי. ניין, ער מיינט נאָר דערמיט מזהיר צו זיין דעם דער וואָס האָט נאָך אַ פונק מענטשלעכקייט און ערן־געפיל. און וואָס אַ קריטישע באַשרייבונג ווירקט אויף דעם האַרץ דאָס קענען ניט ווירקן צען מוסר־ספרים, ווייל קיינעם ווילט זיך דאָך ניט דאָס ער זאָל זיין געמיינט אונטער דיזע לעכערלעכע געשיכטע. קיינע שטיפמוטער, וואָס זי איז נאָר ניט מאָראַליש טויט, דאָס הייסט וואָס זי האָט נאָך אין זיך אַן ערן־געפיל, וועט דאָך ניט וועלן, דאָס מען זאָל איר רופן מיט דעם שרעקלעכן נאָמען: „גליקע די שטיפמוטער", און יעדער וואָס וויל נאָך גילטן פאַר אַ מענטשן און גערעכנט זיין פאַר אַ בראַוון מאַן וועט זיך שוין אין אַכט נעמען, דאָס מען זאָל אים ניט רופן מיט דעם לעכערלעכן נאָמען יעקעלע גאָלדשלעגער אָדער אַזוי גאָר מיט דעם צונעמעניש ר' שמאַיע גוט־יום־טוב־ביטער... דאַהער אַחי ורעי, מיינע ליבע ברידער און מיינע

---

[1] פון 1860; אין די שפּעטערדיקע אויסגאַבעס איז שוין די הקדמה ניטאָ.

זייער געליבטע נאַציאָן, נעמט אויף מיט וואוילגעפאַלן אַלע דיזע ערציי־לונגען, דען זיי זיינען געשריבן נאָר צו אייערם הייל און גליק בזה ובבא, און רעכנט עס ניט נאָר פאַר אַ שפּאַס; דאָס איז נאָר אַן איבער־צוקערטער מאָראַל אָדער מוסר".

מיט די זעלבע אָפענע רייד קומט דיק צום לייענער ביים אַריינפאָר צו "כייציקל אַליין": "אום צו ווייזן דיר, מיינע טייערע לעזערין, ווי וויכטיק און וואַר עס זיינען די רייד פון דעם אַלטן שפּריכוואָרט: עס איז די גרעסטע קונץ צו זיין פאָטער און מוטער, און דאָך נעמען זיך דאָס אַלע אָן — מוז איך דיר דאָ באַשרייבן אַ קליינע געשיכטע פון אַ געוויסן ר׳ שמערל שיפער, ווי אַזוי ער האָט ערצויגן אַ בן־יחיד וואָס מען האָט אים גערופן כייציקל". אין "דער פינדלינג" (געשריבן 1875) הערן מיר ווידער דאָס אייגענע: "עס איז פילעס צו לערנען פון דיזער געשיכטע, און לערן עס, דען איך בין ניט אויסן די מעשה, נאָר דעם פועל־יוצא דערפון."

לאָמיר זיך אַלזאָ איינקוקן, וואָס איז אַזוינס אייזיק־מאירס "פועל־יוצא", וואָסערע חסרונות פון יידישן לעבן וויל ער אויסוואָרצלען און אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד וואָלט ער וועלן זען זיין "זייער געליבטע נאַציאָן".

## 9

דער גרעסטער אומגליק פון יידן איז וואָס זיי האָבן ניט קיין פעסטע באַשעפטיקונגען. אַ קהלשער מקבל איז מער אָנגעזען איידער איינער וואָס נערט זיך מיט דער מי פון זיינע הענט; מען שעמט זיך מיט אַרבעט, מיט מלאָכה אַזוי ווי מיט מסחר. "דער נאָמען בטלן וואַר דאַן אַ גרויסער טיטול, דער נאָמען בית־המדרשניק וואַר דאַן אויך אַ גרויסע ראַנגע. דער נאָמען קלויזנער האָט געקלונגען אַזוי זיס ווי היינט וויסאָקאָ־בלאַגאָראָדיע, דער נאָמען אָרעמער למדן האָט דאַן געהאַט אַזוי אַ וואַזשנאָסט ווי היינט אסטאַווּנער אָפיציר... דיזע אַלע סאָרטן מענטשן האָבן נאָר געלעבט פון בעטל־ברויט, לבד גלאַט אָרעמעלייט שלעפּער, וואָס האָבן זיך ניט געקענט דערדינען צו קיין ראַנגע. דיזע אַלע פלעגן זיך אומשלעפן איבער דער וועלט גאַנצע פּאַרטיעס מיט ווייב און קינד פון ישוב צו ישוב, פון שטאָט צו שטאָט, און די איינוואוינער פלעגן אויפנעמען יעדערן נאָך זיין כבוד. מען האָט געגעבן עסן און טרינקען און אַ נדבה און אַמאָל אַ פור אויך דערצו. נון וועל איך זיי אַצינד סאָרטירן פאַר דיר, מיינע טייערע לעזערין.

די ערשטע קלאַסע שנאָרער וואַרן דאַן בעלי־דרשער, מוכיחים, זאָגער און ספדנים, דאָס הייסט אַזעלכע מגידים וואָס קענען מער ניט ווי מספיד זיין איינעם אַ גרויסן מאַן. נון האָט זיך נאָר געטראָפן, דאָס איין גרויסער מענטש איז געשטאָרבן, דאָ האָט ער שוין געהאַט יענעם יאָר ברויט איבער דעם

האַלדז. ער פלעגט צופאָרן פון שטאָט צו שטאָט און פלעגט אים מספּיד זיין און וואַר אָרנטלעך באַלוינט מיט געלט און מיט טרערן. אין דעם יאָר אָבער וואָס וואַר קיין געראָטענער, דאָס הייסט וואָס עס איז קיין רעכטער געשטאָרבן אין אים, פלעגט ער קוים זיין לעבנס־מיטל פאַרדינען, דען ער פלעגט מספּיד צו זיין נאָר די גאונים וואָס זייגען שוין לאַנג געשטאָרבן... נון פאַר אַן אָפּגעפּרישטן הספּד פלעגט ער שוין אַ קנאַפּן גראָשן באַקומען, און דערצו האָט נאָך קיינער איין טרער געלאָזן, ווי אַ גוטער שיכּור וואָס לאָזט קיין טרער פון אַ קוואַטירל שפּיריטוס...

די צווייטע קלאַסע שנאָרער וואַרן יאַלעווע בעלי־דרשער, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס קענען קיין תּורה זאָגן, נאָר דערציילן מעשיות פון גרויסע לייט, מופתים פון קדושים; דערציילן חידושים פון ארץ־ישראל און זאָגן סגולות...

די דריטע קלאַסע וואַרן בעלי־שמות, בעלי־מגיהות, מוכרי־ספרים, עגונות, אָדער שווערן וואָס גייען זוכן אַנטלאָפענע איידעמס, יונגע ווייבלעך וואָס קלייבן נדבות אום חליצה צו באַקומען. הייגט די וואָס האָבן געהאַט גלגולים אָדער חולי־נופל, — אַזעלכע לייט האָט מען באַשטעלט טעג און געגעבן אַ נדבה און אַ פור דערצו.

די פערטע קלאַסע וואַרן גלאַט אָרעמעלייט וואָס פלעגן זיך צו שלעפּן באַנדעסווייז. זיי פלעגן צו קומען צו פופציק, צו זעכציק צו איין ישובניק, פלעגן בײַ אים צו נעכטיקן, ווטשערע עסן, אַ פור באַקומען. קומענדיק אין שטעטל פלעגן זיי איינצושטיין אין באָד און גיין פראָסט איבער די הייזער, שבת פלעגט מען זיי געבן פלעטן.

אונטער דיזע קלאַסע מענטשן וואַר דער גרעסטער שמוץ און אומריינקייט דער זיטן. איינער פון די גרעסטע מכניסי אורח וואָס וואַר אין יענער צייט, אַ גרויסער מופלא און אַ גרויסער מיוחס און דערצו אַ גרויסער חכם, וואָס עס פלעגן בײַ אים צו עסן הונדערטער אָרעמעלייט אויף איין מאָל און אין יעדן טאָג, בפרט נאָך אום שבת, — האָט ער אַמאָל געזאָגט: „נאָך האָט זיך מיר ניט געטראָפן, דאָס איך זאָל פרעגן בײַ אַן אָרעמאַן צי איז ער פליישיק און זאָל זאָגן יאָ, און צי האָט ער געדאַוונט מנחה און זאָל זאָגן ניין".

און אַזוי פלעגט איינער מיט זיין זעלביקע ווייב חתונה צו האָבן עטלעכע מאָל אין פאַרשיידענע שטעט, כּדי מען זאָל וואָס צוזאַמענמאַכן פאַר זיי. פלעגן זיי קומען צו אַ ישובניק וואָס איז אַ כּהן, פלעגט זיך צו מאַכן קראַנק אַ קינד בײַ זיי און באַלד דערויף געמאַכט זיך געשטאָרבן. דאָ פלעגט מוזן דער באַלעבאָס אָפּטרעטן פון שטוב, און דאָס האָבן זיי מערניט ווי געמיינט, און פלעגן ניט אָפּטרעטן, ביז מען האָט זיי דאָרטן געגעבן אויף אַלע הוצאָות.

זיי פלעגן אַזוי אויך אין די תּנאָימס פון זייערע קינדער איינצושרייבן,

דאָס זיי גיבן זיי אוועק אין נדן סלוצק, נעסוויזש אָדער די שטאָט מיר אויף דריי יאָר, דאָס הייסט עס זאָל קיינער פון זיי ניט גיין אַהין בעטלען, לבד די פּאַרפאָלק אַליין.

איבערהויפּט פלעגן זיי זיך ציען אין יענע ערטער, וואו עס האָט געצאָלט זיין גרויסע חתונות, גרויסע בריתן, אַ רעכטער סיום־תורה. זיי האָבן שוין געוואוסט, אין וויפילטן חודש יענע גבירישע ווייבל איז, דאַמיט זיי זאָלן ניט פאַרזאַמען דעם טאָג פון ברית. און אַזוי ווי דער האַי־פיש ציט זיך נאָך און דרייט זיך אַלץ אַרום יענע שיף, וואָס ער שפירט דאָס עס איז דאָ אין איר אַ מענטש, וואָס האַלט שוין ביי דעם שטאַרבן, אַז ער זאָל עס באַלד פאַרשלינגען, ווי מען וועט אים נאָר אַריינוואַרפן אין ים, — אַזוי פלעגן זיי זיך אַלץ דרייען אַרום יענע שטאָט וואָס ס'וואַר דאָרטן איין אַלטער אָדער איין קראַנקער גביר וואָס דאַרף די צייטן געלעגן ווערן.

אין אלול און אין תשרי האָבן זיי ממש קיין הענט געהאַט, וואַרן פול אויף אַלע בית־עולמס און אויף די שולהויפן און פלעגן צו ענדערן זייערע קראַנקהייטן ווי זייערע נעמען: אין ראַקעוו האָט ער געהייסן יאָסל און איז געגאַנגען אויף קוליעס, און אין טינקעוויץ האָט מען אים שוין גערופן גאָר אפרים און האָט געהאַט איין אויסגעדרייטע האַנט, ווייל דאָרטן וואַרן שוין הינקעדיקע פון מאָהילנע און אַ שטעטלדיקער דערצו.״[1]

באַזונדערס האָט דיקן ווי געטון אויף זיין ווילנע. זי איז געווען „איינע איידעלע און ערלעכע שטאָט פון אייביק אָן. אירע מענטשן זיינען פון דער נאַטור גוטהאַרציק, שטיל און פרידלעך. אויך וואַרן זיי זייער שיין געוואַקסן און געניינגט צו דער בילדונג פיל מער אַלס אַנדערע שטעט פון סוריא־לאַנד[2]. און העטן ניט צוגעקומען צו איר אַלע ווילע שלעפּערס און בעטלערס און אויך אַבערגלויבישע מענטשן פון אַנדערע שטעט, וואָלט זי שוין געקענט רעכט אויסגעבילדעט זיין און לעבן אַ פולע גליקלעכער ווי יעצט״. איר צדקות אָבער ציט צו צו זיך טויזנטער שנאָרערס און ליידיקגייער, וואָס פאַרקריכן זיך אין די פאַלבן פון דער רעליגיע אַזוי ווי אומפלייט פאַרקריכט זיך אין די פאַלבן פון אַ העמד. „אויף יעדער וואַסילישקער אָדער איישישקער פור אייער וואָס קומט אָן אין אונדזער שטאָט זיצט אַ ייד אַ בעל־תפילה, אַ זינגערל, אַ דינסטמיידל... די אייער קויפן אָפּ די מאַרקווייבער; דער בעל־תפילה דאַוונט אָפּ ימים־נוראָים, בלייבט ער אין לינאָווע אַ מלמד; זיין זינגערל בלייבט אַן אָרעם־בחור; די דינסטמיידל ווערט אַן אַם און דערנאָך אַ בעל־אַכסניאַטע; עס קערט זיך מער ניט אום נאָר דער פורמאַן אַליין״.

---

[1] „דער חזן״, ווילנע 1874, ז׳ 19 א״וו. פגל׳ מענדעלעס אַן ענלעכע באַשרייבונג אין „פישקע דער קרומער״, יוב׳ אויסג׳ ז׳ 87—88.

[2] די געאָגראַפישע נעמען זיינען ביי דיקן כמעט אַלע מאָל פאַרשטעלט: ווילנע — „לינאָווע״ אָדער „אַילק״; רוסלאַנד (רוסיא) — „סוריא״ אאַז״וו.

אַן אַנדערש מאָל דערציילט ווידער דיק וועגן די אָרעמע קרובים, וואָס גיבן זיך אַ שאָט אויף ווילנער יידן פון די שטעטלעך. „קיין שטאָט אין דער וועלט ווערט אַזוי געפּלאָגט פון אָרעמע קרובים, ווי אונדזער אָרעמע שטאָט אַלײן; דען וועלכער ייד פון וועלכער שטאָט האָט ניט אַ קרוב אין איר און זוכט זיך שוין אויס איינע געלעגנהייט צו קומען, און קומט טאַקע. און ווייל ער קומט על־פּי־רוב גאָר אָן אַ שום עסק, ווייס ער ניט ווען אוועקצופאָרן.

אַמאָל איז געקומען צו מייַנעם אַ באַקאַנטן אַ יידענע אַ קרובה צו פאָרן מיט צוויי קינדער און מיט אַן אַכטל בעבלעך און מיט פיר טעפּ שמאַלץ, אום עס צו פאַרקויפן דאָ. און ווי דער מקח וואַר געפאַלן, איז זי ביי אים אָפּגעזעסן ביי זיין טיש פיר וואָכן און האָט אַלץ געוואַרט אויף אַ בעסערן פּרייז. דאָ האָט זיך מיין באַקאַנטער מישב געווען און האָט עס זעלבסט ביי איר אָפּגעקויפט פאַר אַ גאַנץ טייערן פּרייז, אום באָר פּטור צו ווערן פון איר".

10

נאָך איידער אַ מענטש איז פעיִק אַליין צו שטיין אויף די פיס, מאַכט מען אים שוין חתונה און לייגט נאָך אַרויף אויף אים די זאָרג וועגן קינדער; דאָס איז, לויט דיקס איבערצייגונג, איינע פון די הויפּט־סיבות פון דער יידישער אָרעמקייט. עס איז דאָ אַ פויגל קרייצשנאָבל, דערציילט ער עטלעכע מאָל אין זיינע ביכלעך, פאָרט ער זיך ערשט אין אָנהייב שבט, ווייל דאַן ווערט פאַרטיק זיין שפּייז, דאָס זיינען די זוימען־קערנער פון די יעלניק־ביימער, וואָס זיינען אין די בערעלעך; זיי ווערן צייטיק נאָר דורך די גרויסע פרעסט. אַזוי איז אויך מיט די מענטשן: גאָט האָט באַשאַפן פריער אַלץ וואָס דער מענטש באַדאַרף און דערנאָך דעם מענטשן גופא. דערויף איז טאַקע געזאָגט געוואָרן: אשר יצר את האדם בחכמה, גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן מיט קלוגשאַפט.

ביי אונדז רוסישע יידן איז אָבער פּונקט פאַרקערט. מיר באַשאַפן פריער דעם מענטשן און דערנאָך זוכן מיר פאַר אים זיין נערונג: פריער האָבן מיר חתונה און מיר האָבן קינדער, און דערנאָך ערשט זוכן מיר פון וואַנען צו לעבן, אָבער פון נישט ווערט נישט, און ווען צוויי קבצנים טויגעניִשטן האָבן חתונה, מוזן זיי בלייבן קבצנים, „סיידן זיי ווערן באַטריגער אָדער גאָר מערדער באַהיט אונדז גאָט."

אַז מען האָט ניט אַליין פון וואָס צו לעבן, לעבט מען אויף יענעמס רעכענונג. אַזאַ איז אויך געווען דיקס העלד רב שמאַיע גוט־יום־טוב־ביטער. פאַר דער חתונה האָט ער געגעסן טעג, און נאָך דער חתונה האָט ער אָנגעהויבן צו עסן חדשים און האַלבע יאָרן. ער האָט אָנגעהויבן קנעלן און האָט אויסגערעדט מיט יעדן באַלעבאָס, ער זאָל האָבן ביי אים אַ חודש קעסט. דערנאָך, אַז ער האָט באַקומען אַ שם פאַר אַ בעל־פּועל, דאָס הייסט ער קיילט די קינדער און מאַכט זיי פאַר האַלבע טויגעניִשטן און גאַנצע

משוגעים, האָט ער שוין באַקומען האַלביאַרוויין קעסט און פלעגט גיין אַהיים נאָר נעכטיקן. פאַרשטייט זיך, אַז קיין גרויסער בעל-הוצאה איז ער ניט געווען: דאָס ווייב האָט געזויגן נגידישע קינדער, און אירע קינדער האָבן געזויגן אַמען פון צדקה-גדולה, ווייל ווילנע איז אַ צדקה-שטאָט. ווי נאָר זיין קינד האָט אויפגעהערט צו זויגן, פלעגט ער אים אַריינגיסן אין מויל אַ לעפל קלויזנער-גריץ, און אַזוי האָט שוין דאָס קינד ביזן טויט ניט געוואוסט דעם טעם פון אַן אייגענעם ביסן.

11

אָט אַזוי גייט דאָס צו די דערציִונג פון אונדזערע קינדער. די אָרעמע מאַכט מען שוין בייצייטנס פאַר שנאָרערס, און דאָס ווייסט מען דאָך, אַז אויב איינער האָט נאָר געלעקט פון פרעמדע טישן, וועט שוין פון אים קיין רעכטס ניט ווערן: ער וועט בעסער זען אַיין גראָשן אויסצובעטלען, איידער צען צו פאַרדינען לייכט און מיט כבוד.

די נגידישע קינדער ווידער האָבן אַן אַנדער אומגליק: טאַטע-מאַמע באַלעווען זיי אַזוי, אַז מען גיט זיי נאָך יעדן קאַפּריז, און יעטווידער נאַרישקייט זייערע ווערט פאַררעכנט פאַר אַ גרויסער חכמה. אַזאַ פאַל האָבן מיר געזען ביי כייציקלען אַליין. ווען טאַטע-מאַמע וואָלטן זיך ניט איינגערעדט, אַז ער כאַפּט שטערן פון הימל, וואָלטן זיי אים געלאָזט לערנען און בילדן לויט זיינע פעיקייטן, ער וואָלט זיך אויסגעלערנט אַ מלאָכה און וואָלט אויך געקענט חתונה האָבן מיט אַ גאַנץ לייטישער מיידל. דאָס אומגליק איז אַרויסגעקומען דערפון, וואָס מען האָט זיך מיט אים צו הויך פאַרמאָסטן.

און אַזוי ווי עס טויג ניט אונדזער דערציִונג, אַזוי טויג ניט די בילדונג. די מיידלעך לערנט מען גלאַט גאָרניט, און די יינגלעך האָט-דעוועט מען גלייך זיי וואָלטן אַלע באַדאַרפט ווערן רבנים. דער מלמד מאַטערט דעם יינגל יעדן שבת מיט אַ נייעם פשטל מיט מפטיר, און צו שלש-סעודות מוז דער יינגל זאָגן זיין שטיקל גמרא מיט אַ קשיא.

אין „דער ישובניק" (אָפּגעדרוקט 1867) געפינען מיר אַ וויציקע באַשרייבונג פון אַ פּאָר קינדער, וואָס זיינען אויסגעוואַקסן אויפן ישוב פאַרגרעבטע, מיט פאַרשטאָפּטע קעפּ, און פאָרט האָט דער פאָטער געמיינט, אַז זיי זיינען דאָס אייבערשטע פון שטייסל.

צו ר' קלמן סעלייקעסקער דעם אַרענדאַר איז אַמאָל געקומען אַ סוחר פון געהילץ, האָט ער זיך מיט אים פונאַנדערגערעדט וועגן זיין דאָברושקען און זיין יאָסינקען. דערביי האָט זיי קלמן אָפּגעמאָלט מיט זיין דאָרפישן לשון אויף אַזאַ שטייגער:

„מיין מיידל איז שוין ברוך השם זיבעצן יאָר, אַ מאַד אַ רובאַכע! אָ, זי וועט זיין אַ גוטע ראַנדאַרקע. גייט שוין אַליין אין הויף, צום גלח, צום אָרגאַניסט, האָט אַ מויל פון אַ שוואַרץ-יאָר, און איך האָב קיין מזל ניט צו

שידוכים פאַר איר. איך וויל געבן אַ פולע געלט און קעסט און אַלץ קיין רעכטס דאָ. איך וויל אַ חתן וואָס זאָל זיין דאָ באָהו אי דאָ לודזיע[1], איך וויל האָבן אַן איידעם וואָס זאָל מיר קענען כשר מאַכן אַן אָקס, דאָס איך זאָל ניט דאַרפן אָנפאָרן צום רב אין שטאָט און קומען דערנאָך מיט אַ טאַרפע צוריק,—און וואָס זאָל ווידער געפעלן ווערן דעם עקאָנאָם אויך און פשיטא דעם פריץ. און אַזוי האָב איך קיין מזל ניט צו מלמדים פאַר מיין יאָשוין סינקען. כאָץ טרובי, ער איז שווער אויף עברי! אַזוי איז ער אַ פּלאַדיקער קאָפּ, אַ ממזוק,—צום לערנען איז גאָרניט! נון מוז עס זיין, צאָרנעהאָד[2]. די מלמדים פאַרשטייען אים ניט און ווייסן ניט ווי צו לערנען מיט אים... נון וואָלט איך געוואָלט דאָס איר זאָלט איין אַ ביסל אַזוי פונאַנדעררעדן אין זייטיקע זאַכן און פאַרבייגייענדיק אויך די סדרה אַ פרעג געבן, דאָך אָבער ניט פלוצלינג, וואָרים ער האָט אין זיך אַ נאַטור באַלד צו דערשרעקן און מיינט דאָס מען וויל אים פרעגן ווי האָט געהייסן אַברהמס מוטער.

דערווייַלע האָט זיך דער יאָסינקע פאַרשפילט מיט דער טעלעצקע וואָס דער פאָטער האָט אים צוגעזאָגט צו שענקען צו זיין בר־מצווה: ער האָט זיך געשפילט מיט איר אין קופקעס קלייען אין וועלכע ער פלעגט צו באַהאַלטן אַ פיטאַק. „קום אַהער, מיין יאָסינקע, האָט זיך דער פאָטער צו אים אָפּגערופן: קום אַהער, אָט דער ייד האָט אַ כלה פאַר דיר, ער וויל דיר עפּעס פרעגן, שרעק דיך ניט". דער יינגל איז צוגעגאַנגען פּיק־רויט, און דער אורח האָט אים אָנגעהויבן צו פרעגן די קינדערשע קשיות... „אַ פייגעלע איז אַמאָל אַריינגעפלויגן אין אַ שטוב דורך אַ צעבראָכענע שויב. דאָ האָט דער באַלעבאָס פון שטוב מורא געהאַט, דאָס די פייגעלע זאָל צוריק ניט אַרויספליען דורך די זעלביקע צעבראָכענע שויב, האָט ער אַרויסגענומען אַ שויב פון דעם צווייטן פענצטער און האָט אַריינגעשטעלט אין דער צעבראָכענער שויב". דער יאָסינקע איז געשטאַנען אַ היפּשע צייט און האָט נאָכגעדענקט, האָט זיך געביסן די פינגער און האָט דערנאָך אַ פרעג געטאָן מיט אַ הויכער שטים: „זי איז געווען אַ געלינקע?" „און אַז אַ געלינקע?" האָט אים דער אורח ווייטער געפרעגט. „וואָלט איך אַריינגעזעצט אין אַ שטייגעלע, דען איך האָב עס אַזוי געזען ביי דעם אָרגאַניסט טאַקע".

„מען קאָן אַנדערש ניט זאָגן, האָט זיך דער אורח אָפּגערופן, די קעפּעלע שפּילט. נון וועל איך דיר פרעגן נאָך אַ קשיה: וואָרום מאַכט מען אַן אויוון פון ציגל, זאָל מען מאַכן פון שטרוי!". די קשיה וואַר אים ניט לייכטער אַלס די פריקע און האָט אָנגעהויבן ווידער צו בייסן די פינגער. דאָ האָט זיך דער פאָטער ניט געקענט איינהאַלטן און האָט אָנגעצונדן אַ קין און האָט אָנגעהויבן צו דרייען און געבן אים צו פאַרשטיין, דאָס דער אויוון קען זיך

---

[1] ווייסרוסיש: צו גאָט און צו לייט.

[2] אַ שוואַרץ־יאָר.

דורך דעם אָנציגדן. דער יאָסינקע אָבער האָט זיך פונאַנדערגעשריען: „טאַטע, גוטער טאַטע, הער אויף, דען דו וועסט דיך באַשטשיקען;" (עס איז פון אונדענקלעכע צייטן אַן אָבערגלויבן, דאָס דער וואָס דרייט אַ קינעלע פייער וועט ביט אויפשטיין טרוקן).

נון האָט ער אים געפרעגט ווייטער: „פאַרוואָס מאַכט מען אַן אויוון פון ליים און ניט פון פוטעד?" „אָט דאָס ווייס איך, האָט ער געענטפערט: ווען מען וועט מאַכן פון פוטער, וועט מען דאָך קיין טשאָלנט ניט טאָרן רוקן!"...

דער אורח האָט שוין גוט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַן עילוי ער האָט דאָ שוין פאַר זיך, און האָט אָנגערעדט דעם פאָטער, דאָס ער זאָל אים לאָזן אַ ביסל שאַרפן דעם קאָפּ מיט גמרא."

אין דעם פראַגמענט וואָס מיר האָבן דאָ געבראַכט זיינען די פאַרבן אָנגעשמירט צו גערדיכט, און דעריבער זעט דאָס אויס ווי אַ הומאָריסטישע דערציילונג. אין דער אמתן האָט דאָס אָבער דיק געמיינט גאַנץ ערנסט, און גראָד דעם אורחס עצה פירט אונדז אַרויף אויפן ציל פון דער „קריטיק". די צרה נעמט זיך גראָד דערפון, וואָס מען שאַרפט צו פיל דעם קאָפּ מיט גמרא. מען האָט דעם קינד גאָרניט געגעבן קיין מעגלעכקייט זיך אויסצולערנען עפּעס רעכטס. קוים האָט דער יינגל געקענט זאָגן אַ ביסל עברי, האָט מען שוין מיט אים אָנגעהויבן חומש מיט רש"י, און באַלד דערנאָך שטיקלעך גמרא. דער מלמד פלעגט זאָגן די עברי און באַלד מיט אים אויסרעדן דעם פאַלשן פשט. ממילא האָט אַ יינגל פון צוועלף יאָר נאָך ניט געוואוסט אַ פסוק, קיין שטיקל דקדוק, ניט געקענט קיין אות אויפשרייבן, און דערביי פלעגט מען אים נאָך זאָגן, אַז ער איז ווערט אַ שיינע כלה.

## 12

ביי אַזאַ מין אויסבילדונג מישטיינס געזאָגט איז קיין וואונדער ניט, וואָס צווישן עולם זיינען אומגעגאַנגען ווילדע אייבגלייבענישן; מען האָט זיך פאַרלאָזן אויף נאַרישע סימנים און סגולות. איין גלויבונג אַזאַ האָבן מיר שוין געזען אָקאָרשט ביי אונדזער ליבן יאָסינקען; דיקס ווערק זיינען פול מיט אַזאַ מאַטעריאַל. מען האָט געגלייבט, אַז ווער עס עסט אויף די זרוע פון סדר, די ווערט אַ כלה דעם יאָר; אַז אליהו הנביא באַווייזט זיך צו ישובישע לומדים, בשעת זיי זיצן לעבן אויוון און לערנען; אַז טויטע גייען אַרויס פון קבר באַלד נאָך דער קבורה און זויגן אויס דאָס בלוט ביי מענטשן. אַ פרוי קען זיך אויסדוכטן, אַז אַ פרעמדער מאַנסביל איז צו איר געקומען, און פון דעם ווערט די פרוי טאַקע שוואַנגער, נאָר די קינדער וואָס ווערן געבוירן האַלטן זיך ניט („אַלטע יידישע זאַגן").

דיק איז צו פאָרזיכטיק צו זאָגן, אַז דאָס זיינען אַלץ הוילע נאַריש-

קייטן. אַלס משכּיל, וואָס בויט זיין גאַנצע וועלטבאַנעמונג אויף שׂכל, וואָלט ער געדאַרפט אָפּוואַרפן און לייקענען אַלץ וואָס עס קען מיט אַ שׂכלדיקן וועג ניט דערקלערט ווערן. נאָר ער איז דאָך חוץ דעם אַ רעליגיעזער מענטש, און די יידישע הייליקע ספרים רעדן דאָך אויך אַ סך וועגן שדים און ניט־גוטע. געפינט ער אַן אויסוועג אין דער דער דערקלערונג, אַז היינטיקע צייטן זיינען שוין אַזעלכע איבערגאַטירלעכע געשעענישן ניטאָ. אין זיינע „אַלטע אידישע זאַגן אָדער סיפּורים" (ווילנע, 1876) צעלאָזט ער זיך אַפילו מיט אַ „ליד איבער די אַלטע וועלט", וואו ער מאַכט אַן איראָנישן פאַרגלייך צווישן אַמאָל און צווישן היינטיקע צייטן. דערביי באַדויערט ער כּלומרשט מעשה־ראָמאַנטיקער, וואָס די וואונדערשיינע אַלטע וועלט, וועלכע איז נאָך ניט גע־ווען גאַנץ אויפגעקלערט, איז אַוועקגעגאַנגען.

„עס וואַר דאַן קיין דאָרף, קיין פּאַראַפיע, קיין קרעטשמע אָן אַ גלגול,
ווי דאַמאָלס קיין שטאָט, קיין קהילה אָן אַ בּלבול...
יעדער ישובניק האָט אונטערוועגנס אימער געפונען
אַ שעפּס, אַ ציג, אַ קאַלב אויף אַלע פיר געבונדן,
און ווי נאָר ער האָט עס אין וואָגן, וואַר עס שווער ווי אַ ליים,
דאָס דער פערד פלעגט צו בלייבן אָן כּוחות ביז אַהיים,
און דאַן האָט ער זיך מיט קראַפט באַלד לויז געבונדן,
און איז פאַר זיינע אויגן באַלד פאַרשוואונדן".

היינט איז דאָס פאַרביי:

„ליידער אין אונדזערע גאַנץ נייע אויפגעקלערטע צייטן
איז מען פון אַזעלכע קינדערגעשיכטן זייער וויט,
דען די פאַרפלוכטע בילדונג האָט צוריק איינגעשטעלט
די אַלטע נאַטור־אָרדענונג אין דער נייער ליכטיקער וועלט...
די שדים, די בעלי־שמות פאַריאָגט, פאַרטריבן,
און מען איז נאָר ביי די אַלטע געזעצן פון דער בריאה געבליבן".

## 13

צו דער פראַגע פון קליידונג האָט דיק געהאַט ניט נאָר אַ באַציִונג פון אַ צוזעער; אויף דעם פעלד איז ער געווען אַ קעמפער. אין זיין יוגנט־צייט האָבן נאָך יידן אין ליטע אויך געטראָגן די אַלטפרענקישע יידישע קליידונג, וועלכע מען געפינט ביז היינט אין פוילן און גאַליציע. אפילו די משכּילים, די וואָס זיינען אַליין געווען דורכגעדרונגען מיט עקל צו דעם דאָזיקן סימן פון יידישער אָפּגעזונדערטקייט, האָבן געטראָגן לאַנגע קאַפּאָטעס: זיי האָבן מורא געהאַט, אַז עס וועט זיך אויף זיי אויסגיסן דער צאָרן פון דעם גרויסן

עולם, אויב זיי וועלן זיך פלוצלינג אָנטון „דייטש". האָבן זיך אין יולי 1843 צונויפגענומען עטלעכע ווילנער יונגעלייט פון די אויפגעקלערטע און אוועקגעשיקט צום געהילף פון בילדונגסמיניסטער אַ בקשה קיין פעטערבורג, אַז די רעגירונג זאָל פון איר זייט אַרויסגעבן אַ פאַרבאָט פאַר יידן צו טראָגן די לאַנגע קאַפּאָטעס און די סויבלענע היטלען. זיי אַליין, שרייבן זיי, זענען פאָראויס דעם גרויסן גוץ פון אַזאַ ענדערונג, „נאָר מיר קענען זיך אַליין בשום אופן דערויף ניט באַשליסן, ווייל מיר הענגען אָפּ פון די פאַנאַטיקער און צבועקעס און האָבן מורא פאַר פאַרפאָלגונגען". צום סוף איז נאָך ספּעציעל געוועזן געבעטן, דער מיניסטער זאָל ניט אַרויסגעבן די פאַנאַטיקער די נעמען פון די בעטער, און אויפן פאַל טאָמער וועט דער מיניסטער דאַרפן ווייזן די פירער פון קהל די „פּראָשעניע", האָבן זיך די מחברים אונטערגעשריבן אויף אַן אַנדער בויגן פּאַפּיר.

צווישן די 23 אונטערשריפטן געפינען מיר לעבן די נעמען פון מרדכי־אַהרון גינצבורג, מתתיהו שטראַשון, אייזיק בן־יעקב און אַנדערע אויך דעם נאָמען: „אייזיק־מאיר נאָאַכאָוויטש[1] דיק".

די ווילנער האָבן אַפילו פאַרשפּעטיקט, ווייל דער באַשלוס אַרויסצולייגן אַ באַזונדער אָפּצאָל אויף די וואָס טראָגן יידישע קליידונג איז שוין געווען אָנגענומען אין פעטערבורג איידער די בקשה איז אַהין אָנגעקומען; אָבער עס איז רעכט, אַז די ווילנער האָבן וועגן דעם ניט געוואוסט און געמיינט, אַז דאָס איז אַ ווירקונג פון זייער בעטן. יעדנפאַלס שפּירט זיך ביי דיקן אַלעמאָל אַ ספּעציעלע וואַרעמקייט, ווען ער טרעט אַרויס קעגן דער באַזונדערער יידישער קליידונג.

„עס איז שוין מער אַלס פופצן יאָר, שרייבט ער אין „ר׳ שמאַיע גוט־יום־טוב־ביטער" אין יאָר 1860, דאָס מיר יידן האָבן געענדערט דאָס קליידונג. פופצן יאָר צוריק איז דיין מוטער געגאַנגען אַ לייבל מיט קישקעס, אין פאַנטאָפל מיט באַשמידטע קאָרקעס. דער קאָפּ וואַר געגאָלט דורכאויס גלאַט, ווי היינט ביי די נייע וועלט דער קינבאַק, דאָס הייסט די מאָרדע. דער קאָפּ וואַר אַרומגעוויקלט מיט אַ וועלן טוך ווי דער קאָפּ פון אַ טערק. אויפן האַלדז איז געהאַנגען אַ זשמוט פערל אויסגעפוצט, אָדער אַ האַלדזבאַנד פון פערל־שטיקעלעך אָדער קליינע פערל ווי עס טראָגן היינט די כאַרטעס. נאָר פון אויבן האָט זי געטראָגן אַ ווייס ליילעך ווי אַ סויווע[2]. דו וואָלטסט עס יעצט זען, וואָלטסטו זיך געשעמט; אַז מען וואָלט דיך גענייטיקט יעצט עס אָנצוטון, וואָלטסטו געוויינט, אַזוי ווי דיין מוטער האָט געוויינט בשעת זי האָט עס געדאַרפט אויסטון. דו פרייסט דיך, מיינע פריינדין, דאָס דו יעצט

---

[1] זיין פאָטער האָט געהייסן נח.—דער דאָקומענט איז אָפּגעדרוקט אין דעם רוסישן זאַמלבוך „פערעזשיטאָיע", I, פעטערבורג 1908, צווייטע אָפּטיילונג ז׳ 11 א״וו.

[2] תכריכים.

אייראָפּעיש געקליידט ביסט, און איך פריי מיך אויף, דען אונדזער מענלעכער גאַנג וואַר דאַן אויך זייער ווילד: ווייסע זאָקן, שמוציקע שיך, אַ לאַנגע זשופּיצע, אַ דעליע. דאָס איז נאָר געווען אַ שפּילצאַצקע פאַר דעם ווינט, זי האָט ניט געשיצט פון היץ און האָט ניט פאַרשטעלט פאַר אַ שטורעם. די לאַנגע אַרבל וואָרן ניט צום אָנטון און די פּאָלעס ניט צום איינוויקלען זיך. נאָר מער פון אַלץ וואָרן לעכערלעך אונזערע פינף היטלען" — און דאָ גייט אַוועק אַן אויספירלעכע באַשרייבונג פון די פינף היטלען, וואָס יעדער בכבודיקער ייד האָט געדאַרפט האָבן, אַחוץ צוויי קאַפּעלושן: שטריימל, ספּאָדעק, כאַבאַדניצע, קלאַפּאָווע היטל און אויערהיטל.

אַן אַנדערש מאָל לאָזט דיק אויס זיין געלעכטער צום גאַרטל:

„די גרעסטע ראָלע האָט געשפּילט אונטער די יידישע קליידער גראַדע דער קלענסטער בגד, און דאָס וואַר דער גאַרטל. ער וואַר דער ריכטיקער גראַדן-צייגער פון דער הייסקייט אין יידישקייט אַזוי ווי דער טערמאָמעטער איז דער ריכטיקסטער גראַדן-צייגער פון דער הייסקייט אין דער לופט. דער גאַרטל פלעגט נאָר צו צייגן מיט זיינעם ז י נ ק ע ן , דאָס די היץ פון דער פרומקייט האָט ג ע ש ט י ג ן . דען וואָס נידעריקער מען האָט געטראָגן דעם גאַרטל, אַלץ מער באַווייז דאָס מען איז פרימער, און וואָס מען האָט אים געטראָגן העכער, וואַר עס אַ באַווייז דאָס מען איז אַלץ מער וועלטלעכער.

רבנים פלעגן אים צו טראָגן דאַהער אונטער דעם נאָפּל; יונגע-לייט לומדים אַן עטוואָס איבער דעם נאָפּל; וועלטלעכע האָבן אים גע-טראָגן שוין אונטער דעם האַרצן; אויסגעלאַסענע האָבן אים געטראָגן שוין איבער דאָס האַרץ" (ר' טרייטל, ווילנע 1872).

אין דער „איידעלע ראַכע אָדער די נקמה" (ווילנע 1875) באַגעגענען מיר זיך ווידער מיט דעם ענין:

„אַמאָל אונדזערע יידישע קליידער וואַר נאָר אַ געמיש פון אַלער לעקער קליידונג. אונדזערע קיילעכדיקע היטלען, אונדזערע אויערהיטלען, אונדזערע שטריימלעך וואָרען גענומען פון דער אַלטער רוסישער טראַכט; אייגע זשופּעצע מיט דעם גאַרטל פון פּוילישע קליידונג; שיך און זאָקן מיט קורצע הויזן פון טייטשלאַנד; אַ דעליע פון שפּאַניע; אַ פּיקסן פוטער מיט לאַנגע אַרבל ווי די אָסטיאַקן. איצונד, גאָט זיי דאַנק, קליידן מיר אונדז ווי עכטע אייראָפּעער".

## 14

דאָס וואָס אייזיק-מאיר האָט געהאַלטן פאַר „כריין" איז ביים עולם געוויס אויך געווען פאַררעכנט פאַר „האָניק". מען האָט זיך ניט אַזוי שטאַרק איינגעהערט אין דעם מוסר, דערפאַר האָט מען זיך ניט געקענט גענוג צופּוּאונדערן אויף די טרעפיקע שילדערונגען און אויף די שפּיציקע ווערטלעך. דאָס וואָס מיר האָבן דאָ ציטירט איז נאָר אַ קליינער, גאָר אַ קליינער טייל

פון יענע לעבנסבילדער וואָס מיר וואָלטן געקענט אַרויסנעמען פון דיקס ווערק: זיינע באַשרייבונגען פון אַ יידישן דאָנערשטאָג, פון אַ יידישער אַכסניא, פון מלמדים אויפן ישוב, פון דעם בית-המדרש, פון דעם גרייטן פסח און ימים-נוראָים וואָלט מען געדאַרפט נאָך היינט אַריינשטעלן אין יעדן לייענבוך פאַר יידישע קינדער.

דיק אַליין שפירט, אַז „אַ גרויסער טייל פון די לעזער וועלן ניט ער-גרינדן דעם וואָרן זין דערפון און וועלן עס אָפּלעזן נאָר צום צייטפאַרטרייב ווי אַ בבא-מעשה"; דאָך שרעקט ער זיך ניט אָפּ און גייט ווייטער אָן אין זיין אַרבעט, ווייל ער זעט קלאָר, אַז מען מוז העלפן דעם פאָלק.

„אונדזער לאַגע, שרייבט ער אין דעם „שבעים-מאַלצייט"[1] מיט אַ מערק-ווערדיקן פאַרשטאַנד, „איז אין דיזער צייט פיל מער קריטישער אַלס ביז אַהער. טויזנטער בלוטיקע גזרות האָבן אונדז ניט געקענט אַזוי פיל אונטערדריקן אַלס פּאַראַדאָק און ציוויליזאַציע וואָס ווערט פון טאָג צו טאָג פעסטער און סאָלידער אין אונדזערע לענדער. מיר מוזן ניט ווילנדיק פיל ווייטער אין דער גרויסער וועלט אַריינטרעטן אַלס אונזערע עלטערן, און דאַהער מוזן מיר די וועלט בעסער קענען, אום צו ווערן געליטן פון אונזערע מיטמענטשן (קריסטן), וואָס שטייגן אונדז איבער אין דיזע צייטן אין דער ציוויליזאַציע, אין פּאַראַדאָק, און וואָס ווערן אונדזערע קאָנקורענטן אין אַלע געשעפטן. און די געזעצע ווערן סאָלידער פון טאָג צו טאָג, דאָס יעדער פון אונז מוז שוין שטיין אין איינעם גראַדן פאַרקער מיט דער רעגירונג, און יענע צייט וואָס איינער פון אונדז, אַ שתדלן, האָט מוציא געווען דעם גאַנצן יידישן עולם מיט פּוליש איז שוין פאַריבער. און אונזער פאַרצייטיקע השלמה איז אינגאַנצן אָן אונגילטיקע וואַרע געוואָרן.

אויף אַלע דיזע וואַרהייטן צו קומען מוז מען וועלטלעכע שריפטן לעזן, זשורנאַלן, צייטונגען, און דיזע זיינען גראַדע פאַרשלאָסן פאַר דעם גרעסטן טייל פון אונדזער נאַציאָן, דען זיי פאַרשטייען קיין שפּראַכע... אַלזאָ האַלט איך עס פאַר אַ גרויסן חסד צו רעדן דערפון אין פאַרשיידענע סיפּורים, און נאָך מער חסד איז פון דעם וועלט-דרוק ראָמס וואָס זיי ווילן עס דרוקן: דען תחינות דרוקן זיינען פיל איינטרעגלעכער אַלס ערציילונגען וואָס ווערן גענומען אויף ניץ-געלט".

אויך ביי דיקן איז די שילדערונג פון פּאָזיטיווע טיפּן און פּאָזיטיווע פאַרהעלטענישן אַ סך ווייניקער געראָטן ווי די נעגאַטיווע[2]. ביי אַ מענטשן וועלכן ער טאַדלט האָט ער תמיד נאָך און נאָך רייד אין די באַשרייבונגען, און ער געפינט, ווי מיר האָבן געזען, אַלץ נייע און נייע כאַראַקטעריסטישע אייגנטימלעכקייטן. טאָמער האַנדלט זיך אָבער וועגן אַ פּאָ-

---

[1] געדרוקט 1877.

[2] זע אויבן ז' 286—287.

זיטיוון טיפּ, ווייס ער נאָר צו זאָגן: „העכסט שיין, קלוג און געבילדעט", און שוין פּעלט אים אויס לשון. נאָר אין דער דערציילונג „די שיינע מינקע" גיט ער אַ פּאָר שורות מער וועגן זיין אויפגעקלערטן העלד דעם גימנאַזיסט, און דאָ האָבן מיר דוכט זיך זיין גאַנצע פּראָגראַם:

„נאָך האָט זי ניט געזען זיינעס גלייכן אין איר פּאָטערס שטאָט: העכסט שיין, געזונט, קלוג, גאַלאַנט געקליידעט, דערצו העכסט געבילדעט: פּירט איינע ריינע דייטשע שפּראַכע, און דאָסגלייכן רוסיש, דאָס ער קען שוין סמיאַלע אויפטרעטן אין איינער קריסטלעכן געזעלשאַפט און קען דרייסט אַריינטרעטן אין איינער פּריסוטסטוואָ (רעגירונגס-אַמט) אַלס מאַן וואו אַ חסידישער בחור וואַגט ניט אַ נאָז אַריינצושטעקן".

פאַראַן אָבער אַן אונטערשייד צווישן אמתער און פאַלשער בילדונג, און די פאַלשע בילדונג, וואָס טאַנצט נאָך אין אַלצדינג די פרעמדע און פאַר-וואַרפט אינגאַנצן יידישקייט, איז נאָך ערגער ווי עם-הארצות. אין „רויזע פינקעל די בעל-אַכסניאטע" געפינען מיר דערויף אַ משל: אַ געוויסער קלו-גער פּאָדראַטשיק איז געווען אַמאָל צו-גאַסט ביי אַ רייכן ליטווישן סוחר. ביי מיטאָג האָט ער געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַקענען מיט זיך דעם סוחרס צוויי דערוואַקסענע קינדער, וואָס זיינען אויסגעבילדעט געוואָרן אין אויסלאַנד מיט גרויסע קאָסטן. זיי האָבן פיין גערעדט דייטש, פראַנצייז, געשפּילט קלאַוויר, שיין געטאַנצט און דאָסגלייכן. שפּעטער האָט דער פאָטער געפרעגט ביים גאַסט זיין מיינונג וועגן די קינדער. מיט אַ יאָר צען צוריק, האָט געענטפערט דער פּאָדראַטשיק, בין איך איינגעשטאַנען אין וואַרשע אין אַ גרויסער אַכסניא; איז צו מיר צוגעשטאַנען דאָרטן אַן אויסלענדישער קאַראַבעלניק און מיר איינגערעדט, איך זאָל קויפן ביי אים שוואַקס. דערביי האָט ער מיר אָפּגע-פּוצט אַ פּאָר שטיוול וואָס זיינען געשטאַנען אין צימער, אַז זיי האָבן גע-גלאַנצט נאָך מער ווי נייערהייט. איך האָב געקויפט ביי אים אַ האַלב טוץ סלויטשיקעס. באַלד נאָכדעם איז אַריין אין צימער דער דינער, האָב איך אים געוויזן די שיך און דעם שוואַקס. האָט ער מיר געענטפערט: אַ שאָד דאָס געלט און אַ שאָד די שטיוול. דאָס שוואַקס איז טאַקע דאָס בעסטע, אָבער עס טויג נאָר פאַר אויסלענדישע לעדער; פאַר אונדזערע לעדער אָבער איז עס זייער שעדלעך, עס צעברענט און צעעסט עס ווי אָלים. אַזוי האָט זיך טאַקע אויסגעלאָזן: אין עטלעכע טעג אַרום זיינען די אויסגעפּוצטע שטיוול צעפאַלן געוואָרן אויף שטיקער. „דאָס זעלביקע, לאָזט אויס דיק, איז די אויס-לענדישע בילדונג פאַר אונדזערע היגלענדישע יידן, וואָס האָבן דערצו קיין געהעריקע ערציִונג; עס שאָדט זיי פיל מער אַלס עס נוצט זיי".

אַלזאָ: אַ ייד מוז זיין אי צו גאָט, אי צו לייט, ער דאַרף פאַראייניקן **ת ו ר ה** מיט **ה ש כ ל ה**. אַ צווייטע פּאָר איז **ד ר ך - א ר ץ** און **אַ ר ב ע ט**. דרך-ארץ מיינט: זיין טאָלעראַנט צו אַן אַנדער רעליגיע, זיין דאַנקבאַר צו די וואָס טוען טובות. און דער עיקר איז, מען זאָל אָוועקוואַרפן די ליידיקגיי-

ערייַ, מען זאָל אָנהייבן צו אַרבעטן פּראָדוקטיוו. אַרבעט איז דאָס העכסטע.

ספּעציעל איז דאָ אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען דיקס באַציִונג צו יענע דערשיינונגען וואָס האָבן זיך גענומען אַנטוויקלען צום סוף פון זיין לעבן. אין דעם שטרייט צווישן די „אַמעריקאַנער" און „פּאַלעסטינצעס", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די אַכציקער יאָרן[1], איז ער געווען אַ באַשלאָסענער אַמעריקאַנער. פון חיבת־ציון האָט ער ניט געהאַלטן, דערויף האָבן מיר אַ סך עדות. לויט ווי ש. ל. ציטראָן דערציילט אין זיינע זכרונות, האָט אים דיק אַמאָל געזאָגט: „צוויי חורבונות האָבן מיר שוין געהאַט, איז אייך הייסט עס ווייניק, און איר ווילט זיך האָבן דווקא נאָך אַ דריטן חורבן, דעריבער ציט אייך קיין ארץ־ישראל".

דערפאַר איז ער געווען באַגייסטערט פון אַמעריקע. אין זיינע שריפטן האָט ער קיינמאָל ניט גערעדט פאַר עמיגראַציע—לויט ווי ד״ר י. ל. קאַנטאָר זאָגט, איז דאָס געווען פאַרווערט פון דער רוסישער צענזור—אָבער אין פּריוואַטע שמועסן פלעגט ער כסדר רעדן וועגן דעם, מען זאָל פאָרן איבערן ים. לויט ווי ס'גיט איבער פּרוי קאַצענעלענבאָגען פון ווילנע, האָט דיק געהאַלטן, אַז מען דאַרף אַרויסציען יידן פון זייערע ווינקלען און אַריינוואַרפן זיי אין דער גרויסער וועלט, ווייל נאָר דאַן, ווען זיי וועלן זיין ווייט פון זייער אַלטן שמוץ, וועלן זיי קענען אָנהייבן אַ ניי לעבן. איינמאָל האָט ער געזאָגט: „אַנטלויפט פון דאַנען קיין אַמעריקע, כל־זמן מען לאָזט אייך; שפּעטער וועט איר וועלן, וועט מען אייך ניט אַריינלאָזן".

## 15

עס האָט זיך איצט אַנטפּלעקט פאַר אונדז דער סוד פון דיקס באַליבטקייט. ער איז געקומען צו די ליטווישע יידן אין אַ צייט, בשעת עס איז נאָך קיין יידישע צייטונג ניט געווען (דער אַדעסער „קול־מבשר" און די „וואַרשעווער יידישע צייטונג" זיינען אַהער ניט דערגאַנגען), דער מגיד האָט ניט גערעדט וועגן אַקטועלע טעמעס, און קיין מאָדערנע פאָלקספאַרזאַמלונגען, וואו מען זאָל רעדן וועגן טאָג־פראַגן, האָט דער ייד יעמאָלט נאָך אַפילו אין חלום ניט געזען. דיק איז געווען פאַר דעם יידישן עולם אַלץ: די שול און דאָס לערנבוך, דער רעדנער, די צייטונג, דער טעאַטער און דאָס קינאָ. יאָ, קינאָ אויך, וואָרים ער האָט געוואוסט צו דערציילן וועגן ווייטע לענדער, אויסצומאָלן די שקלאַפעריי פון די נעגערס אין די דרום־שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, די שווערע האָרעוואַניע פון די לייבקנעכט אין מיטלעלטער, די בלוט־חתונה פון פּאַריז און די צרות פון יידן אין דער צייט פון די קרייצצוגן. און ער ווערט ניט מיד צו דערקלערן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל די

---

[1] זע אַב. קאַהאַנס „בלעטער פון מיין לעבן" I, ניו־יאָרק 1927.

מיטיווסטע באַגריפן. אַמאָל צען אָן גוזמא גיט ער צו אַן אָנמערקונג, וואו ער רעדט וועגן דעם „העלד" פון זיין געשיכטע: „יעדער פּערזאָן וואָס שפּילט די גרעסטע ראָלע אין איינער ערציילונג ווערט אָנגערופן דער העלד פון דיזער געשיכטע, למשל אין דער געשיכטע פון מכירת יוסף איז יוסף דער העלד פון דיזער געשיכטע, און שאול איז דער העלד פון דער געשיכטע מלוכת שאול".

קונציק איז אויך געווען זיין שפּראַך און זיין בילדער-גלאַנץ. פאַרן למדן זיינען צוגעגרייט חידושדיקע פּשטלעך, און פאַר פּראָסטערע מענטשן זיינען געווען די בילדער און פאַרגלייכן.

אין פאַריז בייט זיך די מאָדע אַזוי גיך, אַז אַ מאָדע-דאַמע וואָס פאַרברענגט עטלעכע שעה ביים אָנטון-זיך מוז שוין באַלד נעמען איבער-טון זיך אויף דאָס ניי, ווייל מען טראָגט איר אַריין אַ נייעם מאָדע-זשורנאַל, און זי קען דאָך ניט גיין אויף אַ באַל אין אַלטמאָדישע קליידער. (דער פינד'לינג).

אַ חזן האָט אַמאָל אין אַ קליין שטעטל באַקומען אַזוי ווייניק געלט, אַז ס'האָט אים קוים געקלעקט אויף דער פור. האָט ער זיך אָפּגערופן מיט כעס: „ווי איך זע האָב איך געדאַוונט נאָר פאַר די פערד." (דער חזן).

דער פּרייסישער קיניג האָט אַמאָל געזען אַ ליטווישן יידן גיין אין גאַס אין אַ שלאָפראָק; דערביי האָט ער געשנייצט די נאָז און זיך אָפּגעווישט אָן דעם קיניגליכן שלאָס. האָט דער קיניג געזאָגט: דער ייד מוז זיין זייער רייך, אויב בערלין איז זיין שלאָפצימער און דער קיניגליכער שלאָס איז זיין נאָזטיכל. (רויזע פינקעל).—דער וויץ איז דאָ אין דעם לעצטן שטיקל געוויס ניט קיין איבעריקס טיפער, אָבער זיין ציל האָט ער מסתמא דער-גרייכט: ער האָט אַוודאי אויסגעלערנט מער יידן צו ניצן נאָזטיכלעך, איידער אַנדערע מיט דרשות וועגן היגיענע.

איין גרונטיקן חסרון האָט ער געהאַט—דאָס איז זיין דייטש, וואָס ער האָט מיט גוואַלד געשפּאַרט וואו מען דאַרף און וואו מען דאַרף ניט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז מיט זיין אַריינבראָקן דייטש וועט ער אויסלערנען זיין עולם צו רעדן מער „ציוויליזירט"; פּלעגט ער אין הונדערטער ערטער, וואָס ווייטער אַלץ מער, אַריינהאַקן דייטשע ווערטער אָנשטאָט יידישע און נאָר אין האַלבע לבנות צוגעבן דעם פּשט דערפון, כדי דער עולם זאָל וויסן וואָס עס מיינט:

„...וואַר איך דאָך העכסט פראָה (פרעהליך)"
„אויף אַ גבירישע הויכצייט (חתונה)"
„יענע וואַר שוין פויגעל פריי (הפקר)"

און אַזוי ווייטער און ווייטער. ער שרייבט דווקא „וואַר", „אונד", „איזט".

ס'האָבן זיך אויפגעהיט צופעליק דיקס אַ פּאָר מאַנוסקריפּטן, זעען מיר

דאָרט, ווי אַזוי דיק האָט געאַרבעט. טאָמער האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט פון אונטער דער פעדער „איזט“ פון אויסדרוק „איזט געוועזן“, האָט ער דאָס באַלד אויסגעמעקט און צוגעשריבן פון אויבן: „וואַר“. טאָמער האָט ער אָנגעשריבן אַ זאַץ: „די רעכטע באַלוינונג וועט נאָך ערשט קומען, ווען מיר וועלן דיזן פלאַן גליקלעך אויספירן“, דוכט זיך אים באַלד, אַז דאָס איז ניט גענוג דייטש, און ער פאַרריכט: „...אַלס מיר וועלן דיזן פלאַן גליקלעך אויספירן“, כאָטש דאָס איז אַ גרייז סיי אויף יידיש, סיי אויף דייטש. יאָ, ער האָט זיך נעבעך ביזן סוף פון זיין לעבן ניט אויסגעלערנט קאָרעקט דייטש, דער ליבינקער אַלטער.

אָבער דעם פובליקום זיינעם האָט דאָס זייער קנאַפּ וואָס געשטערט. קיין מבינים אויף דייטש איז מען דאָך געוויס ניט געוועזן, מען האָט אים געהאַלטן פאַר דעם גרעסטן קענער אין דער וועלט. און געשטערט האָבן די פיל דייטשע לאַטעס אויך ניט: מען האָט געזוכט באַלד וואָס עס שטייט אין די האַלבע לבנות, כדי צו כאַפּן דעם פשט, און אַ קליינשטעטלדיקער משכיל האָט נאָך געדאַנקט דיקן, וואָס ער לערנט טאַקע אויס אַ ביסעלע „טייץ“.

17

אייזיק־מאיר דיק שטייט האַרט ביים אַריינגאַנג אין אונדזער הייntיקער ליטעראַטור. ער לאַכט אַפילו אָפּ פון די פאַקנטרעגערשע ביכעלעך, פון דער בבא־מעשה מיט דעם פלעקהונט און דער שיינער פרינצעסין דרעזינע[1], נאָר אַליין האָט ער זיך אין זיין גאַנצן שניט צוגעפּאַסט צו יענע מעשה־ביכלעך, וואָס זיינען געוועזן אַזוי באַליבט אין פאָלק. אַזוי ווי די פאָלקס־מעשיות, הייבט ער אָן יעדע מיטלשורה מיט אַ העברעישן זאַץ; אַזוי ווי יענע קלייבט ער אויס דעם קליינעם פאָרמאַט און אַזוי ווי יענע גייט ער כמעט קיינמאָל ניט אַרויס אָן אַ געגראַמטן שער־בלאַט. „דיזע געשיכטע איז גוט געווירצט און קנאַפּ געקירצט, זי איז שיין און אויך זייער ריין, און ס׳שפיגלט זיך אָפּ אין איר איין העלער מאָראַלישער זין, אַזוי ווי איין זונען־שטראַל אין איינעם געשליפענעם רובין“[2].

די זעלבע סיבות, וואָס האָבן אַזוי גרויס געמאַכט דיקן, האָבן שפּעטער געבראַכט דערצו, אַז מען זאָל אים פאַרגעסן. די צייט פון דעם שרייבער דעם כל־בו איז אַריבער. נייס פון טאָג האָט גענומען ברענגען די צייטונג, פּאָליטיק איז געוואָרן נעענטער דורך דער אַרבעטער־באַוועגונג, שיינע ליטעראַטור

---

[1] דרעזינע (אָדער דרעזנע) און פלעקהונט הייסן אל׳ה בחורס דרוזאַנע און פלעקון אין די הייntיקע אויסגאַבעס פון דער בבא־מעשה.

[2] צו אַלע ציטאַטעס, וואָס זיינען געבראַכט אין דעם קאַפּיטל, דאַרף דער לייענער נעמען אין אַכט: היות עס איז דאָ געגאַנגען נאָר וועגן דער ליטעראַרישער זייט (ניט וועגן דער שפּראַכיקער) פון דיקס חיבורים, האָב איך די אויסצוגן געגעבן דורכאויס מיט דעם מאָדערנעם אויסלייג.

איז געקומען בעסערע. און דעם פאַרלאַנג נאָך אויסטערלישע באַשרייבונגען, נאָך קינאָ־שטאָף, האָט באַפרידיקט אַ סך קונציקער שמ״ר. שלום־עליכם האָט זיך געמעגט האַלטן, אַז שמ״ר איז ניט ווערט דיקס מינדסטן נאָגל — דער עולם האָט געפסקנט אַנדערש.

דרייסיג יאָר ליגן דיקס קליינטשינקע ביכלעך פאַרשטויסענע און פאַרגעסענע.

היינט ווע̇לן מיר שוין קוקן אויף דיקן מיט אַנדערע אויגן; מיר וועלן אים שוין ניט נעמען אזוי ערנצט ווי אונזערע באָבעס און זיידעס, מיר וועלן זיך ניט קענען איינהאַלטן פון אַ שמייכל, ווען מיר וועלן זען זיין נאַיִווקייט, אָבער מיר וועלן באַוואונדערן כּונדעסטוועגן זיין פעִקייט צו זען און צו באַשרייבן, זיין טיפע צוגעבונדנקייט צום פאָלק.

ווער עס וויל דערקענען די נאָענטע פאַרגאַנגענהייט פון אונדזער פאָלק און ליטעראַטור, דער מוז זיך נעמען צו אייזיק־מאיר דיקן. און ווער עס וועט אים גוט דערקענען, דער וועט אים ליב באַקומען, ניט געקוקט אויף אַלע זיינע חסרונות.

# XVII. מענדעלעס אָנהייב

## 1

דער 24טער נאָוועמבער 1864 איז אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אַ דאַטע, וואָס וועט שוין קיינמאָל ניט אָפּגעמעקט ווערן: אין יענעם טאָג האָט זיך אין דעם אַדעסער „קול מבשר" אָנגעהויבן צו דרוקן מענדעלעס ערשט ווערק אין יידיש: „דאָס קליינע מענשעלע אָדער איין לעבענס-געשיכטע פון יצחק אַברהם תקיף".

לויט דער ציילונג, וואָס איז געווען אָנגענומען אין דער פאַמיליע, איז מענדעלע געבוירן געוואָרן דעם 1טן יאַנואַר 1837[1]; הייסט עס ביים שרייבן דאָס „קליין מענטשעלע" איז ער אַלט געווען אַ יאָר 27. דאָס איז ניט געווען זיין ערשטער ליטעראַרישער אַרויספאָר. נאָך מיט זיבן יאָר פריער האָט דער אָנגעזעענער אַברהם-בער גאָטלאָבער, דרוקנדיק אַבראַמאָוויטשעס העברעישן מאמר וועגן דערציונג אין „המגיד"[2], געזאָגט אויף אים דעם גרעסטן שבח, וואָס מען האָט זיך יעמאָלט געקאָנט פאָרשטעלן: אַז דער אַרטיקל איז ווערט, מען זאָל אים איבערזעצן אין רוסיש. פון יעמאָלט אָן האָט יעדע נייע ליטעראַרישע אַרויסטרעטונג אַבראַמאָוויטשעס אָנגעמאַכט אַ רעש. ווען ער איז געקומען קיין באַרדיטשעוו אין 1858, האָט מען אים שוין געקענט אין די משכילישע קרייזן; און אין פאַרלויף פון די זיבן יאָר ביזן „קליין מענטשעלע" איז ער געוואָרן אַן אָנערקענטער שרייבער, דער קאָפּ פון דער גאַנצער נייער ליטעראַרישער ריכטונג.

---

[1] אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז ער איז מיט עטלעכע יאָר עלטער. ער אַליין ווייזט אָן אין זיין אויטאָביאָגראַפיע („ספר הזכרון" 1889), אַז אין די ביכער איז ער בכלל ניט געווען פאַרשריבן. „אויף אַזאַ זאַך האָט מען ביי אונדזערע יידן ניט אַכטונג געגעבן, בפרט נאָך אין די קליינע שטעטלעך; נאָר דערציילט האָט מען מיר, אַז איך בין געבוירן אין 1835, און מיין פאַמיליע האָט באַשטימט מיין געבוירנס-טאָג אויפן 20סטן דעצעמבער". דאָס איז פאַרשטייט זיך לויטן אַלטן רוסישן סטיל. לויטן נייעם סטיל וועט דאָס אויסקומען — 12 טעג דיפערענץ — דער 1טער יאַנואַר 1837.

[2] 1857 (תרי"ז), נומ' 31.

געזעלשאַפטלעך האָט ער דאָ אויך גענומען אַרבייטן מיט גרויס ברען, און ־ דאָס האָט אים ווידעראַמאָל איינגעשאַפט נייע סימפּאַטיעס ביים יונגן דור. „מיר געדענקען נאָך די פריערדיקע צייטן, שרייבט אַ באַרדיטשעווער אין „המליץ“[1], ווען אויפגעקלערטע מענטשן זיינען דאָ געווען גאָר ווינציק און זיי האָבן גאָרנישט געקענט טון... איצטער גייט אַוועק די נאַרישקייט פון דער שטאָט באַרדיטשעוו און די השכלה פאַרשפּרייט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער“. און דער קאָרעספּאָנדענט ווייזט אָן אָן באַהעלטעניש, אַז אין אַ גרויסער מאָס האָט מען דאָס צו פאַרדאַנקען אַבראַמאָוויטשן.

באַרדיטשעוו האָט דאַן איבערגעלעבט אַ גרויסן קריזיס. ביז יעמאָלט האָט די שטאָט געשפּילט די ראָלע פון אַ גרויסן האַנדל־צענטער, איצטער האָט זי גענומען פאַלן, און צו די שטענדיקע אָרעמעלייט זיינען צוגעקומען אַ סך אויסגעוואָרענע נגידים און סתם מענטשן, וואָס האָבן פריער געהאַט ווי עס איז חיונה און זיינען אַצונד געבראָכן געוואָרן פונעם ברויט. אַבראַמאָוויטש האָט דעם דלות און די נויט גוט געקענט פון די יונגע יאָרן: נאָכן פּאָטערס טויט איז ער גוט אויסגעריסן געוואָרן. דאָ אין באַרדיטשעוו איז ער די ערש־טע יאָרן באַהיט געווען פון זאָרג וועגן פּרנסה, ווייל דער שווער האָט אים אויפגעהאַלטן[2]; נאָר דער טעם פון דעם אַמאָליקן אָפּקומעניש איז אים נאָך בעלעגן אין די ביינער, און אַגב האָט ער געזען וואָס אַמאָל נייע בילדער פון הונגער און לייד, אַרומגייענדיק איבער די אַכסניות פון די בעטלער, אויס־פרעגנדיק זיי וועגן זייער לעבן און זייערע נסיעות. האָט ער באַשלאָסן, אַז מען דאַרף גרינדן אַ חברה, וואָס זאָל ווי ווייט מעגלעך העלפן מיט ביליקן קרעדיט. אַבראַמאָוויטש וואָלט קיין משכּיל ניט געווען, ווען ער וואָלט פאַר דער חברה ניט אויסגעקלערט קיין נאָמען פון תנ״ך. ער האָט זיך דערמאָנט דעם פּסוק פון תהילים ע״א, ב: „וואויל איז צו דעם, וואָס העלפט דעם אָרע־מאַן“ און האָט אַ נאָמען געגעבן דער חברה: „משכּיל אל דל“. ער האָט צו־געצויגן צו דער זאַך עטלעכע יונגעלייט פון די משכּילים[3]; זיי האָבן אויך

---

[1] 1863, № 26.

[2] דעם ערשטן מאָל האָט מען אַבר׳ חתונה געמאַכט אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק מיט דער טאָכטער פון אַן אָרטיקן גביר, און ער האָט געהאַט פון דער פרוי צוויי קינדער, נאָר ביידע זיינען געשטאָרבן גאַנץ יונגע. אָבער אין דריי יאָר אַרום איז זיך אַבראַמאָוויטש פונאַנדערגעגאַנגען מיט דער פרוי, ווייל זי איז „צו אַ פּשוטע געווען, גאָרנישט קיין גלייכע פאַר אַבראַמאָוויטשן“. אין באַרדיטשעוו האָט אַבר׳ אַ צווייטן מאָל חתונה געהאַט: ער האָט גענומען דעם נאָטאַ־ריוס זלמן לעווינס טאָכטער. — זע י. ח. ראַבניצקיס ביאָגראַפישן אַרטיקל אין דעם ערשטן באַנד פון ממ״ס יובּילעום־אויפגאַבע, פאַרלאַג „מענדעלע“.

[3] חיים שיינבערג און שלמה פרענקיל.

פּאַראַינטערעסירט עטלעכע גבירים[1], און אין דעצעמבער 1863 האָט די חברה גענומען אַרבעטן.

אַ קורצע ידיעה וועגן דער חברה איז שוין געווען געדרוקט אין אַן אַנאָנימער קאָרעספּאָנדענץ פון באַרדיטשעוו אין „קול מבשר" 1864 № 3. דערביי האָט די רעדאַקציע באַמערקט, אַז דעם בריוו האָט צוגעשיקט אַ דאַמע, און אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זי וואָלט זיך געמעגט חתמענען מיט איר נאָמען. אויף דעם איז אָנגעקומען, און געדרוקט אין № 8 פון דערזעלבער צייטונג, אַ צווייטער באַריכט וועגן דער חברה, אונטערגעשריבן הענינע העלפּמאַן. דערצו האָט דער רעדאַקטאָר צוגעשריבן אַזאַ מין כאַראַקטעריס־טישע אָנמערקונג, וואָס פירט אונדז מיט איין מאָל אַריין אין גייסט און אין סטיל פון דער צייט:

„מיר דאַנקען אייך מאַדאַם, וואָס איר האָט אונזער עצה געהערט אונ חתמיט זיך אויף דעם אַרטיקיל און ערלויבט אונץ אויסצוזאָגן, אַז יענער איז אויך געוועזען פון אייך. אַזוי איז שיין אונ רעכט, וואָס האָט מען זיך דאָ צו שעמען? נאָר איינס מוזין מיר אייך בעמערקען, איהר זאָלט אונץ פערצייהען, וואָס מיר נעמען זיך דיא פרייהייט אייך צו בעלעהרען. איהר האָט ניט אין יענעם אונ ניט אין דעם אַרטיקיל אונץ בעריכטעט ווער אייגענטליך דער ערשטער גע־וועזען איז, וואָס איז געפאַללען אויף דער המצאה אַזאַ חברה צו מאַכען? דאָס מוז דעך זיין דער איינפאַלל פון איין מענש, ווער איז אַלזאָ דער מאַנן? דער פּערדיענט דאָך אַ בעזונדערען דאַנק. — מיר האָבען אָבער געהערט פון אַ גאַנץ זעכערער קוועללע, אַז דער ערפינדער פון דער חברה איז געוועזען אונ־זער פריינד, דער בעריהמטער לשון־קודשער שרייבער, דער געלערנטער ר' שלום יעקב אַבראַמאָוויץ, וואָס מיט איהם מעג בערדיטשוב שטאָלצירען (האָטש ער איז ניט אין בערדיטשוב געבוירן), ער האָט, וויא מיר וויססען בע־שטיממט, דיא אידעע געגעבען אונ געהאָלפען זיא אויסצופיהרען. עס קענן טאַקי זיין ער שטעהט גאָר נישט דער נאָך מען זאָל איהם גראָד דער מיט לויבען, וואָרין ער האָט ב"ה מיט וואָס געריהמט צו זיין אָהן דעם, נאָר דער יושר איז יעדעם אָבצוגעבען זיינס".

צום סוף האָט צעדערבוים געבעטן די שרייבערין, זי זאָל מעלדן צי זיינע אינפאָרמאַציעס זיינען ריכטיקע. אין № 13 פון דעם זעלבן יאָרגאַנג האָט הענינע העלפּמאַן באַשטעטיקט, אַז אַבראַמאָוויטש איז טאַקע „דער ערשטער פין דעם הייליגען געדאַנק, וואָס האָט דערבייא פיעל טרחה געהאַט אונ מיט חכמה ודעת דעם פלאַן אונ אַללע תקנות אייגענהענדיג אויפגעשריבען". אין

---

[1] צווישן זיי איז דער וויכטיקסטער געווען ר' משה־יצחק הורוויטש, וואָס וועגן אים שרייבט צעדערבוים אין „קול מבשר" 1865 № 4: „ווער קען נישט דאָס גוטע האַרץ, דיא פרייגעביג־קייט, דאָס רחמנות אונ די ליעבשאַפט צו יודען אונ יודענטהום פון דעם געבילדעטען גביר.. ר' משה יצחק הירוויטש, צו וועלכער גוטליכער זאַך איז ער נישט דער ערשטער?"

א קנאפן יאָר ארום, אין „קול מבשר" № 4 פון 1865, איז ארויס מיט א בריוו וועגן דעם ענין אבראַמאָוויטש אליין. מיט דער דאַטע י"ח טבת תרכ"ה (16 יאַנואַר 1865) שרייבט ער אונטער זיין פולן נאָמען:[1]

„אז בערדיטשוב, דיא בעריהמטע גרויסע האַנדעלסשטאָדט, האָט נעבין זייט עטליכע יאָהר אָנגעהייבען צו פאַללען פין איהר מדרגה, אונ וואָס ווייטער ווייטער האָבען זיך פערמעהרט שפּוגעלנייע בכבודע אָרימעלייט, האָב איך דענסמאָל אַלץ געטראַכט, וויא אַזוי מען זאָלל דאָ עפּעס קענען געפינען אַ מיטעל בייאַצושטעהן דיא נויטבעדורפטיגע אין איהר נויט, און סאַקי דערמיט צוגלייך פערהיטען קנאה, שנאה אונ קריג, אונ כל-מיני עוולות וואָס עס קען חלילה מיט דער צייט געשעהן אין שטאָדט צו ליעב דער אומ-געהאָלפענער אָרימקייט; וואָרים בשעת דיא אָרימקייט הייבט זיך אָן צו ווייזען ערגעץ אין איין אָרט, ברענגט זיא דאָס רוב מיט זיך נאָך אַ סך אַנדערע צרות: דיא מענשען ווערען אַביסיל האַרטהערציגער, מען פערבייגט אַביסיל דעם יושר, איינער איז מסיג גבול דעם אַנדערן, מען זוכט אַלץ אַרויסצוחאַפּען בייא יענעם נעבין זיין ביסען: וואָס איז, זאָגט מען, עס איז שוין חלעבין פאַר איהם גענוג, מיר זענין אויך מענשען, מיר ווילען אויך עססען; וואָס ווערד דערפין? מען שלאָגט זיך, מען קריגט זיך אונ מען רייסט זיך איבער אַ ביין! — עפּעס אַ קאַטאָוועס אָרימקייט! עס זאָלל גאַר ניט צוגעשיקט ווערען, רבונו של עולם! — דאָס אַללעס איז מיר איבערגעגאַנגען אויף מיין כח המדמה, ביז גאָטט ברוך הוא האָט מיר אַרייגגעגעבן דיא הבצאה: צו גרינדען דיא חברה ‚משכיל אל-דל‘, וואָס איהר צוועק איז אַ דאָפּעלטער: 1) צו העלפען בכבודע אַבגעקומענע אויף אַזוי איין אַרט, אַז דורך דעם זאָללען זייא זיך קענען אַרויפחאַפּען אויף אַ שטיקיל שטייגער פרנסה, אָבער ניט געבען אַבי אַט אַ נדבה, צו פאַרמעהרען נאָר מקבלים לייידיגגייערס (טונעיאַדצעס); 2) צו אונ-טערשטיצען אָרדענטליכע מענשען אונ איינוועגדן אַללע מעגליכע, רעכטע מיטעל, אַז זייא זאָללען חלילה ניט געקריוודעט ווערען, אונ זייא פערהיטען פאַר אַלדעס-ביין. צו דעם צוועק האָט מען מתקן געוועזען גוטע תקנות...

דאָס קאָמיטעט קימט זיך איין מאָל אין דער וואָך צוזאַממען. דער סעקי-רעטער [ש"י אַבראַמאָוויץ] לעגט פאַר אַ צעטיל וועלכע מענשען עס פאָדערן הילף, הן מיט געלד, הן מיט אַ גוט וואָרט אונ גלאַט אַזוי אַ טובה. בכלל האָט מען היינטיגעס יאָהר זעהר אַ סך מענשען געשטעלט אויף דיא פיס, אונטער זייא זענין פאָרהאַנדען פיעל אַלמנות מיט יתומים, וואָס מען האָט זייא געגעבען אַ פרנסה אין דיא הענד; דיא איז אַ בעקערין, דיא אַ קרעמערין, דיא אַ מילכטרעגערין וכדומה. עס האָט זיך שוין אַפילו, דאַנקען גאָטט, געטראָפען דער

---

[1] איך ברענג דאָ די ציטאַטע באַריכות, ווייל ערשטנס האָבן מיר דאָ צו טון מיט איינער פון די ערשטע ליטעראַרישע אַרבעטן מענדעלעס אויף יידיש און צווייטנס איז וויכטיק קלאָר צו מאַכן ווי ווייט מעגלעך אַלע פרטים פון זיין לעבן און ווירקן.

פאַלל, אַז אייגער, וואָס דיא חברה האָט איהם בסוד געשטיצט, איז אויפגערעכט געוואָרען אונ האָט מיט דאַנק אָבגעשיקט דער חברה צוריק איהר אונטער-שטיצונג!...״

## 2

אַבראַמאָוויטש איז אָבער געווען ניט נאָר אַ בעל-רחמים, ער איז אויך געווען אַ משכּיל; האָט ער זיך דעריבער ניט באַנוגנט נאָר מיט אויסהעלפן יידן, וואָס נייטיקן זיך אין אַ גמילות-חסד. ער האָט געהאַט אַ גאַנצע פּראָ-גראַם פאַר זיך. מען דאַרף אויסבעסערן די דערציִונג און בילדונג ביי יידן; מען דאַרף נעמען לערנען יידישע קינדער אַ מלאָכה; מען דאַרף זען מאַכן אַן אָרדענונג אין די בתּי-מדרשים און שולן. און עס האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן באַרדיטשעוו; זי איז אַפילו „די יידישע הויפּטשטאָט״[1], נאָר מיט איר עקט זיך ניט די וועלט. מען דאַרף ווירקן ווייטער, אויף אַלע יידן. דערויף איז דאָ אַ פען. אַבראַמאָוויטש האָט שוין לאַנג גענוצט אָט דאָס געווער, נאָר עפּעס האָט ער געשפּירט, אַז עס דיגט ניט. ער טרעפט ניט צום עולם: דער גרעסטער טייל יידן פאַרשטייען דאָך ניט קיין לשון-קודש. „די ליבשאַפט צום נוציקן האָט גובר געווען אין מיר דעם איינגערעדטן כּבוד״, און ער האָט אָנגע-הויבן שרייבן יידיש. אין האַרבסט 1864 האָט אַבראַמאָוויטש צוגעשיקט צו צעדער-בוימען קיין אָדעס אַ מאַנוסקריפּט צו דרוקן דאָס אין „קול מבשר״. אַבראַמאָ-וויטש איז אַגב געווען אויך איינער פון די, וואָס האָבן געעצהט צעדערבוימען צו גרינדן אַ יידיש בלאַט.

„אַלליין בין איך אַ געבוירענער פין צביאַטשיץ, איך הייס סענדעריל דער מוכר ספרים״. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַנוסקריפּט. נאָך פון די יונגע יאָרן, דערציילט ראַבניצקי, האָט אַבראַמאָוויטש געדענקט איינעם אַ מוכר-ספרימניק סענדערל, וואָס פלעגט אַראָפּקומען צו זיי קיין קאַפּוליע; האָט ער באַשלאָסן אים דאָ צו פאַראייביקן. נאָר צעדערבוימען דעם רעדאַקטאָר איז דער נאָמען פונעם העלד ניט געפעלן געוואָרן. דאָס ווערק האָט זיך גע-דאַרפט דרוקן אין „קול-מבשר״ אָן אַן אונטערשריפט — געוויס לויט דער פאָ-דערונג פון מחבּר, ווייל אַנדערע אַרטיקלען פלעגן יאָ גיין געחתמעט — און דעריבער האָט מען געקענט משער זיין, אַז דער עולם וועט באַלד פרוּוון טרעפן, ווער דאָס האָט געשריבן. ס ע נ ד ע ר (אלכסנדר) איז אָבער געווען צעדערבוימס נאָמען, וואָלטן געוויס אַלע געפּסקנט אויף אים, בפרט נאָך, אַז באַלד אין די ערשטע שורות איז צווישן די אַרטיקלען, מיט וועלכע דער מוכר-ספרים האַנדלט, געווען דערמאָנט: „יאָ פּראַוודע, זינט דער 'קול מבשר' איז אַרויסגעקוממען פיהר איך אַ מאָהל פון איהם מיט מיר עטליכע נוממערן״. דעריבער האָט צעדערבוים, אַפּנים ניט פרעגנדיק זיך ביים מחבּר, אים משנה

---

[1] צעדערבוימס אַן אויסדרוק אין „קול מבשר״ 1865, № 4.

שם געווען אויף מענדעלע מוכר ספרים, און אזוי איז שוין דער פסעוודאָנים פאַרבליבן ביי אַבראַמאָוויטשן ביז צולעצט.

צי קענען מיר זיך פאָרשטעלן, אַז דער זיידע פון דער נייער יידישער ליטעראַטור זאָל זיין עפּעס אַ ס ע נ ד ע ר ל מוכר־ספרים?

מיר אַלע, וואָס מיר קענען מענדעלעס „קליין מענטשעלע" פון דער לעצטער יובילעום־אויסגאַבע, ווערן נשתומם פון דער דערציילונג, וואָס מיר געפינען אונטערן זעלבן נאָמען אין „קול־מבשר". די מעשה האַלט דאָ, אין די 12 פאָרטזעצונגען, בלויז אַ פ ע ר ט ל פון דעם, וויפיל זי האַלט אין דער צווייטער באַאַרבעטונג.

אין פלוג זעט דאָס אויס, ווי אַ ניט־דערטראָגן קינד: אַ האַלבע אַרבעט, אַ ניט־דערענדיקטער עסקיז. אָבער ס׳איז אַ טעות: מענדעלע האָט זיינע זאַכן בכלל קיינמאָל ניט פאַרענדיקט. און ווען ער זאָל געווען לעבן נאָך הונדערט יאָר, וואָלט ער איטלעך ווערק זיינס איבערגעבויט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. גאָט אַליין, זאָגט ער, האָט אויך ניט אַרויסגעבראַכט פון זיין האַנט קיין פאַרטיקע זאַך. אַלצדינג מאַכט מענדעלע איבער כמעט פון אויסגאַבע צו אויסגאַבע — די אויסדרוקן, דעם זאַצבוי, די פונאַנדערטיילונג פון די קאַפּיטלען, אַפילו דעם עצם סוזשעט. און ס׳איז באמת אַ פרוכפּערדיקע, אַ נחת־רוחדיקע אַרבעט צו פאַרגלייכן די פאַרשיידענע וואַריאַנטן פון מענדעלעס ווערק. מיר דערזעען דאָ באַלד, אַז ער האָט ניט נאָר געוואוסט צו געבן יענעם גוטע עצות, נאָר ער האָט אַליין שטרענגער ווי ווער עס איז מקיים געווען דעם כלל, וואָס ער האָט אַמאָל אַרויסגעזאָגט אין דעם אָפט ציטירטן בריוו צו שלום־עליכמען[1]:

„איבער אַ ווערק בעדאַרף מען שוויצן, מען בעדאַרף אַרבייטען, פיילען איטלעכס וואָרט; געדענקט וואָס איך זאָג אייך—פיילען, פיילען!"

פון „קליין מענטשעלע" זיינען פאַראַן, אויף וויפיל מיר איז באַוואוסט, 7 פאַרשיידענע אָפּדרוקן: 1) דער ערשטער דרוק אין קול־מבשר, פון נומ׳ 45 1864 ביז נומ׳ 6, 1865. 2) אַן אָפּדרוק פון דעם טעקסט פון „קול־מבשר", אַרויס נאָכדעם, ווי ס׳האָט געענדיקט גיין אין בלאַט[2]. 3) אַ דריטע אויפלאַגע, אין ווילנע נאָך אין זעלבן יאָר 1865 (?)[3]. 4) דאָס קליינע מענ־

---

[1] זע יודישע פאָלקסביבליאָטהעק I, 1383, אַריינפיר צו „סטעמפּעניו".

[2] זע דעם אַנאָנס אין „קול מבשר" 1865 נומ׳ 11: „אזוי וויא דעם עולם איז זעהר געפעללען דיא מעשה אונ פיעלע האָבען געווינשט זייא זאָללען עס האָבען אין אַ בעזונדער ביכיל, ניט צוטיילט אויף שטיקליך אין „קול מבשר", האָבען מיר אַ ביסיל אָפּגעדרוקט בעזונדערע ביכליך. א ביכיל קאָסט 30 קאָפּיקעס".

[3] דעם פרעגצייכן ביים יאָר האָט אָוועקגעשטעלט ממ״ס אַליין אין זיין אויטאָביאָגראַפיע אין „ספר הזכרון", ז׳ 123. ער שרייבט אָבער בפירוש „מהדורא שלישית".

שעלע אָדער אַ לעבנסבאַשרייבונג פון יצחק אברהם תּקיף (נאָר אינגאַנצן אויף דאָס ניי איבערגעמאַכט) געדרוקט בהשתדלות מענדעלע מוכר ספרים, ווילנע, 1879. 5) דאָס קליינע מענטשעלע, ווידוי ליצחק אברהם. אַלע כּתבים פון ממ״ס, יובילײ־אויסגאַבע, אַדעס 1907 (ס׳איז אַרויס בלויז דער איין באַנד: דאָס קליינע מענטשעלע און פישקע דער קרומער). 6) אויסגאַבע פון דער היברו פּאָבלישינג קאָ. אין ניו־יאָרק. 7) דאָס קליינע מענשעלע, פאַרלאַג „מענ־דעלע״, יובילעום־אויסגאַבע 1911.

פון די 7 אויסגאַבעס גייען אַראָפּ: נומער 2, וואָס איז אַ פּשוטע קאָפּיע פון 1; נומער 3, וואָס איך קען ניט; נומער 6, וואָס איז אַ פּאַרטאַטשישער איבערדרוק פון 5, אויך נומער 7 איז אינגאַנצן געגליכן צו 5. מיר וועלן זיך דעריבער אָפּשטעלן נאָר אויף די דריי וואַריאַנטן 1, 4 און 5, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, אויף די באַאַרבעטונגען פון 1864, 1879, 1907.

## 3

ביים ערשטן אַרויספאַר האָבן מיר מערניט ווי דעם סקעלעט פונעם גאַנצן ווערק, און דאָס נאָך אויך אַ ניט אויסגעוואַקסענעם. ערשט שפּעטער נעמט דאָס „קליין מענטשעלע״ אָן אויף זיך הויט און לייב. דער ערשטער וואַריאַנט איז נאָר אַ שילדערונג פון די צייט־אומשטאַנדן, אַ טענדענץ־זאַך, וואָס דאַרף אַרויסברענגען דעם שרייבערס געזעלשאַפטלעכע פּראָגראַם. דעריבער איז דאָ די געשיכטע אויסדערציילט גראַדליניק, אָן קונצן, אָן „זייטיקע״ זאַכן. מענ־דעלע מוכר ספרים קומט צו פאָרן אין גלופּסק (ניטאָ דאָ אַגב די באַשריי־בונג פונעם שיינעם האַרבסטיקן טאָג, ניטאָ די סצענע, ווי מענדעלע לאָזט אַי־בער דעם פערדל צו פּאַרקערעווען זיך אויף רעכטס אָדער אויף לינקס) און טרעפט אויפן מאַרק דעם גרויסן געדרודער צוליב יצחק־אברהמס טויט. מען שיקט אים רופן צום רב, און ער געפינט דאָרטן די דיינים און נגידים. דער רב נעמט לייענען פאַרן עולם יצחק־אברהמס ווידוי — און אַזוי לייענט ער דאָס אָפּ ביזן סוף. אין אונדזער היינטיקן טעקסט קומט מענדעלע צו גיין שוין נאָכן לייענען די ערשטע העלפט ווידוי, דער רב גיט אים די שוין געלייענטע בלעטלעך און בעט אים קומען מאָרגן אויסהערן דעם סוף; אין דעם ערשטן נוסח איז אָט די המצאה ניטאָ. ניטאָ אויך דער איבעררייס אין לייענען צו־ליב בעגיען דעם וואַסער־פירער, ניטאָ דער שמועס מיט דער רביצין און איר גאַנצע טיראַדע וועגן דער פרויען־פראַגע. די פעמיניסטישע דרשה איז צוגע־קומען 1879; די נייע איינטיילונג, וואָס מאַכט דעם שטאָף ווייניקער מאָ־נאָטאָן, ערשט אין 1907.

דער אינהאַלט גופא איז אויך אינעם ערשטן נוסח שטאַרק אָרעם. מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן אויף עפּיזאָדן, וואָס זיינען אין די שפּעטערדיקע באַ־אַרבעטונגען דערציילט זאַפטיקער, יאָדערדיקער, איידער צום ערשטן מאָל; ווען מיר זאָלן זיך אַריינלאָזן דערין, וואָלטן מיר געמוזט פאַרפולן זייטן גאַנצע.

נאָר לאָמיר נעמען אַזאַ מין עיקר־זאַך, ווי די באַשעפֿטיקונגען, וועלכע איציק־אַברהם האָט איבערגעהאַט איידער ער איז געוואָרן אַ שיק־ייִנגל ביי גוטמאַנען:




ערשט אין דעם צווייטן נוסח זיינען צוגעקומען, הייסט עס, די פּאַר־ביקסטע שטיקלעך פֿונעם ווערק; דאָס אייגענע איז אין דער אויסגאַבע 1879 געוועזן אַ נייס די באַשרייבונג פֿון גוטמאַנס אידיילישן פֿאַמיליע־לעבן. נאָר דער עיקר, וואָס וואַרפֿט זיך אין די אויגן ביים לייענען דעם טעקסט פֿון „קול־מבשר", באַשטייט דערין, וואָס דער גאַנצער „ראָמאַן" איציק־אַברהמס איז דאָ ניטאָ. עס פֿעלן לחלוטין די געשטאַלטן פֿון גאָלדען, פֿון איר מוטער, פֿון שיינדעלען, פֿון מיכלען, די געשיכטע פֿונעם שדכנען זיך, פֿון דער התונה און פֿון גט. פּשוט איז פּשוט: איציק־אַברהם איז „די נשמה" ביי איסר וואַרגערן און קלייבט זיך אויף אַזאַ אופֿן צוזאַמען שיינע עטלעכע טויזנטער. „...נאָר אין מיטען בין איך דאָך אַ שלימזל, דאַרף זיך פּליצים טרעפֿען, אַז דער גביר, וואָס איסר איז באַ איהם געוועזן דיא נשמה, זאָלל אָבשטאַרבען, נוא איז איסר געוואָרען אויס נשמה, אויס תּקיף". ווייבאַלד אַזוי, האָט איציק־אַברהם פֿאַרלאָזן איסרן און איז אַוועק קיין גלופּסק, כּדי דעם דאָרטיקן גביר צו נעמען אויף דער אַרענדע. אַזוי איז ער געוואָרן תּקיף אין גלופּסק — און דאָ הייבט זיך טאַקע באַלד אָן זיין ווידוי. פֿאַרשטייט זיך, אַז צוליב די בלויזן פֿאַרלירט דאָס ווערק אַ גרויסן טייל פֿון זיין איינדריקלעכ־קייט, בשעת מיר נעמען עס צוגלייכן צום היינטיקן „קליין מענטשעלע".

נאָר צוויי ערטער זיינען דאָ, וואָס מיר געפֿינען זיי נאָר אין דער ערשטער אויסגאַבע, און עס איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס מענדעלע האָט זיי שפּעטער אויסגעמעקט.

אויף דעם וועג פון צבואַטשיץ קיין גלופסק — אַזוי לייענען מיר אין „קול מבשר" 1865, № 3 — „האָב איך אָפּגעטרעטען צו דעם גוטען יודען, וואָס גליפסק געהער צו איהם. וואָרים אַז מע וויל נעמען אַ גביר אויף דער אַרענדע מוז מען זיך פריהר זעהן מיט דעם רבין. ער איז דיא ערשטע אינסטאַנציע. אַזוי האָט זיך אויך נוהג געוועזען רב איסר בדורו. דעם רבין האָב איך געגעבען אַ שענעם פדיון, ער האָט מיך געבענטשט, איך זאָל נושא חן זיין, און מיט זיין ברכה בין איך אַריינגעפאָהרען קיין גליפסק". אין דעם דרוק 1879 געפינען מיר שוין ניט אָט דאָס שטיקל פּאַמפלעט קעגען די חסידישע רביים: מענדעלעס קאָך אויף זיי איז געשטילט געוואָרן. און פון דוד איינהאָרנען, וואָס איז איין צייט געוועזען מענדעלעס סעקרעטאַר, ווערן מיר געוואויר, אַז נאָך מיט אַ סך יאָרן שפּעטער פלעגט מענדעלע ביים איבעראַרבעטן זיינע ווערק „יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט אין פריערדיקן טעקסט באַגעגענען צו שאַרפע ערטער קעגען די רבנים, ישיבות און לומדי־תורה... מיט אַ גרינג האַרץ נעמען אַ רויטן בלייפעדער און שטיל, אָן אַ וואָרט צו רעדן, אויסמעקן די פראַזע אָדער ענדערן דעם סטיל. אַ שטימונג איצט ביי אים אַן אַנדערע[1]". ווי מיר זעען האָט זיך די נייע באַציִונג צו די חסידים און בכלל צו פרומע אָנגעהויבן ביי מענדעלען נאָך צום סוף פון די 70־קער יאָרן. אויב אין דעם ערשטן נוסח זאָגט איציק־אַברהם אָפּ זיין גאַנץ פאַרמעגן אויף אַ תלמוד־תורה און אַ האַנטווערקער־שול, קומען שוין צו אין דער צוואה פון 1879 חדרים אויך. „אויב עס וואָלט אַ סברא געווען איינצופיהרען אין דער שטאָדט עפּעס אַזאַ מין חדר פאַר אַ סך קינדער, מיט אמת גוטע מלמדים און לעהרער, וואָס דאָרט זאָל געלערענט ווערען געטרייא יודישע למודים און וועלטליכע זאַכן... אויף אַזאַ מין שטאָדט חדר וואָלט מיר זעהר, זעהר ביחא געווען איהר זאָלט אַלע יאָהר געבען אַ געוויסע סומע". דעם משכילס פייער איז שוין דאָ אַ ביסל אָפּגעקילט, ער וויל שוין ניט אויסראָטן דעם חדר נאָר אים איבערבויען...

דער צווייטער עודף פון דער ערשטער אויסגאַבע אַנטקעגן די שפּעטערדיקע איז שוין ניט אַזוי פּרינציפּיעל וויכטיק, נאָר ער איז פאָרט טשיקאַווע. אין „קול מבשר" 1865, נומער 6, געפינען מיר צו די צוויי באַשטימונגען פון דער צוואה (תלמוד תורה און האַנטווערקער־שול) נאָך אַ פונקט: „דריטענס, אַז אייגער פון די אַרימפאָהרענדיקע חזנים וועט קומען קיין גלופסק, זאָל מען איהם אומקעהרען פאַר הוצאות, און ער זאָל זיך טאַקע באַלד פאָהרען ווייטער. אַ חזן איז ניט קיין קאָמעדיאַנט, ער זאָל זיך אַרים שלעפּען איבער דער וועלט. ביסט דוא אַ חזן זיץ אין דער היים און היט אָב דיין שול; אלא ביסט דוא אַ מוזיקאַנט, פאָהר זשע דיר אַרים זינגען אין די טעאַטערען". די

---

[1]) „מענדעלע מוכר ספרים" צו זיין 75־יעהריגען יובילעאום. זאַמעלבוך, רעדאַגירט פון ש. ראָזענפעלד. אויסגאַבע „דער פריינד", וואַרשע 1910, ז' 52.

וואַנדערנדיקע חזנים, מיט די טומלען און מחלוקתן וואָס זיי פלעגן אָנמאַכן, זיינען קענטיק געווען יעמאָלט אַן אַנגעווייטאָגטע פראַגע אין באַרדיטשעוו, און ביי די משכּילים איז דער ענין גאָטסדינסט געשטאַנען אויפן ערשטן פּלאַן. אין אַ סך שטעט האָבן זיך די אויפגעקלערטע געשאַפן אייגענע געבעט-הייזער[1]. און אויך אין באַרדיטשעוו איז אַן ערך אין דער זעלבער צייט, ווען „דאָס קליינע מענטשעלע" איז געגאַנגען אין „קול מבשר", געגרינדעט געוואָרן אַ קאָרשול. איינער פון די איניציאַטאָרן פון דער זאַך איז געווען שלום-יעקב אַבראַמאָוויטש, און ס'לייגט זיך אויפן שכל, אַז אָט דעם אינטערעס זיינעם פאַר דער נייער שול האָט ער אַריבערגעטראָגן אין זיין ערשטן יידישן ווערק. ווען ער האָט זיך אין אַ יאָר צען אַרום גענומען צו באַאַרבעטן „דאָס קליינע מענטשעלע" איבעראַנייס, האָט אים שוין דער ענין חזנים ניט אינטערעסירט, און ער האָט דאָס גאַנצע שטיקל אויסגעמעקט.

נאָך איין עקספּערימענט דאַרף מען פאַרצייכענען, וואָס מענדעלע האָט געפּרוווט מאַכן אין דער אויסגאַבע פון 1879. דערמאָנט זיך, ווי אַזוי עס הייבט זיך אָן אין אונדזער איצטיקן טעקסט מענדעלעס שמועס מיט דער רבי-צין. די רביצין שטעקט אַריין דעם קאָפּ אין דעם צימער, וואו דער רב לייי-ענט איציק-אַברהמס ווידוי, און זאָגט, אַז עס איז שוין ניט צו דערהאַלטן פון די פּיל מענטשן, וואָס פאָדערן דעם רב: יידן מיט אַ דין-תורה, קצבים, נשרפים, די עגונה מיט די דריי קינדערלעך; זאָל דער רב אַרויסגיין צו זיי. רייסט דער רב איבער דאָס לייענען, און דערווייל צערעדט זיך די רביצין מיט מענדעלען. אין דער אויסגאַבע פון 1879 איז דאָס אַ ביסל אַנדערש. די רביצין פירט אַריין אין שטיבל „עפּיס אַ יודענע אַ בילד שיינע, אַ שוואַרצ-חענעוודיקע, מיט אַ פּאָר אויגען וויא דיא קאַרשען, נאָך אין דיא מיטעלע יאָהרען". זי זאָגט, אַז זי האָט צום רב אַ וויכטיקן ענין, אָבער זי קען וועגן דעם רעדן נאָר אונטער פיר אויגן, און דער רב גייט אַוועק מיט איר אין אַן אַנדער חדר אַריין.

אָט די יידענע באַווייזט זיך אין דעם נוסח פון 1879 נאָך אַ מאָל, בשעת דער רב האָט אָקאָרשט געענדיקט לייענען די צוואה. זי גייט אַריין מיט טרערן אין די אויגן און דערציילט איר אומגליק. שטאָט האָט אָפּגעגעבן איר איינציק קינד פאַר אַ זעלנער, און אַ לאַנגע צייט האָט זי פון אים קיין שום בריוו ניט געהאַט. היינט אינדערפרי איז גראָד געקומען צו רייד, אַז איינער אַ יידישער זעלנער האָט זיך אומגעקערט פון יענעם אָרט, וואו ס'איז ערשט געווען די גרויסע מלחמה (קרים). זי האָט זיך דערפרעגט צום זעלנער, און עס האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז ער האָט טאַקע פאַר איר גייס, נאָר זייער ניט קיין פריילעכע. דער זון איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן אויף מלחמה. ער, דער געוועזענער זעלנער, האָט אים געפונען אַ פאַרשמאַכטן צווישן די טויטע

[1] זע אויבן ז' 296.

אויפן שלאַכטפעלד בעטנדיק אַ ביסל וואַסער. ווען מען האָט אים געגעבן טרינקען, האָט ער אויסגעשריען: „שמע ישראל! זאַ צאַריאַ אי אָטעטשעסטוואָ![1] הוראַ”, האָבן אַלע אַרומיקע סאָלדאַטן אָפּגעענטפערט. דערנאָך האָט דער פאַרוואונדעטער פונדאָסניי צוגעמאַכט די אויגן. ער איז אַ פיינער, בראַווער יונגערמאַן, זיין נאַטשאַלסטווע איז באַוואוסט, ווי ער איז בשעת מלחמה שטאַרק באַהאַרצט געגאַנגען אין פייער און זיך געשלאָגן ווי אַ לייב. „צוויי מאָל האָט ער אָפּגעשלאָגן ביים שונא אונזער פענדעל און דערהאַלטן דערמיט דעם כבוד פון זיין פּאָלק”. מען האָט דעם יונגנמאַן געבראַכט אין לאַזאַרעט, און וואָס עס איז ווייטער געוואָרן פון אים, ווייס ניט דער שליח.

די יידענע האָט זיך צעוויינט, דערציילנדיק דאָס. דערווײַלע האָט מען דערהערט פון דרויסן „צדקה תציל ממות”, עס איז פאַרבייגעגאַנגען איציק=אַברהמס לוויה. אַלע זיינען אַרויס. דער רב האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן דער מִטה און געבעטן די שוואַרצהעוודיקע יידענע אין נאָמען פון מת, זי זאָל אים מוחל זיין. די יידענע איז צוגעפאַלן מיט דעם קאָפּ צו דער מטה. „רבותי! האָט דער רב זיך אָנגערופען צו אונז אַלע, דיא דאָזיגע יודענע מיט אַזאַ ביטער געמיטה נעביך, דאָס איז יצחק=אברהמס פריהערדיגע ווייב — גאָלדע!...”

אין דער דריטער באַאַרבעטונג האָט שוין מענדעלע דעם דאָזיקן עפּיזאָד אַרויסגעוואָרפן. אפשר דערפאַר, ווייל עס האָט שוין געפעלט ביי אים די הוראַ=פּאַטריאָטישע שטימונג „פאַרן קייסער און פאָטערלאַנד”. און אפשר צוליב קינסטלערישע טעמים: אין דעם סוזשעט פון „קליינעם מענטשעלע”, וואו אַ רשע=מרושע ווערט פלוצלינג מגולגל אין אַ צדיק גמור, איז אַזוי אויך פאַראַן שוין אומגלייבלעכקייט; האָט מענדעלע צוריק אויסגעמעקט אָט דאָס קאַפּיטל, וואָס האָט שוין אויסגעזען גאָר ווי איבערגעוואַלד צוגעטשעפּעט.

*

גרויס זיינען אויך די אונטערשיידן אין דער שפּראַך און אין דעם זאַצבוי, ווען מיר גלייכן צו די ערשטע אויסגאַבע צו די שפּעטערדיקע. מענדעלעס „פיילן” די ווערטער איז באַשטאַנען איבערהויפּט אין דעם, וואָס ער האָט געמעקט אָן רחמנות די ס ל אַ ווי ז מ ען, מיט וועלכע דער ערשטער טעקסט איז נאָך געווען פול. איציק=אַברהם, וואָס איז אין „קול מבשר” געווען אַ „גראַביטעל”, האָט זיך דערנאָך פאַרוואַנדלט אין אַ „באַרייסער”; די נגידים האָבן שוין שפּעטער ניט קיין „וואַזשנע געדאַנקען”, נאָר „הויכע געדאַנקען”. איר געדענקט די סצענע, ווי איציק=אַברהמל שטייט הינטער דער טיר און הערט אונטער גוטמאַנס אַ שמועס מיט יאַקאָבזאָנען. אָט ווי דער איינדרוק ווערט באַשריבן:

---

[1] „פאַרן קייסער און פאַרן פאָטערלאַנד”.

**1864:**

איך האָב דעם גאַנצן ראַזגאָוואָר אַביסיל פערשטאַנען, דאָס הייסט דעם סמיסיל האָב איך ניט פער־שטאַנען, האָטשי דיא ווערטער האָב איך כמעט אַללע פערשטאַנען.

**1879:**

איך האָב דעם דאָזיגען שמיעס כמעט אין גאַנצען פאַרשטאַנען, דאָס הייסט נישט דעם געדאַנק, דעם פשט דערפון, דאָס איז געווען נישט פאַר מיין מוח, איך האָב נאָר פאַר־שטאַנען ווערטער.

אָט לויט דעם שניט מאַכט מענדעלע איבער. צייטנווייז בייט ער אַ וואָרט, אַן אויסדרוק, ווייל ס׳דוכט זיך אים, אַז פריער איז געווען ניט גענוג איידל; קענטיק ביים אָנהייבן שרייבן יידיש האָט ער נאָך ניט געהאַט ביי זיך דעם באַגריף פון אַ פאַרפיינערטער ליטעראַרישער שפּראַך; ער האָט אָפּגע־רירט מערניט ווי מיט דער פאָלקס־שפּראַך, האָט ער ניט אַזוי שטאַרק מקפיד געווען. אַ שטייגער וואו עס שטייט אין דער ערשטער אויסגאַבע: „מיין פערדעלס שוואַנץ“ איז דערנאָך פאַרריכט אויף „מיין פערדעלס ווידעל“; וואו דער ערשטער נוסח שרייבט „ס׳איז דאָך אַ האָזה [העזה] פין אַזוי אַ פישער, פין אַזוי אַ מאַלאַקאָסאָס, פין אַזוי אַ שלעפּער, אַ בחורעל“, איז אין דעם טעקסט פון 1879 אַריינגעשטעלט אַ צווייטער זאַך, אויך ניט קיין אי־בעריקס צערטלעכער, נאָר דער מגושמדיקסטער אויסדרוק איז פאָרט באַ־זייטיקט.

פון דער צווייטער אויסגאַבע צו דער דריטער האָט מענדעלע ווייטער געפירט אָט די אַרבעט פון שלייפן און פיילן. אין דעם נוסח פון 1907 גיסן זיך שוין ניט קיין „ריקעס טרערען“, נאָר „טייכען“; עמעצער טויג דאָרטן שוין ניט אויף „סים סאָט כפּרות“, נאָר אויף „ביין און ניי־ציג“; מען וואַרט שוין ניט אין „פערעדניע“, נאָר אין „פּאָדער־צימער“, דאָס וואַסער איז שוין ניט „ביסטרע פלייצענדיג“, נאָר „האַסטיג פלייצענדיג“. אין דער נאַטורבאַשרייבונג, וואָס איז אין דער צווייטער באַ־אַרבעטונג צוגעקומען צום אָנהייב ווערק, לייענען מיר: „אין דער לופט זעניען אומעטום געפלויגען לאַנגע ווייסע פעדים פויטינע, אַ סימן אויף גוטער שיינער פּאָגאָדע, האָטש דער לוח האָט געשריבן אויף חמאַרנע טעג, קאַלטע רעגענס אונ בלאָטע“. נעמענדיק אַרויסגעבן דאָס קליינע מעגטשעלע איבעראַנייס, האָט מענדעלע אין 1907 דאָס איבערדערציילט אַזוי: „אין דער לופט זעגען אומעטום געפלויגען לאַנגע ווייסע פעדים שפּיגעוועב, אַ סימן אויף גוט, שיין וועטער, הגם דער לוח האָט געשריבן אויף וואָל־קענדיקע טריבע טעג און קאַלטע רעגענס“.

דאָ קען זיך שוין אָפּדוכטן, אַז מיט זיין פּוריזם האָט דער זיידע אַריבערגעכאַפּט די מאָס: „כמאַרנע טעג“ וואָלט גאַנץ גוט אָנגעגאַנגען, „כאָטש“ האָט שוין פון הונדערטער יאָרן באַקומען בירגער־רעכט אין אונדזער שפּראַך,

און וואָס האָט מענדעלע געהאַט צו דער בלאָטע נעבען? בלאָטע איז דאָך געוויס יידיש!...

## 4

ווי מיר זעען האָט דאָס ערשטע „קליינע מענטשעלע״ געהאַט גאָר אַן אַנדער פּנים ווי דאָס היינטיקע. אַפילו אַזאַ וויכטיקע קלייניקייט האָט געפעלט, ווי איינטיילונג אין קאַפּיטלעך: דאָס גאַנצע איז געווען געשריבן כסדר, אָן אָפּטיילונגען, און הפסקות זיינען אַרויסגעקומען בלויז צוליב דעם, וואָס צעדערבוים האָט געדרוקט די זאַך אין המשכים, אַמאָל גרעסערע, אַמאָל קלענערע.

פונדעסטוועגן איז דער ערפאָלג געווען אַ גוואַלדיקער. דער עולם איז געווען אַ פּראָסטער, אָן אַן אַנטוויקלטן געשמאַק, און געדרוקט האָט זיך דאָס ווערק אַנאָנים. נאָר מען האָט דערשמעקט. אין נומער 6, 1865, נאָך איידער די זאַך איז געווען געענדיקט, געפינען מיר אין „קול מבשר״ אַ בריוו פון קעשעניעוו, „אַן דער רעדאַקציע!״, וואָס לייענט זיך אַזוי: „אויב דער ׳קול מבשר׳ איז ניצליך, זעגין שוין אַציגד מודה פיעל קליגע אין געבילדעטע מענשען. טהייל אַרטיקעל וואָס קימען דאָ פאָר אין ׳קול מבשר׳ זעגיןווירקליך צו זעהר אַ גוטען צוועק געשריבען, אונ ווירקען אויף פיעלע צום בעסטען. בעזאָנדערס אין דער לעצטען צייט דער אַרטיקעל ׳דאָס קליינע מענשעלע׳ איז אויסעראָרדענטליך גוט געשריבען, מיר ווינשען דער רעדאַקציע פיעל אַזעלכע קאָרעספּאָנדענטען, דאַנן זעגין מיר איבערצייגט, אַז יעדער וועט מוזען געשטעהן[1] וויא ניצליך דאָס בלאַט איז.

מיר ערוואַרטען מיט אונגעדולד צו וויססען, ווער דער שרייבער איז פין דעם אַרטיקעל״...

אין איינעם פון די נומערן פון „קול מבשר״ האָט צעדערבוים פאַר־פעלט צו דרוקן די פאָרטזעצונג פונעם „קליינעם מענשעלע״ איז מען באַלד געקומען צו אים מיט אַ טענה. אין נומער 9, 1865, לייענען מיר:

„יענע וואָך, אַז מיר האָבען געלעזען דעם נומער 5 פינעם קו״מ, דעם אַרטיקעל ׳דער טעלעגראַף׳, וועלכען דאָס קליינע מענשעלע האָט אויף איין וואָך אָבגעטרעטען זיין פלאַטץ, האָבען מיר געהערט אַסך מענשען זיך קלאָגען דאַרויף: טאַטש, פאַר וואָס איז ניט דאָ דאָס קליינע מענשעלע? אונ וויא איז דאָס אַהינגעקוממען?״

די סצענעס און בילדער פון דעם ווערק זיינען באַלד געוואָרן פּאָפּולער צווישן עולם. ווען אַ קליינשטעטלדיקער קאָרעספּאָנדענט[2] וויל דערלאַנגען זייגע בעגנער דעם אמתן שטאָך, שרייבט ער אויף זיי: די קינדער „קענין

[1] מודה זיין.

[2] קו״מ, 1865, נומער 17.

פֿין דעם תּלמוד תּורה רבּין אַזױ פֿיעל װיא ׳דאָס קלײנע מענשעלע׳ פֿון זײן רבּין ויאמר למך לנשיו".

דער גרױסער אינטערעס האָט באַװאױגן צעדערבױמען, װי מיר האָבן שױן געזען, אָפּצודרוקן די געשיכטע אין אַ באַזונדער ביכל; באַלד האָט מען דאָס צעכאַפּט, און ס׳איז נײטיק געװען אַ נײער איבערדרוק. פֿאַרן מחבר איז דער ערפֿאָלג געװען אַ גרױסע אױפֿמונטערונג. ער האָט דערשפּירט בחוש, אַז ער איז אױפֿן ריכטיקן װעג, און גענומען שרײבן אַ צװײטע זאַך. דאָס איז געװען „דאָס װינטשפֿינגערל". ער האָט עס אָבער מער ניט געדרוקט אין „קול מבשר". װאָס עס איז געװען די סיבּה דערפֿון, איז ניט באַװאוסט. עפּעס איז געװען אַ קאָנפֿליקט צװישן אים מיט צעדערבױמען; אין „המליץ" 1866, נומער 26 שרײבט צעדערבױם, אַז אַבּראַמאָװיטש „האָט זיך דערלױבט אָפּצולאַכן פֿון איהם". משמעות צעדערבױם האָט זיך דערקענט אין דער פֿיגור פֿון „רב לעמעל זאָלל לעבען דער װאָס דרוקט מעשיות", װעלכן מענדעלע פֿירט אַרױס אין דער הקדמה צום „װינטשפֿינגערל". װעגן דעם רב לעמלען װערט דערצײלט, אַז „ער טאָקט אָנמערקונגען װאָס ניט געשטױגען ניט געפֿלױגען גראָם שטראָם מאַך מיר אַלעטניק". שרײבן הערות צו פֿרעמדע אַרטיקלען איז טאָקע געװען צעדערבױמס אַ שװאַכקײט. פֿאַרװאָס איז אָבער אַבּראַמאָװיטש געװען אין כּעס אױף זײן רעדאַקטאָר? אפֿשר דאַרפֿן מיר זוכן די דערקלערונג אין דערזעלבער הקדמה. װען אײנער גיט דאָרטן מענדעלען די עצה, ער זאָל שיקן זײן נײע מעשה („דאָס װינטשפֿינגערל") צו רב לעמלען, גיט ער אַ געשרײ מיט אימפּעט: „חלילה! אַזױ אַשטותערײא װעל איך בשום אופֿן ניט טוהן. רב לעמעל זאָל לעבען האָט מיר ערסט פֿאַר אַיאָהרען זעהר מיאוס אָנגעפּײפּט אין אַ מעשה אַרײן. זאָלל מײן מעשה זײן אָהן הערות אײדער איך זאָלל מיך װענדען צו איהם". צי קענען מיר דערפֿון דרינגען, אַז מענדעלע איז געװען ניט צופֿרידן פֿונעם שטײגער, װי אַזױ צעדערבױם האָט אָפּגעדרוקט „דאָס קלײנע מענשעלע" אָדער ס׳איז געװען װעלכע ס׳איז אַנדערע סיבּה פֿון קאָנפֿליקט?... שפּעטער אַ ביסל האָט אַבּראַמאָװיטש זיך אױסגעגלײכט מיט צעדערבױמען, אין 1867 געפֿינען מיר שױן צוריק זײנע אַרטיקלען אין „המליץ", נאָר אין „קול מבשר" האָט ער זיך שױן ניט אומגעקערט. ער איז אַװעק אױפֿן װעג פֿון באַזונדערע ביכלעך[1].

אין דעמזעלביקן יאָר, װען אין „קול מבשר" האָט זיך געענדיקט דרוקן

---

[1] אין 186(, נומ׳ 46 און 47, האָט זיך אין „קול מבשר" באַװיזן: „דער פֿיש װאָס האָט אײנגעשלינגען יונה הנביא", אונטערגעשריבן: „פֿין דיא מחבּרים פֿינ׳ם ׳לופּטבאַלאָן׳ א. ב. [=אַבּראַמאָװיטש, בינשטאָק]". אױפֿן „לופּטבאַלאָן", װאָס איז אַרױס אין זשיטאָמיר תּרכ״ט (1869), האָט ארז [=אַ. צעדערבױם] געהאַט אָפּגעדרוקט אַ רעצענזיע אין דעם קו״מ, נומ׳ 25 פֿון דעם זעלבן יאָר.

דאָס בכור־ווערק מענדעלעס, איז אין וואַרשע, „בדפוס דחדש של ר׳ יוסף לעבענזאָהן", אַרויס דאָס „ווינטשפינגערל".

מיר קענען היינט דאָס „ווינטשפינגערל" פאַר אַ גרויס ווערק פון 400 זייטן, וואָס פאַרנעמט אין דער יובילעום־אויסגאַבע צוויי בענד. דאָס ווינטש־פינגערל פון 1865 האַלט 42 זייטלעך פון קליינעם פאָרמאַט; עס איז צען מאָל קלענער פאַרן היינטיקן נוסח. דערפון מעג מען נאָך אַראָפּרעכענען די הקדמה, וואָס פאַרנעמט 11 זייטן און איז שפּעטער דורכן מחבר אויסגעמעקט געוואָרן. איך גיב דאָ אַ רעפּראָדוקציע פון דעם שער־בלאַט פון דער ערשטער אויסגאַבע, וועלכע איז געוואָרן גאָר אַ גרויסער יקר־המציאות.

יעדער שורה פונעם שער לאָזט אונדז הערן גאָר אַ סך. ראשית דער נוסח. דאָס איז דאָך דער סטיל פון אייזיק־מאיר דיקס שער־בלעטלעך! אָבער מיר האָבן שוין געזען, אַז אויך אַמ"ד האָט דאָ קיין נייעס ניט אויפגעטאָן; ער האָט נאָר געצויגן ווייטער די פילהונדערטיעריקע טראַדיציע פון דעם מוסר־ספר אונדזערן און פון דעם פאָלקס־בוך. און פונקט ווי אַמ"ד אַזוי האָט מענדעלע אויך געקלערט ביי זיין אַרויסטריט: דער אינהאַלט פון די רייד, וואָס איך גיי זאָגן, איז אַזוי פרעמד, אַזוי ניי פאַרן עולם, אַז לאָמיך כאָטש אין דער פאָרם זיך צופּאַסן ווי ווייט מעגלעך צו זייער פאַרשטאַנד. אַ טיפער געדאַנק, וואָס היינטיקע צייטן פאַרגעסט מען אים ליידער גאַנץ אָפט.

מיט זיין אונטערשריפט האָט מענדעלע ניט נאָר אַראָפּגענומען די אַנאָנימקייט פון „קליינעם מענשעלע", נאָר פאַקטיש אויך אָפּגעדעקט דעם פּסעוודאָנים. פאַרן געניטן אויג פון די משכילים, וואָס זיינען צוגעוויינט געווען צו ראָשי־תיבות, האָט געמוזט זיין גאַנץ קלאָר, אַז איש זיינען די איבער־געקערטע אותיות פון שלום־יעקב אַבראַמאָוויטשעס נאָמען.

גאָר מערקווערדיק איז די המצאה, אַז דאָס ווערק האָט כלומרשט גע־שריבן איינער הירש ראַטמאַן פון רוסלאַנד אין דער דייטשער שפּראַך, און אויף יידיש איז עס מערניט ווי איבערגעזעצט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַ מיסטיפיקאַציע: הירש ראַטמאַן איז ניט קיין אַנדערער, ווי הערשעלע, דער „העלד פונעם „ווינטשפינגערל", און דער נאָמען פונם באַוואוסטן דייטשן פאַרלאַג איז נאָר צוגעגעבן, כדי דער איינפאַל זאָל זיך בעסער לייגן אויפן שכל.

אַ ביסל שטעקט אין דעם מענדעלעס טבע צו פאַרבאַהאַלטן, אַריינצו־רוקן אַ גיט־דאָס־בין־איך־אויסן־אָנצוהערעניש; נאָר דאָ איז נאָך געווען אַ ספּעציעלער מיין. הערשעלע ווערט דאָך פאַרוואָגלט קיין דייטשלאַנד, פון דאָרטן קומט ער אַראָפּ העלפן קאַבצאַנסקער יידן, און אין אונדזער ערשטן נוסח פירט ער טאַקע די דערציילונג בלשון „איך"; פּאַסט זיך, אַז ער זאָל דאָס האָבן געשריבן אויף דייטש. נאָך מער. אין דעם היינטיקן גרויסן „ווינטש־

[1] ענלעך אויך אין דער ערשטער אויסגאַבע פון „מסעות בנימין השלישי", ווילנע 1878.

דאס

# ווינטשפּינגערל

וואס מיט דעם קען איטליכער מענטש דר גרייכן
ארץ וואס זיין הארץ ווינשט און בגערט, און קען
דורך דעם ניטצליך זיין זיך און דער וועלט.

דעם ספר האט געשריעבען אין דער דייטשע שפּראכע

## הירש ראטהמאנן פון רוססלאנד

און איז צום ערשטען מאל געדרוקט אין לייפּציג
בייא בראקהויז 1864.

היינט איז ער איבער געזעצט געוואָרן אין יודעש
דייטש און ארויס געגעבן געווארען לטובת הכלל פון

## מענדעלי מוכר ספרים

מאת

# א י ש

דר מחבר פון דעם קליינעם מענטשעלע

בדפוס החדש של ר׳ יוסף לעבענזאהן

פינגערל“ ווערט צום סוף כאַראַקטעריזירט די באַציִונג פון די מערב-איירא-פּעישע יידן צו אונדז, און מענדעלע זאָגט זיך אַרויס, אַז פאַרשטיין אונדז מזרחדיקע יידן קען נאָר „אַ געבירטיגער פון קאַבצאַנסק“. אין דעם ערשטן וואַריאַנט זעען מיר נאָך מענדעלען אין זיין „פאַר-קליאַטשעדיקער“ צייט: ער גלייבט נאָך פעסט אין השכלה, און ער הייסט די קאַבצאַנסקער אַראָפּנעמען זיך אַ מוסר פון די יידן אין דייטשלאַנד.

*

דאָס „ווינטשפינגערל“ אין זיין ערשטן גלגול איז אייגנטלעך ניט אַזוי אַ בעלעטריסטיש ווערק, ווי אַ תכלית-זאַך, אָנגעטאָן אין אַ בעלעטריסטישן לבוש. אין גלופּסקער קלויז האָט זיך געלערנט אַ בחורל הערשעלע, וואָס האָט געשטאַמט פון קאַבצאַנסק. ער מיט זיין חבר משהלען האָבן אַלץ געבענקט, ווי אַזוי דערטאַפּט מען דאָס ווינטשפינגערל, כדי צו באַווייזן דערמיט קונצן. סוף-כל-סוף האָט הערשעלע דערגרייכט זיינס, נאָר אויף אַן אַנדער שטייגער. אין גלופּסק איז געווען אַ ליטוואַק, האָט ער זיך גענומען לערנען מיט הערשעלען ריכטיק שרייבן, אַריטמעטיק, אַ קורצע געאָגראַפיע וכדומה. דער ליטוואַק איז אַוועק צוליב געשעפטן קיין לייפּציק, איז הערשעלע געפאָרן מיט אים און אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט. דאָרטן האָט ער געפונען דאָס ווינטשפינגערל. „אָבער נישט דאָס פּוסטע חימערישע ווינטשפינגערל, וואָס דורך אים וואָלט דיא וועלט קיין קיום ניט געקענט האָבען... מיין פינגעריל איז עפּעס אַנדערש. דאָס איז דיא חכמה! ניט חכמה קען דער מענטש דער גרייכען אַלסדינג, וואָס ער ווינטשט. דיא הכמה איז דאָס נאַטירליכע ווינטשפינגעריל וואָס מיט איהם פיהלט זיך דער מענטש שטאַרק צו באַקומען אַללע זיינע באַדערפניסע על פי דרך הטבע... אין דעם ספר האָב איך מיר פאָר גענומען צו בעשרייבען פּראָסט אין אַ גרינגער שפּראַכע דיא אַלע חכמות אונ וויסענשאַפטען, וואָס דורך זייא קען איטליכער מענטש זוכה זיין צו דעם אמת נאַטורליכן ווינטש-פינגעריל. לעהרענט-זשע יודין, לעהרענט וועט איהר גליקליך זיין“.

דאָס גאַנצע ביכל דאַרף מען באַטראַכטן ווי אַ מין פּראָספּעקט פאַר אַ בוך (אָדער ביכלעך) וועגן נאַטורוויסנשאַפטן. אַבראַמאָוויטש, וואָס האָט זיך אין יענער צייט מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין נאַטורוויסנשאַפט[1] און שטאַרק געאַרבעט איבער זיין העברעישן „תולדות הטבע“, האָט געהאַט באַשלאָסן צו געבן דאָס אייגענע אויך אין יידיש — געוויינטלעך, „פּראָסט אין אַ גרינגער שפּראַכע“. אין דעם נאָכוואָרט צו יענעם „ווינטשפינגערל“, אונטערן קעפּל „זיך

[1] מנשה מרגלית רעדט אין „המליץ“ (1866, נומ׳ 12) מיט צופרידנקייט וועגן דעם, וואָס אין דער העברעישער ליטעראַטור האָט זיך שוין אויך אָנגעהויבן אַ ספּעציאַליזאַציע: אברהם אורי קאָוונער אַרבעט נאָר אין קריטיק, אַבראַמאָוויטש האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דער נאַטור-וויסנשאַפט.

דאַוואַי ראָשי!״ (ייד, גיב געלט!) זאָגט ער דאָס שוין גאַנץ קלאָר. „איך בין אויסען מיינע ליבע יודעליך, אַז איהר זאָלט מיר שיקען געלד. דאָס הייסט בייא אונז פרענומעראַנטען, וועל איך דורך דעם אין שטאַנד זיין צו דרוקקען דיא אַללע בייטיגע חכמות, וואָס שטעהען געשריבען אין דעם דייטשערישען ביכעל. איך פאַר זיכער אייך, אַז איהר וועט דֶר פון משונה הנאה האָבען. אין דייטשלאַנד האָבען שוין דאָס כמעט אַללע יודין איבער געלייענט. אונ מען זאָגט: זייא שטעהען שוין אויף אַ שטייגער צו האָבֶן ווינטשפינגערליך. זייא האָבען שוין אַ סך מעהר דערגרייכט וויא אונזערע יודעליך״.

מיט קנאַפּע צוויי יאָר שפּעטער האָבן זיך אַבראַמאָוויטשעס איבער־צייגונגען אינגאַנצן איבערגעביטן: אין זיין אַרטיקל „משפּט עניי עמי״ אין המליץ 1867[1] רעדט ער שוין מיטן פולן מויל וועגן פּאָליטישער גלייכבאַרעכטיקונג פאַר יידן, מיר געפינען שוין דאָ דעם גאַנצן אידעען־גאַנג פון דער „קליאַטשע״. דאָס פּראָטאָ־„ווינטשפינגערל״ איז הייסט עס איינער פון די לעצטע דאָקומענטן פון מענדעלעס משכּילישע שטימונגען; דערין באַשטייט זיין ווערדע.

אָבער נאָך אַ סך וויכטיקער, איידער דאָס ביכל גופא („דיא מעשה אַליין״, ווי דער מחבר זאָגט), איז פאַר אונדז די הקדמה צו אָט דעם ביכל, אָדער, ווי מענדעלע רופט עס אָן, „אַ מעשה איבער אַ מעשה[2]“. מיר געפינען דאָ ערשטנס, אין אַ וואַלד־צושטאַנד, פאַרשיידענע שפּעטערדיקע ווערק און צווייטנס — אַ שטיקל פאָרטזעצונג צום „קליינעם מענטשעלע״.

5

אָנהייבן הייבט זיך אָן דער אַריינפיר צום ערשטן „ווינטשפינגערל״ כמעט אַזוי ווי דער שפּעטערדיקער — פישקע דער קרומער. אין דרויסן איז שיין, די לופט איז גאָר מחיה, און מענדעלע פאָרט זיך אַזוי, זיצנדיק אויף דער קעלניע. פאָרנדיק ווערט ער אַנטדרימלט, אַ ראָד פון זייןביידל ווערט איינ־געזונקען אין אַ קאַלוזשע, וואָס אין דער בעל־עגלהשער שפּראַכע הייסט עס אַ „טינטערל״, און שטויסט זיך צונויף מיט אַ צווייטן יידן. ביידע שרייען „סטייטש״!, ביז וואַנען זיי דערקענען זיך. יענער גיט אַ געשריי: אוי, סטייטש, רב מענדעלע, און מענדעלע ענטפערט אָפּ: אוי, סטייטש, רב סענדערל! „רב סענדעריל איז אַקורץ, גראָב יודל. אַ געשפּיקעוועטער, מיט אַ דיק

[4] נומערן 30 און 31.

[2] אין דער היילינקונג צו „סטעמפּעניו״, דאַטירט קיעוו 1886, וואו מענדעלע מוכר ספרים איז צום ערשטן מאָל געקרוינט מיטן נאָמען „זיידע״, שרייבט שלום־עליכם: „ביי אייך, זיידעניו, וואָלט שוין דאָ געווען אַ מעשה איבער אַ מעשה, אַ מעשה אין אַ מעשה און די מעשה אַליין״. ס׳איז בפירוש אַן אָנצוהערעניש אויפן ערשטן „ווינטשפינגערל״.

בייכעל, אַ רויטען פאַרוואַכסענעם פּנים. ער איז אַמוכר ספרים וויא איך. מיר געבען אַמאָל איינער דעם אַנדערען צו לייזען מזומן, אָדער מאַכען אַ חילוף, ווי עס לאָזט זיך״.

מיר דערקענען דאָ אונדזער שפּעטערדיקן באַקענטן אַלטער יקנה״ז, וואָס שפּילט אין „פישקע דעם קרומן״[1] אַזאַ גרויסע ראָלע. דאָ איז זיין ראָלע גאָר אַ קנאַפּע, נאָר דערפאַר הייבן מיר איצטער אָן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי איז דאָס אַבראַמאָוויטשן געקומען אויפן געדאַנק צונויפצופירן צוויי מוכר־ספרימניקעס. צעדערבוים האָט אים געהאַט געטאָן אַן עוולה, בייטנדיק דעם נאָמען „סענדערל״ אויף מענדעלע. אַצונד איז אַבראַמאָוויטש שוין ניט געווען אָפּהענגיק פון קיין רעדאַקטאָר, נאָר איבערמאַכן צוריק איז שוין געווען אוממעגלעך: יעמאָלט וואָלט איבערגעריסן געוואָרן דער צוזאַמענהאַנג מיטן „קליינעם מענטשעלע״, דורך וועלכן דווקא מענדעלע מוכר ספרים האָט זיך קונה שם געווען. איז אַבראַמאָוויטש געפאַלן אויף דעם פּלאַן אַרויסצופירן ביידן, אי מענדעלען דעם אימאַגינערן, צעדערבוימס באַשאַף, אי סענדערלען, וואָס איז אים נאָך געשטאַנען פאַר די אויגן פון די קינדערשע יאָרן[2].

זיי האָבן פונאַנדערגערוקט די ביידלעך, און דערפאַר וואָס ער האָט אים פריער באַליידיקט, האָט ר׳ סענדערל איצטער דערלאַנגט מענדעלעס פערדל אַביסל היי. „וואָס איז דיא מעשה, רב מענדעלי, האָס ער געפרעגט, וואָס איז די מעשה מיט אייער פערדעלס שוואַנץ? וויא זענין אַהין געקומען זיינע שטרונעס?

— נאַט, האָב איך געענטפערט, נאַט אייך אַ ספריל. דאָרט וועט איהר שוין זעהן, אַז דיא גלופּסקער ווייסע חברה האָבען איהם אַזוי מיאוס אָבגעדעט. מיינט ניט, אַז מיין פערדיל איז אַ פּראָסט׳ס, אַבי אַט אַ פערדיל, ער איז שוין געדרוקט אין אַ ספר. אונ דער צו טאַקי אויך נאָך אַ צייטונג״.

דאָס איז אַ דירעקטער אָנווייז אויפן „קול מבשר״, וואו דאָס „קליינע

---

[1] „פישקע״ איז דעם ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן זשיטאָמיר 1869. וועגן זיינע פאַרשיידענע וואַריאַנטן פאַרגלייך ש. ניגערס זייער אינטערעסאַנטע אַרבעט: „אַ בלאַט מענדעלע״, קונסטרינג, אַלמאַנאַך, צווייטע אויפלאַגע [בערלין], אָן אַ יאָר, ז׳ 166—186.

[2] אין דעם פראַגמענט „שבת״ (יובילעום־אויסגאַבע באַנד 14) באַגעגענען מיר נאָך אַ מאָל סענדערלען געשילדערט אין זייער סימפּאַטישע שטריכן, און זיין פערד־און־וועגעלע איז ווידער אַמאָל אריין „אין אַ בעל־עגלה׳ש טינטעריל, אין אַ קאַליזשע הייסט עס״. אָבער דאָ איז סענדערל ניט קיין מוכר ספרים, נאָר אַ „קאָראָבעייניק״. אין דער סקיצע „דער חילוף״ (אינעם זעלביקן באַנד) ווערן אויך אַרויסגעפירט צוויי מוכר־ספרימניקעס, און זיי ווערן אויך דערטרונקען אין דער בלאָטע אונטערוועגנס, נאָר איינער פון זיי הייסט ר׳ מענדל, דער צווייטער ר׳ הענדל. אַ מערקווערדיקער חשק ביים זיידן צו פאַרדרייען די זעלבע טעמע! לוידער קען איך איצטער ניט פעסטשטעלן, ווען זיינען געשריבן געוואָרן אָט די צוויי סקיצעס.

מענטשעלע" האָט זיך געדרוקט, און מיט דער מעשה מיט די סטרונעס, וואָס גלופּסקער ווייסע חברה רייסן פונעם פּערדל'ס עק, הייבט זיך טאַקע אָן די דערציילונג אין איר ערשטן גלגול.

„הע! פון דעסט וועגן, בעהמט זיך אַזוי ניט איבער, האָט רב סענדעריל געשפּאַסט. בייא דער צייט געפינט מען אַסך פּערד וואָס מען רעדט פון זייא אין ספרים אונ אין בייא צייטונג. עט! מע זאָגט אַ גוי'שער שרייבער, איינער עפּעס לעסינג צו עסינג, וואָס מאַכט עס אויס, זאָל זיין עסעניג, האָט גאָר אָנגעשריבען אַ לויב-ליעד אויף איינעם עזעל. אַ דייטשעל, וואָס איך האָב איהם פאַר אַ יאָהרען אַביסיל אונטער געפיהרט, האָט מיר אַ גאַנץ וועג קראַנק געמאַכט דעם קאָפּ עפּעס מיט סאַנחאָ פּאַנחאָס אַ-נ-עזעל, וואָס שטעהט באַשריבען אין אַ ספר דָן סקאָט, קאָט אָדער קישאָט. בייא אונז יודען איז דאָך פאַראַנען פיעל באַריהמטע עזעל, אַפילו אַזעלכע, וואָס רעדען נאָך אַליין... ניט אומזיסט שטעהט אין דיא קינות: בך כל בהמה ועוף חכמו, דאָס הייסט: בייא דיר כנסת ישראל זענין אַלע בהמות קלוג".

די לעצטע חכמה איז בקיצור איבערגעחזרט אין דעם קאַפּיטל: „ברוך משנה הבריות" אין דער „קליאַטשע", און פאַראיינס האָבן מיר אויך שוין דאָ אַ געריס פון „מסעות בנימין השלישי", וואָס איז אויפגעבויט, ווי באַוואוסט, לויטן מוסטער פון „דאָן-קיכאָט"[1].

נאָכן שמועס נעמען זיך די צוויי צום עסק: מען בייט סחורה. סענדערל דערציילט, אַז ער האָט ניט לאַנג איינגעהאַנדלט אַ „דייטשערעש" ספרל, „ווינטשפּינגעריל" הייסט דאָס. רב מענדעלע כאַפּט זיך באַלד, אַז אַזאַ ביכל אויף יידיש וואָלט געקענט האָבן אַ גרויסן אָפּגאַנג „וויא בבא-מעשה, טוי-זענד אונ איין נאַכט", און סענדערל לאָזט דאָס אים אָפּ פאַר עטלעכע השכלה-ביכלעך. דערנאָך צעשיידט מען זיך: סענדערל פאָרט אַוועק קיין צבועטשיץ, מענדעלע פאַרקערעוועט קיין גלופּסק.

און דאָ באַקומען מיר צו הערן די פאָרטזעצונג פונעם „קליינעם מענ-טשעלע;" מיר ווערן געוואויר, מיט וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזן איציק-אַברהמס צוואה.

„אַז איך האָב זיך אַביסיל אָפּאָרעט אין גלופּסק פון מיינע געשעפטען, בין איך תחלת געגאַנגען צו מיין אַלטען הערר גוטמאַנן מיט דעם פּלאַן, ער זאָל מיר איבער זעטצען דאָס דייטשערס ביכעל. — יאָ, איהר מוסט וויסען, אַז גוטמאַנן איז נאָך פאַר-אַ-יאָהרן געקומען מיט זיין פאַמילע קיין גלופּסק, לויט דיא צוואָה פון יצחק אברהם תקיף, אַז ער זאָלל דאָרטין מאַכען פאַר זיין געלד גוטע פּאָראַדקעס, פאַרבעסערען דיא תלמוד תורה, מאַכען לייט פון יתומים, אָרימע קינדערליך, אויס לערנען זייא גוטע מלאָכות. נאָר פון אַלע

---

[1] די „קליאַטשע" איז פּובליקירט אין ערשטן וואַריאַנט 1873, „מסעות בנימין השלישי" — 1873.

פאַרדקעס הָט זיך אויס גלאָזט אַטייך. גוטמאַנן האָט אפילו ניט מוצא שנתו געוועזן אין גלופסק אונ איז פון דאָרט ניט טויט ניט לעבעדיג אַנטלאָפען. ביִיא יודען ווילט איר מאַכן פאָראַדקעס, אונ נאָך בייא גלופסקער!

„חסידים איז ניט געפעלען, פאַר וואָס גוטמאַנן טראָגט זיך דייטש; אונ אַז מען האָט אָפּ געוואַשען דעם פאָל אין דער תּלמוד תּורה, איז זייא פינסטער געוואָרן אין דיא אויגען. סטייטש, סטייטש, מען זאָלל אַזוינס טוהן אין אַ תּלמוד תּורה! סטייטש, סטייטש, מען זאָלל אָפּ וואַשען דיא בלאָטע וואָס אונזרע אבות אבותינו האָבען אָנגעמאַכט! אַזעלכעס טוהט טאַקי נאָר אַגוי, אָבער אַיוד, דער וואָס האָט אַ פּינטעלע יוד.. סטייטש, וויא שיקט זיך עס!—

„אַטייל נגידים זענין גלאַט אין כּעס געוועזן אויף יצחק אַברהם'ס צואה. סטייטש, מען זאָלל אַזוי אויס זאָגען פון חדר; סטייטש, מען זאָל טוהן אַזוי אַגרויסע צדקה! דאָ וועט מען דאָך טאַקי נאָר הערען יצחק אַברהם'ס נאָמען אַליין, אונ זייא אַללע וועלען דאָך אַזוי אַ פּנים האָבען וויא...

„אַחוץ דעם דיא דייטשליך, דיא בייסען זיך גאָר וויא קעטץ. איטליכע מיינט, אַז טאַקי ער, נאָר ער פּר שטעהט איין עסק. אייגֶם איז ניט גפעלען גוטמאַנס ראָק, דעם אַנדערען גוטמאַנס שטעקין, דעם דריטען איז ניט געפעלען פאַר וואָס גוטמאַנן קען יודֶש, אונ פלעגט איהם נאָך קרימען, וויא אַ גוי אַ יודען. יענעם דייטש קען מען אָבער ניט רופען גוי וואָרום ער קען ניט קיין גויעש, האָטשע בשעת רעדען בלאָזט ער אָן די פּיסקעס; אַיוד אָבער קען ער אויך ניט הייסען, וואָרום ער איז לא עליכם שטומפּיג אויף דער איברע [=עברי]... איך זאָלל אייך דער צעהלען די סטוטשקעליך וואָס מען האָט געטוהן גוטמאַנען, איז דאָ ניט דאָס אָרט. איך וועל איה"ש אייך דאָס אַלץ איין אַנדערסמאָל באַריכות דער צעהלען. אַז איך האָב געזעהן, אַז גוטמאַנן איז ביטאָ..."

מענדעלע האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט דערציילט וועגן גוטמאַנס אָפּקומעניִשן אין פיר יאָר אַרום—אין דער „טאַקסע". גוטמאַן איז דאָ יינגער געוואָרן, ער האָט באַקומען אַן אַנדער נאָמען, אָבער דער עיקר איז געבליבן.

❁

אויב דאָס „קליינע מענטשעלע" איז בעצם געווען אַ רוף צו יידישע גבירים, זיי זאָלן שטיצן די השכּלה, זעען מיר אין ערשטן „ווינטשפינגעריל", אַז אַבראַמאָוויטשעס גלויבן אין דער גבירישער מיטהילף נעמט זיך שוין וואַקלען. אָבער זיין גלויבן אין דער השכּלה גופא, אין דעם כּוח פון בילדונג, איז נאָך גאַנץ. דאָס לייענען מיר אַרויס פונעם ביכל, דאָס ווייזט אונז אויך זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין יענע יאָרן. ער גרינדעט דאַן אין באַרדיטשעוו אַ ביבליאָטעק, אַ קלוב, וואו יידן זאָלן זיך באַגעגענען מיט קריסטן[1].

---

[1] אין נאָוועמבער 1866 האָט דער קלוב געהאַט 50—60 מיטגלידער, דערין $^2/_3$ יידישע.

ער העלפט אַ סך יונגעלייט אָנקומען אין זשיטאָמירער ראַבינער-שול, וואָס איז געווען אַ נעסט פון די משכּילים, אויסנוצנדיק דערביי זיין באַקענטשאַפט מיטן באַוואוסטן וולאַדימיר וואַסיליעוויטש פיאָדאָראָוון[1]. נאָר די ביטערניש אין זיין האַרצן האַלט אין וואַקסן.

קיין שטענדיקע באַשעפטיקונג, וואָס זאָל געבן חיונה, האָט אַבראַמאָוויטש ניט געהאַט. די ערשטע יאָרן אין באַרדיטשעוו האָט אים דער שווער געהאַלטן פריי פון דאגות-פּרנסה, האָט ער זיך געקענט מיט אַ רויִק האַרץ אָפּגעבן דער ליטעראַטור. נאָר דערנאָך איז קענטיק דעם שווערס פאַרמעגן אויסגעטריקנט געוואָרן, און פון יידישע ליטעראַרישע האָנאָראַרן האָט מען יענע יאָרן זיך געקענט אויפהאַלטן נאָך אַסך, אַסך ווייניקער ווי היינט...

אין 1866 שרייבט שוין אַבראַמאָוויטשעס אַ גוטער פריינד אין „המליץ"[2], אַז ס'איז אַ שאַנד, יידן זאָלן אַ גרויסן מאַן לאָזן זיין אַזוי געענגט. אין אַ בריוו צו זיין בעסטן פריינד בינשטאָק[3] קלאָגט זיך מענדעלע אַליין אויך:

„איך האָב געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן דעם נוצן פון מיין פאָלק און פאַרגעסן צו זאָרגן פאַר מיינע קליינע קינדער. און איצט, ווען עס שטייט פאַר מיר קלאָר מיין גרויסע זינד קעגן מיין הויזגעזינד, ווער איך פאַרציטערט זעענדיק, אַז נאָך אַלע מיינע מי און אַרבעט קומט מיר קיינער ניט צו-הילף".

די קהלשע אַרבעט ביי יידן ברענגט אויך ניט קיין נחת. „ביי יידן ווילט איר מאַכן פּאַראַדקעס, און נאָך ביי גלופּסקער!" דאָס איז ניט נאָר אַ ליטעראַרישער אויסדרוק, נאָר אַ קרעכץ פון טיפן האַרצן. צייטנווייז ווערט שוין מענדעלע מיד פון דער פּאָלעמיק, פון די רייסערייען; אין אַזאַ שטימונג איז געשריבן זיין ווייכער ענטפער צו אורי קאָוונער, וואָס איז אָנגעפאַלן

---

[1] דאָס איז געווען זייער אַ טשיקאַווער פּאַרשוין. זיין אמתער נאָמען איז געווען צבי-הירש גרינבוים; ווען ער האָט זיך געשמדט, האָט ער אָנגענומען דעם נאָמען פיאָדאָראָוו. שוין אַ באַווייבטער איז ער אָנגעקומען אין קאַמענעץ-פּאָדאָלסקער גימנאַזיע. ער איז געווען גוט-פריינד מיט יצחק-בער לעווינזאָנען, גאָטלאָבערן, אַבראַמאָוויטשן און אַנדערע משכּילים, וואָס האָבן ניט איבערגעריסן זייערע באַציִונגען מיט אים נאָכן שמד; נאָך אין די זיבעציקער יאָרן, זייענדיק יידישער צענזאָר אין וואַרשע, איז פיאָדאָראָוו געווען גוט-פריינד מיט חיים-זעליג סלאָנימסקין, נחום סאָקאָלאָוון און אַנדערע העברעיִשע שרייבער. אין די 60ער יאָרן איז פ' געווען יידישער צענזאָר אין קיעוו און באַאַמטער פאַר באַזונדערס וויכטיקע ענינים ביים קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר. דער קאָרעספּאָנדענט פון „המליץ", אַבראַמאָוויטשעס חסיד, רופט אָן פיאָדאָראָוון: „האדון החכם הגדול הישר באדם ודורש טוב לישראל".

[2] 1866, נומ' 26.

[3] פּובליקירט דורך ש. גינזבורג אין „צוקונפט" 1923, נומער 1: „מענדעלע און זיינע בריעף".

אויף אים מיט די שאַרפסטע ווערטער[1]. אַן אַנדערש מאָל ווידער ברעכט אויס זיין צאָרן, און דערמיט מאַכט ער נאָך ערגער: אַזוי אַ שטייגער איז געווען אויף אַן אַסיפה וועגן קהלשע ענינים, וואָס איז פאָרגעקומען נאָך פּסח 1865 אָדער 1866 אין באַרדיטשעוו. מיר האָבן וועגן דעם אַ באַריכט אין „המליץ"[2] פון יוסף יהודה לערנערן, אַבראַמאָוויטשעס אַ ניט=פּאַרגינער. אויף דער פאַרזאַמלונג, שרייבט לערנער, איז געוואָרן אַ גרויסער סקאַנדאַל, „ווייל דער הויפּט=גרינדער ה' אַבראַמאָוויטש איז ניט געווען אָפּגעהיט אין זיינע רייד. ניט נאָר וואָס ער האָט זיך ניט געפלייסט איבערצייגן דעם המון מיט ווייכע רייד, איז ער נאָך צעקאָכט געוואָרן און האָט געצערנט און געשאָלטן — דאָס איז די עיקר סיבה פאַרוואָס זיין בנין איז צעטרייסלט געוואָרן ביזן גרונט... איך אַליין בין געווען דערביי, בשעת אַבראַמאָוויטש איז אַרויפגעפאַלן אויף איינעם פון די גבירים, און איך בין מודה, אַז עס איז מיר שווער צו פאַרשטיין, ווי אַזוי האָט ער עס ניט געזען לכתחילה, אַז אויב די חסידים, וואָס זיי זיינען דאָך אַ מערהייט אין באַרדיטשעוו, וועלן אים ניט שטיצן, איז אומזיסט זיין גאַנצע מי, מחמת מיט דער הילף פון די משכילים וועט ער קיין זאַך ניט אויפטון: זיי זיינען אַ מינדערהייט, און אַפילו צווישן זיי זיינען ניט אַלע מיט אים".

אַבראַמאָוויטש איז אויף דער אַסיפה דורכגעפאַלן. אָבער ער האָט זיך נוקם געווען אין זיינע געגנער: אין עטלעכע יאָר אַרום האָט ער זיי אָפּגעמאָלט פון קאָפּ ביז די פיס, ווי זיי שטייען און גייען, אין דער „טאַקסע".

איציק וואָלף ספּאַדיק, יאָסעלע שינדער, ראובן פיאַווקין און אַזוי ווייטער זיינען אָפּגעצייכנט לויט דער נאַטור, און אויך אין דעם פּאָרטרעט פון שלמה וועקערן, וואָס ניכטערט זיך צו=ביסלעך אויס פון זיין נאַיווקייט, דערקענען מיר איצט דעם אָריגינאַל. שלמה וועקער איז ניט קיין אַנדערער, ווי שלום=יעקב אַבראַמאָוויטש אַליין. —

דער 24 נאָוועמבער 1864 איז פאַר אונדז מער ווי סתם אַ דאַטע: ער איז דער אויסגאַנגס=פּונקט פאַר אַ נייער צייטרעכענונג אין דער יידישער ליטעראַטור.

---

[1] א. א. קאָוונערס אַרטיקל: „עולם הפוך" אין „הכרמל" תרכ"ה, נומער 35; אַבראַמאָוויטשעס ענטפער: „דברי שלום ואמת", דאָרטן גופא, נומער 38.

[2] 1866, נומער 39.

# הוספות און תיקונים

צו ז׳ 23. די פּראָגער בריוו זיינען אַרויסגעגעבן פון ד״ר אַ. לאַנדוי און ד״ר ב. וואַכשטיין (בּאָראָכאָוו נומ׳ 360); זע שטאַפּלען ז׳ 41 און 47.

צו ז׳ 44. וועגן דער יידישער זאַמלונג אין דער האַרוואַרדער ביבליאָ־טעק (קעימברידזש, מאַס׳) האָט געגעבן גענויערע (הגם ווייט ניט קיין אויס־שעפּנדיקע) ידיעות ד״ר א. א. ראָבּאַק אין פילי׳ שריפטן פון ייוו״א II ז׳ 381—400.

צו ז׳ 51 א״וו. זע פראָפּ׳ וו. שטערק, אויס די אַלט־יידישע אוצרות פון דער מינכענער מלוכישער ביבליאָטעק, לאַנדויבוך ז׳ 55—66.

צו ז׳ 52. וועגן ספר מידות זע ד״ר י. ציִנבערג, אויס דער אַלט־יידי־שער ליטעראַטור, פילי׳ שריפטן פון ייוו״א III.

צו ז׳ 60. וועגן אַ יידישן שפּילמאַן רעדט ד״ר ל. לאַנדוי אויך אין זיין אַרבעט A Hebrew-German Paraphrase of the Book of Esther (געדרוקט אין Journal of English and Germanic Philology, 1919, 4), וועלכע גיט—לייּ־דער אין אַ לאַטייּנישער טראַנסקריפּציע—דעם פולן טעקסט פון דעם אָקס־פאָרדער מגילת־אסתר־טעקסט. אָבער ווי ח׳ מ. קולבאַק דערמאָנט מיר, האָט שוין אלעזר שולמאַן בפירוש אָנגעוויזן אויף דער עקסיסטענץ פון יידישע שפּיל־מענער: זע זיין שפת יהודית־אשכנזית ז׳ VIII, וואו עס ווערט גערעדט וועגן „הנוגנים הבודדים, הליצנים והבדחנים״ און ס׳איז אויך באַרירט די פראַגע וועגן זייער רעפּערטואַר. אַלזאָ אלעזר שולמאַן (געשטאָרבן 1904) איז דער אמתער פאָטער פון דער אַ״ג „שפּילמאַן־טעאָריע״ אין אונדזער ליטעראַטור־פאָרשונג.

צו ז׳ 106. דער ניגון פון דעם הילדעבראַנט־ליד (די דייטשן רופן עס דאָס „יינגערע הילדעבראַנט־ליד״ להיפוך צום „עלטערן״, וואָס שטאַמט פון 8טן י״ה און באַהאַנדלט דעם זעלבן שטאָף) איז אויפגעהיט אין אַ דייטשן דרוק פון 1545. פון דאָרט איז ער איבערגעדרוקט אין ערק־בעמע (Erk und Böhme), Deutscher Liederhort, 1893, ז׳ 67. דאָרט גופא ז׳ 68 גייט „דיזעלבע מעלאָדיע אין אַ ריטמישער פאָרם, אַראַנזשירט פון ב[עמע].״ און דאָרט ז׳ 71 איז דערקלערט אין וואָס עס באַשטייען די (ניט איבעריקס גרויסע) שינויים פון

דער מאָדערניזירטער פאָרם לגבי דער טראַדיציאָנעלער באַטירונג פון 16טן י״ה.

עס איז אַ גרויסע סברא (מער ווי צו אַ סברא וועלן מיר זיך דאָ געוויס קיינמאָל ניט דערגרונטעווען), אַז דער ניגון פון שמואל־בוך איז אידענטיש, אָדער כמעט־ווי אידענטיש, מיט דעם ניגון פון הילדעבראַנט־ליד; יעדנפאַלס קען דאָס שמואלבוך פאָרגעטראָגן ווערן מיט דעם ניגון. דער קאָמפּאָזיטאָר ה׳ מ. בערנשטיין אין ווילנע איז געווען אַזוי פריינדלעך צו באַקוועמען זיך, לויט מיין בקשה, מיט דער פראַגע. דאָס האָט ער מיר פאָרגעלייגט אָפּצודרוקן דעם הילדעבראַנט־ניגון (אין בעמעס מאָדערניזירטער פאָרם) מיט די ווערטער אי פון הילדעבראַנט־ליד אי פון שמואלבוך און האָט טאַקע אויפגעשטעלט די נאָטן אין דער פאָרם ווי זיי זיינען דאָ אָפּגעדרוקט.

צו ז׳ 117. פּראָפ׳ אַ. בריקנערס (Brückners) אַרטיקל איז געווען געדרוקט אין Czas, קראָקע, פון פעברואַר 13, 1925. ער האָט באַמערקט אין דע־ראָסיס קאַטאַלאָג די נאָטיץ וועגן די צוויי „פּוילישע" מאַנוסקריפּטן און אַרויסגעזאָגט דעם ווונטש, אַז ווער עס איז פון די פּוילישע העבראַיסטן זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיט דעם ענין. אין דערזעלבער צייטונג פון פעברואַר 26, 1925 האָט פּראָפ׳ סטאַניסלאַוו קאָט אויפגעקלערט, אַז נאָך אין 1850 האָט אַ פּוילישער פאָרשער געשריבן וועגן דער טעמע, דהיינו גראַף אַלעקסאַנדער פּשעזשדזשעצקי (Przeździecki) אין זיין בוך: „Wiadomość bibljograficzna o rękopisach, zawierających w sobie rzeczy polskie, przejrzanych po niektórych bibljotekach i archiwach zagranicznych w latach 1846—1849".

אויף ז׳ 149 פון דעם דאָזיקן בוך דערציילט דער מחבר, אַז צוליב דער נאָטיץ פון דע־ראָסיס קאַטאַלאָג איז ער אויפמערקזאַם געוואָרן אויף די פאַרמער מאַנוסקריפּטן. ער האָט אַראָפּגענומען אַ פאַקסימילע (מען דאַרף דאָס אָפּנים פאַרשטיין אַזוי, אַז ער האָט אַליין קיין יידישע אותיות ניט געקענט און בלויז אָפּגעצייכנט אַ שטיק טעקסט לדוגמא), און אויף דעם סמך האָט דער ליוואָרנער רב Ebenamozes געפּסקנט, אַז ס׳איז ניט קיין פּויליש, נאָר יידיש.

אָבער דער רב האָט אויך געפּרוּווט גענויער איבערלייענען פּשעזשדזשעצקיס פאַקסימילע און האָט דערביי באַקומען צוו״אַנד אַזאַ זאַך, וואָס איך ציטיר לויט קאָטס נאָטיץ:

Mode begen ich zu far dir got, mein got, un got meiner mami, das mein heiling in deiner gewald in mein tot in deiner gewald...

שרייבט דערויף קאָט:

„די שפּראַך פון דעם טעקסט איז אַלזאָ ניט פּויליש, נאָר שטיצנדיק זיך אויפן אויסדרוק „גאָט מיינער מאַמי" זאָגט דער ליוואָרנער רב, אַז די שפּראַך איז דאָ אויך פאַרדאָרבן און דער אויסדרוק איז פרעמד די יידישע שרייבער; דאָס הייסט, ס׳איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז מען קען אין דעם זשאַרגאָן געפינען

איינפלוסן פון די סלאַווישע שפּראַכן. וואָרים קודם כל צי איז Brizia אין דעם כּתב־יד טאַקע באמת די איטאַליענישע ברעשיע און ניט אונדזער Brześć [בריסק], די הויפּטשטאָט פון דער יידישער לומדות? דער צווייטער פּאַרמער כּתב־יד, פון דעם געמלעכן שניט, זאָל ווידער זיין אויפגעקומען אין מאַנטוע. אָבער פּושעזשדזשעצקי האָט שוין באַמערקט, אַז אין דעם כּתב־יד הייסט די שטאָט Muschwe, און ער פרעגט, צי איז דאָס ניט גיכער מאָסקווע".

פון דער חקירה איז צו זען, אַז מיר קאָנען נאָך איינגיכן דערלעבן צו זען די „פּוילישע" טעאָריע אויפשטיין אין אַ נייעם גלגול. אין דער אמתן איז דערויף ניטאָ קיין שום גרונד. דעם „גאָט מיינער מאַמי" האָט דער ליוואָרנער רב אַרויסגעלייענט משמעות נאָר דערפאַר, ווייל פּושעזשדזשעצקי האָט אים געבראַכט אַ פּאַרגרייזטן פאַקסימיליע; אַ ראיה האָבן מיר פון זיין אויסלייג Muschwe אין דער צייט, וואָס אין כּתב־יד שטייט קלאָר מנטואה[1]. אויך ברישה איז געוויס ניט „בריסק". ברעשיע און מאַנטוע זייגען ווי אַ ברעם מיט אַן אויג; פון איין שטאָט אין דער צווייטער איז גרינג געווען אַריבערצוּוואַנדערן; די באַשרייבונג פון דעם ברעשיער פּאַגראָם (זע ז' 129 הערה 9) איז נאָך אַן איבעריקע באַשטעטיקונג. און חוץ אַלע זאַכן קומט נאָך צו דער פאַקט, וואָס אין אַלע אויסצוגן, וואָס איך האָב געבראַכט, זעט זיך ניט אַרויס קיין ברעקל סלאַווישע השפּעה אויף דער שפּראַך; פאַרקערט, אַ שייכות צום איטאַליענישן יידיש האָבן מיר יאָ געקענט קאָנסטאַטירן.

צו ז' 144. ד"ר אַ. לאַנדוי ווייזט מיר אָן, אַז ביי לעקסער I, 1110 איז פאַראַן די ענלעכסטע פאָרם צום יידישן וואָרט: des guckenepргleins spielen.

צו ז' 147. ד"ר אַ. לאַנדוי טייטשט אויס לעקן ניט „שפּרינגען", ווי איך האָב דאָס געטאָן, נאָר ווי אונדזער היינטיק וואָרט „לעקן". ער איז זיך דערביי סומך אויפן שפּריכוואָרט, בערנשטיין ציג 4: „אַן אַלטע ציג, אָן מילך און אָן שמאַלץ, און וויל לעקן זאַלץ". בערנשטיין גיט דאָ דעם פּירוש: „ווען אַן אַלטער מאַן האָט נאָך יונגע תּאוות". דאָס שפּריכוואָרט איז פאַראַן אויך אין דייטש און אין די סלאַווישע שפּראַכן.

צו ז' 147. „די נאַכט פון דער ווייש" איז לויט ד"ר אַ. לאַנדויס מיטטיילונג די Weiznacht, „ווייץ נאַכט" אין קיידאַנאָווערס „קו הישר" פון 1705; ביי די עלזעסער יידן וואַצינאַכט=וואַכנאַכט, גידעמאַן 104. ס'נעמט זיך פון מה"ד wîzen — באַשטראָפן, wîze — שטראָף פון גהינום, זע שמעללער II, 1060.

---

[1] דאָס שטיקל, וואָס פּראָפ' קאָט ברענגט לויט פּושעזשדזשעצקין, איז ביי מיר ליידער ניט קאָפּירט.

צו ז׳ 148. בהל״ק מאַכט אַפּנים: „בעזרת השם לפרט קטן״.

צו ז׳ 152. אין פּראָפ׳ י. צאָללערס איטאַליענישער אַרבעט Lilith (ס׳איז אַ סעפּאַראַטער אָפּדרוק פון Rivista di Antropologia, ב׳ XXVII, רוים 1926, ז׳ 8 איז אָנגעוויזן, אַז אליה בחור איז געבוירן געוואָרן ניט אין ביישטאָט, נאָר אין Ipsheim an der Aisch, אַ 12 קילאָמעטער אויף דרום-מערב פון ביישטאָט. פּראָפ׳ צ׳ פאַררופט זיך דערביי אויף אַ. צ. שוואַרצעס אַרטיקל Zur Biographie Elia Levitas (אין Archiv für Jüdische Familienforschung II, נומ׳ 1—3, ז׳ 24—27), וועלכן איך האָב ניט געהאַט די געלעגנהייט צו זען.

צו ז׳ 177. מ. עריק מאַכט מיך אויפמערקזאַם, אַז דעם פאַקט, וואָס די רעפּראָדוקציע פון „פּאַריז און וויענע״ איז געגעבן ווייס אויף שוואַרץ, קען מען אויסטייטשן פאַלש; מען קען מיינען, אַז אַלט-יידישע ביכער האָט מען געדרוקט מיט ווייסער פאַרב אויף שוואַרצן פּאַפּיר. איך האָב אייגנטלעך געהאַט אַ בעסערע מיינונג וועגן דעם לייענער; נאָר וויבאַלד עס קען געמאָלט זיין אַ ספק, בין איך מוסר-מודעה: „פּאַריז און וויענע״ איז געדרוקט, ווי אַלע אַלט-יידישע ביכער, גאַנץ נאָרמאַל, שוואַרץ אויף ווייסן פּאַפּיר; טאָמער איז דאָ אין דער רעפּראָדוקציע פאַרקערט, איז דאָס בלויז צוליב טעכנישע אומשטאַנדן ביים פאָטאָגראַפירן.

צו ז׳ 194. די צווייטע קינה האָט אין דער באָדלעיאַנע דעם נומער Opp. Oct. 1058². ביים דרוקן דאָס קאַפּיטל האָב איך ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט נאָכאַמאָל איבערצוקוקן אין ש״שס באָדלעיאַנע-קאַטאַלאָג, מחמת אין ווילנע איז קיין איין עקזעמפּלאַר פון דעם ווערק ניט בנמצא.

צו ז׳ 272. אינטערעסאַנטע שטייגער-בילדער פון 18טן י״ה גיבן: „אַ שיין ליד וועגן די האַנטווערקסלייט״, פּובליקירט פון יצחק ריווקינד אין לאַנדויבוך ז׳ 41—56, און דאָס ליד וועגן די פּראָגער דינסטמיידלעך, וואָס אַ פראַגמענט דערפון איז אָפּגעדרוקט דורך ד״ר מ. גרונוואַלדן (ליידער אין אַ לאַטיינישער טראַנסקריפּציע) אין זיין Jahrbuch für jüdische Volkskunde I (1923), ז׳ 267—279.

נאָך אַ ביסל ביבליאָגראַפיע צו דער ליטעראַטור פון 19טן י״ה:

בעל-דמיון, הומאַניזם אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור, בערלין 1922; בעל-מחשבות, דרום-יידנטום און יידישע ליטעראַטור, בערלין 1922; ש. גינזבורג, נייס וועגן ישראל אַקסענפעלדן, פיל׳ שריפטן פון ייוו״א II, ז׳ 43—54; ש. ניגער, אַברהם-בער גאָטלאָבער, „צוקונפט״ נומ׳ 8, 1924; אַ. ליטוואַק, יצחק-יואל ליניעצקי, קיעוו [1917]; ש. ניגער, עלעמענטן פון שלום-עליכם-הומאָר פאַר שלום-עליכמען, אַמער׳ פּנקס I, ז׳ 1—12; אַ. פרידקין, אַברהם-בער גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע, ווילנע 1925; ש. ל. ציטראָן, די געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע I, ווילנע 1923; די געהעריקע אַרטיקלען אין ז. רייזענס לעקסיקאָן.

צו ז׳ 273. וועגן גליקל האַמילס שפּראַך זע ד״ר אַ. לאַנדויס גרונטיקע אַרבעט, באָראָכאָוו נומ׳ 359. פגל׳ שטאַפּלען ז׳ 43 און 47.

צו ז׳ 332. מ. י אַ ק אָ ב ס אָ ן [ש. ל. ציטראָן] האָט אין זיין אַרטיקל „צו דער געשיכטע פון סאָציאַליזם ביי יידן", „נייע וועלט", ווילנע 1919, נומ׳ 1—2 געפרוּווט אידענטיפיצירן אָט די ה ע נ י ע העלפמאַן מיט דער באַוואוסטער רעוואָלוציאָנערין העסיע העלפמאַן. דאָס איז אַבסאָלוט ניט באַגרינדעט. ה ע ס י ע העלפמאַן איז געבוירן געוואָרן, לויט דעם באַשולדיקונגס-אַקט קעגן די אָנטיילנעמער פון דעם אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער II, 1855 אין מאָזיר, מינסקער גובערניע. 1872, ווען זי איז אַלט געווען 18 יאָר, איז זי געקומען קיין קיעוו צו לערנען זיך אַקושעריע. 1874 האָט זי אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען און זיך אומגעקערט אַהיים. יאַנואַר 1875 איז זי ווידער געקומען קיין קיעוו זוכן אַ שטעלע. סעפּטעמבער 1875 איז זי אַרעסטירט געוואָרן אין קיעוו פאַר האַלטן אַ קאָנספּיראַטיווע קוואַרטיר. פון יעמאָלט אָן איז זי געזעסן אין פאַר-אַרעסט, און 1875 איז זי פאַרמשפּט געוואָרן צו צוויי יאָר „אַרבעטס-הויז" פאַר געהערן צו אַן אומגעזעצלעכער געהיימער געזעלשאַפט. אַרויס פון טורמע איז זי דעם 7טן מאַי 1879 און איז אָפּגעשיקט געוואָרן מיטן עטאַפּ קיין סטאַראַיאַ-רוסאַ. פון דאַנען איז זי אין עטלעכע חדשים אַרום אַנטלאָפן קיין פּעטערבורג און האָט זיך אויסבאַהאַלטן, ביז וואַנען זי איז אַרעסטירט געוואָרן אין פּעטערבורג אין דער נאַכט פון 2טן אַנטקעגן 3טן מערץ 1881. דעם 30טן מערץ פון דעם זעלבן יאָר איז זי צוזאַמען מיט אַלע אָנטיילנעמער פון דעם טעראָריסטישן אַקט פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, נאָר ווייל זי האָט געטראָגן האָט דער געריכט אָפּגעלייגט די אויספירונג פון דעם פסק (פגל׳ Дѣло 1-го марта 1881 г., אַדעס 1906, ז׳ 36, 195—198, 217, 243).

לויט וו. יאָכעלסאָן, Геся Гельфманъ, אויסגאַבע Былое, פּעטערבורג 1918, איז העסיע געבוירן געוואָרן 1855, געקומען קיין קיעוו 1871. זי איז געשטאָרבן דעם 1טן פעברואַר 1882 אין דער פּעטערבורגער טורמע: „הויז פאַר פאַראַרעסט".

איצטער ה ע נ י ע העלפמאַן. איר ערשטע קאָרעספּאָנדענץ אין „קול מבשר" איז פון אָנהייב 1864, ד״ה ווען ה ע ס י ע איז אַלט געווען 8, העכסטנס 9 יאָר. פאַראַן אירע קאָרעספּאָנדענצן 1864, 1869, 1871, 1872. אין 1877 (ווען העסיע איז שוין צוויי יאָר געזעסן אין טורמע!) איז פאַראַן אירער אַ בריוו פון קיעוו אין „קול לעם" וועגן מענדעלעס געפלאַנטן (אָבער ניט צושטאַנד-געקומענעם) אָנטייל אין דער רעדאַקציע פון דער דאָזיקער צייטונג. אין 1882 איז פאַראַן אירע אַ קאָרעספּאָנדענץ פון אַ ד ע ס אין „יודישעס פאָלקסבלאַט", ווידעראַמאָל וועגן מענדעלען, אַז ער איז אָקאָרשט באַשטימט געוואָרן פאַר אַ משגיח אין דער דאָרטיקער תלמוד-תורה. ענדלעך האָט זי אין אַדעס* 1886 פאַרעפנטלעכט אַ ביכל, „דיא פאַרפיהרטע יוגענד אָדער דיא בלינדע עלטערן, איין ערצעהלונג פון געגענוואַרטיגער אויך פון פערגאַנגענער צייט, פער-

פּאַסט פאַן העני העלפמאַן אין אדעססאַ"; צו דעם ביכל קומט גאָטלאָבערס אַ קורצע הקדמה, וואו ער שרייבט צווישנאַנד: „איך מוז אייך זאָגען, געעהרטע פרוי העלפמאַן אַז איך בין פון אייער ווערקכען זעהר צופרידען. נאָך מיינער מיינונג קאַנן עס האָבען אייגען גראָססען נוטצען פיר אונזער פאָלק, אום דיא קינדער ערציהונג צו בעססערן". די דערציילונג איז אַרויס נאָך אין אַ צווייטער אויסגאַבע, ווארשע 1839.[1]

ש. ל. ציטראָן האָט געפּרוּווט אָפּפרעגן מיין אַרגומענטאַציע מיט דער באַמערקונג (זע זיין בריוו אין „צוקונפט" 1925, נומער 1), אַז העניע העלפמאַן די שרייבערין ביז 1882 און העסיע זיינען איין פּערזאָן; און העניע העלפמאַן פון נאָך 1882 זאָל זיין אַ צווייטע. פאַר אַזאַ מין באַהויפּטונג איז אָבער קיין שום גרונט ניטאָ און אַ פּשיטא שוין ניט קיין באַווייז. פאַרקערט, עס איז יאָ בולט קלאָר די פאַרבינדונג צווישן דער „מאַדאַם העלפמאַן", מיט וועלכער צעדערבוים שמועסט זיך דורך אין קול מבשר 1864 נומ' 8, און דער „געעהרטע פרוי העלפמאַן" פון גאָטלאָבערס הסכמה 1886. עס איז ניטאָ קיין שום ספק, אַז העסיע העלפמאַן איז ניט אידענטיש מיט יענער פרוי, וואָס האָט מיט אירע קאָרעספּאָנדענצן באַ״ייט מענדעלען פון באַרדיטשעוו קיין אַדעס און איז אויף דער עלטער אַליין געוואָרן אַ ביכל-שרייבערין.

ווי ס'ווייזט אָבער אויף ר. קאַנטאָר אין „יעוורייסקאַיאַ ליעטאָפּיס" III, לענינגראַד 1924, ז' 197—204, איז אַ סברא, אַז העסיע העלפמאַן זאָל זיין געווען די מחברטע פון דעם העקטאָגראַפירטן ערשטן (אָפּנים איינציקן) נומער „אַרבייטערצייטונג", וואָס איז אַרויס דעם 20 יאַנואַר 1881 לויט דער „ראַ-באָטשאַיאַ גאַזעטאַ" פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

צו ז' 336. איך האָב באַקומען נאָך אַן אַכטע אויסגאַבע פון „קליין מענטשעלע", ווילנע, ראָם, 1904. ס'איז אָבער אַ פּינקטלעכער איבערדרוק (הגם דאָס איז ניט אָנגעוויזן) לויט די מאַטריצן פון דער אויסגאַבע 1879, אַזוי אַז פּרינציפּעל, ביים באַטראַכטן די וואַריאַנטן, איז ניטאָ וואָס צו נעמען דאָס ביכל אין אַכט.

---

[1] אויף דער ערשטער אויסגאַבע האָט מיך אויפמערקזאַם געמאַכט, אויפן סמך פון אַ רעצענזיע אין „הבקר אור" 1886 ז' 241, ד"ר י. שאַצקי; די הקדמה ציטיר איך לויט אַ פאָטאָגראַפישער קאָפּיע, וואָס געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון ייוו"א.

# זוכצעטל

## I. רשימה פון ווערטער

אלע ווערטער זיינען דא געבראכט אין הייניקן אויסלייג, אבער ווי ווייט מיגלעך בהסכם מיט דער אריגינעלער אויסשפראך

## II רשימה פון נעמען און זאַכן